


אַרויסגעגעבן פֿונעם דאַווידזאָן בוך = קאָמיטעט
מיט דער מיטהילף פֿון בראַנטש 132 א.אַ. אָרדן,
דורכן פאַרלאַג „סיגנאַל", באַם „פּראָלעטפּען"
פעברואַר – 1941 – ניו יאָרק

# דערקלערונג פון בראַנטש 132

דער בראַנטש 132 אינט. אַרבעטער אָרדן פילט זיך שטאָלץ מיטן קאָוועד פון האָבן געהאָלפן אַרויסגעבן דעם ערשטן באַנד פונעם גרויסן מילכאָמע-ראָמאַן: „איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער”, פון דעם טאַלאַנטפולן שריפטשטעלער כאַים מאַרגאָלעס-דאַווידזאָן.

מיר האַלטן, אַז דאָס דאָזיקע ווערק איז פון גרויס וויכטיקייט, ספּעציעל פאַר דער איצטיקער צייט. מיר האָפן דעריבער, אַז די פּראָגרעסיווע אידישע לייענער מאַסן וועלן ווי געהעריק אויפנעמען און אָפּשאַצן דאָס ווערק פון אונדזער באַליבטן שרייבער, און וועלן עס פּאָפּולער מאַכן צווישן אַלע פריינט און באַקאַנטע. איבערהויפּט רופן מיר אַלע אָרדן-בראַנטשעס, צו פאַרשפּרייטן דאָס ווערק צווישן זייערע מיטגלידער. מיר פאַרזיכערן זיי, אַז דערמיט וועלן זיי ניט נאָר האָבן געבראַכט צו די לייענער אַ העכסט-וויכטיק און באַלערנדיק ווערק, פון וועלכן זיי וועלן האָבן אַ גייסטיקן פאַרגעניגן, נאָר זיי וועלן דורך דעם אויך געבן דערמוטיקונג דעם מחבר, אנצוגיין און פאָרצוזעצן זיין וויכטיקע ליטעראַרישע אַרבעט.

קולטור-קאָמיטעט פון בראַנטש 132:

| | |
|---|---|
| מ. טעפּט — קולטור דירעקטאָר | בען ווין |
| מאָריס מאַרקוס — ליטעראַטור אַגענט | דזש. לאַפּאָווסקי |
| כאַים בירנבוים | איצכאָק צפּאַס |
| אַ. האָכמאַן | דזשאָ קאַוועצקי |




פון זעלבן מחבר:

1) געשלאָסענע רייען — 1935
2) אין אַזאַ צייט לעבן מיר — 1938
3) בייטשלאַנד — 1939

גרייט צום דרוק:

1) אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן
2) פּאַל, נומער עקס 1001
3) ראָזנבערג דזשוניאָר
4) שימשון האַגיבער



*וויליאַם וויינערן*
*רואוון זאַלצמאַנען*
*און נ. שייפּערן*




## מיטגלידער פון ספּעציעלן בוך־קאָמיטעט

וויליאַם אייבראַמס
ש. אַלמאַזאָוו
מ. ל. אָלקין
לינאַ אָזעראָוו
סאָרע לייע אייבראַמסאָן
י. ב.ביילין
סאָניאַ בערמאַן
בען גודמאַן
א. גאָלדבערג
מאַקס דזשענקינס
גאָלדע דוביצקי
ג. האָכבערג

וויליאַם ווײַנער
מייער וואַרשאַווסקי
רואוון זאַלצמאַן
רואוון יוקלסאָן
לואי יוסין
סעם ליפּצין
א. מאַנדלבוים
פּ. נאָוויק
טשאַרלז נעמעראָוו
געדאַליע סאַנדלער
שילעם סיטמאַן
סיימאָן פעלדמאַן

מוישע קאַץ
וויליאַם קופּערמאַן
דאוויד קאַפּלאָוויטש
י. קאַציק
ס. רובינשטיין
ליפּע ראָזנבערג
סאָניאַ שניידער
אָסקאַר שניידערמאַן
ליליען שער
דאָראַ שולנער
ג. שערמאַן
נ. שייפּער, סעקרעטאַר

# אינהאַלט פון ערשטן באַנד



# די לידער

אין דעם באַנד — פריי איבערזעצט פון מעכאַבער:





# פון מעכאַבער



כאַים מאַרגאַלעס-דאַווידזאָן

איך קום דאָ איצט מיט דעם געגעבענעם מילכאָמע-ראָמאַן, מיט אַ פאַרשפעטיקונג פון אַרום 22 יאָר. איך קום אין אַ צייט, ווען עס פלאַקערט שוין אַ נייע וועלט-מילכאָמע און עס כאַזערן זיך איבער — זיכער מיט נאָך טויזנטפאַכיקערע אַבזאָריעסן און בלוט-פאַר-גיסונגען, אַ דאַנק דעם „פראָגרעס" פון די עטלעכע און צוואנציק יאָר — פיל שוידער-לעכערע בילדער, איידער יענע וואָס איך האָב איבערגעלעבט און זיי טיילווייז געפראָבירט איבערגעבן אין דעם פאָרגעלייגטן ווערק.

עס איז דאָך סימפטאָמאַטיש צום גאַנצן אידישן לעבן, וואָס אַ מילכאָמע-ראָמאַן — אָריגינעל געשריבן אין אידיש — זאָל ערשט דערשיינען מיט אַזויפיל יאָרן שפעטער, שוין נאָכדעם ווי שרייבער פון קימאַט אַלע וועלט באַציאָנאַליטעטן האָבן אַרויסגעגעבן מאַסן ביכער וועגן מילכאָמע, און וועלכע זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין מיליאָנען עקזעמפליאַרן, בעאייס ביי אונדז אידן איז דאָס עפשער דאָס ערשטע פולע מילכאָמע-ווערק, וואָס דערשיינט קוים איצט.

און עס איז דאָך מאָדנע: מיר האָבן דאָך געהאַט מאַסן אידישע אנטיילנעמער אף די פאַרשידענע מילכאָמע-פראָנטן אין ערשטן וועלט-קריג. עפשער פיל מער ווי עס האָט אויסגעמאַכט לויט אונדזער פראָפאָרציע. און דאָך — אין 22 יאָר — קיין איינציקער אָריגינעלער מילכאָמע-ראָמאַן אין אידיש. האָט מען דען ניט אָנגעשריבן? זיכער יאָ! זיכער וואַלגערן זיך אַרום אין שופלאָדן ווערק פון געוועזענע אידישע סאָלדאַטן, אָבער זיי וועלן שוין אַוואַדע ניט דערשיינען, ווייל... „אויוועך זמאַן".

וואָס זשע זענען די סיבעס? די הויפט-סיבע איז זיכער דער טרויעריקער צושטאַנד פון דער אידישער ליטעראַטור ביכלאַל. דער פאַקט איז, אַז דאָס-אָ ווערק איז געלעגן פאַרטיק באַ מיר נאָך מיט קנאַפע 10 יאָר צוריק, נאָך אינטענסיווע און קעסיידערדיקע זעקס יאָר אַרבעט. אָבער אַרויסגעבן דאָס ווערק איז געווען אומעגלעך, פאָשעט דערפאַר, וואָס מיר האָבן ניט קיין פאַרלאַגן. אַפילע דרוקן עס אין פאָרזעצונגען אין אַ טעגלעכער צייטונג איז אויך געווען ניט מעגלעך, ווייל עס וואָלט זיך דאַן געדאַרפט צעברעקלען און זיך ציען אַריבער אַ יאָר צייט.

פריינט פרעגן מיך, פאַרוואָס איך האָב דאָס-אָ ווערק ניט אַרויסגעגעבן פריער, אָנשטאָט די ביכער דערציילונגען מיינע; פאַרוואָס האָב איך בעסער יענע ענערגיע ניט אויסגענוצט אף אַרויסצוגעבן דאָס-אָ ווערק, איידער זי צעברעקלען אף דריי ביכער.

דער ענטפער איז אַ פאָשעטער. די אידישע ליטעראַטור לעבט ניט נאָרמאַל, אויב מען קאָן עס גאָר ביכלאַל אָנרופן „לעבן". עס איז דאָך ביי אונדז אַפילע ניט פאַראַן קיין אויטאָריטעט, וואָס זאָל זיך פאַראינטערעסירן; צו ווען אַ שרייבער זאָל קאָנען קומען פאָרלייגן אַ נייע ווערק. די אַלע קולטור-טוער, ליטעראַטור-מעווינים, וואָס וואָלטן יאָ געקאָנט אַרויספירן אַ נייע ווערק, זענען אַלע פאַרנומענע מענטשן, באַ וועמען עס איז אַ רענדל אַ מינוס. קיין פאַרלעגער זענען אויך ניטאָ. דאַרף דער שרייבער דעריבער אַרויספירן זיינס אַ ווערק אף די אייגענע פלייצעס.

באַ די אומעס-האָאוילעם איז מעגלעך אַפילע פאַר אַן אָנפאַנגער שרייבער, וועמעס נאָמען איז ניי אין דער ליטעראַטור, אַרויסצוקומען מיט אַ נייע ווערק. דער פאַקט, וואָס אַ פאַרלעגער האָט עס געלייענט, אינוועסטירט געלט און דאָס אַרויסגעגעבן, איז שוין

אַליין אַ רעקאָמענדאַציע פאַר די לייענער-מאַסן. ביי אונדז אָבער מוז מען זיך פריער אַליין פאָרשטעלן פאַרן לייענער, זיך אַליין רעקאָמענדירן און דאָס קאָן נאָר געטאָן ווערן דורך אַרויסגעבן קלענערע ווערק, קעדיי צו געווינען לייענער פאַר די גרעסערע.

און ווי פּאָפּולער אַ שרייבער זאָל ביי אונדז ניט זיין, ווי אָנגעזען און געלויבט עס זאָלן ניט זיין זיינע ווערק, איז ערשט דאָס אַרויסגעבן פון אַ בוך אַ קאַטאָרזשנע אַרבעט פאַר אים. דער לייענער-קרייז איז אַ באַשרענקטער. אונדזער יוגנט לייענט ניט קיין אידיש. דער אינטעליגענטערער טייל פון די בירגערלעכע עלעמענטן, וואָס נעמט יאָ שוין אַמאָל אַ בוך אין האַנט אַריין, וועט זיך אָבער ניט צורירן צו קיין בוך, וואָס איז געשריבן פון אַ פּראָגרעסיוון שרייבער. (אויך אין דער הינזיכט זענען מיר אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וואו עס איז מעגלעך, אַז קעגנערישע עלעמענטן זאָלן קויפן און לייענען אַזאַ בוך ווי, לאָמיר זאָגן, שטיינבעקס „די טרויבן פון צאָרן"). אַ בירגערלעך-אידישער קריטיקער וועט דאָך אפן מויל ניט ברענגען דעם נאָמען פון אַ בוך וואָס איז געשריבן פון אַ פּראָגרעסיוון שרייבער. נו, און די פּראָגרעסיווע אַרבעטער אַליין, זיי, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון קויפן רעליגיעזע ספאָרים, האָבן זיך נאָך ניט צוגעוואוינט צו קויפן ליטעראַרישע ווערק. מען דאַרף נאָך אַלץ צוגיין, בעטן, אַפּעלירן און ערשט דאַן קלויבט זיך קוים אָן אַ קליינער קרייז, וואָס קאָן ניט, באַם בעסטן ווילן, בויען און אויסהאַלטן אַ ליטעראַטור. אַפילע די פּראָגרעסיווע קולטור-אָרגאַניזאַציעס האָבן נאָך ניט דערפילט די נויטיקייט פון העלפן אַרויסגעבן אַ גרויס ווערק, מעג עס זיין ווי אוטיליטאַר און נויטיק. די גאַנצע שווערקייט פאַלט דעריבער אפן מעכאַבער גופע, עפּעס נאָר ווי ליטעראַטור וואָלט געווען זיינס אַ פּריוואַטער איניען.

אָבער מילכאָמעס גייען נאָך אָן. איצט פלאַקערט די צווייטע וועלט-מילכאָמע. אָט-אָט ווערן מיר, אונדזער לאַנד, אַריינגעצויגן אין איר. אַוואַדע וועלן נאָך דער איצטיקער מילכאָמע אויך אַרויסקומען שרייבער, וואָס וועלן זיכער האָבן וואָס צו דערציילן. אָבער קאָל-זמאַן עס גייען נאָך אָן מילכאָמעס; קאָל-זמאַן די פעלקער פון דער וועלט האָבן נאָך ניט אויסגעשריגן דעם מעכטיקן „גענוג" צו די מילכאָמע-צינדער, — פיל איך, אַז כאָטש מיין מילכאָמע-ווערק איז שוין אַלט 22 יאָר, וועט עס דאָך העלפן אויפדעקן דעם שוידער און פאַרברעכן; וועט עס דאָך העלפן דערנעענטערן דעם מאָמענט, ווען די וועלט וועט אָפּהילכן מיט דעם שאַלנדיקן „גענוג!" און די פעלקער וועלן אָנהויבן אַ פרידלעך לעבן אף אַן עמעס, לעבן אַזוי ווי זיי ווילן און דאַרפן לעבן. און אויב מיין מילכאָמע-ראָמאַן וועט זיין כאָטש אַ טיילכל פון אַ פאַקטאָר צו דערנעענטערן יענע צייט, וועט דאָס זיין מיין בעסטע באַפרידיקונג. עס פאַרדריסט מיך בלויז, וואָס מיר איז ניט געלונגען אַרויסצוגעבן אַלע 3 בענד צוזאַמען, אַזוי ווי איך האָב געפּלאַנירט, און וואָס איבער דעם ווערט אָפּגעשוואַכט דער ווערט פונעם ווערק. איך האָף אָבער, אַז מיט דער הילף פון די געציילטע לייענער, די עמעסע פריינט פון דער אידישער ליטעראַטור און פון פּראָגרעס, וועט מיר געלינגען אַרויסצוגעבן דעם צווייטן באַנד אין אַ צוויי כאַדאָשים אַרום, און דעם דריטן — מיט עטלעכע כאַדאָשים שפּעטער.

און ווייל עס איז אַזוי שווער אַרויסצוגעבן אַ בוך, וויל איך דאָ עפנטלעך באַדאַנקען די אַלע מיינע פריינט און כאַווירים, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן סיי דורך שאַפן אַבאָנענטן, קעדיי פינאַנציעל מעגלעך צו מאַכן די דערשיינונג פונעם בוך, ווי אויך די פריינט, וואָס האָבן מיר געהאָלפן אין דער טעכנישער דורכפירונג. אויס דאַנקבאַרקייט דרוק איך דאָ אין בוך אַ צעטל מיט די נעמען פון די דערמאָנטע פריינט. דאָ וויל איך באַזונדער אויסדריקן מיין דאַנק און אָנערקאָנונג צו מיין פריינט ווילי‎אַם ווינער, וועלכער האָט — ניט געקוקט אף זיין פערזענלעכן פיזישן צושטאַנד — געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך צו העלפן. אַ דאַנק אויך מיין גוטן פריינט און כאַווער נ. שייפער און די קינסטלער י. זעלדין און סעם ריינדאָרף פאַר זייערע צייכענונגען. מיין דאַנק קומט אויך צו די כאַווירים א. מאַנדלבוים און ווילי‎אַם קופערמאַן פאַר זייער מיטהילף.

אַ ספּעציעלן דאַנק דעם קולטור-קאָמיטעט, דער עקזעקוטיוו און אַלע מיטגלידער פון בראַנטש 132, פאַר זייער נעמען אף זיך צו העלפן דערמעגלעכן דאָס אַרויסגעבן פונעם ווערק. איך האָף, אַז אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט וועט אָט דער קולטור-טאַט זייערער ווי געהעריק אָפּגעשאַצט און געלויבט ווערן.

כאַיים מאַרגאָליס-דאַווידזאָן

# קאַפּיטל איינס

אונדזער קאָמאַנדע איז געווען אַף דאַטשע. דער דיוויזיע-קאָמאַנדיר, וואָס האָט געהאַט זיין שטאַב אַף איבער די זומער-כאַדאָשים אין שטעטל פירוזאַ, — האָט געוואָלט, אַז מיר, די שטאַבֿ-מוזיקאַנטן, וועלכע זענען געווען פאַררעכנט פאַר די בֿעסטע אין זיין דיוויזיע, זאָלן אים מעסאַמייעך זיין: שפּילן אין די אָוונטן פאַר אים און זיינע געסט — די אָפיצירן פון יענע מיליטער-טיילן, וועלכע זענען געשטאַנען אין לאַגער, אַרום שטאַבֿ.

פירוזאַ — אַ שטעטל לעבֿן דער סאַמע פּערסישער גרענעץ — איז געלעגן צווישן צוויי הויכע בֿערג, וואָס האָבֿן — ווי אויסגעשייערטע קופּער-קעסלען — געגלאַנצט אַנטקעגן דער זון מיט אַ בֿלענדנדיקער, קופּערנער רויטקייט. דער טאָל, צווישן זיי, איז געווען באַגרינט מיט פאַרשידנבֿערליי בֿוימער, קוסטעס און גראָזן, און דורכגעפלאָכטן מיט פאַרשידנאַרטיקע און פילפאַרבֿיקע בֿלומען.

נאָך דעם פאַרוואָרפענעם, אָנבֿוימיקן און טרוקן-ליימיקן שטעטל מערוו, אונדזער שטענדיקער גאַרניזאָן, האָט דאָס דאָזיקע פלאַץ פאַר אונדז אויסגעזען ווי אַן עמעסער גאַניידן. (עס האָבֿן זיך אַפילע צווישן אונדז געפונען כאַקראָנים, וואָס האָבֿן אויסגערעכנט, אַז געאָגראַפיש איז דאָס, אַפאָנים, געווען דאָס היסטאָרישע פלאַץ, וואו אָדאָם האָרישן און כאַווע האָבֿן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט).

אַפן וועג אַהינצו, אינעם דורכגאַנג צווישן די בֿערג, האָבֿן זיך פרוכט-בֿוימער — שמייכלענדיקע — אונדז אַנטקעגנגעטראָגן מיט זייערע טיף-גרינע, סאַמעטענע בֿלעטער און זאַפטיקע, רייפע פירעס. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן אונדז איינגעלאַדן, זאָגנדיק:

„באַט, נעמט וויפל אייערע אייגענע הערצער גלוסטן!"

אַ רוישיק, קיל טייכל, האָט אונדז — זינגענדיק — באַגעגנט מיט רייצנדיקער קלאָרקייט, פונקט ווי עס וואָלט געוואוסט, אַז דאָרט, אין

דעם ווייטן, אָנגעגליטן טיקינישן שטעטל מערוו, האָבן מיר ניט געהאַט אַזעלכעס און זיך געמוזט באַנוגענען מיט טרינקען דאָס איבערגעקאָכטע, איבלדיק־וואַרעמע און מוטנע וואַסער פונעם בלאָטיקן טייך „מורגאַב“, וואָס איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט טיפוס־באַצילן.

נאָכדעם ווי מיר, מידע פונעם פופציק־ווערסטיקן גאַנג, זענען אָנגעקומען און זיך אָפּגערוט פאַר אַ ווייל, האָבן מיר זיך אַ נעם געטאָן צו די גרויסע לאַגער־פּאַלאַטקעס, וועלכע זענען שוין געלעגן צוגעגרייט פאַר אונדז. מיר האָבן זיי אויפגעשטעלט אין אַן אַרומגעצאַמטן, געדיכטן פּרוכט־גאָרטן, וואָס איז געווען פול מיט אַבריקאָסן און פלוימען־בוימער. מיר, ליגנדיק אין די פּאַלאַטקעס, האָבן גאָר לייכט, — ניט דאַרפנדיק זיך אויפהויבן פון די געלעגערס אַפילע, — מיט אַ שטעקן געקאָנט דערלאַנגען צו די פּייִרעס, וואָס זענען אַרונטערגעפאַלן קימאַט גלייך צו אונדז אין די מיילער אַריין.

מיר האָבן מאַמעש אויפגעלעבט. ניט נאָר האָט די אומגעבונג אונדז צוגעשמייכלט, נאָר אַפילע דעם קאַפּעלמייסטערס באַהאַנדלונג האָט זיך אויך געביטן. ער האָט מיט אונדז געהאַט גאָר ווינציק איבונגען: — קוים אַ שאָ דורכן טאָג, ווי יויצע צו זיין. טאָמער האָט זיך אַמאָל דעם צעקנייטשטן סוואָראָוו, אונדזער קאַפּעלמייסטער, יאָ פאַרגלוסט אונדז צו מוטשען, האָבן מיר זיך דערפאַר מיט אים שפּעטער אָפּגערעכנט אַזוי ווי מוזיקאַנטן קאָנען. דעהייִנע:

אין אָוונט, באַם קאָנצערט אַף דער עסטראַדע, אין סאַמע פּראָנט פונעם שטאַב, האָט איינער פון אונדז, — געוויינטלעך אַ סאָליסט, — מיטאַמאָל, ווי פון דער העלער הויט, באַקומען אַ שאַרפן צאָן־ווייטיק, אָדער זיך גאָר פאַרהוסט אינמיטן דער סאָלאָ און די צערעכט געמאַכט.

פאַרשטייט זיך, אַז גלאַט אַזוי איז דאָס שוין ניט אָפּגעגאַנגען. סוואָראָוון האָט מען גלייך גערופן אין קאַנצעלאַריע פון שטאַב, וואו ער האָט מיסטאַמע באַקומען פונעם קאָמאַנדיר אַ שטאַרקן אויסרייד דערפאַר. ווען ער איז צוריקגעקומען פון דאָרט, האָט מען עס געקאָנט דערקענען אַף זיין פּאַנים. ער איז געווען רויט און אָנגעבלאָזן און געמרוקעט... דערנאָך, שוין שפּעט ביינאַכט, ווען מיר זענען פאַרטיק געוואָרן מיטן שפּילן און — מידע — זיך געקליבן צו לייגן שלאָפן, איז ער — אָנשטאָט אַוועקצוגיין צו זיך, אין זיין וואוינונג, זיך אָפּצורוען — גאָר געקומען צו אונדז אין גאָרטן, גענומען זידלען און דערגיין די יאָרן יעדן פון אונדז...

מיר האָבן טאַקע געשוויגן, אָבער אַף צומאָרגנס ווידער געמאַכט די זעלביקע קונצן. עטלעכע טעג שפּעטער, אַז סוואָראָוו האָט געזען

עס העלפט אים ניט, איז ער ווייכער געוואָרן און זיך איבערגעבעטן. און קעדיי זיך צוריק איינצוקויפן אין פריינטשאַפט מיט אונדז, — האָט ער — ווי צום פאַרגיטיקן — אונדז איינגאַנצן פרייגעלאָזט פון איבונגען. האָבן מיר — פאָרלעכווייז — זיך אַרומגעשלעפט איבער דער איינציקער גאַס פונעם שטעטל, אָדער איבער די אַלייען פון דעם שטאַב־גאָרטן, און מיט וואונקען און ווערטלעך פאַרטשעפעט די שפּאַצירנדיקע ניאַנקעס און דינסט־מיידלעך. יענע יאַטן, וואָס האָבן זיך געפוילט אַרויסצוגיין, זענען געבליבן ליגן אין די פּאַלאַטקעס, געשפּילט אין קאָרטן און דערווייל אָנגעשטופּט פולע בייכער מיט אַבריקאָסן און פלוימען — נאָר צום פּלאַצן.

יעדן אָוונט האָבן מיר געשפּילט אין שטאַב־גאָרטן. בעאייס דעם שפּילן האָבן מיר זיך געפילט גאָר כאָשעוו. די העל־באַלויכטענע עסטראַדע און די רעפלעקטירטע שטראַלן פון די בליאַסקענדיקע אינסטרומענטן, האָבן צוגעצויגן די בליקן פון די פאַרבייגייער. אויסגעפּוצטע יונגע פרויען און מיידלעך האָבן אונדז באַוואָרפן מיט נייגעריק־שעמעוודיקע, זייטיקע, בליקן. גאַיוועדיקע אָפיצירלעך האָבן פאַרפאַמעלעכט זייערע טריט, זיך געמאַכט מיקלוימערשט ווי זיי וואָלטן ניט געקוקט אף אונדז, אָבער דערביי זיך שאַרף איינגעהערט אין אונדזער שפּילן און מיטגעזונגען, אָדער מיטגעפייפט צו דער מעלאָדיע. שלאַנקע אָפיצירישע פרויען, אויסגעפּוצט און באַהאַנגען מיט צירונג, ווי אין דער אָפּערע, האָבן אַרומשפּאַצירט מיט יונגע אָפיצירלעך איבער די זייטיקע אַלייען, וואָס אַרום דער עסטראַדע, געפלירטעוועט צווישן זיך, און דערביי, פון דער זייט, צוגעוואָרפן צו אונדז מאַמזעריש־פאַרגאַנוועטע בליקן, וואָס האָבן פּאָשעט געררייצט די בלוטן ביי אונדז. מיר האָבן זיך געצאַפּלט פון קינע און פון אויפגעקאָכטע פאַרלאַנגען, אָבער פאָרט אָנגעצויגן אף זיך אַ מין בעריעשע רואיקייט און זיך געפלייסט אויסצונעמען...

*****

**טשעריאַק**, דער פריילעכער רויט־בעקל־דיקער מאָלדאַוואַן, וואָס האָט ביי אונדז געשפּילט אפן קליינעם פּויקל, קסילאָפאָן, טאַצן, קוקופקעס, קאַסטאַניעטן, דריי־עק, גלעקער און נאָך אַזעלכע קלאַפּערגעצייג, איז געווען אַ וואוילער יאַט. ער האָט געהאַט אַ טעווע זיך אָנצונעמען יעדן איינציקנס קריוודע. און האָט נאָר דער קאַפּעלמייסטער אַמאָל עמעצן פון קאָמאַנדע באַליידיקט, אַזוי

האָט ער, טשעריאַק, שוין געזען, אַז מען זאָל אים דערפֿאַר אָנלערנען אף אונדזער שטייגער. אָבער אַזוי ווי ער אַליין האָט גאָרניט געקאָנט אויפטאָן, ווייל קיין סאָלאָס — אַזעלכע, וואָס מען קאָן צעפּאַטערן דורך אַ צאָן־ווייטיק, אָדער אַ הוסט — האָט ער ניט געהאַט, האָט ער דורך אַ קונצעלע באַצוואונגען אַנדערע דאָס צו טאָן.

געוויינטלעך פּלעגט ער דערצו טאָמיד אויסקלויבן דעם פּאַליאַק זשעלינסקי. יענער, — כאָטש ער האָט געשפּילט אף זייער אַ וויכטיקן אינסטרומענט, — דעם „עס״־קלאַרנעט, — איז ער דאָך געווען פֿון די שוואַכע מוזיקאַנטן. עס איז בכלל געווען אומפֿאַרשטענדלעך, ווי אַזוי ער איז לעכאַטכילע אָנגענומען געוואָרן אין „בריגאַדע־כאָר״, — ווי אונדזער מוזיק־קאָמאַנדע איז אָפיציעל גערופן געוואָרן. ער, זשעלינסקי, האָט ניט פֿאַרמאָגט דעם מינדסטן געפיל, אָפּגערעדט שוין פֿון אַן אויער, אָדער ריטם פֿאַר מוזיק, און דעריבער טאָמיד געדאַרפט פֿאָרזיכטיק ציילן דעם טאַקט מיטן פֿוס: — אף אַרויף און אַראָפּ, רעכטס און לינקס...

טשעריאַק — אַזוי ווי ער איז געוויינטלעך בעאייסן שפּילן טאָמיד געשטאַנען אַנטקעגן זשעלינסקין — האָט דעריבער געהאַט אַ גאַנץ לייכטע אַרבעט אים פֿון וועג אַרונטערצופֿירן. דערצו האָט ער בלויז געדאַרפט עטוואָס אַרויסרוקן זיין אייגענעם פֿוס אין פֿאָרויס, אַז עס זאָל זיך יענעם וואַרפֿן אין די אויגן, און בעקיוון נעמען פֿאַרשנעלערן, אָדער פֿאַרפּאַמעלעכערן דעם טעמפּאָ, צי גאָר אויסקלאַפּן פֿאַלשע טאַקטן: אָנשטאָט דריי פּערטל — בלויז צוויי, אָדער פֿיר, און פֿאַרקערט: — אָנשטאָט צוויי — אויסקלאַפּן גאַנצע דריי פּערטל...

זשעלינסקי האָט זיך דערפֿון גלייך צעטומלט. אין פֿאַרלעגנהייט האָט ער גענומען דרייען מיטן פֿוס לויט טשעריאַקן, פֿאַרלירן דעם טעמפּאָ פֿון זיין פּאַרטיע, אָפּגעשטאַנען, אָדער אונטערגעיאָגט, און מיטאַמאָל גאָר אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ שאַרפֿן קוויטש ניט דאָרט וואו ער האָט געדאַרפט. דאָס האָט אויך אַנדערע אַרונטערגעפֿירט פֿון טאַקט און עס האָט זיך גלייך באַקומען אַזאַ מאָדנע און מעשונעדיק־ווילדע קאַצן־יאָמער־שפּיל — ניט צום קאָנטראָלירן מער...

אין אַזאַ פֿאַל איז דער קאַפּעלמייסטער, פֿאַרשטייט זיך, אינגאַנצן אַרויס פֿון די קיילים. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיט זיינע אָדערדיקע פֿויסטן צום אָרימען, אומשולדיקן פּאָליאַק, אים געזידלט און געדראָעט, אַז ער וועט זיך ערשט שפּעטער אָפּרעכענען מיט אים דערפֿאַר. זשעלינסקי האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר צעשראָקן־פֿאַרוואונדערטע אויגן און זיך שיער ניט פֿאַנאַנדערגעוויינט פֿון פֿאַרדראָס.

ער האָט זיך געשוואוירן, אַז ער ווייסט פון גאָרניט; אַז ער האָט געשפּילט ווי לויט די באָטן און...

און כאָטש ער אַליין איז געווען אַ הייס-בלוטיקער און לייכט אַף צו וואַרפן זיך שלאָגן מיט יעדן פאַר דער מינדסטער זאַך, אַפילו ער — כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט ווער עס איז שולדיק אין דעם גאַנצן אייסעק — האָט ער דאָך ניט געוואָלט מאַסערן אף טשעריאַקן. ער איז געווען ווילדיק אַליין צו ליידן, אַבי סוואוואָראָף זאָל קריגן אָנגעלערנט. דערפאַר, אָבער, האָט ער שוין דערנאָך ניט אויפגעהערט אונדז צו טאָטשען. אף צומאָרגנס איז ער דעם גאַנצן טאָג אַרומגע-גאַנגען און געהאַלטן אין איין ברומען:

— „פּשאַ-קרעוו, כאָלעראַ, יאַק באָגאַ שווענטעגאָ קאָכאַם!‟...*)

*****

**איינמאָל** זענען מיר — ווי טאָמיד — געשטאַנען אין שטאַב-גאָרטן און געשפּילט. די נאַכט איז געווען אַ רואיקע און לינדע. פון די בוימער אינעם גאָרטן האָט אַרונטערגע-זונגען מיט טויזנטאַרטיקע טרילערייען פון פייגל און סוויטשערייען פון פליגעלעך צווישן די גראָזן. אַ באַטאַאַמט מאַירעוודיק ווינטעלע האָט צאַרט געשטיפּט מיט אונדז: געקיצלט די באַקן און געגלעט די מידע אויגן-לעפלעך. עס האָט שוין געמוזט זיין אַוואָדע אַרום צוויי פאַרטאָג ווען מיר האָבן פאַרענדיקט שפּילן און זיך געקליבן אַהיימ-צוגיין. מיטאַמאָל, שוין אינמיטן גאַנג, — איז צו אונדזער עלטסטן, צו סטעפּאַקינען, צוגעגאַנגען עפּעס אַן אומבאַקאַנטער אָפיציר און אים עפּעס אַ זאָג געטאָן. באַלד האָט סטעפּאַקין אונדז געגעבן אַ באַפעל זיך צוריק אויסצעשטעלן אין אַ קרייז און — דאָרט וואו מיר זענען, אינמיטן פּאַרק — זיך צוגרייטן צום שפּילן. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט און גאָרניט פאַרשטאַנען. געזען האָבן מיר בלויז, אַז דער אָפיציר איז געווען ניט אַבי ווער, נאָר עפּעס אַ וואַזשנער גענעראַל. ער האָט געהאַט אַ ברייטע, שוואַרץ-צעקאַמטע באָרד און אַ פּאָר אָנגעשוואָלענע, אַרומגעליאַמעוועטע אויגן — אַזוי רויט, ווי די ברייטע ליאַמפּאַסן אף זיינע הויזן און די קליאַפּעס פון זיין מונדיר. מיר האָבן צעשטעלט די פּיופּיטרעס, אַרויסגענומען די אינסטרומענטן פון די שיידלעך און געוואַרט אף אַ באַפעל אָנצוהייבן שפּילן.

סוואוואָראָף איז שוין ניט געווען מיט אונדז. ער איז דעמלט

*) היינטישע בלוט, כאָלערע, ווי גאָט איז מיר ליב.

שוין געהאַט אַוועק אין בופעט און דאָרט, — צוזאַמען מיט אָפיצירן — געטרונקען און זיך געלאָזט וואוילגיין. ער האָט, אָבער, אַפּאָנים, גלייך דערשמעקט, אַז אַ גענעראַל האָט אונדז אָפּגעשטעלט און איז — אַ פּאַרציטערטער — גלייך געקומען צולויפן. ער — כאָטש אין אַ מיליטערישן מונדיר — איז געווען בלויז אַ פּאָשעטער, פריי־געדונ־געגער קאַפּעלמייסטער און קיין שום מיליטערישן ראַנג ניט געהאַט. געהאַלטן האָט ער זיך אָבער קעגן אונדז ווי אַן עמעסער אָפיציר... אַליין האָט ער מיטן גאַנצן האַרצן געגלויבט, אַז אַן אָפיצירן־ראַנג איז די העכסטע מאַדרייגע, צו וועלכער אַ מענטש קאָן זיך ווינטשן צו דערגרייכן. מיט האַכנאָע האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן לעבן דעם גענעראַל און אַרויפגעקוקט צו יענעמס העלדישער הויך. ער האָט געהאַלטן זיין ווייסע, האַלב־געהענטשקעטע האַנט לעבן שטערן און מיט כניפע געפרעגט דעם גענעראַל, וואָס ער וועט באַפעלן צו שפּילן. יענער האָט בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, איז צוגעגאַנגען צו אונדז און — בלאָנדזשענדיק מיט די פיס און מיט דער צונג — קורץ אַ וואָרף צו געטאָן:

— „זשיזן זאַ צאַריאַ!”...1)

מיר האָבן געמישט די בלעטער פון די נאָטן־ביכער. סאַוואָראָף איז אַריין צו אונדז אין קרייז, אויפגעהויבן די האַנט און דעם קאָפּ, — גרייט אָנצוהויבן.

דער גענעראַל איז אויך אַריין אין קרייז. אָן ווערטער האָט ער אַרויסגענומען דאָס שטעקעלע פון סאַוואָראָפס האַנט, אים לייכט אָפּ־געשטופּט אין אַ זייט, אַליין אויפגעהויבן זיין האַנט מיטן שטעקעלע, אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און אָפּגעהאַקט:

— אָנהויבן!...

מיר האָבן גענומען שפּילן און זיך געפּלייסט ווי ניט איז זיך צוזאַמענצוהאַלטן אין טאַקט. נאָכפאָלגן דעם גאַנג פונעם שטעקעלע איז געווען אומעגלעך. דער גענעראַל איז געווען טויט־שיקער און ריטמלאָז געפאָכעט מיט דער האַנט אַרויף און אַראָפּ. מיר האָבן אָבער דאָך געשפּילט. ער האָט געקוואָלן און צוגעבורטשעט:

— „וואָט קאַק, רעביאַטאַ!” „וואָט קאַק!”...2)

סאַוואָראָף איז געשטאַנען הינטער דעם גענעראַלס פּלייצעס און פון דאָרט, אַז יענער זאָל ניט זען, געפּרואווט דיריגירן. מיטאַמאָל האָט זיך דער גענעראַל אַ דריי אויס געטאָן צו אים און, מיט אַ פאַרשיקערטער גאַיווע, אַ פרעג געטאָן ביי אים:

1) דאָס לעבן פאַרן צאַר. 2) אָט אַזוי, כעוורע.

— נו, וואָס־זשע, קלעזמערוק, בין איך עפּשער ניט קיין גוטער דיריגענט, האַ?...

סאַוואָראָף האָט אַזש אויפגעציטערט. ער האָט זיך פאַר אַ ווייל פאַרלוירן און נאַריש געשמייכלט. באַלד האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן, צוגעלייגט די האַנט צום שטערן, סאַלוטירט און מיט אַן אָנזעבאַרער כניפע אַן ענטפער געטאָן:

— גאַנץ ריכטיק, אייער הויכע עקסעלענץ!...

דער גענעראַל האָט צופרידן אַ שמייכל געטאָן און לויז אַרונ־טערגעלאָזט די האַנט. ער האָט גענומען פרעפלען:

— „זשיזן זאַ צאַריאַ״...יאָ־יאָ, עס דאַרף טאַקע זיין אַ גרויס גליק צו קאָנען אָפּגעבן דאָס לעבן פאַרן געליבטן צאַר!...

מיטאַמאָל האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז מיר זאָלן אויפהערן שפּילן און — פּונקט אַזוי פּלוצלונג — אַ פרעג געטאָן:

— און ווער פון איך, רעביאַטאַ, האָט ווען עס איז אַמאָל גע־זען זיין מאַיעסטעט, דעם צאַר?...

צעטומלטע פון דער אומגעריכטער פראַגע, האָבן מיר געשוויגן.

— וואָס־זשע, — האָט ער נאָכאַמאָל, אָבער שוין שטרענגער איבערגעפרעגט, — האָט טאַקע קיינער פון איך קיינמאָל דעם צאַר ניט געזען?...

אין ראָד ביי אונדז איז געוואָרן אַן אָנגעצויגנקייט. מיר האָבן אַלע געשוויגן.

— ווער עס האָט אים יאָ געזען, זאָל מאַכן דריי טריט אין פאָ־רויס!...— האָט ער שוין גאָר שטרענג אַ קאָמאַנדעווע געטאָן און דערביי אונדז געשטאָכן מיט זיינע שפּיזלדיקע אויגן.

דריי יאַטן זענען אַרויס אין פאָרויס.

— נו, איז ער אייך געפעלן געוואָרן, דער צאַר?— האָט ער ווי פאָרשנדיק ווייטער געפרעגט.

די דריי יאַטן האָבן אַפּאָנים ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן און דעריבער ווייטער געשוויגן.

— איך פרעג, — האָט דער גענעראַל מיט געבייזער אַ שאַרפן שניט געטאָן און דערביי פאַררוקט אַ האַנט צו זיך אין קעשענע, — איך פרעג: צי וואָלט איר פּייאיק געווען אַוועקצוגעבן אייערע לעבנס פאַר אונדזער ליבן און טייערן צאַר?...

— גאַנץ זיכער, אייער הויכע עקסעלענץ!— האָבן די דריי, ווי אין כאָר, אָפּגעענטפערט.

— איך האָב אַלעמען געפרעגט! — האָט ער ווידעראַמאָל אַ שניט

געטאָן. — טאַקע אַלעמען!...

מיר האָבן אָפּגעזעגנטפערט און אָפּגעאָטעמט מאַמעש ווי נאָך אַן אָפּקומעניש, אין מוירע אַפילע אַ קוק צו טאָן אפן גענעראַל.

— „מאָלאָדצי, רעביאַטאַ!" אָט אַזוי!... — האָט ער פאַרשיקערט צוגעוואָרפן און דערביי אַרויסגעשלעפּט אַ הויפן פּאַפּיר־געלט פון קעשענע. ניט איבערדערציילנדיק דאָס געלט האָט ער עס צוגעוואָרפן אונדזער עלטסטן מיט אַ שלוקעכץ:

— דאָס איז פאַר אייער גוטן שפּילן! — האָט ער אַ ברום געטאָן און, אַרויסנעמענדיק מיט דער צווייטער האַנט אַ זשמעניע זילבער־געלט פון דער אַנדערער קעשענע, גלייך צוגעגעבן, — און אָט פאַר דעם־אָ, זאָלט איר זיך קויפן ביר, און טאַקע שוין!...

איבעראַשטע פון זיין האַנדלונג, האָבן מיר זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און, אפן עלטסטנס אַ וואונק, צוזאַמען אויסגעשריגן:

— מיר דאַנקען אונטערטעניק, אייער הויכע עקסעלענץ!...

ער איז אַוועק. דער עלטסטער האָט אַוועקגעשיקט עטלעכע יאַטן צום בופעט נאָך ביר, אויסגעציילט דאָס פּאַפּיר־געלט און גענומען עס אויסטיילן צווישן אונדז. ער האָט געהאַט עטלעכע און דרייסיק רובל און עס איז אויסגעקומען צו עטלעכע און פופציק קאָפּיקעס אף אַ ביילעק. דאָס איז געווען אונדזער ערשטע פּאַרדינסטע געלט אין פירוזאַ און מיר זענען צופרידן געווען, גלויבנדיק, אַז דאָס איז ערשט אַן אָנהויב. באַלד זענען פון בופעט צוריקגעקומען די יאַטן, שלעפּנדיק מיט זיך צוויי פולע קוישן מיט פלעשער ביר. מיר האָבן זיך צוגעזעצט אף דער ערד און גענומען טרינקען פון די פלעשער.

מיטאַמאָל האָבן מיר באַמערקט, אַז דער גענעראַל האָט זיך אומ־געקערט, און געוואָלט אויפשפּרינגען. ער אָבער האָט פון ווייטן נאָך אָנגעוויזן, אַז מיר זאָלן בלייבן זיצן פריי און ווייטער טרינקען. אַליין האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ניט ווייט פון אונדז, מיט האַנטאָע זיך צוגעקוקט ווי מיר טרינקען און — פון צופרידנקייט — אַזש צוגעפּאַטשט מיט די הענט ווי אַ קליין קינד. מיטאַמאָל האָט ער זיך שטייף אָנגעצויגן און אַ זאָג געטאָן:

— הערט אויס, יאַטן, אויב עס וועט אייך אַמאָל אויסקומען צו גיין אף מילכאָמע, זאָלט איר כאָטש דעמלט געדענקען, אַז איר האָט געהאַט גוטע באַטשאַלסטווע!...

ווי עס האָט זיך געפּאָדערט, האָבן מיר אַלע צוזאַמען אָפּגעענטפערט מיט אַ הילכיקער פאַרזיכערונג...

*****

## מיר זענען

אַהיימגעגאַנגען. אונדזערע רייען האָבן זיך אָבער דאָסמאָל ניט צוזאַמענגעהאַלטן. מען האָט געדעדט צווישן זיך און געטומלט. סטעפּאַקין האָט זיך געבעטן ביי אונדז, אַז מיר זאָלן כאָטש אין שטאָב-גאָרטן גיין ווי עס דאַרף צו זיין, אָבער קיינער האָט אים ניט געהערט. עפּעס האָט אין האַרצן געגאָיעט. מיר האָבן דאָך שוין פיל מאָל געהאַט געזען פאַרשידענע שיקערע אָפיצירן, געהערט אַלערליי סאָרטן נאַרישע רייד פון זיי, אָבער אָט אַזעלכע ווערטער ווי פונעם דאָזיקן גענעראַל, איז אונדז נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו הערן. מיר זענען פּאָשעט געווען צעטומלט.

בלויז דער צוויי-בענדלדיקער דאַווידאָוו, אַ רוישער יאָט מיט אַ קלייענדיק פּאָנים, איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער און געשוויגן. און דאַווקע האָט זיך איצט אַלעמען פון קאָמאַנדע געוואָלט עפּעס הערן פון אים. ווייל ער — אויב ער האָט עפּעס געזאָגט — איז עס טאָמיד געווען קלוג און לאָגיש. דערפאַר זענען טאַקע אַלע שטיל געוואָרן, ווען ער האָט זיך מיטאַמאָל אַ דריי אויס געטאָן ווי צום זאָגן עפּעס... ער האָט דערביי אַ שאַרפן בליץ געטאָן מיט זיינע לעבעדיק-בלויע אויגן, אַ דריי געטאָן זיין רויט-פאַרשפּיציקט וואָנצעלע און — ווי צו זיך — גענומען אונטערברומען:

— „דאַ-אַ-אַס”...גלאַט אַזוי זיך האָט דער דאָזיקער פויגל ניט געזונגען...אַפּאָנים, אַז די מילכאָמע, צו וועלכער זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געגרייט אין געהיים, האַלט שוין באַם אויספּלאַצן, אָדער... דער טייוול ווייסט זיי, עפּשער טאַקע שוין אויסגעפּלאַצט... אָ, דער דאָזיקער פּעמפּיק האָט, זעט אויס, ניט בעכינעם געפּלאַפּלט...

— ווייס איך וואָס, — האָט גרישונין, דער הויכער און געזונטער באַסיסט, וואָס איז געגאַנגען לעבן אים, זיך אָפּגערופן, — אַ הון כאָלעמט געווייינטלעך פון פּראָסע... עס ווילט זיך אים איצט אַוואַדע דערגרייכן אַ העכערן ראַנג, — בילט ער!... עס איז אים, אַפּאָנים, ווינציק, וואָס ער איז גענעראַל-קאַוואַלעריע און ער וויל מער...

— וואָס זשע מיינסטו טאַקע? — האָט טשעריאַק צוגעוואָרפן, — אַ מילכאָמע איז פאַר די דאָזיקע לייט ווי וואַסער פאַר פיש. עס איז פאַר זיי אַ פלאַץ, וואו זיי דערהויבן זיך צו גרעסערע ראַנגען און...

— אָבער דאָס איז דאָך אַלץ ניט דער איינציקער פלאַץ, — האָט דאַווידאָוו אים שפּאַסיק איבערגעשלאָגן. — עס זענען פאַראַן נאָך פיל אַנדערע און אויך פיל בעסערע פּלעצער. אָט, ווי אַ שטייגער, באַם

אַרונטערלאָזן זיי אַהינצו, — האָט ער אַ טײַטל געטאָן צו דער ערד,
— ווערן זיי דאָך אויך דערהויבן...

— נו, זעסטו, אַזאַ מין דערהויבן ווערן, פאַרגין איך זיי מיטן גאַנצן האַרצן. — האָט גרישונין בדייט אַ לאַך געטאָן. — דאָרט מעג ער, פאַר מײַנעטוועגן, ווערן אַ גאַנצער פעלדמאַרשאַל מיטאַמאָל...

— ריכטיק! — האָט טשעריאַק ווידער צוגעוואָרפן. — אָבער דאָרט וועט אויך גראָז וואַקסן אויף זײַן שטומפּיקן ליסע־קעפּל. אַ מילכאָמע, זעט איר, לוינט זיך שוין פיל בעסער פאַר זיי...

— אָבער אויף מילכאָמע, — האָט עמעצער פון קאָמאַנדע טרויעריק אַ זיפץ געטאָן, — האָבן זיי דאָך געלעגנהייטן זיך פריער צו צעקושן מיט אַ שראַפּנעל, איידער צו באַקומען אַ העכערן ראַנג. דאָרט...

דאַווידאָוו האָט אומצופרידן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— רעדסט באַרישקייטן, ברודערל. שראַפּנעלן טרעפן ניט אין זיי, נאָר אין אונדז, סאָלדאַטן. באַטשאַלסטווע ווייסט שוין גאָר גוט ווי זיך אויסצעהיטן פון געפאַרן. אַהין שיקן זיי אונדז...

קיינער האָט מער ניט גערעדט. מיר האָבן זיך אַהיימגעשאַרט מיט שווערע און געדריקטע געמיטער. מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף די געלעגערס, אָבער עס איז זיך ניט געשלאָפן. פון די פּאַלאַטקעס אַרויס האָט זיך געהערט אַ קעסיידערדיק הוסטן. יעדע ווייל איז אַן אַנדערע שטאָק־פינצטערע פּאַלאַטקע אויפגעבליצט געוואָרן פון אַן אָנגעצונדן שוועבעלע, בײַ וועלכן עמעצער האָט אָפּאָנים פאַרדרייכערט אַ פּאַפּיראָסל. דער דעזשורנע — אַן אויפגערעגטער — האָט זיך פאַ־מעלעך אַרומגעדרייט אויף וואַך אינעם שווער־באַהאַנגענעם, פינצטערן גאָרטן. ער האָט רעגלמעסיק געקלאַפּט מיט זײַנע גראָבע שטיוול אויף דער אויסגעטראָטענער, פאַרהאַרטעוועטער סטעזשקע, אין פראָנט פון די פּאַלאַטקעס, און זײַנע טריט האָבן אין דער שווערער נאַכט אָפּגע־הילכט מיט אַ טויבן ווידערקאָל, וואָס האָט פאַר אונדז אויסגעזען ווי ווײַטע האַרמאַט־שאָסן. עפּעס האָט אַזוי שטאַרק געשראָקן... עס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע, פײַנלעכע נאַכט...

*****

**מיר האָבן** זיך קוים דערוואַרט אויף דעם פרימאָרגן, וואָס האָט זיך גבייוויש אַרויסגערוקט פון הינטער די גרויע, פאַרוואָלקנטע בערג. קוים, מיט אַנגסטן, האָבן מיר זיך דערוואַרט ביז די פאַרדרויסלטע זון האָט שווער־לייביק אַריבערגעקלעטערט די

געמויערטע פאַרצאַמונג פון אונדזער גאָרטן און זיך דורכגעשלייכט דורך די געדיכטע צווייגן. אין איילעניש זענען מיר זיך צעלאָפן נאָך טיי צו דער שטאַב־קיך. עס איז אָבער געווען ניט אַזויפיל צוליב דער טיי, ווי גיכער צו זען אימיצן, אַ פרעג טאָן און הערן עפּעס נייעס אױף דער קיך, אָדער אין דער קאַנצעלאַריע פון שטאַב.

מיר האָבן זיך אָנגעגעגנט מיט שטאַב־שרייבער. געוויינטלעך האָבן זיי זיך טאָמיד געהאַלטן פרעמד און טרוקן צו פּאָשעטע סאָלדאַטן. מיט אונדז, אָבער, מוזיקאַנטן, איז עס אַנדערש געווען. איינער פון זיי, געפּנער, — אַ קלוגער, דייטשישער יאַט פון מאָלדאַוויע, וואָס האָט שטענדיק, אָדער געשמייכלט, אָדער געפייפט מיט זיינע פולע, גראָבע ליפּן, — איז אָנגעגאַנגען. מיר האָבן איב אָפּגעשטעלט און גענומען פרעגן וואָס עס הערט זיך. ער האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן אונטער דער נאָז, אַזוי, אַז מען האָט אַפילו ניט געקאָנט אויפכאַפּן וואָס, און זיך גלייך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— נו, און אַז עס וועט שוין אַפילו יאָ זיין אַ מילכאָמע, איז וואָס?... אַז אייך וועט מען דאָך טיי ווי ניט נעמען... איר קאָנט דאָך אַפילו ביי אַ קאַץ דעם עק ניט פאַרבינדן, כע־כע־כע!...

מיר האָבן פאַרלעגן געשמייכלט. דאַווידאָוו האָט זיך מיט בויזעק טיף אַ בויג געטאָן פאַר אים, געמאַכט אַ שפּאַסיק־ברייטן רעווערענס און שטעכיק צוגעוואָרפן:

— אָ, אַנטשולדיקט, גנעדיקער הער שרייבער! מיר האָבן דאָך גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מיר האָבן דעם קאָוועד צו ווענדן זיך צו איינעם פון די גרויסע קאַנצעלאַריע־העלדן...

געפּנער האָט זיך פאַרשעמט. ער האָט גוטברודעריש אַ קלאַפּ גע־טאָן דאַווידאָוון אויף דער פּלייצע און גוטמוטיק געשמייכלט. דערנאָך האָט ער געכאַפּט אַ בליק אַרום זיך, צי קיין אָפיציר איז ניטאָ אַרום, זיך צוגעבויגן צו אים און — שטיל, אפן אויער, אָבער דאָך גענוג הויך, אַז אויך די איבעריקע זאָלן הערן — אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן... עס איז שוין אַפילו דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע איבערן לאַנד...

דערשלאָגענע און צעפּייניקטע האָבן מיר זיך געטראָגן מיט די קעסעלעך טיי. און כאָטש קיינער האָט קיין איינציק וואָרט ניט אויס־גערעדט, האָבן אָבער אַלעמענס אויגן קלאָר דערציילט וועגן דער אינעווייניקסטער שרעק, וואָס האָט אַלעמען מיטאַמאָל באַוועלטיקט.

אונדזער אַרטילעריע, וועלכע איז אויך געשטאַנען אין פּירוזאַ אויף לאַגער, איז מיטאַמאָל אָפּגעפאָרן צוריק אין גאַרניזאָן אַריין, קיין

מערוו. צי מיר וועלן אויך אָפּפּאָרן איבגיכן, האָט מען דערווייל קיין באַשטימטס ניט געהערט. אַלץ איז געוואָרן עפּעס אַזוי סוידעסדיק. די ציטונגען, וואָס מיר פלעגן ביז דאַן באַקומען, און אין וועלכע עס איז אַפילע ערשט נעכטן קיין איינציק וואָרט וועגן אַ מילכאָמע ניט דערמאַנט געוואָרן, האָבן מיטאַמאָל אויפגעהערט אָנצוקומען. אַפילע דאָס אָפיציעל־קאַזאַרמעדיקע בלעטל, דער „צוויי־קאָפּיקער־אָדלער", וואָס מיר פלעגן רעגלמעסיק דערהאַלטן אין קאָמאַנדע, — איז אויך מיטאַמאָל ניט געוואָרן. פרעגן אַ וואָרט ביי אימיצן — איז געווען ניט מעגלעך. אין קאַנצעלאַריע האָט מען פאַרבאָטן אַריינצוגיין, און די שרייבער האָבן זיך קימאַט ווי ניט באַוויזן מער. און פּריוואַטע מענטשן — אַפילע אף קיין רעפּוע ניט צו קריגן. אומעטום האָט מען געזען בלויז מיליטערישע און אָפיצירן — אַ יאַם... און קלאַנגען האָבן זיך דאַווקע געטראָגן אַזעלכע אויסטערלישע...

*****

**פירוזאַ** איז געוואָרן מאָרע־שכויר־עדיק.

אין אָוונט זענען מיר שוין ניט געגאַנגען שפּילן. ווייזט אויס, אַז עס איז שוין קיינעם אין קאָפּ ניט געלעגן צו הערן קאָנצערטן. אפן צווייטן טאָג איז די אָנגעצויגענע שווערקייט נאָך אָנגעלאָדענער גע־וואָרן. עפּעס — האָט זיך געפילט — איז געהאַנגען אין דער לופט. סטעפּאַקין, אונדזער עלטסטער, איז אַ גאַנצן פרימאָרגן אַרומגעלאָפן אַ פאַרפאָרעטער מיט זיינע לאַנגע, דאַרע פיס. זיין הויכקייט און דאַרקייט האָט אים נאָך מער ווי טאָמיד איינגעבויגן אין דרייען. זיין פּאָנים — ווי אַן איבערגעעלטערט שטיק וואַקס — איז בלאַס געווען. דאָס מויל זיינס — ווי פאַרבאַסמעט מיט אַ קאַזיאָנעם שטעמפּל — האָט געשוויגן. זיינע אויגן — ווי צאַנקעבדיקע לעכט — האָבן געצי־טערט. ער איז געלאָפן אַרויס און אַריין און האָט זיך אף קיינעם ניט אומגעקוקט. מיטאַמאָל, פאַרמיטיקצייט, האָט ער אַ רוף געטאָן פון פאַלאַטקע גודמאַנען, דעם צווייטן קאָרנעטיסט, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אויך אונדזער אומאָפיציעלער סיגנאַליסט. ער האָט אים עפּעס אַ זאָג געטאָן און אין אַ ווייל אַרום איז שוין גודמאַן געשטאַנען מיט זיין טרובע אין פראָנט פון די פאַלאַטקעס און געבלאָזן „טבאָר".

די קאָמאַנדע, פון וועלכער אַ טייל האָט געהאַלטן אין פוצן די אינסטרומענטן און אַ טייל — אין פאַרריכטן די קליידער, איז אין גע־אייל אָנגעלאָפן פון פאַרשידענע זייטן. גרישונין איז אַרויסגעקומען

פון זיין פּאַלאַטקע מיט אַ האַלב-אויסגעפּרצטן באַס און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער האָט געבלאָזן מיט זיינע גראָבע ליפּן און עפּעס געבורטשעט אונטער דער נאָז. דוקעל, דער „קאָסאָלאַפּער", ווי מען האָט אים גערופן, — אַ אידל, אַ באַוואַקסענער מיט אַ געדיכטן, אויסטערליש-אַרומגעזוימטן, שוואַרצן בערדל, — איז אַרויסגעקומען מיט אַ שטיוול אין האַנט, וואָס ער האָט געהאַלטן אינמיטן פּאַריכטן. ער האָט געטאָפּטשעט מיט זיין געוויינטלעכן גלאַסענעם און אויסגע-קרימטן קאַטשקע-גאַנג און ניט געוואוסט וואָס און וואו. ער האָט פּרובירט אָפּשטעלן עמעצן פון קאָמאַנדע און — פאַרבייגייענדיק — מיט אַ נאַאיוו-פאַרלוירענער שטימע, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס זשע, מיר גייען שוין טאַקע אַוועק צום פראָנט?...

יענער האָט אויסגעלאָזט זיין אייגן ביטער האַרץ צו דוקלען און אים אָנגעזידלט. דוקעל איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער, גענומען אַרומשפּרינגען ווי אַ צעווילדעוועטער האָן און זיך פאַרמאָסטן קעגן יענעם מיטן שטיוול. עס איז געוואָרן אַ געשלעג. סטעפּאַקין האָט עס דערזען און זיך צעבייזערט. סאָף קאָל סאָף איז דוקעל אָפּגעטראָטן און, אַ דערשלאָגענער, זיך אַוועקגעשטעלט אין דער ריי.

סטעפּאַקין האָט זיך מיטאַמאָל אַ גלייך אויס געטאָן. עס האָט אויסגעזען, פּונקט ווי ער וואָלט אף דער פּלייצע זיבער, אונטערן העמד, געהאַט אַרונטערגערוקט אַ ברעט, וואָס האָט אים אויסגעגלייכט און אויסגעשטייפט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געזוכט צי אַלע זענען שוין פאַראַן אפן פּלאַץ און מיטאַמאָל אַ געשריי געטאָן:

— פאַנאַנדערנעמען די פּאַלאַטקעס!... לעבעדיק!...

עס איז געוואָרן אַ גערודער. אַף גיך האָבן מיר זיך אַ נעם געטאָן צו די פּאַלאַטקעס, זיי פאַנאַנדערגענומען און איינגעפּאַקט. אפן האַרצן איז גאָר שווער געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, ווי יעדער אייבער וואָלט געזוכט אָנצוכאַפּן עמעצן פון זיינע כאַווירים און זיך דורכרעדן, אָדער עפּעס פרעגן. אָבער דאַווקע האָבן זיך קיין רייד ניט געקלעפּט. אָט האָבן זיך, דאַכט זיך, אָנגעגעגנט אַ פּאָר אויגן, אַ ליפּ האָט זיך עפּעס אַ באַוועג געטאָן און שוין... די אויגן האָבן זיך ווידער צוגעשלאָסן און מען האָט ווייטער געשוויגן...

מיט דער אָנגעהאנגענער אַמוניציע אף זיך, זענען מיר געזעסן אפן גראָז און געוואַרט אַן אויפהער. אונדזערע אינסטרומענטן האָבן זיך דערווייל געוואַלגערט אף די פאַרבונדענע פּאַלאַטקעס, וואָס מען האָט געדאַרפט קומען צונעמען פון שטאַב. מיר זענען געזעסן אין אומגעדולד, געוואַרט אף ווייטערדיקע באַפעלן און געשוויגן.

סטעפּאַקין איז נאָך אַלץ אַרומגעלאָפן. אָט האָט ער זיך באַוויזן פאַר אַ ווייל און אָט איז ער ווידער ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן. מיט־אַמאָל איז ער האַסטיק אַריינגעלאָפן צו אונדז אין גאָרטן און — נאָך פון ווייטן, באַם פאָרטקעלע — אָן אָטעם אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— קאָמאַנדע, אויפשטיין!... אין פולער אָרדנונג!...

מיר האָבן אַ כאַפּ געטאָן די אינסטרומענטן און זיך אַוועקגע־שטעלט אין אַ גלייכער איינצל־ריי. סאַוואָראָף האָט זיך אויך ווי אונטערגערוקט פון ערגעץ און זיך אויך אַוועקגעשטעלט לעבן אונדז. באַלד האָט זיך איבער דער שוועל פונעם פאָרטקעלע באַוויזן אַ גלאַנ־ציקער שטיוול און — גלייך נאָך אים — דער פעטער קערפּער פונעם דיוויזיע־קאָמאַנדיר. סטעפּאַקין, וועלכער איז שוין געשטאַנען לעבן אונדז, האָט דאַן אַ געשריי געטאָן:

— קאָמאַנדע, — אַכטונג!...

דער גענעראַל האָט צוגעשפּאַצירט צו אונדז מיט זיינע געמאָסטענע טריט און, צוקומענדיק נעענטער, צוגעוואָרפן אַ באַגריסונג:

— געגריסט, — רומפּולע מוזיקאַנטן!...

מיר האָבן, ווי געהעריק, אָפּגעענטפערט.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן אונדז און אונדז באַדאַנקט פאַר אונדזער געטרייער דינסט און גוטן שפּילן. דערנאָך האָט ער זיך געזעגנט מיט סאַוואָראָפן און אונדז צוגעוואונטשן אַ גליקלעכן וועג. באַלד האָט סטעפּאַקין אונדז איבערגעשטעלט אין בריי‍טע רייען, צום מאַרשירן, און מיר — אויפשפּילנדיק אַ הילכיקן מאַרש — האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין.

די זון האָט געהאַלטן באַם זעצן זיך. די בערג־שפּיצן האָבן געגלאַנצט ווי צעגאָסענער קופּער און אָפּטמאָל אַ בלין געטאָן מיט אַ שאַרפן, בלענדנדיקן גאָלד־שפּיז. מיר האָבן מאַרשירט מיט לייכטע טריט און שווערע געמיטער. די טריט האָבן צעשטויבט דאָס טרוקענע זאַמד, וואָס האָט זיך צעלייגט ביי אונדז אף די צונגען און גומענס. סאַוואָראָף האָט זיך נאָכגעשלעפּט פון הינטן. יעדע ווייל האָט ער זיך פאַרטשעפּעט מיט זיינע פיס אין די שטיינדלעך, זיך געהאַלטן אין איין אויסגליטשן און געשריגן צו אונדז:

— לויפט ניט אַזוי, איר פאַרדאַמטע טייוואָלים!...פאַרפאַמעלעכט אייערע טריט!...וואוהין יאָגט עס אייך היינט, צו אַלדע טייוול?!...

ער האָט אונדז בעקיוון געהייסן שפּילן אין מאַרש נאָכן צווייטן, קעדיי אונדז, אַפּאָניב, אויסצעמוטשען. דאָס שפּילן, אָבער, האָט זיך געצויגן ביי אונדז נאָר ווי פון פעך...

געגאַנגען זענען מיר דאָסמאָל שוין דורך אַ פּיל־קורצערן וועג: אַף בעזמין, און ניט אַף אַסכאַבאַד, ווי אפן וועג אַהערצו. שפּעט אין אָוונט, אַזוי גיך ווי מיר זענען נאָר אָנגעקומען אַף דער אייזנבאַן־סטאַנציע, האָט מען אונדז גלייך באַפוילן זיך איינצוזעצן אין די פראַכט־וואַגאָנען, וועלכע זענען שוין געשטאַנען צוגעגרייטע, מיט אָפענע, פאַנאַנדערגערוקטע טירן, און פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ פאַרדומפּענער רייעך, ווי פון געשונדענע פערד. מיר האָבן זיך איינגעזעצט, געוואַרט אַ שטיק צייט אין אומגעדולד און זיך קוים דערוואַרט, אַז דער צוג זאָל רירן. ענדלעך האָבן מיר אָנגעהויבן פאָרן און, קימאַט אָן אַן אָפּשטעל זיך געטראָגן אין דער ריכטונג פון אונדזער גאַרניזאָן, קיין מערוו...

אין וואַגאָן איז אַף אַלעמען אָנגעפאַלן אַ שווערע בענגשאַפט. מיר זענען אַלע געזעסן צעווייטיקטע און פאַרטרויערטע. קיינער האָט ניט גערעדט פאַר אַ שטיק צייט. די שרעק, אַז מען פאָרט אַף מילכאָמע, האָט אַרויסגעוויינט פון אַלעמענס בליקן... קיינער פון אונדז האָט אַפילע ניט געוואוסט ווער און מיט וועמען עס פירט מילכאָמע און — איבערהויפּט — צי וועט מען אונדז אַוועקשיקן צום פראָנט. אַ טייל יאַטן האָבן געהאַלטן, אַז ניין. עמעצער האָט אַפילע אויסגעטייטשט, אַז ווייל אונדזער קאָרפּוס איז שוין אַמאָל גענומען געוואָרן אין דער יאַפּאַנישער מילכאָמע מיט עטלעכע יאָר צוריק, דעריבער...

די דאָזיקע פאַרשידענע מיינונגען האָבן אַרויסגערופן הייס בלוט. אָן שום סיבעס האָט זיך איינער געטשעפּעט צום צווייטן, זיך גענומען קריגן און אָפּט זיך אַפילע שיער ניט צעשלאָגן צווישן זיך. עס האָט אויסגעזען, אַז דער ווייטיקדיקער פאַרדראָס, וואָס האָט געדריקט ביי יעדן איינעם אפן האַרצן, האָט געזוכט אַן אויסגאַנג. אַ גליק בלויז, וואָס די מידקייט האָט אונדז אינגיכן באַוועלטיקט און מען איז אַזוי איינער נאָכן אַנדערן, ביסלעכווייז, אונטערן מאָנאָטאָנעם איינוויגן פון די וואַגאָנען, פעסט איינגעשלאָפן...



# קאַפּיטל צוויי

**ווי אַ שטאָט** קאָן זיך עס אַזוי פולשטענדיק איבערענדערן אין אַזאַ קורצער צייט!...געוויינטלעך קוקט יעדעס פּלאַץ אויס פרעמדלעך און אַנדערשדיק פאַרן אויג, נאָכדעם ווי מען איז דאָרט ניט געווען פאַר אַ שטיקל צייט. מערוו, אָבער, איז גאָרניט געווען צום דערקענען. פרעמד זענען געווען די טרוקענע געסלעך מיט די ליימיקע הייזלעך, פרעמד — די שפּיציק־שאַרפע שטיינער אפן ברוק, פרעמד — די גרוי־ברוינע, צעפּלאַצטע טראָטואַר־פּלאַטן און די שמוציק־ברוינע ציגל אין די טיפע, אויסגעטרוקנטע קאַנאַוועס. אַלץ איז געווען עפּעס אַזוי פרעמד און אַזוי ווי אָנגעברויגעזט.

דער צענטער פון שטאָט, די הויפּט־גאַס, וואו מיר זענען איצט דורכגעגאַנגען, און וואו עס פלעגט שטענדיק אָנגיין אַ לעבעדיקער טומל פון וועגענער און דראָשקעס, — איז דאָסמאָל געווען שטיל און אָפּגעשטאָרבן. דאָס שטענדיקע מעכאַניש־פּאַרגליווערטע שמייכלען פון די סאָכרים, וואָס זענען — ווי אַלעמאָל אין די הייסע מיטיק־שאָען — געשטאַנען לעבן זייערע צוגעשלאָסענע קראָמען, — איז געווען ווי פאַרשוואונדן. אַ מאָדנע טרוקענע שווייגעניש האָט, ווי מיט שלייערס, איינגעהילט זייערע פּענימער. די מענטשן אין גאַס האָבן אויסגעזען בייז און אַפילע ניט געוואָלט ענטפערן אף קיין פראַגעס.

קיין צייטונגען האָט מען אין ערגעץ ניט געקאָנט קריגן. אַפילע דער צייטונג־קיאָסק, וואָס אפן וואָקזאַל, וואו עס פלעגט שטענדיק אָנגיין אַ לעבהאַפטער געזשום, איז אויך געווען פאַרהאַקט. עס איז געווען אַזוי מאָדנע שווער, אַזוי בענגלעך, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן איצט געהאַלטן באַם אָפּפאָרן...

מיר זענען געגאַנגען איבער דער גאַס מיט פּאָמפּ. סאוואָראָף האָט אויסגעזען אויפגעלייגט. ער האָט מיסטאָמע געהאָפט, אַז דורך דער מילכאָמע וועט ער זיך מיסטאָמע דערדינען צו אַ מיליטערישן

ראַנג. ער האָט זיך שוין אַפילע געהאַלטן ווי אַן עמעסער אָפיציר און געגעבן זיינע באַפעלן שאַרף קורץ און טרוקן. ער האָט זיך ניט גערעכנט מיטן געזעץ און אונדז באַפוילן צו שפּילן איין מאַרש נאָכן אַנדערן, איבערכאַזערן זיי צו עטלעכע מאָל און דערביי שפּילן שטאַרקער ווי טאָמיד. אַליין האָט ער געשפּאַנט מיט ברייטע טריט, געהאַקטער געפּאָכעט מיט זיין דאַרער, ביינערדיקער האַנט און דערביי מיט אָנשטעל אַרויסגעשטעלט זיין איינגעפאַלענע ברוסט אין פאָרויס, מיר האָבן געריסן די אינסטרומענטן. דאָס געשפּילעריי האָט זיך צעקייקלט איבער די טרוקענע, זייטיקע געסלעך, און איז זיך דאָרט צעפאַלן אין טויזנטער ווילדע ווידערקאָלן. די מעשענע טאַצן און דער גרויסער פּויק האָבן געקלונגען און געקנאַקט מיט געפּילדער. די קלאַרנעטן האָבן געפּישטשעט ווי די ווילדע קעץ, און די באַסן האָבן געברומט ווי גרויסע, צערייצטע וואַלד-כאַיעס. די זאַמדיק-אָנגעגליטע לופט איבעם שטעטל האָט זיך געשפּאָלטן פונעם טומל. מיט גערויש זענען מיר אָנגעקומען צו אונדזערע קאַזאַרמעס.

דער קאַזאַרמע-הויף האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געוואָרן קלע-נער און איינגעשרומפּן. די ברוינע, קאַלטע קאַזאַרמע-מויערן, האָט זיך אויסגעדאַכט, זענען געשטאַנען שלעפעריקע און פאַרכאַלעשטע. באַ די ווענט, אינדרויסן, אויף דער ערד, זענען געווען אויסגעשפּרייט פלאַכטעס שטרוי, אויף וועלכע עס זענען געזעסן אומבאַקאַנטע סאָל-דאַטן און גערייניקט זייערע ביקסן. גרופּעס עלטערע מענער, אין גרויסע, נאָכהענגנדיקע מונדירן, האָבן מאַרשירט לויט דער קאָמאַנדע פון עפּעס אַן אונטער-אָפיציר, און דערביי שווער צוגעקלאַפּט מיט זייערע באַשטיוולטע פיס. אַנדערע זענען גאָר געשטאַנען אין רייען, זיך געלערנט סאַלוטירן און אָפּענטפערן אויף פאַרשידענע אָפיצירישע באַגריסונגען. אַנדערע — נאָך אין ציווילע קליידער — זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן די רויטע ציגל-ווענט פון די קאַזאַרמעס, פלעג-מאַטיש גערויכערט מאַכאָרקע-ציגייערלעך און געקוקט אויף אונדז מיט בייז וואונדער, ווי זיי וואָלטן קיינמאָל קיין מוזיקאַנטן ניט געזען.

אונדזער אייגענע קוואַרטיר איז געווען פאַרנומען. אויף אונדזערע קויקעס זענען זיך באַלעבאַטיש געלעגן צעלייגט פרעמדע באַבערדלטע אַרמענער און געשמאַק געכראָפּעט. פון אונדזער אַריינקומען האָבן עטלעכע פון זיי זיך אַפילע אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געקוקט אויף אונדז אַזוי, פּונקט ווי מיר וואָלטן עס גאָר געווען די פרעמדע, וואָס זענען געקומען זיי צו פאַרטרייבן פון זייערע איינגעזעסענע ערטער. אויף דעם אויסגעשמוציקטן ציגל-דיל, אין דעם גרויסן קלאַס-צימער,

זענען געזעסן עטלעכע גרופּקעס מענטשן און געשפּילט אין קאָרטן. דאָס קליין-געלט האָט הילכיק אָפּגעקלונגען אַפן געפלאַסטערטן דיל און דאָס זידלעריי האָט כוצפּעדיק אָפּגעהילכט אַף די געקאַלעכטע ווענט. מיר האָבן ניט געהאַט וואו זיך אַהינצוטאָן.

מיר זענען צוריק אַרויס אינדרויסן. סטעפּאַקין האָט אַרונטער-געוואָרפן פון זיך זיין זאַק און איז אַוועק טעלעפאָנירן אין שטאַב, קעדיי אָנצופרעגן באַם אַדיוטאַנט וואָס צו טאָן מיט אונדז און מיט די רעזערוויסטן, וועלכע האָבן פאַרנומען אונדזערע ערטער. דערווייל זענען מיר געזעסן אַפן הויף, לעבן דער טיר פון אונדזער קאַזאַרמע, האָבן געפּלוידערט צווישן זיך, דורכגעוואָרפן זיך מיט ווערטלעך און וויצן און גערויכערט, און גערויכערט...

מיינע כאַווײרים, האָב איך באַמערקט, האָבן עפּעס מיטאַמאָל מיך גאָר אָנגעהויבן אויסצומיידן. קיין איינער פון זיי האָט ניט געוואָלט פאַרפירן קיין רייד מיט מיר. איך האָב זיך געפילט זייער שלעכט דערפון און לעכאַטכילע אַפילע גאָרניט באַגריפן פאַרוואָס דאָס איז אַזוינס. מיטאַמאָל האָב איך דערשנאַפּט, אַז מען סוידעט זיך וועגן מיר. געהערט האָב איך, אַז איבער דער מילכאָמע וועלן אַוואַדע אַלע ניט-שטאַטנע צוריקגערופן ווערן אין זייערע ראָטעס אַריין, וואו מען וועט זיי, אָן צווייפל, אַרויסגעבן ביקסן און...

איך האָב פאַרשטאַנען. איך — כאָטש איך בין שוין געווען אין דער קאָמאַנדע אַ שטיק צייט — בין איך אָבער צוליב עפּעס אַ מאָדנער סיבע נאָך אַלץ ניט געוואָרן קיין שטאַטנער. מען האָט מיך, דעריבער, יעדע מינוט געקאָנט צוריקרופן אין ראָטע, וואו איך בין נאָך אַלץ געווען פאַרשריבן. איך בין געוואָרן אומרואיק. באַגריפט האָב איך, אַז אויב דאָס וועט טאַקע געשען, וועל איך אַוואַדע גיין אַפן ערשטן פייער. איך בין דעריבער געבליבן זיצן מיט אַ פיינלעכער נאָגעניש אין האַרצן און געקוקט אַרום זיך מיט אויסגעגלעזטע אויגן, אויס מוירע, אַז אָט-אָט...

און אַזוי איז טאַקע געווען. מיטאַמאָל, גיכער נאָך ווי איך האָב זיך געקאָנט ריכטן אַפילע, איז עס געשען. ווען די קאָמאַנדע האָט שוין געהאַלטן באַם אַריינגיין צוריק אין קאַזאַרמע, איז אָנגעלאָפן אַ סאָלדאַט פון מיין אַמאָליקער ראָטע און מיר אַ זאָג געטאָן:

— הער נאָר, דו, קלעזמערוק, פאַרנעם זיך גלייך מיט דיינע זאַכן!... גיב אַוועק דיין פייפקע מיטן שפּייער און היידאַ, — צוריק אין ראָטע אַריין!...

איך האָב גאָרניט געענטפערט. שווייגנדיק האָב איך איבערגעגעבן

סטעפּאַקינעץ מיין אינסטרומענט מיטן רעוואָלווער און טעסאַק און... טערן האָבן זיך מיר מיטאַמאָל אַ שטעל געטאָן אין די אויגן. אין האַלדז האָט מיר גענומען שטיקן און איך האָב — אַ פּאַרציטערטער — גענומען מורמלען צו מיין עלטסטן:

— סטעפּאַקין, איך בעט דיך, זע רעד איבער מיט סואוואָראָפן.. לאָז מיך דאָרט לאַנג ניט פאַרבלייבן!...

ער האָט אַ פאַרקוועטש געטאָן די ליפּן, צוגעמאַכט די אויגן און מיט באַדויער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו מיר...

*****

**יעפרעמאָוו,** מיין געוועזענער אָפּטייל-יעפרעיטאָר, האָט מיך גלייך, באַ מיין אַריינקומען אין ראָטע דערזען. ער — אַ קליין-געוויקסיקער און דאַרינקער מאַרדווין מיט אַ קיילעכיק קעפּעלע און אַ פאַרריסן נעזל אפן פּיצינקע פּענימל — איז מיר גלייך אַנטקעגנגעלאָפן. ער האָט פאַרלייגט די הענט אף די באָקעס און זיך ברייט פאַנאַנדערגעלאַכט מיר גלייך אין די אויגן אַריין:

— „סאַ-אַ-אַקס?!”... — האָט ער געשיפּעט מיט זיינע בלוילעך-בלאַסע ליפּן. — ביסטו, הייסט עס, פאָרט צוריקגעקומען אין ראָטע אַריין, האַ?... עס איז דיר, זעט אויס, דאָך נימעס געוואָרן צו זיין אַ בעכינעמדיקער פרעסער און בלאָזן אף דער דודקע?...נו, אָט איצט וועסטו שוין עפּשער פאָרט ווערן אַ לייט...

ער האָט מיר אָנגעוויזן אף אַ בעטל דערביי, דערלאַנגט אין האַנט אַריין אַ ביקס און באַפוילן, אַז איך זאָל זיך שוין אָוועקזעצן און זי גוט אויסרייניקן:

— דו ווייסט דאָך, — האָט ער ביטער געשטשירעט אף מיר מיט זיינע דריבנינקע, שפּיציק-פוילנדיקע ציינדלעך, — באַ מיר מוז אַ ביקס בלאַנקען ווי גאָלד. אַנדערש, ווייסטו דאָך, וועל איך זיך מיט דיר אָפּרעכענען אף מיין שטייגער... געדענק, אַז דאָס איז דיר ניט די מוזיקאַנטסקע קאָמאַנדע דאָרט!...

אומגעריכט האָט ער מיר אַרונטערגעלאָזט אַ פּאַטש איבערן פּאָ-נים און זיך כוצפּעדיק פאַנאַנדערגעלאַכט:

— דאָס איז דיר דערווייל אַזוי זיך, אַ האַנט-געלט! — האָט ער זיך נאָך געדרייטש מיט מיר. — און אַז וועסט זיך פאַרדינען מער, וועסטו עס שטענדיק באַקומען. האָסט דאָך נאָך אַוואַדע ניט פאַרגעסן פון אַמאָל. ניט אַזוי עפּשער?...

איך בין געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, געקוקט אויף אים, און פון מיין מויל האָט זיך געריסן אַ פאַרלאַנג אים צו זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים אָנציגדן, דערצערענען. איך האָב זיך אָבער מיט גוואַלד באַהערשט און געשוויגן. איך האָב מוירע געהאַט, אַז טאָמער וועט סטעפּאַקין גאָרניט קאָנען אויפטאָן פאַר מיר און איך וועל פאָרט מוזן בלייבן אין ראָטע, וועל איך, מיט יעדן וואָרט וואָס איך וועל איצט יעפרעמאָוון אַנטקעגנרעדן, זיך נאָך ערגער מאַכן.

דערביי האָב איך זיך דערמאַנט, אַז מיט אים, מיט דעם דאָזיקן יעפרעמאָוון, האָב איך שוין אַמאָל געהאַט צוויי צוזאַמענשטויסן. דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען גלייך די ערשטע וואָך פון מיין אָנקומען אין מיליטער־דינסט. מיר, די יונגע רעקרוטן, זענען דאַן אַרויס אויף איבונגען אונטער יעפרעמאָווס אָנפירונג. ער האָט אונדז אַרויסגעפירט אויף אַן אָפענעם פלאַץ, ניט ווייט פונעם קאַזאַרמע־הויף און אונדז געהייסן זיך אַוועקלייגן אין אַ גראָבן, לענג־אויס פון אַ זאַמד־בערגל, קעדיי זיך מיקלוימערשט צוגרייטן צו אַן אַטאַקע קעגן עפּעס אַ פיקטיוון סוינע. ער אַליין, יעפרעמאָוו, איז געשטאַנען איבער אונדז און דערציילט, אַז דאָרט, אויף יענער זייט בערגל, געפינט זיך אַ פאַרביסענער ווילדער סוינע, וועלכער גרייט זיך קלוימערש אָט שוין אָנצופאַלן אויף אונדזער לאַנד און עס פאַרניכטן...

— געדענקט, אָבער, — האָט ער מיטאַמאָל שאַרף אַ זאָג געטאָן, — אַז איידער איר וועט זיך נעמען קעמפן קעגן יענעם דרויסנדיקן סוינע, וועט איר צום ערשטן דאַרפן פאַרניכטן דעם אינעווייניקסטן, דעם היימישן סוינע!...און דער אינעווייניקסטער סוינע, — האָט ער זיך ציניש צעשמייכלט, — דאָס זענען די פאַרשאָלטענע זשידעס און זאַבאַסטאָוושטשיקעס*)...

די דאָזיקע רייד, יעפרעמאָווס, האָבן מיך דעמלט מאַמעש אויפגעקאָכט. און ווייל איך האָב געוואוסט, אַז אַזוי ווי איך בין נאָך אַ פרישער רעקרוט קומט מיר נאָך ניט קיין שטראָף פאַר דיסציפּלין־ברוך האָב איך — כאָטש דאָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן צו טאָן — גלייך אַוועקגעלייגט מיין ביקס לעבן זיך, אויף דער ערד, זיך ראַפּטאַם אַ הייב אויף געטאָן פון מיין פלאַץ און, אָן אַ וואָרט אויסצורעדן, זיך אַ לאָז געטאָן מיט גיכע טריט צוריק צו דער קאַזאַרמע.

אַז יעפרעמאָוו איז צוריקגעקומען מיט דער אָפּטיילונג פון די איבונגען, האָט ער מיך גענומען זידלען און זיך אַפילע געוואָרפן אויף מיר מיט די פויסטן. שפּעטער, נאָך מיטיק, ווען דער ראָטע־קאָמאַנדיר,

*) אידן און סטרייקער.

— אַן אַלטער, עטוואָס-געבויגענער און גוטמוטיקער דייטש, — איז געקומען אף זיין טעגלעכן באַזוך אין ראָטע, האָט יעפרעמאָוו אים ראַפּאָרטירט וועגן מיין האַנדלונג. דער קאָמאַנדיר האָט מיך אַרויס-גערופן פון דער ריי און מיר גענומען אויסרעדן דערפאַר. איך האָב זיך אָבער ניט פאַרלוירן און אים געבעטן, ער זאָל מיר דערלויבן דערציילן וואָס עס איז בעעמעס פאָרגעקומען.

דער קאָמאַנדיר האָט מיך אויסגעהערט און איז געוואָרן שטאַרק אין קאַאַס אף יעפרעמאָוון, ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן זיינע רייד. ער האָט אים דערפאַר באַשטראָפט מיט אַכט טעג אין קאַרצער.

דערפאַר, אָבער, ווען יעפרעמאָוו איז אַרויסגעקומען פון אַרעסט, האָט ער זיך ערשט פאַרנומען אף מיר און מיר גענומען דערגיין די יאָרן. פאַר דער מינדסטער זאַך האָט ער מיך באַשטראָפט מיט אַרבעט אויסער דער ריי און מיך פּאָשעט ניט געלאָזט פריי אָפּאָטעמען.

דעם צווייטן צוזאַמענשטויס, ווידער, וואָס איז אַוואַדע געווען אַ רעזולטאַט פונעם ערשטן, האָב איך מיט אים געהאַט שוין אין די גאָר לעצטע פאַר טעג פון מיין זיין אין ראָטע, פאַר מיין איבערגיין אין קאָמאַנדע. דעמלט האָט ער, יעפרעמאָוו, — דערפאַר וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט אים צו פונדעווען מיט אַ פלאַש בראַנפן צו זיין גע-בורטסטאָג, — מיך באַשטראָפט און אַוועקגעשטעלט די שטיוול זיינע לעבן מיין געלעגער...

געפירט האָט זיך אין ראָטע, אַז דער וואָס האָט געפונען יעפרע-מאָווס שטיוול לעבן זיך, האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט אַז ער דאַרף זיי אויספּוצן. איך אַליין האָב דאָס שוין עטלעכע מאָל געהאַט אַלס שטראָף. דאָסמאָל, אָבער, — ווייל עס האָט זיך שוין צופיל מאָל איבערגעכאַזערט, — האָט עס מיך שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב זיך פּאָשעט געוואָלט אויסדרייען דערפון.

אינמיטן נאַכט, בעאייס אַלע אַרום מיר זענען שוין געשלאָפן, האָב איך די שטיוול איבערגעשטעלט צו אַ שאָכנס בעטל און אַליין, — גלייך ווי גאָרניט — זיך געמאַכט שלאָפנדיק. געזען האָב איך אָבער, ווי די שטיוול האָבן גענומען וואַנדערן פון איין בעטל צום צווייטן, דורכגעגאַנגען אַזוי איבער אַלע אַכצן בעטלעך פון דער אָפּטיילונג, ביז זיי זענען ווידער אָנגעקומען צו מיר. דערזען, אַז דאָס קינצל איז מיר ניט געלונגען, האָב איך — ווייל איך האָב שוין געוואוסט, אַז אָט-אָט גיי איך סיי-ווי איבער אין קאָמאַנדע — באַשלאָסן אָפּצוטאָן יעפרעמאָוון אַזאַ שפּיצל, אַז ער זאָל מיך האָבן צו געדענקען.

איך האָב זיך דעריבער אויפגעהויבן גאַנץ פרי און טאַקע יאָ

אויסגעפּוצט די שטיוול. אָבער דערנאָך, אַז זיי האָבן שוין גאַנץ גוט געגלאַנצט, האָב איך ערשט — אַז קיינער זאָל ניט זען — אַריינגעגעצט אין זיי און זיי אַוועקגעשטעלט לעבן יעפרעמאָווס בעטל.

שפּעטער אַביסל, ווען ער, יעפרעמאָוו, האָט אָנגעטאָן די שטיוול און דערפילט די נעץ אין זיי, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר מיט זיינע פויסטן. ער האָט מיך געזידלט און צוגעזאָגט זיך ערשט שפּעטער אָפּצורעכענען מיט מיר דערפאַר. צום גליק האָט מען מיך טאַקע יענעם אינדערפרי אַריבערגעפירט אין קאָמאַנדע אַריין און איך בין אַזויאַרום ניצל געוואָרן פון זיין ביטערער נעקאָמע.

זיך דערמאָנט אין אָט די צוויי אינצידענטן, — האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, אַז דער נאַר־וואָס געכאַפּטער פּאַטש איז דאָס מיסטאָמע געווען אויף יענעם כעזשבן טאַקע. עס האָט מיך אָבער ניט פאַרדראָסן. איך האָב בלויז מוירע געהאַט, אַז דאָס רעכטע און געדיכטע ווער ערשט שפּעטער קומען. געוואוסט האָב איך, אַז איצט, מילכאָמע־צייט, קאָן אַ וואָרט זיינס מיך קאָסטן מיין לעבן.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט רייניקן די ביקס מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. איך האָב ניט געוואָלט, אַז ער, דער ביטערער מאַרדווין, זאָל האָבן איבער וואָס זיך צו טשעפּען צו מיר. דערנאָך, אַז איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דער ביקס, האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אָפּרוען פון וועג, קעדיי כאָטש עטוואָס אויסגערוט צו זיין פאַר די מאָרגנדיקע שיס־איבונגען, וואָס די ראָטע האָט געדאַרפט דורכגיין.

שפּעטער צו האָב איך זיך פאַרנומען אויף אַרויסצוכאַפּן זיך פאַר אַ ווייל פון ראָטע און אַריבערלויפן אין קאָמאַנדע אַריין, קעדיי אַ פרעג צו טאָן באַ סטעפּאַקינען, צי ער האָט גערעדט מיט סאַוואָראָפן און צי עס איז פאַראַן אַן אויסזיכט, אַז איך זאָל נאָך צוריקגערופן ווערן אין קאָמאַנדע. אָבער נאָך איידער איך האָב אַפילע באַוויזן אַ טראָט צו טאָן צו דער טיר, איז יעפרעמאָוו צוגעלאָפן צו מיר און — ווי צום איינשלינגען מיך — גענומען שיפען:

— העי, דו, זשידיוגע, פאַרנעם זיך גלייך פון דאַנען, אַז דיין געביין זאָל דאָ ניט בלייבן אַפילע!...גיי דיר שוין צוריק אין דער לויזיקער קאָמאַנדע אַריין!... מיר דאָ, אין ראָטע, דאַרפן ניט האָבן אַזעלכע ווי דו!...גיי זיך פונדאַנען!...עס ווער שוין פון דיר, זעט אויס, קיינמאָל קיין לייט ניט זיין!...

איך האָב, פאַרשטייט זיך, אַ כאַפּ געטאָן מיינע זאַכן און — מיט פרייד — זיך געלאָזט אין קאָמאַנדע אַריין...

*****

**איבער** דער צייט וואָס איך בין געווען אין ראַטע, זענען די פרעמדע רעזערוויסטן שוין געהאַט אַוועק. זיי האָבן אָבער איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ שפּאָר ביסל שמוץ. אַלץ אין הויז איז געווען אָפּגעלאָזן און שטויביק. אונדזערע יאַטן האָבן דעריבער געהאַט וואָס צו רייניקן און וואַשן. באַם אַריינקומען האָט סטעפּאַקין מיך אָנגעגעגנט מיט אַ בסורע, אַז איך בין שוין געוואָרן „שטאַטנע" און אַז מען וועט מיך שוין מער ניט קאָנען צוריקרופן אין ראַטע. ער האָט מיר אַפילו באַוויזן אַ קאָפּיע פונעם שטאַב-באַפעל וועגן אָט דעם איניען, און איך האָב זיך באַרואיקט.

אין אָוונט זענען מיר אַוועק שפּילן אין שטאָטישן אָפיצירן-קלוב. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ מין זיי-געזונד-באַל פאַר די אָפּפאָרנדיקע אָפיצירן פון אונדזער גאַרניזאָן. דער גרויסער זאַל פונעם קלוב איז געווען דעקאָרירט מיט אַ מאַסע טעפּיכער און מיט מאַסן נאַציאָנאַלע פענער, און באַפּוצט מיט פיל פאַרשידענע קונציקע, פיל-קאָלירנדיקע, יאַפּאַנעזישע לאָמפּן. פון דער וואַנט, אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג, האָט דער צאַר — אין זיין גאַנצער גרויס — אַרונטערגעקוקט פון אַ רייך-געמאָלטן פּאָרטרעט, וואָס האָט געפינקלט אונטער מאַסן קאָלירטע ליכט פון אַ געקינצלטן דריי-קאָלירנדיקן לאָמפּ. אומעטום האָבן געווייעט פענער און סטענגעס. די אָפיצירן האָבן געהוליעט. די אויגן באַ זיי האָבן געגלאַנצט מיט ליידנשאַפטלעך-שיקערער צעלאָזנקייט און מיט אַ מין כוצפּע. מיט גרויס טומל האָבן זיי אויסגעשאָסן די קאָרקעס פון די באַזילבערטע העלדזלעך פון די שאַמפּאַניער-פלאַשן און, גאַדלעסדיק, מיט אימפּעט, אויסגעליידיקט די שיפּענדיקע פליסיקייט אין ברייטע, שימערירנדיקע קרישטאָל-גלעזער אַריין. זיי האָבן געטרונקען אייב-ציקווייז, פּאָרלעכוויז און גרופּנווייז. אָפט האָבן זיי זיך גאָר איינער מיטן צווייטן געכאַפּט האַלדזן און זיך מעגושעמדיק צעקושט גלייך אין די פּיסקעס אַריין...

מיר האָבן קעסיידער געשפּילט וואַלצן, מאַזורקעס, טשאַרדאַשן און אַנדערע סאַלאָן-טענץ. די אָפיצירן האָבן געטאַנצט מיט די דאַמעס און נאָך יעדן טאַנץ אונדז באַשאָטן מיט געלט, אַקוראַט ווי איצט וואָלט עס געווען זייער גליקלעכסטער, אָדער — פאַרקערט — דער לעצטער טאָג פון זייער לעבן. די דאַמעס — אויך ווייט פון צו זיין ניכטער, — האָבן אונדז באַוואָרפן מיט קאָנפעטי, קאָנפעקטן און... מיט קאָמפּלימענטן. יעדע ווייל האָבן זיי אונדז מעכאַבעד געווען מיט ביר.

איינע, נאָך גאָר אַ יונגע, אָבער היפּשלעך-אָנגעשיקערטע דאַמע, האָט זיך קעסיידער געריסן צום באַלקאָן, וואו מיר זענען געזעסן, און פונוויַיטן צוגעוואָרפן צו אונדז לופט-קושן...

גרישוניבען האָט זיך דאַווקע געוואָלט איר אָפּענטפערן מיט אַ לופט-קוש. ער האָט זיך אָבער אָנגעטראָפן מיט סטעפּאַקינס שטרענגן בליק און ער איז דעריבער געבליבן שטיין אַ פאַרשעמטער, מיט דער האַנט באַ די גראָבע ליפּן, פּונקט ווי ער וואָלט גאָרניט געמיינט.

סטעפּאַקין האָט יעדע ווייל אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג צו אונדז און צוגעשמייכלט:

— כעוורע, — האָט ער אָנגעזאָגט, — איך האָב שוין פינף און אַכציק קערבלעך!...

— יאַטן, מיר האָבן שוין הונדערט מיט זיבן און פופציק!...

— און אָט איז שוין פאַראַן באַ מיר אַריבער צוויי הונדערט מיט דריי און צוואַנציק!...

סאַוואָראָף איז אַרומגעגאַנגען ווי ניט אין זיין הויט. אָט איז ער אַרונטערגעגאַנגען פונעם באַלקאָן, צו די אָפיצירן, געכאַפּט אַ טרונק בראַנפן, אָדער שאַמפּאַניער, און אָט איז ער ווידער צוריק אַרויפגעקומען צו אונדז און זיך מיטאַמאָל גענומען צום דיריגירן. ער האָט אויסגעקוקט בייז און אויפגערעגט. עס איז געווען קלאָר, אַז ער האָט געפילט ווי די אָפיצירן קוקן אויף אים פון אויבן אויף אַרונטער און האַלטן אים ניט פאַר זייערס גלייכן. ער האָט דעריבער אויסגעלאָזט זיין גאַנצן קאַאַס צו אונדז און זיך אַלץ געטשעפּעט איבער יעדער קלייניקייט. ער האָט געזידלט, געשריגן און געדראָעט, אַז ער וועט אָפּשיקן אין ראָטע אַריין; אַז ער וועט אָפּגעבן „פּאָד-סוד" און...צום מערסטן האָט ער זיך געטשעפּעט צו דוקלען:

— „פאַרשיווער זשיד!" — האָט ער געשריגן אויף אים, — וועסט שפּילן ווי עס דאַרף צו זיין, אָדער...

טשעריאַק האָט פאַרקנייטשט אַן אויגל, ווי איינער זאָגט: „מען דאַרף זיך ווידער אַ נעם טאָן צו די פּירוזאַער קונצן". און טאַקע ניט לאַנג וואַרטנדיק, האָט דאַווידאָוו — אינמיטן שפּילן — געטאָן אַ הילכיקן פייף אין דער פלייט אַריין און דערביי געמאַכט אַזאַ אומ-שולדיק-טאַמעוואַטע פּאָנים, פּונקט ווי ער וואָלט בלויז אויסגעבלאָזן דעם אינסטרומענט פונעם אָנגעקלייבענעם וואַסער...

אָפּגעשפּילט. מידע האָבן מיר זיך אַהיימגעשלעפּט אונטער אַן אויפגייענדיק-פיאָלעטעווער און נאָך פאַרשלאָפענער זון. מיר האָבן אָפּגעטרונקען טיי און זיך גלייך געוואָרפן אויף די געלעגערס. אָבער

נאָך איידער מיר האָבן זיך אַפילו באַוויזן רעכט איינצודעקן,— האָט דער דעזשורנע אונדז מיטאַמאָל געגומען וועקן.

מיר זענען געווען בייז און אָנגעכמורעט. דוקעל, דער „קרום־פיסיקער״, דער איינציקער פון קאָמאַנדע, וואָס האָט שוין באַוויזן אַנטשלאָפן צו ווערן, האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענער. ער האָט אַ צעטומלטער זיך אַרומגעקוקט און טאַמעוואַטע געפרעגט:

— וואָס איז געשען?.. מען פאָרט שוין אַרויס צום פראָנט?..

גרישונקין, וועלכער איז דעמלט, אַלס אַ באַשטראָפונג, געשטאַנען דעזשורנע, האָט זיך אַרומגעדרייט מיט זיינע שווערע בערישע פיס אפן ציגל־דיל, ווי אינמיטן געקלאַפּט מיט די גרויסע שטיוול און דערביי אומגעדולדיק אַ וואָרף געטאָן:

— אָ, רעד ווייניקער, „קאָסאָלאַפּי״ *). ריר זיך בעסער אונטער אַביסל!... מען דאַרף גיין אָפּנעמען פערד!...

פאַרשלאָפענע און מידע, קוים איינשטייענדיק אף די פיס, האָבן מיר איבערגענומען פונעם דעזשורנע דעם באַפעל וואו מיר דאַרפן גיין. אינדערגיך האָבן מיר אַרויפגעכאַפּט אף זיך דאָס אָנטועכץ און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַנדערן עק שטאָט, צום טיקינישן מאַרק.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער און אָנגעגליטער. די זון האָט אומראַכמאָנעסדיק געבאַקן און געבראָטן. פייער איז מאַמעש געהאַנגען אין דער לופט און געבריט דעם אָטעם. דער טרוקענער שטויב — צוזאַמען מיטן אַרויסגעשלאָגענעם ווייסן קאַלך־זאַלץ אף דער ערד־אויבערפלאַך — האָבן פאָשעט געפרעסן די לונגען ביי אונדז.

די אָפיצירן, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען אף דער גאַס, האָבן זיך דאָסמאָל געהאַלטן עפּעס אַזוי מאָדנע פריינטלעך צו אונדז. אָפּט, נאָך זייענדיק פונווייטן, האָבן זיי צוגעוואָרפן אַ צייכן צו אונדז, אַז מיר זאָלן פאַרבייגייען פריי און ניט סאַלוטירן. מען האָט געקאָנט באַמערקן אף זיי, אַז דערמיט האָבן זיי זיך געפּלייסט צו פאַרדעקן די פאַרלוירנקייט, וואָס איז געלעגן באַ זיי אף די הערצער...

*****

**דער גרויסער** טיקינישער מאַרק איז געווען געפּאַקט. טויזנטער קליין־געוויקסיקע, ספריטנע פערדלעך, האָבן פריילעך געהירזשעט און אַרומגעשפּרונגען. די גריוועס באַ זיי — אויפגעשטעלטע און צעפלאָשעטע — האָבן זיך געצאַפּלט אין ווינט.

*) קרום־פיסיקער.

ווּעסטערינאַרן זענען אַרומגעגאַנגען, האָבן צעעפנט די צעשוימטע פּיסקעס בײַ די פערד, אַרײַנגעקוקט אין די פאַרגעלטע ציינער און באַטאַפּט די ציטערדיקע פעלן. צוויי סאָלדאַטן האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַן עמערל פּייער און אויסגעברענט אויף די פערדישע פעלן צעגליטע שטעמפּלען. די פערד האָבן זיך דערפון צעווילדעוועט, זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס, זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן און בעאײַן אויפן זיך ניט געלאָזט פירן פון אונדז. די טיקינישע באַלע־באַטים זייערע זענען צוגעגאַנגען, האָבן גענומען גלעטן די כוואַליע־דיקע פעלן בײַ די פערד, גערעדט צו זיי אין דער אומפאַרשטענדלעך־זינגעוודיקער שפּראַך און זיי קוים אײַנגערואיקט. מיר האָבן דאַן צוגעפירט די פערד צום מאָביליזאַציע־טיש, וואו אַן אָפיציר האָט פאַרשריבן זייערע סימאָנים אין אַ גרויסן בוך אַרײַן. אַ צווייטער אָפיציר האָט דאַן פון אַ קליין בלעכן קעסטעלע אַרויסגעציילט צו עטלעכע פּאַפּירלעך און איבערגעגעבן צו אײנעם פון די טרויעריקע טיקינער. יענע האָבן געגראַגערט און גערעדט מיט עפּעס אַ מאָדנע קוויטשיקן געזאַנג און פאַררוקט די פּאַפּירלעך צו זיך אין די פאַלדן פון זייערע געשטרייפטע, שאַרף־קאָלירטע כאַלאַטן.

מיר האָבן זיך געוואָלט זעצן רײַטנדיק, אָבער דאָס איז געווען אַ גאַנץ שווערער אײַסעק. די פערד האָבן זיך געוואָרפן, געשפּרונגען און אונדז אַרונטערגעשמיסן פון זיך. דאָך האָבן מיר ביסלעכווײַז פאָרט באַוויזן זיי צו באַהערשן און גענומען אָפּרײַטן. פאַר פיל פון אונדז איז דאָס רײַטן געווען אַן עמעסע אָפּקומעניש. איך, לעמאָשל, וואָס האָב ביכלאַל ניט געקאָנט רײַטן, אַפילע ניט אויף קיין געזאָטלטן פערד, האָב שטאַרק געליטן פונעם רײַטן אינגאַנצן אָן אַ זאָטל, אויף דעם שאַרף־בײַנערדיקן פערד־רוקן. איך האָב זיך דעריבער געדרוקט אַרויף און אַראָפּ און פאַרביסן מײַנע ליפּן פון ווייטיק.

מיר זענען אַוועקגעריטן צום „מורגאַב”. די פערד האָבן זיך זשעדנע אַ וואָרף געטאָן אין טײַך, צו שטילן דעם דורשט, און האָבן מיטגעשלעפּט עטלעכע רײַטער מיט זיך. דוקעל האָט ניט באַוויזן אַרונטערצושפּרינגען אין צײַט און איז אײַנגענעצט געוואָרן איבערן האַלדז. אַ פאַרשעמטער האָט ער זיך גענומען אויסטאָן און אַוועקגע־לייגט די אײַנגענעצטע קליידער צום טריקענען אויף דעם ברעג טײַך, קעגן דער גליענדיקער זון.

מיר האָבן זיך צעלייגט אויפן ברעג זיך אָפּצורוען אַביסל און געוואַרט ביז די פערד וועלן זיך אָנטרינקען. מיטאַמאָל האָט עפּעס אָנגעהויבן מאָדנע טונקל ווערן. די זון האָט גענומען שפּרייטן פון

זיך עפּעס אַזעלכע מאָדנע שווערע און מאַט-געלע שאָטנס, וואָס האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער ערד. ביסלעכווייז איז איינגאַנצן פינצטער געוואָרן. כעוורע האָבן זיך איבערגעקוקט מיט שרעק. פיל האָבן ניט באַגריפּט וואָס עס איז געשען און האָבן זיך גענומען פרום ציילעמען. דאַווידאָוו האָט געקוקט אף זיי מיט באַדויער און דערביי אונטערגעשמייכלט:

— וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן, באַבעס וואָס איר זייט! דאָס איז דאָך אַ ליקע-כאַמע. אַ פּאָשעטע ליקע-כאַמע!...

זיין באַרואיקן האָט ווינציק געהאָלפן. כעוורע האָבן זיך אַלץ געצאַפּלט פון שרעק. און מער פון אַלעמען האָט געאויקעט און זיך געציילעמט דער צאַרטינקער, ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו. ער האָט זיך געבויגן אין דרייען און געבלעקעצט ווי אַ גאַלעך:

— עס איז אַ שטראָף פון גאָט, זאָג איך אייך! ס'איז אַ צייכן אף מילכאָמעס און אף בלוט-פאַרגיסונג... מיין פאָטער, אָסיפּ גאַווריילאָוויטש, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער האָבן, האָט געזאָגט, אַז ווען די זון פאַרשטעלט זיך, מיינט עס בלוט און מילכאָמעס...

דער קליין-געוויקסיקער, געשטופּלטער פּאָליאַק, סאָטסקי, וועגן וועמען מען האָט געשמועסט ביי אונדז, אַז ער איז אַ מאַמזערל — אויסגעכאָוועט ערגעץ אין אַ קאַזאַרמע — האָט אַ הויב געטאָן דאָס שפּיציקע פּאַסאָלקע-נעזל און טאַמעוואַטע געפרעגט:

— און פון וואַנען, כ'בעט דיך, ווייסט עס די זון צו זאָגן, אַז עס וועלן זיין מילכאָמעס?...

דאַווידאָוו האָט אַ קוק געטאָן אףביידן און געלאַכט:

— נו, און אָן דער זונס בעוויעס ווייסן מיר דען ניט, אַז עס איז אַ מילכאָמע?!...

טשעריאַק האָט גענומען פילאָזאָפירן:

— און איך זאָג אייך, אַז דאָס איז גאָר אַזאַ דייטשישע קונץ! איר וועט זען: עס וועט אַזוי אָנהאַלטן גאַנצע דריי טעג און דריי נעכט!... אָ, די דייטשן קאָנען מאַכן אַלערליי קונצן!...

טערמאַקאָוו, אַ געפּאַקט פּויערל, — וואָס כאָטש ער איז געווען באַ אונדז אין קאָמאַנדע שוין העכער אַ יאָר צייט, האָט פונדעסטוועגן נאָך אַלץ געטראָגן פון אים דער ספּעציפיש-פּויערישער רייעך: אַזאַ געמיש פון פריש-געקאָסעטן היי און נאָר-וואָס געמאָלקענער מילך, — האָט זיך אַרומגעקוקט מיט בלאָנדזשענדיק-פאַרבענגטע אויגן:

— אַזוי? — האָט ער נאַאיוו אַ פרעג געטאָן, — דריי טעג וועט עס אַזוי פינצטער זיין?... הייסט עס דאָך, אַז מיר זענען זינדיק!

אַזוי האָט דאָך דער אידישער גאָט מוישע אַמאָל געהאַט געטאָן מיט די זיבדיקע אידן אין מיצראַאים...

„וויעטער״, — אַ בלאַסער, אויסגעדאַרטער יאַט, וואָס האָט דעם דאָזיקן נאָמען באַקומען ביי אונדז דערפאַר, ווייל טאָמיד, באַ יעדער געלעגנהייט, האָט ער געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן די שטורעם־ווינטן, וואָס האָבן — בעאייכ ער איז געווען אַ פישער אין אַסטראַכאַן — אָנגעיאָגט ביז ווען מען האָט געדאַרפט און געטראָגן די שיף אף גאָטס באַראָט. דער דאָזיקער יאַט האָט, מאַיסע מייוון, אַ קוק געטאָן אַרויף, צום הימל, און מיט אַ קרעכץ אויסגעצויגן:

— עך, כעוורע, ווען עס זאָל איצט אַזוי אָנקומען אַן עמעסער ווינט, אַזאַ ווי עס פלעגט טרעפן מיט אונדז אפן יאַם, וואָלט שוין קיין שום דייטשישע קונץ זיי ניט געהאָלפן. די פינצטערניש פון דער זון וואָלט גלייך אַוועק און...אויס מילכאָמע...

אַלע האָבן געלאַכט. טערמאַקאָוו האָט אַ מורמל געטאָן:

— און אַ טראַכט צו טאָן, בּרידערלעך, אַז ערשט מיט אַ שטיקל צייט צוריק איז ווילהעלם, דער דייטשישער צאַר, גאָר געווען צו גאַסט ביי אונדזערן. און זיי זענען נאָך געווען גוטע פריינט...

כאָטסקי האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן:

— טאָ פאַרוואָס זשע האָבן זיי פאַרפירט די מילכאָמע?...

טשעריאַק האָט אים אַ דעק געטאָן מיט דער האַנט איבערן קאָפּ און מיט גרינגשעצונג אַ לאַך געטאָן:

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט, שויטע אייגער? זיי האָבן אַוואַדע אויסגעטרונקען צו האַלבע קענדלעך, זיך גוט אונטערגעשניאָשקעט, זיך מיסטאָמע צעווערטלט און...

„וויעטער״ האָט געטיינעט:

— און איך זאָג אייך, אַז עס איז שוין טאַקע גאָרניט אַזוי פיין פון ווילהעלמען!...אָט, נאָכדעם ווי אונדזער צאַר האָט עס אים אַזוי שיין אויפגענומען, זאָל ער גאָר דאַווקע קריכן זיך שלאָגן...

דאַווידאָוו האָט אים אָנגענומען באַם אַקסל:

— עך, דו נאַרעלע, זיי אַליין וועלן זיך ניט שלאָגן. דאָס וועלן זיי, זעסטו, שוין איבערלאָזן פאַר אונדז, סאָלדאַטן...

טערמאַקאָוו האָט ווידער געזיפצט:

— נו יאָ, אַזוי איז שוין אַלעמאָל: אַז פריצים צעווערטלען זיך, פּאַטשן זיי אויס דעם קאַאַס אף פויערשע היטנס... און איצט...

— און איצט, — האָט „וויעטער״, קראַצנדיק זיך אין פּאַטיליצע, אונטערגעכאַפּט, — איצט, אַז זיי האָבן פאַרקאָכט די קאַשע, וועלן מיר

זי דאַרפֿן אויסכליאָבעווען...איצט וועלן מיר זיך דאַרפֿן אַ נעם טאָן רייבן אַף אַלע זעגלען צו פֿאַרטיידיקן אונדזער אָרעם פֿאָטערלאַנד קעגן די פֿאַרשאָלטענע דייטשן...

דאַווידאָוו האָט זיך עטוואָס צוגעבויגן צו אים און שטיל, קוים וואָס מען האָט אים געקאָנט הערן, ביטער אַ מורמל געטאָן:

— אונדזער פֿאָטערלאַנד!... עך-עך-עך, ווען איר וואָלט אָבער געוואוסט וואָס אַ פֿאָטערלאַנד דאַרף זיין!...

— און אַז מיר וואָלטן שוין יאָ געוואוסט, איז וואָס? — האָט אַרטיאָמאָוו אַפּאַטיש אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — וואָלט אונדז דען לייכטער געווען די קעפּ צו פֿאַרלירן?... דערווייל וועט מען אונדז, אָרעמינקע פּויערימלעך, סיי ווי אויסקוילעבען און...

דאַווידאָוו האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אין זיינע אויגן אַריין און פֿעסט צוגעגעבן:

— נו, מאָל זיך, ברודער לעבן, אַז דאַן וואָלט מען שוין אונדז אַזוי לייכט ניט געקאָנט אויסקוילען! מיר וואָלטן זיך דעמלט פֿאַשעט ניט געלאָזט און פֿאַרטיק...

סטעפּאַקין, דער עלטסטער, — אַז ער האָט דערהערט ווי עס האַלט — איז מיטאַמאָל אומרואיק געוואָרן. ער האָט צוגעוואָרפֿן אַ זייטיק-בייזן בליק צו דאַווידאָוון און אַ ברום געטאָן:

— נו-נו, עס וועט שוין גענוג זיין פֿאַר היינט!... אָט ווערט שוין צוריק ליכטיק און...

ער האָט זיך אַ שטעל אויף געטאָן פֿון דער ערד, אָנגעכאַפּט זיין פֿערד באַם ציימל און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— אַף די פֿערד, כעוורע, מאַ-אַ-אַרש!...

מיר האָבן זיך אַרויפֿגעכאַפּט אַף די פֿערד. דוקעל האָט אינדער-גיך ווי ניט איז אַרויפֿגעשלעפּט די נאָך גאַנץ-נאַסע הויזן און אַזוי, האַלב-אָנגעטאָן, גענומען אַרויפֿקלעטערן אַפֿן פֿערד. ער, אָבער, האָט זיך ניט געהאַלטן און איז אַריבערגעפֿאַלן אַף דער צווייטער זייט. עס איז געוואָרן אַ געלעכטער. עמעצער האָט אים ענדלעך אַרויפֿגעהויבן און אים פֿעסט איינגעזעצט. מיר זענען אָפּגעריטן...

*****

## אָפּגעגעבן די פֿערד אין אָבאָז — זענען

מיר אַוועק צו זיך, אין קאַזאַרמע. דאָרט האָט שוין געוואַרט אַף אונדז אונדזער עסן. אַף איינעם פֿון די לאַנגע טישן אין קלאַס-צימער איז

שוין געשטאַנען דער ריזיקער מעשענער סאַמאָװאַר און געזעצט מיט פּאַרע װי אַ לאָקאָמאָטיװ. דאָס שװאַרצע ברויט איז געלעגן צעשניטן אין רעפטלעך אױף די קופּערנע טאַצן. מיר האָבן זיך צוגעזעצט צו די טישן און זיך גענומען צו דער אַכילע. גודמאַן, װאָס האָט געהאַט פּאַרביטן גרישוניבען אין דעזשורסטװע, האָט אונדז געלאָזט װיסן, אַז נאָר־װאָס איז געװען אַ באַפעל פון שטאַב, אַרויסצוגײן גלײך שפּילן אױף אַ פּאַראַד און מאַניפעסטאַציע.

אַלע אין קאָמאַנדע זענען געװאָרן אױפגעקאָכט און גענומען שילטן און מורמלען. סטעפּאַקין האָט זיך אַרומגעדרייט לעקישעװאַטע און ניט געװאוסט װאָס צו טאָן מיט זײנע לאַנגע הענט. ער האָט זיך — אַן אומגעדולדיקער — צוגעזעצט צום טיש, אַ זופּ געטאָן אַביסל טײ און אונדז אונטערגעיאָגט:

— נו, מאַכט עס גיכער, יאַטן!... מען קאָן זיך גאָרניט ניט העלפן. דערױף איז עס דאָך מילכאָמע־צײט. מען דאַרף אַרויסגײן...

און װי צו באַװײזן, אַז ער איז ניט שולדיק, צוגעגעבן:

— נו, אַן אומגליק דאָס איז!...מען זאָל ניט לאָזן קײן מינוט אַפּילע זיך אָפּצורוען!...

דאַװידאָװ האָט צוגעװאָרפן אַ בײזן בליק און אַ שטאָך געטאָן:

— דערױף ביסטו דאָך עפּעס עלטסטער און האָסט אַ מויל...

סטעפּאַקין האָט אַ ציטער געטאָן:

— װאָס האָסטו געװאָלט, אַז מיר זאָלן עפּשער ניט גײן צו דעם פּאַראַד און...

דאַװידאָװ האָט װידער איראָניזירט:

— נו אַװאַדע, אַז מען דאַרף מאַכן מילכאָמע־שטימונג, איז דאָך ניט שײך צו טראַכטן װעגן אָפּרו...

די קאָמאַנדע האָט געגעסן אין אײלעניש און אונטערגעברומט. סאָטסקי האָט זיך ניט געהאַט צוגעזעצט צום טיש. אָנשטאָט דעם האָט ער אַרונטערגעװאָרפן די שטיװול פון זײַנע פיס און זיך צוגעזעצט אױף זײַן בעטל. ער האָט געריבן די טריט מיט אַ האַנטעך און קימאַט מיט טרערן אין די אויגן זיך געפּיעסטשעט:

— איך װעל ניט גײן...איך קאָן ניט... אָט, זעט װי איך האָב אָנגעריבן מײנע פיס און...

טשעריאַק האָט פון ערגעץ אַ לאַך געטאָן:

— די פיס גאָר?!...און איך האָב געמײנט, אַז פון רײטן אױף אַן אומגעזאָטלטן פערד טוט גאָר װײ ערגעץ אַנדערש...

די קאָמאַנדע האָט װי פאַרגעסן אין אַלעם און אויסגעשאָסן אין

אַ געלעכטער. מיטאַמאָל אָבער האָט דער דעזשורנע אַ צייג געטאָן מיט דער האַנט אויף אַ פענצטער, פאַרביי וועלכן עס האָט זיך דורכגעשלייכט סאָוואָראָפס פיגור, און עס איז דעריבער גלייך שטיל געוואָרן אין קאָמאַנדע. סאָוואָראָף איז האַסטיק אַריינגעלאָפן אַן אויסגעפּוצטער אין זיין פּאַראַדנעם אוניפאָרם און מיט אַ דריי-קאָלירנדיק שלייפל אין לאַץ. ער האָט בייז אַ געשריי געטאָן:

— וואָס דויערט עס היינט אַזוי לאַנג ביי אייך, סוואָלאָטשעס, וואָס איר זענט?!... מאַכט שוין אַמאָל אַ סאָף!...

און צו סטעפּאַקינען האָט ער באַפעלעריש צוגעוואָרפן:

— וואָס שווייגסטו, עלטסטער?... דאָרט, — האָט ער אַ שטאָך געטאָן מיט אַ פינגער אין דער ריכטונג פון דרויסן, — דאָרט וועלן זיי זיך אויך באַ דיר אַזוי ברייט צעזעצן און פראַווען סודעס?...

סטעפּאַקין האָט זיך, אַ דערשראָקענער, אויפגעשטעלט, אויף גיך אַרונטערגעשלונגען דעם ביסן פון מויל און איילנדיק דערקלערט, אַז די קאָמאַנדע איז נאָר-וואָס געקומען פון אָפּנעמען פערד און אַז...

סאָוואָראָף האָט פאַרזשמורעט זיינע פאַרקנייטשטע, פיצינקע אויגעלעך, זיך בייז אָוועקגעדרייט פון סטעפּאַקינען און דערביי שאַרף אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט:

— פערד-שמערד!... ניט מיין אייסעק!... דערווייל דאַרף מען גיין שפּילן!... יאָג זיי בעסער אונטער אַביסל, די בעהיימעס!...

אינדערגיך האָבן מיר געשלונגען אונדזערע ביסנס און דערביי שיער ניט דערשטיקט געוואָרן. איבער דער קאָמאַנדע האָט זיך אַלץ געטראָגן אַ שטיל געמורמלעריי:

— שוין אַזוי גאַנצע זעקס און דרייסיק שאָ, וואָס מען לאָזט ניט אָפּאָטעמען, צו אַלדע שוואַרצע יאָר!... פּאָשעט פון די פיס צו פאַלן, אַ כאָלערע זיי אין די ביינער!...



# קאַפּיטל דריי

מיר האָבן זיך געשלעפּט אין שטאָט אַריין.
אפּן באַשטימטן פאַראַד-פּלאַץ איז דערווייל נאָך קיינער ניט געווען.
מיר האָבן זיך צוגעזעצט וואַרטן באַם טויער פון שטאָט-גאָרטן, וואָס
אַנטקעגן דעם פּלאַץ, און דערווייל גערויכערט און אונטערגעדרימלט.

ביסלעווייז האָט זיך ענדלעך אָנגעהויבן אָנקלויבן אַן עולם.
גאָר צום ערשטן זענען אָנגעקומען עטלעכע אַלטע לייט — אויסגע-
פּוצטע אין זייערע אָפּגעבליאַקעוועטע יאָנטעוודיקע סורטוקן. מיט זיי
— אַ צאָל אַלטיטשקע דאַמעס — אין מאָדנע, אַלט-פרענקישע טשיפּיקעס
און מיט לאַנגע, ווייסע הענטשקעס. עס האָבן צוגעהונקען אַ הייפל אַלטע,
אויסגעדינטע טשינאָווניקעס, מיט צעקנייטשטע פאַרמעט-פּענימער און
אין פאַרגרינטע קאַזיאָנע היטלען — פאַררוקט איבער די אויערן.

אַ ווייל שפּעטער זענען אָנגעקומען עטלעכע אויסגעסטראָיעטע
קאָלאָנעס מיט יונגע, יאָנטעוודיק-אויסגעפּוצטע קינדער פון דעם
שטאָטישן יעסוימים-הויז און פאָלקס-שול — אָנגעפירט פון זייערע
אָפּיציעל-שווייגנדיקע לערער און נאָנעס. נאָך זיי האָבן זיך געשלעפּט
עטלעכע גרופּעס שווער-לייביקע רוסישע באַלעגופים און גראָב-בייכיקע
אַרמענישע סאָכרים. ווי צוגעטשעפּעט צו זייערע זייטן, — האָבן זיך
מיטגעשלעפּט זייערע פעטע, אויסגעצירנגטע ווייבער, מיט צלאָמים
און ברענענדיקע לעכט אין זייערע הענט.

ווייטער האָבן זיך געטאָפּטשעט עטלעכע בינטלעך שווער-פּיסיקע,
פרומאַקישע באַלמעלאָכעס, צוזאַמען מיט זייערע באַטיכלטע באַבעס,
— אָנגעטאָן אין קאָלירטע ציצענע קליידלעך און אין מענערשע גרויסע
שטיוול. דערנאָך זענען אָנגעגאַנגען אַ כאָפּטע באַבערדלטע דיאַקעס —
אין ווייסע קיטלען מיט שפּיצן; עטלעכע גאַלאָכים אין ווייסע ריאַסעס,
באַפּוצט מיט גאָלדענע באַצירונגען און אין הויכע, גלאַנצנדיקע
קרוינען אף די קעפּ און, בעראָש פון זיי, עטלעכע רייען יונגיטשקע

זינגערלעך — אין ווייסע, אויסגענייטע העמדלעך און מיט גרויסע, ברענענדיקע לעכט אין די הענט.

פון אַ צווייטער זייט שטאָט איז אָנגעקומען אַ הייפּעלע פּערסישע, סאַרטישע און טיקינישע אידן, — צוזאַמען מיט זייערע צוויי ראַבאָנים. געווען זענען זיי אָנגעטאָן אין קאָלירטע זיידענע כאַלאַטן, און אין גרויסע פוטערנע פּאַפּאַכעס. זיי האָבן געטראָגן עטלעכע סיפרע-טוירעס, וואָס זענען געווען איינגעהילט אין טאַלייסים, אָנגעטאָן אין פּלירושענע, אָדער סאַמעטענע מענטעלעך, און באַהאַנגען מיט גאָלדענע קרוינען, גלעקלעך, העלפאַנט-ביינערנע „יאַדן" און זילבערנע „ציצן". צווישן די דאָזיקע אַזיאַטישע אידן האָבן זיך אויך דורכגעוואָרפן עטלעכע געציילטע אייראָפּעאישע. דאָס זענען געווען „ערשטע-גילדע" סאָכרים און באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן אויסגענוצט זייער וואוין-רעכט אין שטאָט, נאָך דעם אויסדינען דאָס מיליטער-דינסט. זיי, די אידן, זענען געגאַנגען מיט אַ מאָדנע שרעקעוודיק-בלאָנדזשענדיקן גאַנג און — מיט צאַפּלדיקע בליקן — געזוכט אן אָרט וואו זיך אַוועקצושטעלן. עמעצער האָט זיי אָנגעוויזן אַ פּלאַץ לעבן די גאַלאָכים, וואו זיי — דערלייכטערטע — האָבן זיך אַוועקגעשטעלט און גענומען ווישן די שווייסיקע שטערנס מיט זייערע גרויסע, קאָלירטע באָז-טיכלעך.

פון דער דריטער זייט שטאָט, פון דער מיליטערישער, האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען פאַרשידענע מיליטער-טיילן. עס זענען געגאַנגען קאָזאַקן, אַרטילעריסטן, שיסער-פּאָלקן, פּולעמיאָטניקעס און סאַפּיאָרן. די קנעפּ ביי אַלעמען — אויסגעשייערטע, די פּאַסיק-בלעכן — בליאַסקעדיקע, און די שטיוול — אויסגעגלאַנצטע. אַלע — אין פולער אַמוניציע און מיטן גאַנצן געווער — פּיקס און פּאַרטיק נאָר צום פּראָנט צו גיין. די אָפיצירן זענען אַרומגעלאָפן פאַרפּאָרעטע. זיי האָבן אויסגעשטעלט די סאָלדאַטן אין קאָלאָנעס און אין רייען, געמאָסטן זיי פון דער זייט מיט פאַרזשמורעטע אויגן, איבערגערוקט, אויסגעגלייכט און אַלע ווייל זיי איבערגעשטעלט.

אַזוי האָט זיך געצויגן אַ צייט לאַנג.

די אָפיצירן זענען געשטאַנען אין גרופּעס און גערעדט צווישן זיך. סאָלדאַטן האָבן דערווייל ביגנייוועפאַרדרויכערט און געבלאָזן דעם רויך צו זיך אין די שינעל-אַרבל אַריין. פון מידקייט האָבן יאַטן זיך איבערגעשטעלט פון איין פוס אפן צווייטן און זיך אָנגעלענט אף די ביקסן. עס האָט זיך געטראָגן אַ שטילער געזשום.

מיטאַמאָל — ווי אַ סרייפע וואָלט אויסגעבראָכן אונטער זיינע

פּיס — האָט איינער פון די אָפיצירן גענומען וואַרפן מיט זיינע הענט און אָנגעוויזן ערגעץ אין דער ווייט. גלייך איז געוואָרן אַ טומל. די אָפיצירן זענען אין געאייל אַוועק צו זייערע פּלעצער און באַלד האָבן די קאָמאַנדירן גענומען שרייען צו זייערע טיילן:

— פּאָלק, אַכטונג!...אף קאַראַ־אול!...

רייטנדיק אף אַ גרויסן, הויכן פערד, — איז אָנגעקומען דער גאַרניזאָן־קאָמאַנדיר. ער אַליין — אַ דיקער און אָנגעגאָסענער, ווי זיין פערד — איז קוים איינגעזעסן אינעם זאָטל. מיט אַ הייזעריקן כריפּ האָט ער זיך באַגריסט מיטן גאַרניזאָן און גענומען אַרונטער־קריכן פונעם פערד. אָבער צוליב זיין אומגעלומפּערטער שווערקייט, האָט ער זיך גענומען וואַקלען און שיער ניט אַרונטערגעפאַלן. זיין אַדיוטאַנט — אַ יונג אָפיצירל — איז פלינק אונטערגעלאָפן, אים אַ כאַפּ געטאָן אונטער די אָרעמס און אים אַוועקגעשטעלט גלייך אף די פיס. דער קאָמאַנדיר האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אויסגע־גלייכט און באַפוילן די קאָמאַנדירן פריי צו לאָזן די סאָלדאַטן פון דער אָנגעצויגענער אַכטונג.

אַ צייט איז דער קאָמאַנדיר אַזוי געשטאַנען און געשמועסט מיט די קאָמאַנדירן פון די באַזונדערע טיילן און, דערביי, יעדע מינוט, צוגעלייגט אַ האַנט צו די אויגן, ווי אַ דעכעלע, און געקוקט אין דער ווייט, אין דער ריכטונג פונוואַנען ער אַליין איז נאָר־וואָס געהאַט אָנגעקומען. מיטאַמאָל האָט ער אַ צייג געטאָן די קאָמאַנדירן אף עפּעס און יענע זענען זיך צעלאָפן צו זייערע פּלעצער. אַליין האָט ער זיך אַ גלייך אויס געטאָן און כריפּענדיק אויסגעשריגן:

— גאַרניזאָן — אַכ־טונג!... אף קאַ־ראַ־אול!...

טויזנטער סאָלדאַטישע הענט האָבן זיך מעכאַניש און ריטמיש אַ באַוועג געטאָן. די באַיאָנעטן — ווי באַטריבענע פון ניט־געזעענע טראַנסמיסיעס — האָבן זיך אַלע צוזאַמען אַ הויב געטאָן איינמאָל און אַ צווייטמאָל און — אויסגעשפּיזטע — זיך כוצפּעדיק אַוועקגעשטעלט אין פראָנט פון די סאָלדאַטישע פּענימער, ווי טפּיסע־גראַטעס. עס האָט אויסגעזען, ווי די ביקסן — כאָטש באַ די סאָלדאַטן אין די הענט — האָבן גאָר זיי, די סאָלדאַטן, געהאַלטן געפאַנגען.

אַרום איז שטיל געוואָרן. קיינער האָט זיך קיין באַוועג, אָדער אַפילע קיין הויכן אָטעם ניט געטאָן. אַ פּאַכעד האָט באַהאַלטענערהייט אַרויסגעקוקט פון די סאָלדאַטישע אויגן, בעאייס זיי האָבן געקוקט צו דער זייט, פונוואַנען דריי פערד האָבן — גאַלאָפּירנדיק איבעם זאַמד — צעיאָגט הינטער זיך דיקע און געדיכטע שטויב־זיילן.

דער קאָרפּוס-קאָמאַנדיר, אין באַגלייטונג פון זיין אַדיוטאַנט און אַ שטאַפּעט, איז גאַלאָפּירנדיק אַריינגעריטן אין קרייז אַריין און אַזוי — פאַרביירייטנדיק די קאָלאָנעס — האָט ער איינס נאָך דעם אַנדערן, ניט וואַרטנדיק אויף דעם אָפּענטפערן, צוגעוואָרפן צו יעדער קאָלאָנע באַזונדער די פאָרמעלע באַגריסונג:

— געגריסט דרייצנטער!... געגריסט פערצנטער!...געגריסט אַרטילעריע!... געגריסט קאָזאַקן!...

זיין אַדיוטאַנט — רייטנדיק הינטער אים — האָט נאָך יעדן רוף זיינעם אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט, באַווייזנדיק דערמיט יעדן אָפּטייל ווען אָפּצוענטפערן.

איבערן פלאַץ האָט זיך — ווי דאָס קראַקען פון ווילדע קראָען — געקייקלט אַ צוזאַמענגעגאָסענער, אומקלאָרער געשריי:

— „זדראַ זשלאַי וואַש סאָק פּריסט-וואָ!...*)

פאַרענדיקט — האָט דער קאָרפּוסנער און, נאָך אים, זיין אַדיוטאַנט, זיך פלינק אַרונטערגעוואָרפן פון די פערד, באַכלעסיק זיי געלאָזט לויפן און — מיט פעסטע און גיכע טריט — זיך געלאָזט גיין צום צענטער, צו די שטאַב-אָפיצירן, וועלכע זענען געשטאַנען שטייף און שטום אין אַ ריי. דער רייטנדיקער שטאַפּעט איז דערווייל צוגעריטן צו די פערד, האָט זיי אָנגעכאַפּט באַ די צוימלעך און זיי אָפּגעפירט אין אַ זייט.

איבערן פלאַץ איז אַלץ געהאנגען אַ שווערע אָנגעצויגנקייט. די סאָלדאַטן האָבן מיט זייערע בליקן נאָכגעפאָלגט די פאַרביימאַרשירנדיקע קאָמאַנדירן און זיך דערביי געהיטן אַן איבעריקן אָטעם צו טאָן. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן דאָ איצט דערוואַרט עפּעס אַן אימפּראָוויזאַציע און ניט קיין פּאַראַד.

דער קאָרפּוסנער האָט זיך באַגריסט מיט די שטאַב-און אָפּטייל-אָפיצירן. איינציקווייז האָט ער זיי געדריקט די הענט און צום סאָף אויך צוגעוואָרפן אַ „קאָל-האַנאָרימדיקע" באַגריסונג צו די קלענערע, ראָטע-און באַטאַריע-אָפיצירן. דערנאָך האָט ער אַ וואונק געטאָן צום גאַרניזאָן-קאָמאַנדיר, אים אָפּגערופן אָן אַ זייט און פאַר אַ ווייל זיך געסוידעט מיט אים וועגן עפּעס. באַלד האָט דער לעצטער — ווי מיט אַ פול מויל — הייזעריק אויסגערופן:

— גאַרניזאָן, אַרונטער די ביקסן!...באַפרייט זיך!...

ווידער האָבן די ביקסן עטלעכע מאָל ריטמיש אָפּגעהילכט און

*) פאַרגרייזט, צוליבן ריטם, פון „זדראַוויע זשעלאַיעם וואַשע וויסאָקאָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ", — מיר ווינטשן געזונט אייער הויכע עקסעלענץ.

זיך אַוועקגעשטעלט צו דער ערד מיט אַן איינציקן הילכיקן קלאַפּ. די סאָלדאַטן האָבן זיך באַנגעלאָזט, אָבער אַלץ מוירע געהאַט זיך אַ באַוועג צו טאָן. די אָפיצירן זענען זיך צונויפגעקומען אף אַ ווייל, געפּרובירט עפּעס אַ רעד טאָן צווישן זיך, אָבער באַלד — ווי צעשראָקענע האָזן — צוריקגעלאָפּן צו זייערע פּלעצער און גענומען וואַרטן אף ווייטערדיקע באַפעלן.

אַ ווייל שפּעטער האָט זיך מיטאַמאָל אַ טראָג געטאָן דעם גאַרני־זאָן־קאָמאַנדירס שווער־צעצויגענער, כריפּעדיקער אויסרוף:

— גאַרניזאָן, רואיק! צו דער טפילע — היטלען אַרונטער!...

עס איז ווידער שטיל געוואָרן. קיינער האָט קיין פּינטל מיט קיין אויג ניט געטאָן.

אין אַ דערבייאיקן קלויסטער־טורעמל האָט אַ גלאָק אומגעריכט אַ שווערן קלונג געטאָן:

— באָ־אָ־אָ־אָם!...

שטיל, אומזיכער און צאַפּלדיק, האָט דער קלונג זיך צעטראָגן איבערן פּלאַץ און איז ענדלעך אָפּגעשטאָרבן. עס האָט אויסגעזען, פּונקט ווי דער גלאָק וואָלט מוירע געהאַט איינצושטעלן און בלויז ווי אויסגעפּרובירט צי עס וועט גיין. באַלד, אָבער, האָט זיך ווידער דערהערט אַ קלונג, און דאָסמאָל שוין העכער און זיכערער. אַזוי האָט עס זיך איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל. ביסלעכווייז איז דאָס קלינגען געוואָרן אָפטער, זיכערער און הילכיקער. אַנדערע גלעקער, — קלענערע און גרעסערע — האָבן אונטערגעכאַפּט און עס איז אַוועק אַ קלינגעריי פון געמישטע טענער און שאַטירונגען:

— באָם־דין־דלין!...באָם־דין־דלין!...באָ־אָ־אָ־אָם!...

מיר האָבן געשפּילט „קאָל־סלאַוועןʺ1). דער אוילעם — אויסער די ציווילע אידן — האָט אונטערגעבלעקעצט. די גאַלאָכים מיט גראָבע אויסגעשטופּטע בייכער אין פּאָרויס — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין פּראָנט פון די קאָלאָנעס. מיט איין האַנט האָבן זיי געהוידעט די רויכערדיקע „קאַדילעסʺ 2), מיט דער צווייטער — געטונקען גרויסע ווייסע באַרשטן אין שיסלען „געהייליקטעʺ וואַסער, וואָס די דיאַקעס האָבן אונטערגעטראָגן, און דערמיט באַשפּריצט די אויסגעשטעלטע רייען, מורמלענדיק דערביי אַ בראָכע:

— „האָספּאָדי פּאָמילוי, האָספּאָדי פּאָמילוי!ʺ...3)

נאָך דער טפילע האָט מען דאָס מיליטער פּאָרמירט אין ברייטע,

1) — אַזאַ טפילע. 2) — בסאָמים־געפעסן, וואָס הענגען אף דריי קייטעלעך. 3) — גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען.

צעצויגענע רייען. מיר — אויסשפּילנדיק אַ הילכיקן מאַרש — האָבן אַריינגעמאַרשירט אין צענטער, זיך אָפּגעשטעלט לעבן די קאָמאַנדירן און דורכגעלאָזט דאָס מיליטער אין צערעמאָניאַל-מאַרש...

*****

**ניט געקוקט** וואָס מיר זענען געווען אויסגעמידט פונעם פּאַראַד, האָט מען אונדז גלייך אַוועקגעשיקט אין שטאָט צו דער מאַניפעסטאַציע. איבער דער הויפּט-גאַס האָט זיך גע-טראָגן אַ געוויקל פון ראַשיק-קאָלירטע רעליגיעזע פּענער, געצאַצקעטע סטענגעס, וואַקסענע לעכט, פאַרשידענע צלאָמים און אויסגעשייערטע, גאָלדענע איקאָנעס 1). פיל קרוציפיקסן 2) און „הייליקע בסולעס" — געמאָלטע אף איקאָנע-פּענער — האָבן געטאַנצט איבער די קעפּ פון אוילעם. דריי-קאָלירנדיקע פּענער האָבן זיך גאַדלעסדיק צעווייעט אַנטקעגן דער גליענדיקער זון. אַ געבלענד פון פאַרבן און קאָלירן האָט געמיניעט אין די אויגן.

צוזאַמען זענען געגאַנגען מיליטערישע און ציווילע. באַלעבאַ-טישע רוסן און אַרמענישע הענדלער. סאָכרישע אידן און טאָטערן. מענטשן פון פאַרשידענעם אויסזען און ראַסעס האָבן זיך צונויפגע-מישט, ווי צום שאַפן דעם אײַנדרוק, אַז כאָטש איצט, אף אַ ווייל, איז אָפּגעווישט געוואָרן דער כילעק צווישן איד און קריסט, אַרמענער און גרויס-רוס. צלאָמים האָבן זיך געקושט מיט סיפרע-טוירעס. איקאָנעס האָבן זיך געהאַלדזט מיט מאָגן-דאָווידס. צאַרישע פּאָרטרעטן און פּאַטריאָטישע טראַנספּאַראַנטן האָבן זיך צוזאַמענגעדרייט מיט אויסגעהאָפּטענע מענטעלעך און פאָרויכעסן. יונגע, רויט-בעקלדיקע זינגערלעך, האָבן געריסן זייערע העלדזלעך מיט פישטשענדיקע שטי-מעלעך. שוואַרץ-בערדיקע און אויסגעדאַרטע דיאַקעס, ווי צעווייקטע סקעלעטן, האָבן זיך געטאָפּטשעט מיט זייערע כאַמוליש-גרויסע שטיוול איבער די שפּיציקע קיזל-שטיינער און געהוידעט זייערע רויכערדיקע ווײַרעך-קאַדילעס. אָרקעסטערס פון סאָכרישע און פון באַלמעלאָכישע קלובן האָבן געררעוועט און צעוואָרפן זייערע מעגושעמדיקע טענער איבער די אַרומיקע געסלעך. די גלאָקן פון די עטלעכע שטאָטישע קירכעס האָבן זיך צעקלונגען ווי צו אַ גרויסן יאָנטעוו...

ערגעץ וואו האָט אַ גרופּע געזונגען „באָזשע צאַריאַ כראַני". אַנדערע האָבן געוואָרפן פּאַטריאָטישע אויסרופן און דער אוילעם האָט

1) הייליקע בילדער. 2) צלאָמים מיט דער פיגור פון געקרייציקטן.

אָפּגעענטפערט מיט ווילדע הוראַ־געשרייען. מענער האָבן געוואָרפן די היטלען אינדערהויך און געפּאָכעט מיט פענדלעך. אויסגעפּוצטע דאַמעס — אין געבלימלטע קליידער — זענען געשטאַנען אויף באַלקאָנען און פלאַכע דעכער פון די הייזער און, פון דאָרט, אונדז באַוואָרפן מיט קאָנפעטי, סערפּאַנטין און פאַפּירענע בלומען. זייערע עקסצענטרישע טעכטערלעך האָבן אונדז צוגעוואָרפן ביליקע קאָנפעטן מיט געמאַכטע שמייכעלעך. יונגע דינסט־מיידלעך זענען אַזש היסטעריש געשפּרונגען ווי באַרישע ציגן און זיך געוואָרפן קושן מיט אונדז, סאָלדאַטן. דער גאַנצער אוילעם האָט זיך געשטופּט און געשטויסן צו כאַפּן אַ קוק אויף אונדז, ערשט נעכטן נאָך אומווירדיקע, און היינט מיטאַמאָל־געוואָרענע העלדן. מיר — פּונקט ווי שטאָט־באַלעבאַטים — זענען געגאַנגען אין סאַמע מיטן גאַס — פריי. פאַר אונדז האָט מען געעפנט דעם וועג, אַקוראַט עס וואָלט געווען אונדזער יאָנטעוו...

פון מינוט צו מינוט איז דער געדרענג געוואָרן אַלץ גרעסער. קינדער זענען געפאַלן און צעטראָטן געוואָרן. פרויען האָבן ספּאַזמירט און געליאַרעמט — נאָר פאַרטויבט צו ווערן. די מענטשן־מאַסע האָט זיך באַוועגט זייער פּאַמעלעך — קוים וואָס מען האָט זיך גערירט. מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ געלויף. עס האָבן זיך דערהערט געשרייען:

— אָט איז ער!...כאַפּט אים!...

— ברעכט אים די ביינער!...לייגט אים אַריין!...

— אַרעסטירט אים!... נעמט אים אין דער פּאָליציי!...

— אָט אַזוי, באַווייזט אים!... פאַרענדיקט אים!...

זען — האָט מען גאָרניט געקאָנט. עס האָבן זיך בלויז געטראָגן ווילדע געשרייען. אַלע האָבן זיך געריסן מיט פאַררייסענע העלדזער אין פאָרויס און זיך ניט געקאָנט דערוויסן וואָס עס איז געשען. קלאָר איז בלויז געווען, אַז ערגעץ וואו קומט פאָר אַ געשלעג. פיל הענט האָבן זיך געהויבן אינדערהויך, צוזאַמען מיט די געשרייען...

*****

**ענדלעך** האָט זיך די מאַניפעסטאַציע געענדיקט און מיר זענען אַהיימגעגאַנגען. אויפן וועג אַהיים האָבן מיר זיך גענומען צעפרעגן בײַ מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען אויפן טראָטואַר לעבן אונדז, וואָס אַזעלכעס עס איז פריער פאָרגעקומען. איינער, אַ מאַן, מיט אַ פּאָנים — געפרוירן פון אויסדרוקלאָזיקייט און אויסגעשטופּטע קעלבער־אויגן, האָט זיך געקאָכט מיט אַ סלינעדיק מויל:

— אַ בונטאָווששיק געכאַפּט!... אַפּאַנים אַ זשיד געווען, די סטערווע!... אַליין ניט געגאַנגען אין דער פּראָצעסיע און אַפילו דאָס היטל אויך ניט אַרונטערגענומען...נו, האָבן מיר אים אָבער דערלאַנגט דערפֿאַר, אַז ער וועט שוין פֿאַרזאָגן אַ צענטן... יאָ, איך האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל בעסער אָנטאָן אַ זעלנערשן מונדיר און...

דאַווידאָוו האָט אַ הויב געטאָן אָף אים זיינע אויגן,— זיי האָבן געגליט ביי אים מיט פֿייער־שפּיזן. ער האָט אַ באַטראַכט געטאָן דעם פֿאַרשוין, וואָס איז מיטגעגאַנגען און באַם דערציילן זיך אַזש באַלעקט פֿון האַנאָע. דאַווידאָוו האָט מאַמעש אָנגעהויבן ציטערן פֿון קאַאַס. עס האָט אויסגעזען, אַז אָט־אָט וועט ער זיך אַ וואָרף טאָן מיט זיינע צו־זאַמענגעדריקטע פֿויסטן אָף יענעם און... ער האָט זיך אָבער גלייך באַהערשט און קלוימערשט גאַנץ קאַלט אַ פֿרעג געטאָן ביי אים:

— אָ, אַזאַ העלד ביסטו דאָס?!... נו, טאָ פֿאַרוואָס זשע, זאָג מיר, גייסטו עפּעס אַליין ניט אין קיין זעלנערשן מונדיר?... וואָס דרייסטו זיך דאָ אַרום פֿרעדיקן און אַליין גייסטו ניט אָפן פֿראָנט?... דו אַליין ביסט דאָך אוואַדע שוין ניט קיין זשיד, העי?...

יענער האָט דערשטוינט אַ שפּיזל געטאָן אָף דאַווידאָוון:

— זיכער בין איך ניט קיין זשיד! — האָט ער זיך גענומען קלאַפּן מיט אַ פֿויסט אין דער ברוסט אַריין.— איך בין אַ רוס!.., אַ פּראַוואָסלאַווער און...איך...

גרישובין האָט פֿונדערזייט בייז אַ מעסט אָפּ געטאָן דאַווידאָוון, געקריצט מיט די ציין און גענומען שיפּען פֿון קאַאַס:

— הער נאָר, דו, רויטער טייוול, וואָס האָסטו זיך צוגעזעצט צו אַ פּראַוואָסלאַווּנעם מענטשן, וואָס?!...דו ווייסט אַליין, אַז אַ רוס איז דיר ניט ווי אַ טרוס — אַ אידן!...אַ רוס איז בראַוו און...

דאַווידאָוו האָט אים איבערגעקרומט:

— אַ רוס איז בראַוו...אַ רוס איז אַ העלד...נו יאָ, אַ העלד אָף ניט איבערצוטראַכטן, אָף צו פּלאַפּלען נאַרישקייטן און...

און, מיט אַ שמייכעלע, גוטמוטיק צוגעגעבן:

— אָט, אַ שטייגער, — טאַקע דו אַליין...מיט איין בלאָז און ביסט שוין אויך אַן אויפגעבלאָזענער...

גרישובין האָט אויפגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און ליפּן אָף אים, — נאָר ווי צום איינשלינגען. ער האָט געדראָעט מיט אַ פֿינגער:

— עפּעס רעדסטו מיר היינט ווי אַן עמעסער זאַבאַסטאָווששיק, ווי אַ זשיד. — האָט ער געברומט. — און גלויב מיר, אַז...

ער האָט אַ הויב געטאָן זיינס אַ געזונטע, צוזאַמענגעדריקטע

פויסט קעגן דאַווידאָווס פּאָנים און דערבײַ אַ טראָט געטאָן פּאָרויס צו אים. סטעפּאַקין, אַז ער האָט דאָס דערזען, איז פלינק געטאָן אַ שפּרונג צו, אָפּגעשטופּט גרישונינען אָן אַ זײַט, אַליין זיך אַ שטעל געטאָן צווישן ביידן און שטיל אַ ברום געטאָן צו דאַווידאָוון:

— וואָס טוט זיך עס היינט מיט דיר? האָסט פאַרגעסן וואו דו געפינסט זיך, צי וואָס?...

צו גרישונינען האָט ער באַרואיקנדיק גענומען רעדן:

— און דו, טומל זיך ניט אַזוי, בער אומגעלומפּערטער!... טומל זיך ניט אומזיסט!... ער האָט עס דאָך בלויז געשפּאַסט אַזוי!... וואָס מיינסטו, ער איז טאַקע אַ...און כוץ דעם, איז היינט ביכלאַל ניטאָ קיין כילעק צווישן איד און קריסט. אַלע, יעדער איינער, וואָס ער זאָל ניט זיין, וועט גיין פאַרטיידיקן אונדזער אייגן פאָטערלאַנד...

דאַווידאָוו האָט גענומען סאָפּען פון אויפרעגונג. ער האָט מיט זיינע ברענענדיקע אויגן אַ שפּיזל געטאָן אף סטעפּאַקינען און מיט צאָן־קריץ אונטערגעברומט:

— אונדזער אייגן פאָטערלאַנד!...אָ, ווי שיין דאָס קלינגט, ווי פּרעכטיק!... יעדנפאַלס — ווי פּראַקטיש!...

גרישונין — אַ געבויגענער אונטער זיין שווערן באַס — איז געגאַנגען און געווישט דעם שווייס פון זיין פּאָנים מיטן אַרבל פונעם העמדל. ער האָט געמורמלט ווי צו זיך:

— אַזעלכע כעוורעלייט ווי ער, וואָלט מען געדאַרפט די סאַמע ערשטע אַוועקשיקן אפן פראָנט. יאָ, — האָט ער זיך אַריבער־געבויגן צו דאַווידאָוון, — אַזעלכע ווי דו וואָלט מען...

סטעפּאַקין האָט עפּעס ווי באַצוואונגען געשמייכלט און דערנאָך גוטמוטיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו גרישונינען:

— וואָרים ער וועט דען ניט גיין?...יאָ, אַלע וועלן גיין און ער אויך...טיפּעש, דאָס רעדט ער דאָך נאָר אַזוי אין שפּאַס... וואָס איז, רעכנסט ער ווייסט ניט, אַז ווען מען איז באַפאַלן אונדזער אייגן לאַנד, אונדזער אייגענע ערד, איז אַ הייליקער כויוו צו...

דאַווידאָוו האָט זיך האַסטיק אַ דריי געטאָן צו סטעפּאַקינען און — אַ צי טוענדיק די האַנט איבער דער קאָמאַנדע — אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז זייער פיין, סטעפּאַקין, זייער פיין!... לערן זיי, ברו־דער!...דערצייל זיי, באַווייז זיי, אַז ס'איז זייער לאַנד; אַז עס איז אַ הייליקער כויוו; אַז עס איז אַ בעקאָוועדיקע און הערלעכע אויפ־גאַבע...ס'איז זייער פיין...יאָ... און אין יענער זייט וועלן אַזעלכע ווי דו איינטייבען דאָס זעלביקע מיט זייערע מענטשן און דאַן...

ער האָט מיטאַמאָל איבערגעהאַקט די אייגענע רייד, זיך אַ דריי געטאָן און — באַ טערמאַקאָוון, זיין שאָכן אין דער צווייטער זייט — סאַרקאַסטיש אַ פרעג געטאָן:

— אַ־יאָ, טערמאַק, עס איז דיין לאַנד און דיין ערד?... איז עפשער וואָלסטו טאַקע דערציילט סטעפּאַקינען וויפל ערד דו, שוין מיט דיין גאַנצער מישפּאָכע אַריינגערעכנט, פאַרמאָגן צוזאַמען?...

טערמאַקאָוו האָט צעשראָקן געקוקט אַף אים, זיך געקראַצט אין קאַרק און גאָרניט געענטפערט. דאַווידאָוו האָט שוין אָבער מער ניט גערוט. פּונקט ווי ער וואָלט טאַקע האָבן פאַרגעסן וואו ער געפינט זיך, האָט ער נאָך שאַרפער גענומען האַמערן זיינע רייד:

— אַז דאָס לאַנד איז פאָרט ניט טערמאַקאָוס, ניט יערמישינס און ניט קיינעמס פון אונדזער שטייגער יאַטן. דאָס לאַנד געהערט צו די פּריצים, צו די לאַנד־באַזיצער. און אויב עס ווילט זיך זיי אַזוי שטאַרק פאַרטיידיקן זייער אייגנטום קעגן אַנדערע פּריצישע פאַרכאַפּער, אָדער פאַרכאַפּן לאַנד ביי אַנדערע, אויסלענדישע פּריצים, טאָ זאָלן זיי גיין און זיך שלאָגן דערפאַר. אונדז אָבער זאָלן זיי אָפּלאָזן. מיר האָבן דערמיט גאָרניט וואָס צו טאָן. מיר דאַרפן ניט האָבן קיין מילכאָמעס!...

סטעפּאַקין האָט פונדערזייט געקוקט אַף דאַווידאָוון מיט אַ מאָדנע בליק, געקריצט מיט די ציין און געציטערט מיט די לאַנגע הענט. מיטאַמאָל האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דאַווידאָוון ביי אַ האַנט, זי שטאַרק אַ טרייסל געטאָן און שוין בייז געוואָרנט:

— אַגיטיר דאָ ניט, זאָג איך דיר! הערסט? — אַגיטיר דאָ ניט! מאַכסט זיך דאָך אומגליקלעך!... דאָס איז עפּשער אַן אַרבעט פאַר פרידן־צייט, אָבער ניט פאַר איצט!... הערסט?... איך וועל עס ניט דערלאָזן!...אין מילכאָמע־צייט רייצט מען ניט די אינסטינקטן באַם פאָשעטן, אומוויסנדיקן פאָלק...

דאַווידאָוו האָט אַנטשלאָסן אַ ריס געטאָן זיין האַנט פון סטעפּאַקינען. ער איז געוואָרן רויטער ווי געוויינטלעך. אַזוי רויט, אַז די רויטע וואָנצעלעך זיינע האָבן זיך קימאַט מער ניט אָנגעזען אַף זיין רויט־געוואָרענעם פּאָנים. ער האָט אינגאַנצן געציטערט:

— אַזוי?...אין מילכאָמע־צייט, זאָגסטו?... אָ, סאַראַ פיינע טעאָריע דאָס איז!...

סטעפּאַקין האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק און פאַרגעזעצט:

— אין צייט פון בויט רעכנט מען זיך ניט אָפּ פאַר אַמאָליקע קריוודעס. דאָס איז פאַראַט!...צום גליק ווייסן אַלע דאָס אַכראַיעס,

וואָס די צייט און דאָס לאַנד האָבן אַף זיי אַרויפגעלייגט, און זיי וועלן זיך ניט צוהערן צו פאַרעטערישע רייד...

דאַווידאָוו האָט געלאַכט מיט ביטערקייט:

— נו זיכער אַזוי: פריער האָט מען ניט געדאַרפט, ווייל עס איז קיין געפאַר ניט געווען, איצט טאָר מען ניט — ווייל עס איז מילכאָמע-צייט!... אַזוי־אַזוי, סטעפּאַקין, מענטשל זיך אויס!...רעד ווערטער!... אַזוי רעדן דאָך די אַלע, וואָס זוכן צו פאַרדינען פון דער מילכאָמע און פון אונדזערע לעבנס... רעד זשע, ווערסט נאָך דערפאַר עפּשער אָנשפּאַרן ערגעץ אין די גאָר הויכע פענצטער!...

— זע בעסער, אַז דו אַליין זאָלסט ערגעץ ניט אָנשפּאַרן. — האָט סטעפּאַקין צווייידייטיק און בייז צוריקגעוואָרפן.

דאַווידאָוו איז געוואָרן נאָך שטאַרקער אויפגערעגט. אויסגעזען האָט, ווי פייער וואָלט געשפריצט פון זיינע צעגליטע אויגן:

— אַזוי? — האָט ער אַ שניט געטאָן, — ווערסט גאָר ווערן אַ פּראָוואָקאַטאָר?... אַזוי, הייסט עס, האָט מען דיך דאָרט, אין דיין אָרעכאָוו־זויעווע, געלערנט?!... נישקאָשע, אַ פּיינע לערע!...

— אַ בעסערע ווי באַ דיר אַפן פּוטילאָווער! — האָט סטעפּאַקין, שטשירענדיק אַף אים מיט די ציין, צוגעוואָרפן.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן ערנסט. צום גליק האָט זיך טערמאַ־קאָוו, וועלכער איז געגאַנגען רעכטס פון זיי, אַריינגעמישט. ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט מיט אַ ברייט, דין געלעכטערל:

— יעי־יעי, אַ קאָמעדיע, כ'לעבן, מיט די שטאָטישע יאַטן. עפּעס האָבן זיי אַזאַ מאָדנע פאַרדרייטע שפּראַך און רעדן בלויז אַזאַ פאַרשטעלטע פּאָליטיקע...

דוקעל, דער „קאָסאָלאַפּער", וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שטאָטישן, האָט ניט געקאָנט דורכלאָזן טערמאַקאָווס ווערטער. ער האָט זיך גלייך פאַרטשעפּעט מיט אים:

— וואָרים וואָס פאַרשטייסטו וועגן שטאָטישע, דו כאַם איינער?

— האָט ער געשריגן צו אים. — דו ווייסט נאָר איין זאַך: אָנפּרעסן זיך, אַוועקלייגן זיך אַפן אויוון און...

טערמאַקאָוו האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף דוקלען. יענער, ווידער, האָט גענומען וואַרפן מיט זיין קלאַרנעט און געמאַכט גוואַלדן ווי אַ געקוילעטער. עס איז געוואָרן אַ טומל. יאַטן האָבן צוגעוואָרפן גליענדיקע ווערטער, געבייצט און דערמוטיקט זיי ביידן. בלויז איין גרישונקין איז איצט געגאַנגען אַ שווייגנדיקער און זיך ניט אַריינ־געמישט. ער איז געגאַנגען געבויגן אונטער זיין שווערן באַס און

געטראַכט וועגן עפּעס. דאָס קריגעריי איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן. סטעפּאַקין האָט אַוועקגעשפּרייזט פון דאַווידאָוון. איבערלאָזנדיק אים הינטער זיך. ער האָט מיטאַמאָל אויסגעגלייכט זיין איינגעבויגענע פּלייצע, אָנגענומען אַן אָפיציעלע פּאָזע און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— קאָמאַנדע, אין אָרדנונג!...איינס-צוויי, איינס-צוויי!...

מאָדנע לעבערלעך האָט סטעפּאַקין אויסגעזען ווען ער האָט באַר געוואָלט זיין שטרענג. ער — טאָמיד אַן איינגעבויגענער, צעקראָכענער און סענטימענטאַלער — בעאייס ער האָט געפּרובירט שטרענג ווערן, האָט מיטאַמאָל אויסגעגלייכט די איינגעבויגענע פּלייצע און פאַרהאַר-טעוועט זיין דינע, פּישטשענדיקע שטימע. אָבער בעעמעס שטרענג צו זיין איז אים קיינמאָל ניט געלונגען. מען האָט לייכט געקאָנט זען, אַז דאָס איז ביי אים בלויז אַזאַ אָנשטעל.

די קאָמאַנדע איז דעריבער ווייטער געגאַנגען צעליאַפּעט. באַ יעדן אין האַרצן האָט זיך עפּעס געקאָכט. מען האָט געוואָלט רעדן, אָבער עס האָט זיך ניט גערעדט. די פּענימער ביי אַלעמען — אַרונ-טערגעלאָזט צו דער ערד. מען איז געגאַנגען, געשלעפּט די פיס און געשוויגן. בלויז בעאייס אַן אָפיציר איז אונדז אַנטקעגנגעקומען — האָבן מיר זיך אינדערגיך אויסגעגלייכט און געגאַנגען אין אָרדנונג, ביז מיר האָבן אים געלאָזן הינטער זיך...

*****

**אינדערגיך** האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צום אָפּעסן אונדזער מיטיק, וואָס איז שוין געשטאַנען אַ לאַנגע צייט אפן טיש אין די פאַרגרינטע קופּערנע בעקנס און צוגעדעקט מיט קאָלדרעס, אַז עס זאָל ניט קאַלט ווערן. די פּאָרציעס פליישׁ — אָנגעשטאָכן אף העלצלעך — זענען שוין געווען פאַרגליווערט. אַ מין ווייסע פּאַרקילקטקייט האָט אַרומגעצויגן דאָס פלייש און עס געמאַכט אויסזען ווי עס וואָלט געווען באַצויגן מיט שימל.

גלייך נאָכן עסן האָט מען אונדז אַוועקגעטריבן אָנטרינקען די פערד. צום טייך „מורגאַב" איז געווען גאַנץ ווייט און מיר זענען דעריבער געפאָרן רייטנדיק. פונעם דאָזיקן רייטן אף די אומגעזאָטלטע פערד, זענען פיל פון אונדז קראַנק געוואָרן. די שאַרף-שפּיציקע פערדישע רוקן-ביינער האָבן גערייצט און געריבן די פרישע וואונדן, און זיי ניט געלאָזט זיך פאַרציען און פאַרהיילן. דאָס לייב האָט ביי אונדז מאַמעש געברענט ווי פייער...

גרישונין איז גאָר געפאַלן אף אַ פלאַן. ער האָט געקראָגן עפּעס אַ שטריק, געמאַכט פּעטליעס איןביידע זייטן און — צוזאַמען מיט אַן איינגעלייגטער קאָלדרע — פאַרוואָרפן איבערן פערדס רוקן. דערויף איז ער, ווי אף אן עמעסן זאָטל, געריטן קימאַט שטייענדיק און געלאַכט פון אונדז אַלעמען. דערביי האָט ער געקוקט אף מיר, געזען ווי איך רוק זיך אַרויף און אַראָפּ אפן פערד און פאַרקוועטש מייבע ליפּן פון ווייטיק, — האָט ער שפּאַסיק זיך גענומען קניישן, געמאַכט מאָדנע האַוואַיעס און גרימאַסן און זיך גערייצט מיט מיר:

— איי־וויי, טאַטעלע־מאַמעלע, איך בין ניט קיין גאַנדז!... אף איין פוס קאָן איך ניט שטיין!...איך בין ניט קיין פליג!...

טשעריאַק האָט פונוויטן צוגעשמייכלט און, ווי זיין שטייגער, גוטמוטיק צוגעוואָרפן אַ שפּאַסיקע באַמערקונג צו מיר:

— דו, פונדעסטוועגן, נעם זיך ניט אַזוי שטאַרק צום האַרצן דערפון... עס וועט זיך פאַרהיילן... דאָס איז בלויז אַזוי די ערשטע פּאָר טעג, ווי באַם שפּילן. אָט, אַז וועסט נאָר באַקומען דעם גוּיטיקן „אַמבאַזשור״ *), דאַן...

כעוורע האָבן געלאַכט און איך האָב, מאַיסע העלד, שמייכלענדיק אַרונטערגעשלונגען דעם ווייטיק, צוזאַמען מיטן ווייטיק.

ביינאַכט איז אין קאָמאַנדע געווען אומרואיק. מען איז געלעגן, זיך געדרייט אף די געלעגערס און געקרעכצט. ווי עס האָט אויסגעזען, האָבן קימאַט אַלע געליטן פון דער זעלבער קרענק ווי איך...

*****

**באַגלייטן** דאָס מיליטער צו דער באַן, איז געווען אונדזער הויפּט־אַרבעט. עטלעכע מאָל אין טאָג האָבן מיר מיט מוזיק באַגלייט אָפּפאָרנדיקע באַטאַליאָנען. פון אונדזער גאַרניזאָן זענען שוין אַלע רעגולערע סאָלדאַטן אָפּגעפאָרן. מיר האָבן זיי באַגלייט און נאָכדעם דערפילט אַזוי שווער און בענגלעך. דער געדאַנק, אַז מען וועט זיך שוין עפּשער מער ניט זען מיט די, וועמען מען האָט אַזוי נאָענט געקענט, — האָט געעגבערט דעם מויעך — ניט צום איבערטראָגן.

אָבער נאָך גיכער ווי מיר האָבן באַוויזן אַרויסצובאַגלייטן איין טראַנספּאָרט סאָלדאַטן, זענען גלייך אָנגעקומען נייע. קימאַט יעדע שאָ זענען אָנגעקומען פרישע, אומבאַקענטע מענטשן. איינס און איינס

*) אף מוזיקאַלישן לאָשן: דאָס פאַרהאַרטעווען פון די ליפּן.

האָט מען זיי אַ מושטיר דורך געטאָן, אַף גיך זיי אַריינגעוואָרפן אין שלעכט־געפּאַסטע, כאַלאַפּעטדיקע אוניפאָרמען, איבערגעגאַנגען מיט זיי אַ קורס אין שיסן און — פאַרטיק...

און כאָטש עס איז ביכלאַל ניט געווען צו באַגרייפן פונוואַנעןעס האָבן זיך דערנומען אַזויפיל מענטשן, איז אָבער דער הויפּט־וואונדער ביי אונדז געווען: פונוואַנען עס האָבן זיך גאָר דערנומען אַזויפיל קליידער פאַר זיי. ווייל אַף וויפל עס איז אונדז באַוואוסט געווען, האָט מען זיי, די קליידער, געהאַלטן אין איין צעשלעפּן די גאַנצע צייט, ביז צום סאַמע אויסברוך פון דער מילכאָמע...

ענדלעך האָבן מיר שוין מעשאַלייעך געווען אַלעמען און מיר זענען געבליבן קימאַט די איינציקע סאָלדאַטן אין שטאָט. עס איז געוואָרן גלייך אַנדערש. צייטונגען, וואָס מען האָט שוין ניט געקאָנט קריגן ביי אונדז פון זינט מיר זענען געקומען, האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן באַווייזן. די ערשטע ניייעס: אונדזערע האָבן פאַרנומען די שטאָט לעמבערג (לוואָוו) באַ די דייטשן און...

סוואָרבאָף איז אַריינגעלאָפן אין קאָמאַנדע. ער האָט אונדז גע־הייסן שרייען „הוראַ״ לעקאָוועד דעם ערשטן זיג און דערנאָך אונדז פאַרטרויט דעם סאָד, אַז מאָרגן פאָרן מיר שוין אויך אַוועק...

מיר האָבן פאַרפאַקט אונדזערע ניט־זייער נויטיקע זאַכן אין די קעסטלעך און זיי געגומען אַוועקטראָגן אין „טשעכהאַוז״ אַריין. אַפן וועג אַהינצו האָט גרישונין מיטאַמאָל אַ לאַך געטאָן:

— די מייז זאָלן באַר ניט צעשלעפּן ביז מירן אַהיימקומען...

טשעריאַק האָט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג און צוגעוואָרפן:

— אָ, עס וועט זיין גאַנץ. זיכער גאַנץ. די צוויי פּיסיקע מויז, דער „קאַפּטענאַרמוס״1), גייט דאָך אַוואַדע אויך אַוועק...

— און באַלטעק אויך. — האָט גרישונין, אָנווייזנדיק פון דער זייט אַף באַלטעקן, מיט אַ קיבעץ צוגעגעבן.

באַלטעק — אַ נידעריקער, אויסגעקיילעכיקטער איד פון אַ קליין שטעטל אין פוילן, איז געווען אַ שיפּעליאַוועך און, בעאייסן רעדן, געשלעפּט מיט דער צונג אַזוי שווער, ווי זיינע פיס בעאייסן גאַנג, ער, — אַז ער האָט דערהערט ווי יאַטן האָבן געלאַכט, — האָט זיך פאַרשעמט, אַרונטערגעלאָזט די אויגן און געגומען שטאַמלען:

— איך?...וואָס בין איך סולדיק?... דער „קאַפּטענאַרמוס״ האָט געגעבן סינעלן, האָב איך זיי פאַר אים באַסטאַט... איך...איך אַליין האָב דערפון קימאַט גאָרניט געהאַט, „צעסנע סלאָווא״2)...

1) סקלאַד־פאַרוואַלטער. 2) ערן וואָרט.

גרישונין האָט ווידער געלאַכט:

— אַז מיך אַרט ניט אויב דו האָסט אַפּילע יאָ געהאַט דערפון. די הויפּט־זאַך איז אָבער אָט וואָס: צי האָסטו כאָטש אָפּגעשפּאָרט פאַר זיך אַליין עפּעס אַ גוטן שינעל פאַרן וועג?...

באַלטעק האָט טרויעריק אַ צייג געטאָן אויף זיין אַלטן, היפּש אָפּגעטראָגענעם, קימאַט־דורכזיכטיקן שינעל און אַ זאָג געטאָן:

— אַזוי ווי דו זעסט. מיין סינעל איז ניט בעסער פון דיינעם. ער איז אויך פון דריטן סראָק...

מיר זענען פאַרטיק געוואָרן און אַוועק צום וואָקזאַל. אויפן וועג האָבן מיר געשפּילט, אַז די אינסטרומענטן האָבן אַזש שיער געפּלאַצט. אויפן וואָקזאַל, איידער מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די וואַגאָנען, האָט „וויעטער” זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן אויף די קני צו דוקלען און, אין ערנסט, גענומען בעטן ביי אים, אַז ער זאָל אים מוחל זיין פאַר די זינד וואָס ער איז אַמאָל באַגאַנגען קעגן אים; וואָס ער האָט אים גערופן „זשיד”, אָפּגעכויזעקט פון אים און — אַמאָל נאָך עפּשער אויך דערלאַנגט. ער האָט זיך געשוואוירן און צוגעזאָגט, אַז מער וועט ער אים שוין קיינמאָל ניט ווי טאָן און ניט באַליידיקן. אין וואַגאָן האָט ער זיך גאָר פאַנאַנדערגעוויינט מיט ביטערע טרערן און זיך ניט געקאָנט באַרויקן. ער האָט זיך אַלץ געהאַלטן אין איין ציילעמען און גערופן זיין טויטע מוטער פונעם קייווער:

— מאַמינקע מיינע לייבלעכע, מאַמינקע מיינע ליבינקע!...

זיין צעווייטיקט־דערשראָקענער פּאָנים האָט ביי אַלעמען פון דער קאָמאַנדע אַרויסגערופן אַ מאָדנע דערווידערונג. זיין געוויין, וואָס האָט אויסגעזען ווי דאָס פּישטשען פון אַ קליין קעצל, וועלכע מען האָט אומגערן אָנגעטראָטן אויפן עקל, — האָט אָפּשטויסנדיק געגרילצט אין די אויערן.

גרישונין האָט זיך געבייזערט און געשריגן, אַז מען זאָל אָט די צעיאַכמערטע „באַבע” אַרויסוואַרפן פונעם וואַגאָן. טערמאַקאָוו, דער פויער, וואָס כאָטש ער אַליין, האָט אויסגעזען, איז שוין קימאַט ווי באַווירקט געוואָרן פון „וויעטערס” געיאָמער און געהאַלטן אַליין אָט־אָט באַם אויספּלאַצן אין אַ געוויין, — האָט ער דאָך, ווי צום שטאַרקן זיך, מיט געמאַכטן קאַאַס אים אַ שפּיי געטאָן קימאַט גלייך אין זיינע אויגן אַריין און צוגעוואָרפן:

— וועסט אויפהערן קלאָגן, אָדער...עס איז שוין גענוג ביטער אָן דיר אויך...

עמעצער האָט זיך אַריינגעמישט:

— נו יאָ, אַ שיינער פישער יונג, זעט מען, איז ער דאָס אַמאָל געווען, דער צעקראָכענער!...

טשעריאַק האָט אויך אַריינגעוואָרפן זיין צעשטייער:

— זאָג מיר נאָר, גרויסער העלד מיינער, אפן יאָם ווען ביסט געבליבן אָן ווינט, האָסטו זיך אויך אַזוי צעפּיעסטשעט?...

דאָס קיבעצן איז אַריבער אין אַ קריגעריי און עס איז שיער געקומען צו אַ געשלעג. סטעפּאַקין האָט גלייך אַרויסגעצויגן אַף זיך זיין אָפיציעל-טרוקענע פּאָזע און גענומען שרייען. ער האָט זיך געביייזערט אַף יענע וואָס האָבן פאַרפירט דאָס קריגעריי און גענומען „באַרואיקן" דעם וויינענדיקן „וויעטערן". מיקלוימערש אין אַ גאַנץ ערנסטן טאָן האָט ער אים געזאָגט, אַז ער דאַרף זיך נאָך ניט נעמען צום האַרצן אַזוי פּריצייטיק און זיך ניט שרעקן פאַרן טויט:

— וואַרט אונטער אַביסעלע, ברודערל, — האָט ער געשפּאָט, — וועסט זיך פריער דאַרפן אַ קאַפּיטשקעלע גוט אָנפּלאָגן, ביז וועסט קאָנען זוכע זיין געהאַרגעט צו ווערן. דערווייל אָבער...

דאַווידאָוו איז געזעסן אין אַ זייט, זיך צוגעהערט צו די אַלע געוויינען און געשרייען, און געשוויגן. מיטאַמאָל האָט ער אַ לאַך געטאָן, קלוימערש ווי צו זיך אַליין, אָבער דערביי אַף גענוג קלאָר באַוויזן, אַז ער מיינט דערמיט סטעפּאַקינען. ער האָט געזאָגט:

— הע-הע, מען טאָר ניט וועקן די אינסטינקטן... מען דאַרף זיי לאָזן איינשלעפערן...זיי באַרואיקן...און ווי האָט עס דאָרט דעמלט דער באַזויפענער גענעראַל געהאַט געזאָגט?...

ער האָט סאַרקאַסטיש אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— מען דאַרף זיך פילן גליקלעך, וואָס מען האָט דערלעבט אַזאַ גרויסע זכיע: „זשיזן זאַ צאַריאַ", — ניט קיין קלייניקייט!...

קיינער האָט ניט אָפּגעענטפערט. עס האָט אויסגעזען, אַקוראַט ווי די נאָר-וואָס אַרויסגערעדטע ווערטער וואָלטן געבליבן הענגען ערגעץ אינמיטן פונעם וואַגאָן, אָדער גאָר אומבאַמערקט אַרויסגעפלויגן דורך די אָפענע וואַגאָן-טירן און אַוועק מיטן דרויסנדיקן ווינט... אַלע זענען געזעסן שטיל. מען האָט גענומען אייַנדרימלען...



# קאַפּיטל פיר

באַקוועם בּעאייסן פאָרן, איז אונדז שוין דאַווקע ניט געווען. דער וואַגאָן אונדזערער, וואָס האָט געהאַט אף זיך אן אויפשריפט, אַז ער איז פאַר „אַכט פערד, אָדער פערציק מענטשן”, און וועלכער האָט אין דער עמעסן געקאָנט אַריינגעמען ניט מער ווי העכסטנס אַכט־און־צוואַנציק, — איז געווען איבערגעפּאַקט פון אונדזערע עטלעכע און זעכציק יאַטן. עס איז דעריבער געווען אַזוי ענג אין וואַגאָן, אַז מען האָט זיך פּאָשעט געשלאָגן ביי אונדז פאַר אַ שטיקל פּלאַץ.

צוזאַמען, און עפשער טאַקע איבער דער ענגשאַפט, — איז אויך געווען זייער טומלדיק. אַ טייל יאַטן האָבן געזונגען, אַנדערע האָבן גערעדט, אָדער גאָר זיך געזידלט. אַ גרופּע איז געזעסן אפן דיל, לעבן דער אונטערשטער פּאָליצע, און געשפּילט אין קאָרטן...

די בּרייטע וואַגאָן־טירן זענען געווען בּרייט פּאַנאַנדערגערוקט אין בּיידע זייטן. עס זענען פאַרבייגעשוואומען ליידיקע, ווייסע און ווייטע זאַמד־פעלדער. די פלאַכע, טרוקענע מידבּאָר, וואָס האָט זיך געשפּרייט ווייט און בּרייט, — האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ פוילער, שלאָפנדיקער ריז. דער צוג איז האַסטיק געלאָפן. ווי אַ גרויסער מאָנסטער האָט ער זיך מעגורשעמדיק געריסן אין פאָרויס, געשלונגען מיט אַ פרעסערישער טאַיווע די אַנטקעגנקומענדיקע פעלדער מיט די שינעס, און — אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך וועלן רייצן מיט אונדז, — ניט אויפגעהערט רעווען מיט זיין ריזיקן פּיסק:

— צו דער שכיטע!... צו דער שכיטע!... צו דער שכיטע!...

טיילמאָל האָט דער לאָקאָמאָטיוו, אינמיטן זיין לויפן, זיך גאָר צעפּייפט עפּעס ווי אין דער וועלט אַריין:

— פיו־או־הו!... ראַ־טע־ווע־עט!...

וואוהין מען פירט אונדז — האָט קיינער ניט געוואוסט. פרעגן

זיך וועגן דעם — איז אויך ניט געווען באַ וועמען. סטעפּאַקין האָט געשוואוירן, אַז ער אַליין ווייסט אויך ניט.

באַ די אָפּשטעלן האָט מען אונדז באַפוילן צו שפּילן. צו אונד־זער וואַגאָן זענען צוגעקומען אַ צאָל אַלטע, צעקנייטשטע פויערטעס. זיי האָבן טרויעריק געשאָקלט מיט די קעפּ, געמאַכט פּיסקעס און געווישט די נאַסע אויגן און די צעקנייטשטע פּענימער מיט די בּרעגן פון זייערע גרויסע קאָלירטע פאַרטעכער. גלאָצנדיק פרום מיט די טרערנדיקע אויגן, — האָבן זיי אונדז איבערגעציילעמט מיט זייערע ביינערדיק־אויסגעדאַרטע פינגער, און אונדז געבענטשט. זיי האָבן אַריינגעוואָרפן צו אונדז טאָמאַטן מיט עפּעלעך און געשטופּט אין די הענט אַריין קווערטלעך מיט קאַלטן טרינק־וואַסער, זאָגנדיק:

— טרינק, זונדעלע, און דערלעב אַהיימצוקומען!...

זייערע צוואָונטשוגגען האָבן אף אונדז אויסגעגאָסן אַ שווערע שרעק. קוקנדיק אף זיי, האָט מען זיך דערמאַנט אין די אייגענע מאַמעס, אינדערהיים, — אַז עס האָט אַזש באַם האַרצן פאַרקלעמט...

אינגיכן האָט דער אויסזען פון דער געגנט זיך געביטן. עס האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן די זאַמדן און עס האָבן אָנגעהויבן פאַרבייפליען אייגציקע, איינזאַמע בוימלעך און, טיילמאָל, אַפילע אַ יונג שיטער וועלדל. ביסלעכווייז האָבן זיך גענומען שפּרייטן פאַר אונדזערע אויגן באַגריגטע פעלדער און פאַרצאַמטע ווייגגערטנער. אַ לויטערער הימל האָט געטראַכט מיט אַ מין שיטערער דורכזיכטיקער ווייסקייט, און אַ גרויסע אָונט־זון האָט אַרונטערגעשמייכלט מיט אַ פולן מויל צו אונדז...

באַ דער ערשטער גרויסער סטאַנציע, זענען מיר, קימאַט אַלע, אַרויסגעשפּרונגען פונעם וואַגאָן און — אין איילעניש — זיך געלאָזט לויפן צום דערבייאיקן זעלנערשן מאַרק. צי דערפאַר וואָס מיר האָבן דעמלט פּונקט געהאַט געלט מיט זיך, אָדער צוליבן אָנבליק פון די מאַסן אויסגעשטעלטע שפּייזן, — האָט די זשעדנעקייט צעשפּילט אין אונדז אַ שאַרפן הונגער. יעדער איינער פון אונדז האָט זיך דערפאַר געקויפט וואָס אים איז באַר אונטער דער האַנט געקומען, און — אין צופרידנקייט — זיך געטראָגן מיט די איינגעהאַנדלטע מעציעס.

טשעריאַק, דער פייקלער, איז צוריקגעקומען מיט דריי ריזיקע דיניעס, וועלכע ער האָט קוים געקאָנט דערשלעפּן. טערמאַקאָוו, דער פויער, האָט געטראָגן אַ גרויסן, האַלב־זיידן ברויט פון עפּשער אַ האַלבן פּוד די גרויס, צוזאַמען מיט צוויי פּאַפּירענע זעקלעך, פון וועלכע עס האָבן זיך אַרויסגעבליינדלט גרויסע און איבערגערייפטע

טאָמאַטן. דוקעל, דער באַוואַקסענער און „קרומפּיסיקער״, האָט אַף אַ שטריקל געשלעפּט אַ גרויסן, אויסטערלישן, געברוינטן פיש מיט אַ צעעפנטן פּיסק, און אַ גרויסן טיקינישן לאַוואַש*). „וויעטער״, דער פישער־יונג, האָט איינגעהאַנדלט אַ גראָבן, לאַנגן כאַזער־וואורשט, פון וועלכן עס האָט געטראָגן מיט קנאָבל און צוגעלעגנקייט, און אַ שנור בייגל— אָנגעהאַנגען באַ זיך אפן האַלדז. גרישונין האָט באַ זיך אפן אַקסל געטראָגן אַ ריזיקן קויש מיט ווייבטרויבן, וואָס וואָלט אַוואַדע געבורג געווען פאַר דריי קאָמאַנדעס. די איבעריקע יאַטן האָבן געשלעפּט קוישן מיט אוגערקעס, דיניעס, טאָמאַטן, פראַנצויזישע בולקעס און אַנדערע סאָרטן שפּייז. דער וואַגאָן איז פול געווען מיט פאַרשידענע עסנוואַרג...

באַלד האָט דער לאָקאָמאָטיוו גענומען סאָפּען און פייפן מיט אַן אָפּגעהאַקטן, פאַרנאַכטיקן אויסרוף, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין די דערבייאיקע ווייגערטנער מיט אַ ווידערקאָל פון שווערער בענגשאַפט. דער צוג האָט גענומען רירן. יענע יאַטן, וואָס זענען נאָך געווען אינדרויסן, — האָבן אין איילעניש גענומען אַריינוואַרפן זייער אָנגע־קויפטע שפּייז אין וואַגאָן אַריין און אַליין, מיט פאַמעלעכע טריט, נאָכגעגאַנגען די קריכנדיקע וואַגאָנען. אינגיכן, אָבער, האָט דער צוג אָנגעהויבן גיין שנעלער. כעוורע האָבן זיך געפּרואווט אַריינכאַפּן אין וואַגאָן אַריין, און ניט געקאָנט. קיין טרעפּלעך, אָדער אַזוי אין עפּעס וואָס זיך אָנצוכאַפּן, איז ניט געווען. מיר האָבן דעריבער צו זיי אַרויסדערלאַנגט אונדזערע הענט און גאַנץ שווער געהאָרעוועט ביז מיר האָבן באַוויזן זיי אַלעמען אַריינצושלעפּן...

*****

**כעוורע** האָבן זיך גענומען אויסצופּאַקעווען די איינגעקויפטע שפּייז און זיך דערביי באַרימט מיט די איינגעהאַנ־דלטע מעציעס. גרישונין האָט אַרונטערגעריסן דאָס ווייסע לייוונטענע הייבל פונעם קויש און — אָבווייזנדיק אף די גרויסע, גרינלעכע ווייבטרויבן — וואוילינגעריש פאַרלייגט זיינע הענט אף די באָקעס און, מיט שטאָלץ, אַרויסרופעריש אַ פרעג געטאָן:

— איז וויפל, מיינט איר, כעוורע, קאָסט אָט דאָס־אָ?...נו, אָט, אַ־נו־קאַ, טרעפט איינמיסטן!...

דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָור האָט מיט קינע געקוקט אפן קויש

*) אַזאַ טיקינישער פלאַכער ברויט.

און — מיט אַ פלעגמאַטיש-צעוויקטער שטימע — אַ קרעכץ געטאָן:

— כ׳וויס... — האָט ער פויל אַ הויב געטאָן מיט אַן אַקסל, — מיסטאָמע אַ רובל אַוואַדע. ניט ענ?עס?...

גודמאַן איז צוגעגאַנגען מיט זײַנע בּרייטע, געמאָסטענע טריט. ער האָט, ווי אַ בּאַלעבאָס, אָפּגעריסן אַ טרויב און — פּאָרזיכטיק, מיט אַ מינע ווי דאָס וואָלט געווען סאַם — אָפּגעביסן דערפון אַ שפּיצל. דערנאָך האָט ער פאַרזשמורעט די אויגן פאַר אַ ווייל, זיך בּאַלעקט און — מאַיסע מייוון — מיט גרינגשעצונג אַ וואָרף צו געטאָן:

— רוי!...אַזאַ מעציע האָט ניט די ווערט אַפילע קיין זיבעציק קאָפּיקעס!...

גרישונין האָט בּייז אַ קוק געטאָן אויף אים, אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אַ ווענד געטאָן צו די איבעריקע:

— נו, וואָס זאָגט איר עפּעס אף אַזאַ גרויסן כאָכעם? — האָט ער, מיט ביטערקייט, אַ לאַך געטאָן און זיך גלייך צוריקגעדרייט צו גודמאַנען, — נו, אַדראַבּע, עפּשער וואָלסטו אונדז טאַקע בּאַוויזן וואָסער גרויסער העלד דו ביסט און דאָס געקראָגן פאַר צוויי רובל...

טשעריאַק, וואָס האָט בּעאיין אויפן ניט געקאָנט פאַרליידן קיין אַוולעס, האָט זיך פלינק אַ רוק אַריין געטאָן אינמיטן פונעם וואַגאָן און גענומען מאַכן אַ פשאָרע:

— ע, וואָסער כילעק איז עס וויפל ס׳האָט די ווערט?!...דו זאָג אונדז בּעסער וויפל דו האָסט בּאַצאָלט דערפאַר און פאָטער...

גרישונין איז אַפּאָנים געווען צופרידן פון אָט דער דאָזיקער פראַגע, טשעריאַקס. דערויף האָט ער, ווייזט אויס, נאָר געוואַרט. ער האָט זיך דעריבּער גלייך צעלאַכט מיט אַ בּרייט געלעכטער:

— אָ-כאָ-כאָ, בּאַצאָלט, פּרעגסטו?...אָט אַזויפיל, אָ-כאָ-כאָ!...

ער האָט פלינק אַ דריי געטאָן מיט דער האַנט. די פינגער זײַנע זענען דערבּיי אַ לויף געטאָן אין אַ האַלבּן רונד, וואָס האָט בּאַוויזן, אַז ער האָט עס ניט געקויפט, נאָר פּאָשעט צוגעשלעפּט.

— אָ! — האָט טשעריאַק פריילעך אַ פייף געטאָן, — אויב אַזוי, קאָנען מיר דאָך אַלע, הייסט עס, געניסן דערפון. ניט אַזוי?...

סטעפּאַקין, וועלכער איז בּיז דעם מאָמענט געשטאַנען לעבּן דער אָפענער טיר פון וואַגאָן און אַרויסגעקוקט אינדרויסן אַרויס, — האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעדרייט און זיך גענומען צוקוקן ווי כעוורע פאַקן אויס די עסנס. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז ער אַליין, ווייל ער איז געווען פאַרנומען, האָט גאָרניט אײַנגעקויפט, און — אַ פאַרשעמטער, — טאַמעוואַטע אַ מורמל געטאָן:

— עפּשער, יאַטן, וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז מיר זאָלן מאַכן אַן אַרטעל? עסן, הייסט עס, ווי פון איין שיסל... אין אַן אַרטעל, פאַרשטייט איר מיך, וואָלט אַזאַ אָרימאַן ווי איך זיך מיסטאָמע אויך געקאָנט עטוואָס דאָס האַרץ אונטערלענען...

אַלע האָבן צוגעשטימט. בלויז טערמאַקאָוו האָט זיך געקרימט:

— ווען איך ווייס פריער, אַז מען וועט קאָנען פאָרן אף טראָמבע, וואָלט איך אויך גאָרניט געווען איינגעקויפט. איך...

גרישונין האָט בייז אַ קוק געטאָן אף אים און צוגעוואָרפן:

— ווער דאַרף דיך? דו פרעס דיר דיינע טאָמאַטן צעזעצטערהייט איינער אַליין. פריער — בלייבט שטענדיק פריער!...

טערמאַקאָוו האָט זיך צעטומלט און, אַ פאַרשעמטער, אַרונטערגעלאָזט זיינע אויגן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן וואָס מען רופט אים פריער. ער האָט זיך גענומען קראַצן אין קאַרק און זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט בלויז געשפּאַסט. און — ווי צו באַווייזן דאָס — ווי אַ פאַרשולדיקטער צוגעטראָגן זיין שפּייז צום מיטן פון וואַגאָן:

— אַז מען וויל אַן אַרטעל — טאָ זאָל זיין אַן אַרטעל! — האָט ער זיך געבעטן. — אין אַן אַרטעל וועל איך זיך דאָך אַוואַדע אויך קאָנען אויסקלויבן וואָס מיר וועט געפעלן זיין...

דער געשטופּלטער יערמישין האָט איבערגעקערט זיין גרויסן פּויק, אים אַוועקגעשטעלט אינמיטן וואַגאָן, ווי אַ טיש, און צוזאַמענגענומען אַלעמענס שפּייז. באַלד האָט מען זיך גענומען צו דער אַכילע. אַלע האָבן געשלונגען גיך, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז עס וועט ניט סטייען פאַר יעדן. און יעדער האָט זיך דאַווקע געקליבן וואָס ער האָט געוואָלט און וואָס אַ צווייטער האָט געקויפט. גורמאַן האָט זיך צוגעכאַפּט צו די ווייַנטרויבן און זיי געשלונגען איינס נאָכן אַנדערן. גרישונין האָט אים געטריבן מיט אַ געמאַכטן קאַאַס:

— זעסטו, דיך וואָלט מען ביכלאַל ניט געדאַרפט צולאָזן אַהער! ניט דו האָסט אַליין געקויפט עפּעס און ניט דו האָסט געהאָלפן עפּעס צושלעפּן! אַלעמאָל קומסטו נאָר צום גרייטן! אַז ביסט טאָמיד נאָר געוואוינט צו לעבן אף אַ פרעמדן כעזשבן, זאַראַזע!...

אין וואַגאָן איז געוואָרן אַ געלעכטער. בלויז איין דראַבּולקין האָט ניט מיטגעלאַכט. ער — אַן איינגעדאַרטער, אָרימער יונג, וואָס האָט קיינמאָל קיין קאָפּיקע באַ דער נעשאָמע ניט פאַרמאָגט און איז שטענדיק מעקאַנע געווען יענע, וואָס פלעגן אַמאָל באַקומען צוגעשיקט פון דער היים עטלעכע קערבלעך. דאָס, וואָס ער פלעגט אַמאָל אין אַ יו״וול באַקומען זיין כיילעק שפּיל-געלט, האָט אים קוים געסטייעט

אַף מאַכאָרקע און אַף פּאָסט־מאַרקעס, אַהיימצושיקן אַ בריוו צום ווייב, אין דאָרף אַריין. ער — אויב ער האָט שוין אַמאָל יאָ וועגן עס איז געקראָגן אַן איבעריקע קאָפּיקע, — איז געלעגן דערויף ווי אַ הונט אַפן ביין און גאָרניט אויסגעגעבן דערפון. איצט, דערפאַר וואָס ער אַליין האָט אויך גאָרניט איינגעקויפט און גאָרניט אַריינגעטראָגן אינעם אַרטעל, — האָט זיך געפילט געטראָפן און זיך גענומען פאַרענטפערן:

— אָ־האָ, ווען איך וואָלט פאַרמאָגן אַזויפיל געלט ווי דער זשיד גודמאַן, וואָלט איך שוין געמאַכט אַן עמעסע סודע!...איך וואָלט, ביי גאָט, געשטעלט אַ האַלב קענדל שנאַפּס פאַר דער קאָמאַנדע און...

דערהערט רעדן וועגן שנאַפּס, האָט זיך גרישונין אַזש ווי גענומען באַלעקן פון בלויזן דערמאַנען זיך:

— עך־מאַ, — האָט ער אַ זיפץ געטאָן, — ווען מען זאָל עס נאָר קאָנען קריגן, וואָלט עס בעעמעס געווען אַ טייערער איניען!... אָבער נישקאָשע: אַזוי ווי מיר קומען נאָר אָן קיין קראַסנאָוואָדסק, אַזוי שיקער איך זיך אָן, אַז דער טייוול וועט גיין אַ טענצל!...

דאַווידאָוו האָט אַף אים אַ קוק געטאָן און אים אויסגערעדט:

— עך, דו, בער אומגעלומפּערטער, מיט קיין שנאַפּס וועסטו זיך אָבער טאָמיד ניט קאָנען פאַרגיסן...דיינע צאָרעס וועלן אויך דורכן שנאַפּס זיך דורכרייסן און דורכדרינגען...

גרישונין האָט זיך מאָדנע אומגעקוקט און ברויגעזלעך אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— וואָס פרעדיקסטו מיר אַזעלכענע נאַרישקייטן?!... מיר האָבן שוין אַזעלכענע מאַיסעס געהערט אינדערהיים נאָך, פון דעם אַלטן, קאָלטענעוואַטן גאַלעך!...

ער האָט צונויפגעלייגט זיינע ביידע דלאָניעס און מיט כויזעק גענומען בלעקעצן:

— האָספּאָדי פּאָמילוי... האָספּאָדי פּאָמילוי...

עס איז שטיל געוואָרן. יאַטן האָבן נאָך געהאַלטן אין פאַרענדיקן זייערע לעצטע ביסנס. יענע וואָס זענען שוין פאַרטיק געווען, האָבן זיך אַוועקגעזעצט באַ די טירן מיט אַרויסגעהאַנגענע פיס און אַרויסגעקוקט אינדרויסן, נאָכגעפאָלגט די געגנט און געזען ווי די גרינקייט ווערט ווידער ביסלעכווייז פאַרשוואונדן פון די אויגן.

די גאַנצע לאַנדשאַפט, אינדרויסן, האָט זיך ווידער געביטן. עס זענען פאַרשוואונדן מיטאַמאָל די ווייַנגערטנער און די גרינע לאָנקעס. ווידער האָט עס זיך גענומען שפרייטן מיט ווייסע, גרויסע פלאַכטעס פון טרוקן־זאַמדיקע מידבאָריעס. אַ ווינט האָט געוואָיעט, פּונקט ווי אַ

מאַכנע הונגעריקע וועלף וואָלטן באַנגעלאָפן דעם איילנדיקן צוג. דאָס זאַמד האָט זיך געכוואַליעט אַזוי ווי וואַסער אין אַ שטורעמדיקן יאַם. עס האָט אויסגעזען, ווי דער ווינט וואָלט דאָ אָפּגעטאָן עפּעס אַ גאַר מיעס שטיקל אַרבעט און דאָס געוואָלט פאַרדעקן מיט זאַמד...

פּלוצלונג איז איין וואַגאָן ביי אונדז אויסגעבראָכן אַ טומל. פון דעם געכאַפּטן און געמישטן איבערפרעסן זיך זענען עטלעכע יאַטן קראַנק געוואָרן. צום ערגסטן האָבן געליטן דוקעל און דראַבולקין. זיי האָבן באַקומען שטאַרקע בויך־ווייטיקן, זיך גענומען וואַרפן אף דער ערד און זיך געמוטשעט אין קראַמפן. זיי האָבן געוויינט און זיך געבעטן, אַז מען זאָל גלייך אָפּשטעלן דעם צוג און זיי אַרויסלאָזן, ווייל אַנדערש וועלן זיי פּאָשעט צעפּלאַצן. דוקעל איז אַזוי געוואָרן צעווילדעוועט פון זייבע ווייטיקן, אַז ער האָט זיך מאַמעש געוואָלט אַרויסוואַרפן דורך דער אָפענער טיר פון וואַגאָן. מיר האָבן געקוקט אף זיי און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. צו אַסכאַבאַד, דער קומענ־דיקער סטאַנציע, איז נאָך גאַנץ ווייט געווען און זייערע געשרייען זענען מיט יעדער מינוט געוואָרן אַלץ ווילדער און פּיינלעכער...

דראַבולקין איז מיטאַמאָל גאָר אויפגעשפּרונגען. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן עפּעס אַ שטיק פּאַפּיר, דאָס גענומען אויסשפּרייטן אפן דיל פונעם וואַגאָן און זיך געקליבן אָוועקזעצן דערויף... כעוורע האָבן גענומען שרייען און זידלען. ס׳האָבן זיך געטראָגן קוילעס:

— וואָס גייט ער טאָן, דער מענוואָול?!...

— ער איז מעשוגע געוואָרן, ניט אַנדערש!... הערט אַ מאַיסע: אין וואַגאָן גאָר אַזאַ זאַך!...

— לאָזט אים, וואָרים ער וועט דאָך נאָך די כאָלערע קריגן!...

— גוט אַזוי. ניט געדאַרפט פרעסן אַזויפיל, די כאַזיירים!...

סטעפּאַקין איז געשטאַנען איבער זיי און געבעטן, אַז זיי זאָלן זיך באַרואיקן און צוואַרטן ביז צו דער סטאַנציע. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. זיי האָבן זיך געקייקלט אף דער ערד אין יעסורים און געשריגן מיט באַנומענע קוילעס, אַז מען זאָל זיי ראַטעווען.

טשעריאַק האָט עפּעס אינדערשטיל אַ זאָג געטאָן צו סטעפּאַקינען. יענער האָט פאַרגיסיקנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און באַלד אַלעמען באַפוילן אָוועקצוגיין פון די טירן. דערנאָך האָט ער צוגערוקט די טירן אף אַ העלפט; געלאָזט זיי אָפן בלויז אַזויפיל, אַז אַ מענטש זאָל ניט קאָנען דורכפּאַלן. אין די דאָזיקע טיר־עפענונגען — האָלב אינדרויסן אַרויס, און מיט די פּעני׳מער אינעווייניק אַריין — האָבן מיר איין טיר אָוועקגעזעצט דוקלען און — אין דער צווייטער—

דראַבולקינען. מיר אַלע האָבן זיך דאַן, פאַרשטייט זיך, אָפּגעקערט פאַר אַ ווייל און...אין עטלעכע מינוטן שפּעטער האָבן די טירן — איןביידע זייטן — זיך צוריק פאַנאַנדערגערוקט מיט אַ גרילץ...

*****

**כאַטש** ווי ענג עס איז אונדז געווען אין וואַגאָן, איז בייטאָג נאָך אַלץ געווען צו דערליידן. דערפאַר, אָבער, איז ביינאַכט געוואָרן אַזאַ ענגשאַפט, אַז עס איז פּאָשעט קיין פּלאַץ ניט געווען וואו אַוועקצולייגן זיך. צום מערסטן פון אַלעמען האָבן געליטן: גרישונין, יערמישין און סאַלעצקי, — די דריי גרויסע „בערן" פון קאָמאַנדע. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין באַקלאָגן, אַז זיי האָבן ניט וואו די פיס אויסצוציען. אויפגערעגטע האָבן זיי געזידלט סטאַם אין דער וועלט אַריין און אַלץ געמרוקעט. סטעפּאַקין אַליין איז אינגאַנצן אויך ניט געשלאָפן. ווי אַ רועך האָט ער מיט זיינע דאַרע, לאַנגע פיס אַרומגעשפּרייזט איבער די צונויפגעפּלאָכטענע קערפּערס, וואָס זענען געלעגן צעשפּרייט איבערן גאַנצן דיל, און דערביי צעצויגן-לעפּיש אונטערגעמורמלט:

— שלעכט, פאַרדאַמט שלעכט!...

און גלייך, ווי ער וואָלט מוירע געקראָגן, אַז עמעצער פון די יאַטן זאָל עס נאָך אַמאָל דערהערן, גלייך צוגעגעבן:

— מען קאָן זיך ניט העלפן. מילכאָמע איז ניט קיין שפּילכל...

דאַווידאָוו, וואָס האָט אויך ניט געהאַט קיין פּלאַץ פאַר זיך, און איז דעריבער געזעסן אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט און אַזוי, מיטן קאָפּ אין די הענט אַריינגעלאָזט, אונטערגעדרימלט, — האָט אויפגעכאַפּט סטעפּאַקינס רייד. ער האָט מיט סאַרקאַסטישן כויזעק צוגעוואָרפן:

— מילכאָמע איז ניט קיין שפּילכל? — עמעס!...אָבער ווער פון אונדז האָט עס דען געוואָלט אַ שפּילכל?...

סטעפּאַקין האָט דערויף ניט געענטפערט. ער האָט ערגעץ געפונען אַ פּיצל שפּאַלט צווישן די ליגנדיקע און זיך דאָרט געפּרובירט ווי ניט איז איינזעצן. ער האָט געשוויגן, אָבער קלאָר איז געווען, אַז דאָס וואָס ער מיידט אויס זיך צו באַקלאָגן, איז דערפאַר ווייל ער וויל ניט, אַז דאַווידאָוו זאָל אים האָבן מיט וואָס צו שטעכעלירן.

אין וואַגאָן איז געווען שווער און פינצטער, ווי אין עפּעס אַן אונטערערדישער הייל. ס'האָט געשטיקט ווי פוילע שטרוי אין אַ נאַסן, פאַרדומפּענעם קעלער. די ברייטע וואַגאָן-טירן האָבן מיר געמוזט

האַלטן צוגערוקט אף בײנאַכט, קעדײ מען זאָל קאָנען צעלײגן וואָס מער יאַטן אפן דיל און עס זאָל ניט זײן קײן געפאַר אַרויסצעפאַלן. די פיר קלײנע, האַלב־אָפענע ווענטילאַציע־פענצטערלעך, וואָס אינ־דערהויך, איבער די פאָליצעס, האָבן קימאַט גאָרניט געהאָלפן. לופט איז ניט אַרײנגעקומען גענוג אף קעגנצואווידקן דער אײגענער שטי־קעניש. מיר זענען דעריבער געלעגן, געהוסט, געקרעכצט און זיך געבאָדן אײנער אין צווײטנס שוויס...

*****

**שפעט** אין אָוונט, נאָך צווײ טעג פאָרן, זענען מיר אָנגעקומען קײן קראַסנאָוואָדסק. אין אײלעניש האָבן מיר זיך אויסגעלאָדן פון די וואַגאָנען און — דורך שוואַרץ־געהילטע, אומבאַלויכטענע געסלעך — אַוועקמאַרשירט צום יאַם־ברעג.

צו געפינען די שיף, אף וועלכער מיר האָבן געדאַרפט זיך איצט אויפזעצן, איז אונדז ניט שווער אויסגעקומען. נאָך פון ווײטן האָט די גרויסע, ווײס־געפאַרבטע שיף געוואונקען צו אונדז מיט אַ צאָל זילבער־צעשטראַלטע לאָמפן, וואָס האָבן צעשאָטן מאַסן שאַרף־שפיציקע שטראַל־שפיזלען אין דער שטאָטישער פינצטערניש אַרײן.

מיר האָבן אָנגעהויבן אויפשטײגן, אָבער גלײך אויסגעפונען, אַז אַלע ליוקעס אף דער שיף זענען נאָך פון פריער פאַרנומען געווען פון מיליטער און פערד. מיר, ווײל מיר זענען געווען די סאַמע לעצטע אָנצוקומען אַהער, האָבן זיך דעריבער געדאַרפט ווי ניט איז אײנאָרדנען אפן סאַמע דעק פון דער שיף און דאָס איז געווען, פאַרשטײט זיך, ווײט פון צו זײן באַקוועם פאַר אונדז.

באַלד ווי מיר האָבן אויפגעשטײגט, האָט די שיף זיך גענומען רירן. געלאַסן האָט זי זיך אָפגערוקט פונעם ברעג, זיך אויסגעדרײט און זיך גענומען דערווײטערן. דער פינצטערער ברעג האָט—ווי צום געזעגענען זיך — געוואָרפן מיט שוואַרצע שאָטנס פון זיך און דער לײכט־טורעם האָט צוגעפינטלט מיט אַ גרין אויג. אינגיכן איז די שיף אַרײן אין אָפענעם יאַם. דאָס וואַסער איז געווען אומרואיק. די שוואַרצע כוואַליעס האָבן געשטורעמט, געוויגט און געשלײדערט די שיף אין אַלע זײטן. דאָס שווערע כאַשכעס אַרום האָט געשראָקן. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלץ אַרום וואָלט פאַרהילט געווען מיט שוואַרצע דעקן. מיר זענען געזעסן צונויפגערוקט אינאײנעם און געשוויגן... מיט יעדער מינוט האָט עס אַלץ שטאַרקער געוואָרפן. נאָך אַ קורצער

צייט פאַרן, איז אַ טייל פון קאָמאַנדע קראַנק געוואָרן. אַ צאָל יאַטן האָבן געבראָכן מיט דער גרינגער גאַל און שיער ניט די קישקעס אַרויסגעשפּיגן פון זיך...

מיר האָבן זיך צעלייגט אפן דעק, אָבער קיינער האָט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. עטלעכע יאַטן האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אַהין און צוריק ווי שיקורים. אימיצער האָט געוויינט. אַ צווייטער האָט געקרעכצט ווי אַ פרוי וואָס גייט צו קינד. אַ דריטער האָט זיך גאָר געצייילעמט. אַפילע „וויעטער", וואָס איז געוואוינט געוועזן צום יאַם, האָט אויך יעדע ווייל אַרויסגעלאָזט אַ צוויישיקסטן קרעכץ. בלויז גרישונין איז איז געוועזן רואיק. ער איז געלעגן אויסגעלייגט מיט דער פּלייצע אפן דעק און זיך ניט באַוועגט. ער האָט אַלעמען געאייצעט, זיך אָרועקצולייגן לעבן איבן, קעדיי ניט איינגעוויגט צו ווערן און — דערביי ניט אויפגעהערט זיך בייזערן און שרייען:

— איר וועט לאָזן איינליגן, צי ניט?... מאַלפּעס, וואָס איר זייט, אַ כאָלערע אייך אין די ביינער!...

דוקעל, וועלכער איז אויך געלעגן דערביי, האָט געהאַלטן אין איין שפּייען און כראַקען. יאַטן האָבן געמאַכט קוילעס און גוואַלדן. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען:

— הויב זיך אויף, דו לוי איצלעך איינער!...הויב זיך אויף און הער בעסער אויף צו שפּייען!...

— שפּיי־שפּיי, אָט וועל איך דיר מאַכן אַ שפּיי־באָד, אַז וועסט זיך באַ מיר באַלד מיט בלוט באַוואַשן!...

— צווישן די פערד, אין אונטערשטן ליוק, האָט מען אים גאָר געדאַרפט לייגן, דעם פאַסקודע...

דוקעל האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט פאַרקוועטשט די ליפּן און זיך אָנגעשטרענגט איינצוהאַלטן דאָס ביטערקייט, וואָס האָט זיך געשפּאַרט אין אים. ער האָט געמאַכט מאָדנע פּיינלעכע האַוואַיעס מיטן צווייטיקסטן פּאָנים, זיך געקרימט און געמרוקעט. מיטאַמאָל האָט ער פאַרגלייזט די אויגן, זיך אַ דריי געטאָן, אויסגעגאָסן פון זיך אַ יאַם מיט גרינלעכער פליסיקייט און דערמיט באַגאָסן אַלעמען אַרום זיך...

דער טומל איז באַנייט געוואָרן. גרישונין האָט זיך אויפגעזעצט און אַ שטויס געטאָן דוקלען אין זייט. טערמאַקאָוו האָט אויך געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער אַליין האָט אויך געהאַלטן אין איין שלינגען און רייבן די ליפּן, צו פאַרטרייבן די איבלקייט פון זיך. טשעריאַק, וואָס איז געשטאַנען דעזשורנע אפן דעק, האָט אַ נעם געטאָן דוקלען ביי אַ פוס, אים געשלעפּט און געשריגן:

— הער, דו, „קאָסאָלאַפּי", אויב וועסט גלייך ניט אויפהערן צו פּראַווען דאָ דיינע פּוילע שטיק, וועל איך דיך אַרונטעריאָגן אַהינצו אין יאַם אַריין, ערן וואָרט!...

דוקעל האָט געמאַכט קוילעס, ווי מען וואָלט אים דאָ געקוילעט. סטעפּאַקין, וועלכער איז געשטאַנען ניט ווייט פונעם פּלאַץ און אַליין געהאַלטן דעם קאָפּ אַריבערגעבויגן איבער דער פּאָרענטשע, — האָט אַ זייטיקן קוק געטאָן צו אונדז און בייז צוגעוואָרפן:

— שווייגט שוין אַמאָל, באַבעס פאַרשאָלטענע, שווייגט!...

די געשרייען האָבן זיך אָבער ניט איינגעשטילט. יעדער שאָקל פון דער שיף האָט אַרויסגערופן אַ ניי געשריי. די כוואַליעס האָבן זיך געהויבן ווי מויערן. זיי האָבן געפּאַטשט די זייטן פון שיף, און מיט כויזעק זי געוואָרפן פון כוואַליע צו כוואַליע, ווי אַ שפּענדל. די צעשפּאָלטענע כוואַליעס האָבן זיך געריסן, יעדעסמאָל אַ שפּיי געטאָן אַפן דעק מיט אַ שפּריי־רעגן, און אַלעמען דורכגעווייקט. פונדערהויך האָט אַרונטערגעגלאַנצט אַ טאַמעוואַט־נאַסע לעוואָנע, וואָס האָט אויסגעזען נאַריש און איבעריק, און געשטאָכן מיט שפּיציקע זילבער־נאָדלען גלייך אין די מידע, פאַרשלאָפענע אויגן אַריין...

מיטאַמאָל:

דער שיף־גלאָק האָט זיך צעקלונגען מיט אַ שווערן געבּרום אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין. אַ פּיין־שרעק האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. מאַטראָזן — אין הויכע גומענע שטיוול און מאַנטלען — זענען אַרויסגעלאָפן איילנדיקע פון זייערע ליוקעס, ווי פון אַ סריפּע. זיי האָבן געשריגן מיט באַנומענע קוילעס און זיך האַסטיק אַוועקגעלאָזט צום עק שיף, שלעפּנדיק מיט זיך גראָבע, לאַנגע שטריק. מיר — דערשראָקענע און צעטומלטע — האָבן זיי נאָכגעקוקט מיט טעמפּע בליקן און ניט געוואוסט, צי מיר זאָלן אָנטאָן די רעטונגס־גאַרטלען, אָדער אַזוי שפּרינגען אין וואַסער אַריין. מיר האָבן געקוקט איינער אַפן צווייטן און געשוויגן מיט פאַרשטשעמעטע צײַן. עטלעכע יאַטן האָבן אויסגעבראָכן אין אַ ווילדער יעלאָלע. די צעשראָקענע גוואַלדן האָבן זיך צונויפגעמישט און זענען אַזוי צוזאַמען פאַרטרונקען געוואָרן אינעם כוואַליעדיק־בייזן יאַם. דער „באָצמאַן" — אַ הייסער און שווערער — איז אָנגעלאָפן מיט זיין גאַנצער ריזיקער גרויס, האָט געזידלט און זיך נאָכגעפרעגט אַפן עלטסטן. סטעפּאַקין האָט זיך טויט־דערשראָקן אַ שטעל געטאָן פאַר אים אַן אויסגעצויגענער, ווי פאַר אַ געבעראַל, און געוואַרט וואָס יענער וועט אים זאָגן.

— העי, זאָג דיינע באַבעס דאָרט, אַז זיי זאָלן אַזוי ניט טומלען,

— האָט דער „באָצמאַן״ געשריגן צו סטעפּאַקינען מיט זיין געהאַקטער שווערער שטימע, וואָס איז געווען ווי דער קלאַנג פון שיף־גלאָק, — זאָג זיי, אַז אויב עס וועט עפּעס געשען, וועלן מיר איך לאָזן וויסן און...דערווייל אָבער איז גאָרניט געשען. בלויז אַ באַרזשע מיט סאָלדאַטן האָט זיך אָפּגעריסן פונעם שטריק און אַוועק אין יאַם.

ער האָט אַ שפּיי געטאָן מיט אַ פולן מויל און זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיינע שווערע שטיוול צום עק שיף, וואו די מאַטראָזן האָבן זיך געפּאָרעט אין דער פינצטערניש.

מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. פאַר דער באַרזשע מיט סאָלדאַטן, וועלכע זענען געווען אין געפאַר פאַרטראָגן צו ווערן פון די ווילדע כוואַליעס, — האָט אונדז שוין אַפּאַנים אַזוי שטאַרק ניט געאַרט, אַבי מיר אַליין האָבן ניט געדאַרפט שפּרינגען אין וואַסער. מיט אַ מאָדנע גלייכגילט האָבן מיר נאָכגעקוקט דעם „באָצמאַן״ און זיך איינגעהערט אין זיין רויען קאָמאַנדעווען און שרייען אויף די מאַטראָזן, וועלכע האָבן זיך אַרומגעלאָזט אין אַ קליין שיפל אָפן ברויזנדיק־ווילדן יאַם, אין אַ פאַרזוך אָנצוכאַפּן די אָפּגעריסענע באַרזשע.

די שיף — ווייל זי איז איצט געשטאַנען אויף אַ פלאַץ — האָט נאָך מער געשליידערט און געוואָרפן ווי בעאייסן פאָרן. אונטער אַן אָנגע־שטעלטן פּראָזשעקטאָר האָבן מיר געזען ווי די מאַטראָזן האָבן אין פאַרצווייפלונג געהאָרעוועט מיט זייערע וועסלעס; ווי זיי האָבן זיך געהוידעט אויף די שוימיקע רוקנס פון די צעווילדעוועט־שפּיציקע און שוימיקע כוואַליעס, וואָס האָבן פאַרטרונקען זייערע געשרייען און קלאָלעס אין דער שווערער, פינצטערער נאַכט אַריין.

עס האָט געדויערט אַ צייט. מיטאַמאָל האָט זיך פון ערגעץ אין דער וויים אַהערדערטראָגן אויסרופן און פרייד־געשרייען. די מאַטראָזן האָבן דערגרייכט די אָפּגעריסענע באַרזשע, פלינק אַריבערגעוואָרפן אַ שטריק אַהינצו, צו זיי, און גלייך גענומען צוריקרודערן צו דער שיף. מיר האָבן זיך ענדלעך איינגאַנצן באַרואיקט.

אָפן ווייטן, פינצטערן האָריזאָנט, האָט זיך פּאַמעלעכערהייט אַריינגעשניטן אַ דינינקער, רויטער פּאַסיקל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסע פייער־שווערד, ביסלעכווייז האָט זיך דערפון גענומען אַרויסהויבן אַ רויטלעכער קייקל, וואָס האָט אונטערגעצונדן דעם יאַם און דעם הימל אין אַ פייערדיקער סריפּע. עס האָט אָנגעהויבן בלויען. די מאַטראָזן זענען צוריקגעקומען צעווייקטע און שווערע. זיי האָבן פאַרפעסטיקט די שטריק און די שיף האָט גענומען רירן...

*****

**אַ יונגער** רואיקער פרימאָרגן איז געבוירן געוואָרן. דער יאַם־דעק — ווי אַ גלאַטיק־פּאַרבעטע בעט — איז געלעגן רואיק אויסגעשפּרייט. עס איז געווען שווער צו דערקענען, אַז עס איז פריער געווען אַ שטורעם. די מאַטראָזן האָבן גענומען אַרבעטן. מיט גרויסע גומע־קישקעס און בעזימער האָבן זיי אַרונטערגעוואַשן דעם אָנגעגאָסענעם שמוץ פון איבער נאַכט אפן דעק. עס איז געווען כיעסדיק פריש. עס האָט פאַרשמעקט מיט פיש און פיש־אויל. יאַם־כאַזיירים זענען מאַסנווייז אַרומגעשוואומען אַרום דער שיף, האָבן זיך שטיפעריש געהויבן און געשפּרונגען איבערן וואַסער... עס האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אַ לעבעדיקע אויפהייטערונג...

געבעצנדיקע אָפיצירן האָבן אַרויסגערוקט זייערע אויסגעכאָליעטע פּעני־מער דורך די קאַיוטע־פענצטערלעך, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען צום דעק. זיי האָבן שטומערהייט אַ קוק געטאָן אפן וואַסער און גלייך צוריק אַריינגעכאַפּט די קעפּ. באַלד זענען עטלעכע פון זיי אַרויסגע־קומען מיט אָנגעהאַנגענע מונדירן איבער די אַקסלען, האָבן פאַרגאַפטע געקוקט אפן יאַם און, ווי קליינע קינדער מיט ניי־באַקומענע שפּילצייג — זיך היסלייוועסדיק געפריייט מיט יעדן ניי־באַוויזענעם פיש.

סאַוואָראָף איז אַרויסגעקומען אַ פאַרשלאָפענער. זיין פּאָנים איז געווען אָנגעברויגעזט און צעקנייטשטער ווי טאָמיד. ער האָט זיך פאַר אַ ווייל אַרומגעדרייט, אונטערגעברומט עפּעס אונטער דער נאָז, צוגעגאַנגען צו סטעפּאַקינען און מיטאַמאָל אַ באַפעל געטאָן:

— נעמט די אינסטרומענטן!...

די קאָמאַנדע איז געבליבן שטיין ווי אָפּהענטיק און אויפגערעגט. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט אומצופרידענע מורמלערייען, אַז מען קאָן ניט שפּילן, ווייל מען איז מיד, שלעפעריק און קראַנק. סטעפּאַקין, האָט מען געזען, האָט יאָ געוואָלט סאַוואָראָפן עפּעס זאָגן וועגן דעם, אָבער איז גלייך באַם ערשטן וואָרט ווי פאַרשטומט געוואָרן. ווייל פונקט אין דער מינוט איז אָנגעגאַנגען דער אַדיוטאַנט...

ער, דער אַדיוטאַנט, איז געווען אַן אָנגעבלאָזן מענטשל, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט קיינמאָל קיינעם ניט געזען אַרום זיך, כיידן דאָס איז געווען אַן עלטערער אָפיציר, ווען ער האָט געדאַרפט סאַלוטירן, אָדער אַ סאָלדאַט, וועלכער האָט אים, דעם אַדיוטאַנט, ניט סאַלוטירט אַזוי ווי מען דאַרף. זיין גאַנג — אין געפּאַסטע שטיוול מיט שפּאָרן — איז געווען אַ שפּרינגענדיקער, פּונקט

ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף ספּרוזשינעס. ער איז צוגעקומען צו אונדז און — מיט אַן איידל־צעצויגן געגעצל, ווי באַר וואָס פּונעם שלאָף אַרויס — אויסגעצויגן:

— ע־הע־עם... „זדראַוואַ בראַטצי״!... *)

מיר האָבן אָפּגעענטפערט אויף דער באַגריסונג און אויפגעשפּילט אַ הילכיקן מאַרש.

דער אַדיוטאַנט האָט אָבער אין אומצופרידנקייט גלייך אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט און אונדז אָפּגעשטעלט:

— שפּילט בעסער אַ וואַלץ, אָדער אַ ראָמאַנס! — האָט ער אַזוי ווי אויסגעגענעצט. — איבערדערפּרי איז פּאַסיקער צו שפּילן עפּעס אַ ווייכע, סענטימענטאַלע זאַך. ס'איז שענער און פּאָעטישער!...

מיר האָבן איבערגעבלעטערט די ביכער, גענומען שפּילן דעם סענטימענטאַלן „בלויער דאָנוי״ וואַלץ און דערביי אַליין שיער ניט איינגעשלאָפן. דער אַדיוטאַנט איז מיטאַמאָל ניט געוואָרן. באַלד, אָבער, איז ער צוריקגעקומען מיט אַ ביקס אין האַנט, זיך שטייף אַוועקגעשטעלט באַם באָרט פון שיף און גענומען צילן אויף די יאַם־כאַזיירים, וועלכע זענען מאַסנווייז געשוואומען, אַרויסהויבנדיק זיך איבערן וואַסער, אַרום דער שיף.

אַ צייט האָט ער געשאָסן קויל נאָך קויל, אָבער קיין איינציקן פיש ניט געטראָפן. ער האָט אין אַנטוישונג אַ דריי געטאָן זיין וואָנ־צעלע, מיטאַמאָל אונדז געגעבן אַ צייכן אויפצוהערן שפּילן און אַ רוף געטאָן דאַווידאָוון צו זיך:

— העי, דו, — האָט ער אים געזאָגט, — דו ביסט דאָך אַ רוס, ניט עמעס?... נו, איז לאָמיר טאַקע זען ווי דו וועסט מיר העלפן זיך שלאָגן מיט די סאָנים...

דאַווידאָוו האָט אַ פאַרכידעשטער געקוקט אויף אים און זיך גלייך ניט געכאַפּט וואָס יענער מיינט. דער אַדיוטאַנט האָט דאַן ערנסט אַ ווייז געטאָן אויף דער פלייט און קורץ באַפוילן:

— שפּיל עפּעס אויף דער דודקע!...

דאַווידאָוו האָט אַ באַהאַלטענעם שמייכל געטאָן און מיקלוימערשט גאַנץ באַאיור גענומען שפּילן דאָס דייטשישע פאָלקס־לידל: „אָך דו, מיין ליבער אויגוסטין״. דער אַדיוטאַנט איז אַ שפּרונג געטאָן אויף זיינע ספּרוזשינע־פיס און אויסגעשריגן:

— ניט דאָס!...שפּיל עפּעס אַ סערענאַדע!...יאָ, אַ סערענאַדע, ווייל פיש האָבן טאַקע ליב סערענאַדעס!...

*) געגריסט, ברידערלעך!

דאַווידאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן און שטיל צוגעוואָרפן:

— גאַנץ ריכטיק, אייער וואויל-געבורטן! כאַזיירים האָבן טאַקע ליב טערענאַדעס!...

און קעדיי דער אַדיוטאַנט זאָל זיך ניט כאַפּן, אַז דערמיט מיינט ער ניט אַזוי די פיש, ווי אימיצן אַנדערש, האָט ער, דאַווידאָוו, אַ ווייז געטאָן דערביי מיקלוימערשט צו די פיש, און זיך גענומען צו-גרייטן צום שפּילן. ער האָט מיט די פינגער אַ וויש געטאָן איבער די ליפּן, ווי ער וואָלט אַרונטערגעווישט עפּעס פון זיי און גענומען שפּילן שובערטס סערענאַדע. זיין פייפן איז אָבער פאַרטויבט געוואָרן פונעם וואַסער-פּליעסק, וואָס די שיף האָט צעוואָרפן מיט איר שאַרפער נאָז אַרום זיך. דער אַדיוטאַנט האָט אַלץ געהאַלטן אין איין שיסן. מיטאַמאָל, ווי ער וואָלט טאַקע מיט אַ באַזונדער געפיל דערשפּירט די איראָנישע בליקן פון די אַרומשטייענדיקע אָפיצירן הינטער זיך, האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן צו זיי און אַ זאָג געטאָן:

— מיינע ליבע הערן, — האָט ער מיט אַן אָנגעבלאָזענעם ערנסט גערעדט, — עס קאָן זיין, אַז פאַר אייך וועט עפּשער זיין אַ נייעס צו הערן, אַז יאַם-כאַזיירים האָבן ליב מוזיק... דאָס איז אָבער אַ גוט-באַוואוסטער פאַקט!...יאָ-יאָ, ספּעציעל האָבן זיי ליב דאָס שפּילן אויף אַ פלייט. אַזוי ווי זיי דערהערן נאָר דעם קלאַנג, אַזוי נעמען זיי און קריכן פּאַמעלעך אַליין אונטער דער קויל...

די אָפיצירן האָבן זיך צעלאַכט. איינער פון זיי האָט איראָניש אַ קיבעץ געטאָן:

— ריכטיק, אַדיוטאַנט!...מען זעט טאַקע וויפל יאַם-כאַזיירים איר האָט שוין ביז איצט מיט אייער פלייט-שפּיל דערשאָסן...

די קאָמאַנדע האָט געשטיקט די געלעכטערס אין זיך און ביגנייווע זיך איבערגעוואונקען איינער מיטן צווייטן. דאַווידאָוו האָט דערווייל נאָך אַלץ געשפּילט, אָבער דערביי צוגעפּינטלט מיט די אויגן צו די יאַטן און אונטערגעשמייכלט. עטלעכע מאָל האָט ער אַפילע געפּרוווט אויפהערן צו שפּילן, אָבער דער אַדיוטאַנט האָט אים איינגעהאַלטן, געהייסן ווייטער אָנגיין מיטן שפּילן און אַליין ווייטער געשאָסן איין קויל נאָך דער צווייטער...

ענדלעך האָט דער אַדיוטאַנט טאַקע דערשאָסן אַ פיש. דאָס וואַסער אַרום האָט זיך גלייך באַפאַרבט מיט רויט, געפּליושקעט מיט אַ ראָז-קאָלירטער שוים און געשיפּעט. די אָפיצירן — איבעראַשטע — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום באָרט און זשעדנע געקוקט אויף דעם גרויסן וואונדער. עטלעכע האָבן צוגעפּליעסקעט מיט די הענט ווי קינדער.

אַנדערע האָבן אַפילו געגומען שרייען „הודאַ" און באַגריסט דעם אַדיוטאַנט מיט גרויסן זיג. עס האָט אויסגעזען, ווי דאָס גרעסטע גליק וואָלט זיי אַלעמען געטראָפן. דער אַדיוטאַנט אַליין האָט אַזש אונטערגעטאַנצט פון גרויס פרייד און אַ לאַנגע צייט געקוקט אַפן פּלאַץ וואו דער ריזיקער פיש האָט זיך געוואָרפן אין זיין גסיסע...

*****

**אַ שאַלנדיקער** סיגנאַל האָט אויסגערופן צו פרישטיק. די אָפיצירן זענען זיך גלייך צעלאָפן פונעם דעק און אַוועק ערגעץ אַרונטער, צום שפּייז-זאַל. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי, באַקומען צוגעטיילט שטיקער ברויט, אָנגענומען קעסעלעך מיט טיי, און זיך אויסגעזעצט אַפן באָר-וואָס אויסגעוואַשענעם, נאָך גאַנץ נאַסן דעק, צום עסן. מען האָט אָבער גאָרניט געקאָנט אין מויל אַריין נעמען. דאָס ברויט — פון ליגן אַ גאַנצע נאַכט אַפן אָפענעם דעק — איז דורכגעווייקט געוואָרן פונעם געזאַלצענעם וואַסער און איז געווען ביטער ווי גאַל. די טיי איז אויך געווען דערווידערדיק און געהאַט אַ טאַם פון אַלטן, איבערגעזויערטן און ביטערן באָרשט. און דאָ איז נאָך סראוואָראָף מיטאַמאָל אַרויסגעקומען פון אונטן און — קייענדיק — פונווייטן צוגעוואָרפן אַ באַפעל צו אונדז:

— העי, איר דאָרט, איר וועט שוין שפּעטער פאַרענדיקן דאָס פרעסן. איצט נעמט עפּעס שפּילן!...

און איז אַוועק צוריק. מיר האָבן אַוועקגעלייגט דאָס ברויט, אויסגעגאָסן די טיי איבערן באָרט און — אומצופרידענע, אויפגערעגטע — זיך גענומען צום שפּילן...

עס איז נאָך גאַנץ פרי געווען, אָבער די זון איז שוין געווען הויך איבער די קעפּ און גענומען אַכזאָריעסדיק ברען. ס'איז מאַמעש ניט געווען וואו זיך אויסצובאַהאַלטן. דערצו איז סראוואָראָף ווידעראַמאָל אַרויסגעקומען, אַ קוק געטאָן אף אונדז און, ווי ער וואָלט עס מוירע געהאַט, אַז מיר זאָלן ניט צעבאַלעוועט ווערן, אַ וואָרף געטאָן:

— נעמט זיך צום אויספּוצן די אינסטרומענטן!...

צעווייטיקטע פונעם דאָזיקן באַפעל, אָבער ווייל מיר האָבן זיך ניט געקאָנט העלפן, האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט און — קעדיי וואָס גיכער פאַרטיק צו ווערן — געהאָלפן איינער דעם צווייטן. די זון האָט זיך געשפּיגלט אין די גלאַנציק-אויסגעפּוצטע קיילים און צעוואָרפן טויזנטער בלענדנדיק-זוניקע פעדימלעך צו אונדז, אין די

מידע, ניט אויסגעשלאָפענע אויגן. און דורכן גלעזערנעם, עטוואָס־צעעפנטן דעכל פונעם אָפיצירישן שפייז־זאַל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צום דעק, האָבן זיך קעסיידער געטראָגן שיקערע לידער, טאָסטן, אַפּלאָדיסמענטן, געלעכטערס און צעווילדעוועט־פריילעכע „הוראַ״־געשרייען. יאַטן האָבן זיך איינגעהערט צו דער אָרגיע און עס איז אַוועק צווישן דער קאָמאַנדע אַ שטילער געמורמל:

— אָט, ווי זיי לאָזן זיך עס וואוילגיין, די קאַנאַליעס!...

— אַ פאַרשאָלטענער יאָנטעוו אף זיי, ווי זיי הוליען דאָס!...

— פונקט ווי עס וואָלט גאָר קיין מילכאָמע ניט געווען!...

דאַווידאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן:

— פאַרוואָס זאָלן זיי ניט הוליען?... וואָס איז, זיי ווייסן דען ניט, אַז זיי האָבן געהאָרכזאַמע פערד, וואָס וועלן גיין אין שפּאַן?... נישקאָשע, זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז מיר וועלן מיט אונדזער בלוט באַשאַפן פאַר זיי נייע ראַנגען, פאַרמעגנס, וואוילטיקן און...

גרישונין האָט פונדערזייט אַ קוק געטאָן אף אים און עפּעס אַזוי מאָדנע אומבאַקוועם, ווי אַ פאַרשולדיקטער, אונטערגעשמייכלט:

— ווייסט, דאַווידושקע, — האָט ער, ווי ער וואָלט דאַווידאָוון דאָ איצט דערזען צום ערשטן מאָל, אַ זאָג געטאָן, — איך נעם טראַכטן, אַז דו רעדסט מיט טאָלק. כ׳לעבן, ס׳איז דאָך טאַקע אַזוי ווי דו זאָגסט: אַלץ פאַר זייערטוועגן; טרינקען, פרעסן, הוליען, און מיר...אין בעסטן פאַל וועלן מיר באַקומען אַביסל הייסן בליי און קאַלטע קוואָרים...

— ריכטיק! — האָט דאַווידאָוו אין פאַרגעטיקונג צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — אָבער געהאָרכזאַמע פערד זענען ניט ווערט מער ווי דאָס!... מענטשן, וועלכע לאָזן זיך איינרעדן, אַז דאָס גרעסטע גליק איז צו שטאַרבן אַ „העלד״ אפן שלאַכטפעלד; מענטשן, וואָס גלויבן, אַז עס לויענט זיך אויסצובייטן אַ האַנט, אָדער אַ פוס, פאַר אַ גאָלדענעם ציילעמל, זענען, גלויב מיר...

— אָבער, — האָט גרישונין, ווי פאַרצווייפלט, שטיל איבערגעשלאָגן, — וואָס קאָנען מיר, פּאָשעטע מענטשן, זיך העלפן?..אַז זיי האָבן דאָך אונדז אַזוי פעסט אין זייערע הענט און...

— האָבן מיר דאָך אָבער דערפאַר געווער אין אונדזערע! — האָט דאַווידאָוו, פאַרבייסנדיק די ליפּן, שטיל אָפּגעענטפערט, — און מיט געווער, ברודער, קאָן מען, ניט באָר פירן מילכאָמעס, נאָר אַפילע זיי אָפּשטעלן ווען מען וויל!...

גרישונין האָט ברייט צעעפנט זיינע אויגן און געקוקט אף אים מיט איבעראַשונג, איבער דעם אַרויסגעזאָגטן געדאַנק. עס איז קלאָר

געווען, אַז גרישוניבען וואָלט גאָרניט איינגעפאַלן אַזאַ פּראָסטע זאַך. דאַווידאָוו, קוקנדיק אױף אים, האָט ביטער געשמייכלט און נאָך שטילער צוגעגעבן:

— פאַרשטייסט, ווען אַלע פּאָשעטע מענטשן וואָלטן געוואוסט דעם עמעס וועמעס מילכאָמע עס איז און וועמען זי ברענגט נוצן, — וואָלט עס געדאַרפט דויערן עפּשער אַן איינציקע מינוט בלויז און...

— וואָס־זשע,— האָט גרישונין זיך געכידעשט,— דאַרף מען זען רעדן מיט כעוורע. דאַרף מען דאָס יעדן געבן צו פאַרשטיין...

— דאָס איז ריכטיק! — האָט דאַווידאָוו ערנסט אַ זאָג געטאָן, — אָבער דאָס דאַרף בעמען צייט. געדענקסטו, ווי דו אַליין האָסט ערשט נעכטן, אייערנעכטן, גערעדט?...אָט, צוביסלעך, צוביסלעך, און...

ער האָט אַ נעם געטאָן גרישוניבען באַ דער האַנט און אַוועקגע־שפּאַנט מיט אים ערגעץ אין פאָרויס, צו דער נאָז פון דער שיף...

*****

## וואָסער

געדולע עס איז געווען מיט אונדז בעאייס עס האָט זיך דערזען לאַנד, ווייס איך ניט. אָבער עס איז עפּעס מיטאַמאָל געוואָרן פרייִלעכער ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז דאָס דערנענטערן מיר זיך צו באַקו. דאָס וואַסער־פלאַך האָט געגלאַנצט מיט אַ טיפן אולטראַמאַרין־בלוי. פעטע פּיאָלעטעווע פאַסן פון צעגאָסענעם אויל האָבן פאַרצויגן דאָס וואַסער ווי מיט אַ הייטל, וואָס האָט זיך געמיניעט מיט רעגנבויגן־קאָלירן און קאַסיידער זיך טראַנספאָרמירט פון די פאַרשידענע מאָרעי־אָוואַלן ביז פאַנטאַסטישע רעקאָקאָ־אָראַקולן. עס האָט פאַרשמעקט מיט פרישן נאַפט...

אין פאָרט זענען געשטאַנען מאַסן שיפן. די מאַסט־שפּיצן האָבן געשטאָכן דעם לויטערן הימל און, מיט זייערע אַרויפגעצויגענע, פיל־קאָלירנדיקע און פיל־פאָרמיקע פענדלעך, זיך געשפּילט אינעם שטיפערישן ווינטל. סאָלדאַטן זענען געלאָפן איבער די פאַרוואָרפענע בריקלעך און אויסגעלאָדן געווער און מילכאָמע־וועגעלעך. אַנדערע האָבן אַרונטערגעפירט פערד מיט פאַרבונדענע אויגן און זיי צוגעבונדן צו ספּעציעל־איינגעגראָבענע דרענגלעך אפן ברעג. ניט ווייט פונעם וואַסער, אפן ווייכן, אויסגעברודיקטן זאַמד, זענען אַ סאַך ביקסן געשטאַנען צונויפגעשטעלט אין טורעמלעך און סאָלדאַטן — מאַכנעסווייז — האָבן זיך געוואַלגערט אַרום זיי. פיל האָבן גערויכערט, אַנדערע האָבן געמאַלעגיירעט און אַנדערע האָבן זיך גאָר צעלייגט אױף

די פּלייצעס און געכאַפּט אַ דרימל. די לופט איז געווען הייס און שטיקנדיק. דאָס זאַמד וואָס אַפן ברעג, האָט — בעאייסן טרעטן דערויף — געבּרענט די פיס ווי אַן אָנגעגליטער קאַלך־אויוון.

מיר זענען אַרונטער פון שיף און, דורך שטילע, זייטיקע און געדרייטע געסלעך, זיך אַוועקגעלאָזט צו דער באַן. די פאַרבייגייער, האָט זיך געמערקט, האָבן אונדז אויסגעמיטן, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן געווען אָנשטעקנדיקע קראַנקע. בלויז פּונווייטן, אויף די טראָטואַרן, זענען געשטאַנען גרופּקעלעך פרויען און האָבן אונדז שטומערהייט באַדויערט. פרעמדע פּנימער האָבן אונדז באַגעקוקט מיט מאָדנע בליקן. טייל האָבן געווישט די אויגן און זיך אַוועקגעדרייט.

מיר זענען אָנגעקומען צו דער באַן און, אין איילעניש, זיך איינגעזעצט אין די צוגעגרייטע וואַגאָנען. אַלץ איז געטאָן געוואָרן אַזוי גיך, אַז מיר האָבן אַפילו ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט וואָס עס איז איינצוקויפן באַ די הענדלער אויף איבערצובאַפּן.

דער צוג האָט געדירט. וואוהין — האָט אויך דאָסמאָל קיינער ניט געוואוסט. אַ פּיינלעכע אומבאַשטימטקייט האָט געדריקט אויף אונדזערע געמיטער, ווי אַן אָפענער קיווער אויף אַוויילים, וואָס האָבן פאַרלוירן אַ נאָענטן און ליבן מענטשן.

אינדרויסן איז געלעגן אַ פּוסטע און רויִע געגנט. פאַרביי די אָפענע וואַגאָן־טירן זענען אַלץ פאַרבייגעפלויגן מאַסן שוואַרצע באַפּט טורעמלעך, וואָס האָבן פונווייטן אויסגעזען ווי מעשונעדיק־שפּיציקע שטייגן פאַר כאַיעס. אינגיכן זענען אויך די דאָזיקע שטייגן פאַרשוואונדן געוואָרן און עס האָט אויסגעזען, ווי מיר וואָלטן געשוואומען אין אַ גרויסער, פּוסטער זאַמד־מידבאַר. אויף מיילן ווייט האָט זיך ניט געזען קיין הייזל, קיין אישעוו, אָדער אַפילו אַ בוימל. פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך פאַר אַ מינוט אָפּגעשטעלט ביי אַ סטאַנציע פון עטלעכע כורוועס, וואו דער לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגענומען וואַסער מיט קוילן און גלייך ווייטער געפאָרן.

באַם אייגציקן גרויסן אָפּשטעל אין וועג זענען מיר אַרויס פון די וואַגאָנען, זיך אויסגעשטעלט אַפן פּעראָן און געשפּילט פאַר דעם פאַרזאַמלטן עולעם. געווען זענען דאָס פאַרביקע אַרמענישע, אָדער טאָטערישע פּויערטעס פון די אַרומיקע דערפלעך מיסטאָמע. דערצו טאָטערן — אויסגעפּוצטע אין קאָלירטע כאַלאַטן און אין פוטערנע פּאַפּאַכעס, ווי אויך עטלעכע עלטערע רוסן. צווישן זיי — אויסגע־דינטע, אויווער־באַטלדיקע אָפיצירן און טשינאָווניקעס, וואָס זענען געווען אָנגעטאָן אין אָפּגעבליאַקעוועטע מיליטערישע היטלען און מיט

אויסגעריבענע רויטע ליאַמפּאַסן אַף אָפּגעטראָגענע, גרין-געוואָרענע הויזן. זיי האָבן געפּאָכעט מיט קליינע דריי-קאָלירנדיקע נאַציאָנאַלע פענדלעך און צוגעשאָקלט מיט די פּייכטע, קוואַטשעדיקע ליפּן, ווי בעטלער, בעאייסן בעטלען נעדאָווס, לעבן די טרעפּ פון אַ קליין-שטעטלדיק קלויסטערל. דער איינציקער יונגערמאַן, צווישן זיי, איז געווען אַ קאַליקע אַף קוליעס, וועלכער איז געשטאַנען אָן אַ זייט און האָט, דאַכט זיך, אונטערגעשמייכלט, וואָס ער דאַרף מער ניט גיין מיט אונדז צוזאַמען צום פראָנט...

צומאָרגנס אינדערפרי האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ סטאַנציע. פונעם אַלטן, הילצערנעם וואָקזאַלעכל, וואָס אַנטקעגן, האָט אַ גרויסע שוואַרצע שילד געוואונקען צו אונדז מיט אַ ווייסן אָנזאָג, אַז מיר זענען אין „באַפּטלוג". אַ איינגל, וואָס איז דורכגעלאָפן, האָט אונדז געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פאַרשטעטל פון דער גרויסער, גרוזיבישער הויפּט-שטאָט „טיפליס". באַטשאַלסטווע איז אַוועק ערגעץ אין אַ נייעם גרויסן דייטשישן אָטאָמאָביל, וואָס האָט געוואַרט אַף זיי, און אונדז האָט מען אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך ניט דערוועגן אַוועקצוגיין פון דעם פּלאַץ אַף קיין איינציקער מינוט אַפילו. מיר זענען דעריבער געזעסן לעבן דעם וואַגאָן און, מיט בענקנדיקע בליקן, שווייגנדיקע געקוקט צו די עטלעכע הילצערנע הייזלעך, וואָס אַרום וואָקזאַלעכל.

אַרום מיטיקצייט איז באַטשאַלסטווע צוריקגעקומען. מיטאַמאָל — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, קעדיי צו באַפרייען די אָבאָז-וועגעלעך פּאַר בייער לאָדונג — האָט מען אונדז צוגעשיקט צום וואַגאָן וואו די דאָזיקע וועגעלעך זענען געשטאַנען און דאָרט האָט מען יעדן פון אונדז אַרויסגעגעבן צו נייע, עקסטרע פּאָר שטיוול; צו דריי פּאָר וואַרעמע אונטער-וועש; בלעכלעך קאָנסערוון און צו עטלעכע פונט סוכאַרעס. דערביי האָט מען אונדז אָבער שטרענג אָנגעזאָגט, ניט צו פאַרנוצן די סוכאַרעס מיט די קאָנסערוון און ניט אָנטאָן די שטיוול, אָן אַ דערלויבעניש פון באַטשאַלסטווע. אונדזערע זעק זענען דעריבער געווען איבערגעפּאַקט און מיט זייער מאַסע זיך שווער געלייגט אַף אונדזערע שוין אַזוי אויך געבויגענע פּלייצעס...

*****

**מאַרשירנדיק** אין שטאָט אַריין, האָבן מיר קעסיידער, אַפן גאַנצן וועג, געשפּילט אָן אויפהער. דער אַדיוטאַנט אונדזערער האָט באַפוילן, אַז מיר זאָלן אָנציען אַף די פּעני‌מער

פריילעכע מינעס און דורכגיין די גאַסן ווי העלדן, מיט גאַדלעט און מיט שטאָלץ. מיר האָבן — אָנגעשטרענגטע — זיך געשלעפּט דורך די באַרגיקע גאַסן און געסלעך און — כאָטש מיר זענען געווען מיד און אויסגעמאַטערט סיי פון די שווערע פּעק און סיי פונעם אומאויפהער־לעכן שפּילן — זענען מיר דאָך געגאַנגען מיט אַזאַ אָנשטעל, פּונקט ווי מיר וואָלטן טאַקע באַר־וואַס די שטאָט איינגענומען...

אין אָוונט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ערגעץ אין צווייטן עק פון טיפליס. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן, קימאַט ליידיקן הויף, וואָס איז געווען אַרומגעצאַמט מיט אַ נידעריקן הילצ־צערנעם פּלויט, און אונדז באַפוילן אַוועקצושטעלן די פּאַלאַטקעס דאָרט, אפן דורכגעווייקטן, בלאָטיקן פּלאַץ.

מיר האָבן זיך ווי ניט איז איינגעאָרדנט. ווי עס האָט אויסגעזען, האָבן מיר דאָ, אין טיפליס, געדאַרפט — צוליב אַ סטראַטעגישער סיבע, — פאַרבלייבן אַף אַ לענגערער, אומבאַשטימטער צייט.

טעג האָבן זיך געצויגן טרוקענע און מאָנאָטאָנע. כוץ דעם האָט מען נאָך אונדז באַוואַכט און אַפילו פונעם הויף ניט אַרויסגעלאָזט... קעסיידער האָט מען אונדז געהאַלטן באַשעפטיקט מיט אַלערליי אַרבעט. אָט האָבן מיר אויספּאַריכט און איבערגעפּאַרבט אונדזערע אַלטע, שוין אָפּגעקראָכענע צוויי־רעדערדיקע אָבאָז־וועגעלעך, אָדער גאָר געלאַטעט דעם צעפוילטן געשפּאַן. ערשט אַף דער דריטער וואָך האָט מען אונדז אָנגעהויבן אַרויסלאָזן אין דרויסן, — אין שטאָט אַריין, אַף אַרבעט. טיילמאָל זענען מיר אַוועק אין שטאָטישן טשעכהאַוז, וואו מיר האָבן איבערסאָרטירט אַלטע, איבערגעבליבענע מונדירן. אַ צווייטמאָל זענען מיר אַוועק צו דער באַן און דאָרט אַרונטערגעלאָדן דעם אָנגעקומענעם פּראָוויאַנט און אַמוניציע. אַן אַנדערשמאָל האָט מען אונדז געשיקט פּוצן, רייניקן און וואַשן די פריש־אָנגעקומענע אָבאָז־פערד.

געשפּילט האָבן מיר גאָר זעלטן, און דאָס אויך בלויז לעבן אונדזער אייגענעם שטאַב. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס די שטאָטישע נאַטשאַלסטווע האָט נאָך ניט געוואוסט, אַז מיר זענען אַזעלכע גוטע שפּילער. דערפאַר, אָבער, שפּעטער, אַז נאַטשאַלסטווע האָט זיך עס יאָ דערוואוסט, האָט מען אונדז דאַן אַזוי אָנגעהויבן אַרומשלעפּן צו שפּילן אין די אָפיצירישע קלובן, אָדער אַזוי פּאַר סאָלדאַטן, אַז מיר האָבן מאַמעש שוין קיין צייט ניט געהאַט אַף אָפּצורוען.

דערצו האָבן מיר דריי מאָל אין וואָך געהאַט אונדזער ריי צום שפּילן באַם וואָקזאַל, אַרויסצובאַגלייטן דאָס אָפּפאָרנדיקע מיליטער.

אונדזער גאַנצער קאָרפּוס איז שוין געווען אַוועק. אין שטאָט זענען בלויז פאַרבליבן דער שטאַב מיט די קאָמאַנדעס. דאָס האָט ביי אונדז אַלעמען אַרויסגערופן אַ גלויבן, אַז מיר וועלן שוין מיסטאָמע אַזוי פאַרבלייבן אין שטאָט ביז די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן.

און אַז זי וועט זיך גיך ענדיקן — איז אַפילע באַ קיינעם פון אונדז קיין צווייפל ניט געווען. סטעפּאַקין האָט פאַרזיכערט, אַז אַזוי האָט ער אַליין געהערט אין שטאַב, פון די אָפיצירן. בלויז איין דאַווידאָוו איז געווען פון די ניט-גלויביקע. ער, אַז מען האָט נאָר גענומען רעדן וועגן אַ גיכן שאָלעם, האָט ער זיך צעבליצט מיט זיינע פייערדיקע בליקן און אונדז אויסגעלאַכט:

— לייגט זיך ניט קיין געבראָטענע טייבעלעך אין די בוזעמס אַריין!... דאָס איז בלויז אַזאַ מין מאַנעוורע באַ זיי. מיט די דאָזיקע פאַלשע האָפנונגען ווילן זיי אונדז אַזוי פאַרוויגן, אַז מיר זאָלן אַפילע ניט פילן ווי מען פירט אונדז צו דער שכיטע. פּיאַווקעס, — האָט ער געזאָגט, — וואָס לעבן פון מענטשלעכן בלוט, לאָזן ניט אָפּ פריער דעם מענטשלעכן קערפּער, ביז זיי זענען ניט גוט זאַט אָנגעטרונקען, אָדער ביז מען וואַרפט זיי ניט אַרונטער מיט גוואַלד פון זיך... און די דאָזיקע פּיאַווקעס, — האָט ער פאַרענדיקט, — וועלן אַוואַדע פריער ניט באַכלאָזן, ביז מען וועט זיי ניט צעטרעטן מיט אונדזערע שטיוול!...

אויסגעלאָזט האָט זיך טאַקע ווי דאַווידאָוו האָט געזאָגט. עפּעס נאָר ווי דאַווקע דערפאַר וואָס מען האָט אַזוי שטאַרק גענומען רעדן וועגן אַ באַלדיקן שאָלעם, האָט טערקיי — וועלכע איז ביז דעמלט געווען נייטראַל — מיטאַמאָל דערקלערט קריג. דאָס האָט ביי אַלעמען פון אונדז אַרויסגערופן אַ פרישע צעווייטיקטקייט. מיר זענען מאַמעש אַרומגעגאַנגען ווי אָן קעפּ. און דאָ איז נאָך מיטאַמאָל אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז דער גאַנצער קאָרפּוס, צוזאַמען מיט אַלע קאָמאַנדעס, זאָל זיך גלייך פאַרנעמען צום פראָנט אַרויס...

*****

**צוזאַמענצושלעפּן** דאָס מילישער, וואָס האָט פאַרבראַכט אין די שטאָטישע קינעמאַטאָגראַפן, טעאַטערן, צירקן, שענקלעך און...באָרדעלן, — איז געווען ניט קיין לייכטער אייסעק. מאַסן יונגע אָפיצירלעך האָבן זיך איילנדיק אַרומגעיאָגט אויף זייערע פערד, געלאָפן אין אַלע שטאָט-ווינקלען און גענישטערט. זיי זענען

ווי צעווילדעוועטע צוגעריטן צו די טעאַטערס, אַרונטערגעשפּרונגען פון די זאָטלען און אַריינגעלאָפן אויף די סצענעס, אָדער אַרענעס אינמיטן די פאָרשטעלונגען. זיי האָבן אָפּגעשטעלט דאָס שפּילן פון די אַקטיאָרן און אַליין, אויף די העכסטע טענער, אויסגערופן, אַז די סאָלדאַטן און אָפיצירן פון די און די אָפּטיילונגען זאָלן אָט גלייך פאַרלאָזן די פּלעצער און זיך מעלדן אין זייערע שטאַבן...

דאָס האָט אָבער ווינציק געהאָלפן. די סאָלדאַטן, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז דאָס מיינט גלייך אַרויספאָרן אויפן פראָנט, האָבן זיי זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק. זיי האָבן זיך, אַפּאָנים, ניט געוואָלט אַזוי גיך שיידן פונעם פרייען טאָג, וואָס זיי האָבן קוים אויסגעבעטן בײַ זייער באַטשאַלסטווע, און אים געוואָלט אויסנוצן אין אַ פולער מאָס. מאַסנווייז האָבן זיי זיך דעריבער פאַרגאַנוועט אין די פינצטערע געסלעך אַריין און זיך שטיל אַריינגעכאַפּט אין די זייטיקע טונקל־באַלויכטענע הייזלעך, וואָס מיט אַרונטערגעצויגענע פאָרהענגלעך...

אַ קאַץ־און מויז־שפּיל איז אָנגעגאַנגען צווישן די אָפיצירן און די סאָלדאַטן. קוים האָט זיך אַן אָפיציר באַוויזן לעבן אַ שערענגע סאָלדאַטן, וואָס איז געשטאַנען און געוואַרט אויף דער ריי אַרייַנצוגיין, — איז אויפן פּלאַץ גלייך קיינער פון זיי ניט געוואָרן. ווער עס האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ פּלויט, ווער אין אַ קעלער, אויף אַ בוידים, אָדער גאָר פאַרשוואונדן ערגעץ אויף אַ דאַך, צווישן די קוימענס...

אין די שמאָלע, זייטיקע געסלעך, איז געשטאַנען אַן אומגעוויינטלעכער טומל. פון די טונקעלע, רויט־באַלויכטענע פענצטער, האָבן זיך געטראָגן גרילצנדיקע פּיאַנע־טענער, שיקערע געזאַנגען, געשרייען, געלעכטערס און — העכער פון אַלעם — זידלערייען און קלאָלעס. אַ גלעזער־קלאַנג און בראנפן־רייעך האָט די סאָלדאַטן גערופן און געמאַניעט. קאָקעטישע צורעס פון אונטערגעשמירטע און געפּודערטע נעקייוועס, האָבן פאַרגאַנוועטערהייט אַרויסגעקוקט דורך שפּאַרונקעס פון הינטער שווערע פאָרהאַנגען און — דערבײַ, מיט אַ קלאַפּ אין דער שויב — אַריינגערופן די פאַרבײַגייענדיקע סאָלדאַטן. יענע, וועלכע האָבן ניט געקאָנט בײַשטיין דעם ניסאָיען, האָבן זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט זיי ניט און, שטילערהייט, זיך אַ כאַפּ אַריין געטאָן אין אַ שווערער טיר, וואָס האָט זיך גלייך פאַרהאַקט הינטער זיי...

שפּעטער האָבן זיך איבער די געסלעך אַ לאָז געטאָן פּאַטרולן. סאָלדאַטן, מיט אַריבערגעהאַנגענע ביקסן איבער די אַקסלען, זענען געגאַנגען פון הייזל צו הייזל און פון דאָרטן אַרויסגעפירט גרופּעס

פֿאַרשיקערטע און צעבראַשטעטע יאַטן. פֿיל פֿון די אַרויסגעפֿירטע האָבן זיך געבעטן און געוויינט מיט צעיאָכמערטע טרערן. אַנדערע האָבן גאָר געזידלט, געשאָלטן און געפּאָדערט, אַז מען זאָל זיי אָפּלאָזן כאָטש אויף נאָך אַ ווייל, קעדיי צום לעצטן מאָל נאָך אַ לעב צו טאָן פֿאַרן טויט...

דער גאַנצער נידעריקער טייל שטאָט איז געווען פֿאַרגאָסן מיט ווילדן אומרו. צייטנווייז האָט זיך פֿון ערגעץ אינדערוויַיט אַ טראָג געטאָן אַ געשריי, אַן אויסרוף, אָדער אַ שיקער געוויין. פֿון אַ צווייטער זייט האָט אָפּגעהילכט אַ טויבער שאָס, וואָס האָט אַ שניט געטאָן איבער די מיקלוימערשט-אויסגעליידיקטע געסלעך. ערשט אינדערפֿרי, ווען עס האָט אָנגעהויבן צו בלויען, האָבן זיך די געסלעך בעעמעס גענומען איינשטילן. די גאַנצע געגנט איז מיטאַמאָל אויסגעליידיקט געוואָרן און אויסגעזען ווי נאָך אַן אויסראָטנדיקער מאַגייפֿע.

מיר, די קאָמאַנדע, זענען געווען אויפֿן פּלאַץ אין צייט. אין איילעניש האָבן מיר פֿאַנאַנדערגענומען אונדזערע פּאַלאַטקעס און זיך גענומען גרייטן אַרויסצוגיין. אַלע — אין באַהאַנגענער אַמוניציע — האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ טאָפּלטער ריי. סטעפּאַקין האָט פֿון אַ פּאַפּיר אַרויס אויסגערופֿן די נעמען און מיר, יעדער פֿון אונדז, האָט אָפּגעענטפֿערט מיט אַן אויסרוף: „איך", אָדער „פֿאַראַן". קיינער פֿון אונדזער קאָמאַנדע האָט ניט געפֿעלט.

שווער און טרויעריק — עפּעס נאָר ווי מען וואָלט אונדז איצט צו דער אייגענער קוואורע געפֿירט — האָבן מיר מאַרשירט איבער די נאָך-שלאָפֿנדיקע גאַסן. גרישונין, וועלכער איז געגאַנגען לעבן דעם קליינעם, געשטופּלטן סאָטסקין, און אויסגעזען קימאַט דריי מאָל אַזוי גרויס ווי ער, האָט זיך מיטאַמאָל אַרונטערגעבויגן צו אים און, אין שפּאַס, אים אַ פֿרעג געטאָן:

— און ווי אַזוי, זאָג מיר, פֿאַרשוין מיינער, האָסטו עס גאָר געפֿונען פֿאַר זיך אַ ?...

טשעריאַק, — אַז ער האָט דערהערט די פֿראַגע, — האָט ווי זיין שטייגער, מיט כויזעק צוגעוואָרפֿן:

— הערסט דאָך, ער האָט זיך נאָך אויסגעקליבן די שענסטע און גרעסטע פֿון אַלע דאָרט, און... נאָך איידער וואָס-ווען איז ער שוין געווען אַ געדאַווונטער...

די גאַנצע קאָמאַנדע האָט אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

לעבן וואָקזאַל האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן אויף אונדזער נאַטשאַלסטווע. גרישונין האָט דערווייל עפּעס מאָדנע אַ וויש געטאָן

זיינע ליפּן, זיך צוגערוקט צו סטעפּאַקינען און — אָנווייזנדיק אים אַף אַ פענצטער פון אַ דערבייאיקן הויז, וואָס האָט זיך געבאָדן אין טונקל־רויטער באַלייכטונג, הינטער פאַרצויגענע פאָרהענגלעך — אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג און אינדערשטיל עפּעס געזאָגט צו אים. יענער האָט אַף אים אַ קוק געטאָן מיט שווער־פאַרלאָפענע אויגן און — באַהאַלטנדיק אַ שמייכל הינטער די ליפּן — אַ וואָרף געטאָן:

— עך, דו, מיעסער מוידן־פּרעסער!... וואָלסט זיך געדאַרפט שעמען איצט צו רעדן וועגן דעם!... וואָס איז, האָסט עפּשער קיין צייט ניט געהאַט ביז איצט?.. סיי ווי סיי איז דאָס איצט ביכלאַל אויסגעשלאָסן... אָט־אָט פאָרן מיר שוין...

גרישונין האָט ביי אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט און — אַ פאַרטרויערטער — זיך גענומען קלאָגן:

— עך־מאַ, אַ פאַרשאָלטן לעבן דאָס איז!... אַפילו אַ מערדער, וואָס איז פאַרמישפּעט צום טויט, קאָן זיך דאָך אויך אין די לעצטע מינוטן אויסביטן וואָס ער וויל... אָבער דאָ, ביי אונדז, — אַ רועך אין זייערע געפייגערטע לייבער אַריין!...

און גלייך אַ שווערן זיפץ געטאָן:

— און דאָ האָט מען נאָך היינט אַרויסגעגעבן געהאַלט, אַז דער טייוול זאָל עס נעמען!...איצט כאָטש נעם און וואַרף עס אַרויס!... אָט, ווען מען לאָזט מיך אָפּ כאָטש אַף אַן איינציקער האַלבער שאָ, אַף איינציקע פופצן מינוטן!...

די קאָמאַנדע האָט זיך געשושקעט צווישן זיך און געפינטלט מיט די אויגן. עטלעכע יאַטן האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און זייער געלעכטער האָט עפּעס אַזוי ציניש אָפּגעהילכט אינעם שעמעוודיקן, אומשולדיק־בלויען, פרימאָרגן אַריין...



# קאַפּיטל פינף

דער עשאַלאָן, אין וועלכן מיר זענען געפאָרן, האָט זיך געטראָגן מיט אַ מוידעדיקער שנעלקייט, פּונקט ווי אַ שנעל־צוג. ער האָט זיך געהויבן איבער בערג־רוקנס און זיך אַרונטערגעלאָזט אין טיפע טאָלן. דורך די וואַגאָן־טירן האָבן פאַרביי־געטאַנצט צעוואָרפענע, קליינע דערפלעך, מיט פּיצלעך הייזלעך — אף הילצערנע פיסלעך. דער הימל איז געווען לויטער און די לופט — שיטער. אין וואַגאָן איז געהאנגען אַ שווערע אָנגעצויגנקייט. עס האָט אויסגעקוקט, ווי יעדער וואָלט געוועז פאַרטאָן אין שווערע ראַיונעס. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט צום צווייטן. דער רעגלמע־סיקער רעדער־קלאַפּ האָט פון אונטערן וואַגאָן ריטמיש און איינטאָניק געהאַקט איבער די קעפּ און געגרילצט אין די מויכעס:

— צו מילכאָמע און דער סאָף! צו מילכאָמע — און דער סאָף!...

דער דאָזיקער געקלאַפּ האָט ווי מיט שאַרפע נעגל געגראַבלט און געריינצט די געמיטער. אַלע האָבן אויסגעזען אויפגערעגט און אומגע־דולדיק. אָט האָט עמעצער געכאַפּט אַ קוק דורך דער אָפענער טיר, און אָט האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט אף זיין פּלאַץ און — מיט פאַרמאַכטע אויגן — אַקשאָנעסדיק געשוויגן. עס האָבן זיך געצויגן שווערע מינוטן און קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דער גאַנצער וואַגאָן איז אַנדרימלט געוואָרן. מיטאַמאָל האָט עמעצער — שטיל, אַזוי ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז מען זאָל דערפאַר ניט אָנשרייען אף אים — אומדרייסט און ווי־ פאַר זיך, ניט זיכער אַ פאַרצי געטאָן:

— דער לעצטער טאָג איז היינט, דער פרייער,
וואָס איך פאַרברענג מיט אייך, אָ פריינט!...

דאָס ליד האָט זיך אָנגענומען. ספּאָנטאַן האָבן זיך אַלע אַ כאַפּ געטאָן דערצו מיט אַזאַ פרייד, אַקוראַט ווי די אַרויסגעזונגענע פאָר

ווערטער וואָלטן גאָר געווען אַזאַ גוטע בסורע, אָדער אַ רעטונג. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלע וואָלטן עפּעס מיטאַמאָל פאַרלוירן פון זיך די פאַרצווייפלונג, וואָס האָט זיי אַלע אַזוי שטאַרק געדריקט ביז איצט. פאַרשידנאַרטיקע, געמישטע שטימעס — דיקע און דינע — האָבן זיך אַלע צוזאַמען אַ הויב געטאָן און עס האָט זיך געגומען גיסן אַן איינהייטלעכע טרויער־סימפאָניע:

— און מאָרגן, מאָרגן קוים באַגינען, —

צעשיידן וועט מען...

דאַווידאָוו האָט ניט מיטגעזונגען. שטיל און פאַרטראַכט איז ער געזעסן אין אַ ווינקל וואַגאָן און געשוויגן. זיינע הענט — אונטער־געשפּאַרטע אונטערן קאָפּ — האָבן מיטאַמאָל געגומען ציטערן. זיינע אויגן — שאַרפע און פייערדיקע — האָבן אָנגעהויבן פינקלען. אָבער אָט האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ שטעל אויף געטאָן און... אויסגעשריגן מיטן גאַנצן קויעך, אַזוי, אַז אַלע זענען געבליבן אַנטשטומט, מיט פאַרגליווערטע ווערטער אף די ליפּן.

— ניין, ברידער, — האָט ער געדונערט, — ניט אַזוי דאַרף מען היינט זינגען אָט דאָס דאָזיקע ליד!... ניין. היינט זינגט מען דאָס גאַנץ אַנדערש!...אָט אַזוי:

ער האָט זיך פעסטער אַוועקגעשטעלט און — מיט זיין שאַרפער, שניידנדיקער שטימע, געגומען הילכיק אויסדעקלאַמירן:

— און מאָרגן, מאָרגן קוים באַגינען, וועל איך, מיט אָט די הענט מיינע, מיין אומבאַקענטן ברודער, אָדער מיין אומבאַקענטער ברודער — מיך, ווי אַ ווילדן הונט דערשיסן!...

אַלע זענען געבליבן ווי פאַרשמעלעטע אף די פּלעצער. שטיל, קיינער האָט זיך אַפילו קיין באַוועג ניט געטאָן, אַזוי האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ שווערע שטימונג פון די פּאָר אַרויסגערעדטע ווער־טער, דאַווידאָווס. עס איז שוין, פאַרשטייט זיך, געווען אומעגלעך ווייטער צו זינגען, אָדער אַפילו אַ וואָרט אויסצורעדן. אַ ווייל אַזוי. סטעפּאַקין האָט דערווייל אָפּגעמאָסטן דאַווידאָוון מיט אַ פּאָר בייזע אויגן, איז צוגעטראָטן צו אים, האָט אים אַ נעם געטאָן באַ דעם אָרעם, געטרייסלט זיין האַנט און גאַליק אויסגעשיפּעט:

— ביסט אַ טרוס!... דו הערסט? — דו ביסט אַ געמיינער און מיעסער טרוס!...

דאַווידאָוו האָט מיט זיינע צעגליטע בליקן אַ שפּיזל געטאָן אף סטעפּאַקינען און גלייך אַרויסגעריסן זיין אָרעם פון יענעמס האַנט. ער האָט זיך מיטאַמאָל גאָר פאַנאַנדערגעלאַכט. זיין געלעכטער, אָבער,

— אַ קעסל מיט פייער פונעם האַרצן. ער האָט גענומען קלאַפּן מיט דער פויסט איבער זיין ברוסט און באַ יעדן קלאַפּ געדונערט:

— אַזוי?!... איך בין עס גאָר דער טרוס?... איך?... אָ, עפשער דערפאַר, וואָס איך האָב אָנגעוויזן, אַז מען שיקט אונדז לייגן די קעפּ אין אַ מילכאָמע פאַר פרעמדע אינטערעסן?...נו, אַבי איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז אַ טרוס איז גאָר דער, וואָס אונטערדריקט זיינע אייגענע געדאַנקען און לאָזט אויך אַנדערע ניט רעדן...

סטעפּאַקין האָט זיך געוואָרפן און אַזש געשפּיגן פון קאַאַס:

— שווייג בעסער, זאָג איך דיר!... הערסט?... שווייג!... אַזוי רעדן — רעדט נאָר אַ פאַרעטער!...

דאַווידאָוו, ווי ער וואָלט זיך ניט געגלויבט צו הערן אַזעלכע רייד פון סטעפּאַקינען, האָט שטאַר צעעפנט זיינע אויגן און אים שאַרף דורכגענומען. אין וואַגאָן איז געוואָרן טומלדיק. פון אַלע זייטן האָט מען גענומען צוואַוואַרפן באַמערקונגען און דראָאונגען. עס האָבן זיך געהערט צעווילדעוועטע אויסרופן:

— נו, אָט האָסטו דיר גאָר אַזאַ זאַך — אַ פאַרעטער אין דער אייגענער מישפּאָכע!...

— אַזאַ רויטער טיפוס, בונטעוועט גאָר!...

— אָ, ער איז, ווייזט אויס, פון דער עמעסער כעוורע!...מען וואָלט, כ'לעבן, גאָר געדאַרפט...

און צווישן די דאָזיקע געשרייען, — אויך ענטפערס:

— שווייגט, אידיאָטן! וואָס האָט איר זיך אַזוי צערעוועט?...

— זאָל ער בעסער פאַרמאַכן דעם פּיסק, איידער מען וועט עס אים מיט גוואַלד פאַרמאַכן!...

— אָ, שווייגט שוין אַמאָל, כאַמולעס, און הערט אים בעסער אויס!... וואָרים איר מיינט אַז ער איז דען ניט גערעכט?!...

— הייסט עס, דו ביסט אויך מיט אים?! — איז געקומען אַן ענטפער. — אויב אַזוי, דאַרף מען אייך ביידן אָנלערנען דערפאַר...

אַנדערע האָבן זיך ניט באַנוגנט מיטן רעדן בלויז. עטלעכע יאַטן האָבן זיך אַפּילע געפּרואווט אַ וואָרף טאָן אף דאַווידאָוון מיט אויפגעהויבענע פויסטן, גרייט אף אָנצוהויבן עפּעס. ער אָבער האָט זיך פלינק און האַסטיק אַ דריי געטאָן, זיך אָוועקגעשטעלט מיט דער פּלייצע צו אַ וואַנט, קעדיי געשיצט צו זיין פון הינטן, און געטאָן אַזאַ שאַרפן געשריי, ווי ער וואָלט געשניטן מיט אַ מעסער:

— ווייטער מיט די הענט, זאָג איך אייך! ווייטער מיט די הענט און... הערט מיך בעסער אויס!...

ווי דורך אַ מאַגישער קונץ אַזוי זענען אַלע געבליבן שטיין און זיך אַפילו געגומען צוריקציען. עס איז געוואָרן שטיל. בלויז איין כטעפּאַקין איז נאָך אַלץ געשטאַנען, זיך געאַמפּערט מיט דאַווידאָוון און אים ניט געלאָזט רעדן. עס איז פאַרביי אַ שטיקל צייט. ביידע זענען זיי געשטאַנען איינער אַנטקעגן אַנדערן און — ווי צערייצטע הענער — זיך געקוקט אין די אויגן אַריין.

עס האָבן זיך געצויגן שווערע מינוטן פון אומגעדולד און פון אויסדויער. אַ שווערע אָנגעצויגנקייט איז געהאַנגען אין דער לופט, האָט אָנגעפילט דעם כאַלאַל פון וואַגאָן, זיך צעלייגט אף אַלעמענס פאַרכוישעכטע פּנימער און געהאַלטן די באַכטיקע טונקלקייט אין א מין געדריקטן קלעם. עס איז שווער געווען. די צוויי פּיצלעך ניט־דערברענטע לעכט האָבן זיך שווינדלדיק צעצאַנקט אין די שוואַרצע לאָמפּן און צעוואָרפן שווערע שאָטנס אף די וואַגאָן־ווענט. עס איז געווען פינצטער, שטיל און שווער.

דאַווידאָוו האָט שוין יענעם אָוונט טאַקע מער ניט גערעדט...

*****

**ביסלעכווייז** האָט אָנגעהויבן צו טאָגן.

ערגעץ וואו אינדערוויט האָט אָנגעהויבן רויטלען. דער פרימאָרגן האָט זיך, ווי אַ גאַנעוו, אַרויסגערוקט פון הינטער די בערג ביי דעם האָריזאָנט. עס האָט אויסגעזען עפּעס אַזוי מאָדנע, פּונקט ווי די נאַכט וואָלט אַ צעשראָקענע און פאַרשעמטע אַנטלאָפן פאַרן מאָרגנס אָנבליק. די געגנט, וואָס מיר זענען פאַרבייגעפאָרן, איז געווען אַ ליידיקע און איינזאַמע. ניט געווען קיין שטעטל, קיין סטאַנציע, און קיין שום אַנדער צייכן פון לעבן. זעלטן וואו איז פאַרבייגעפלויגן אַ פּיצינקע דערפעלע ערגעץ אינדערוויט, וואָס האָט זיך ווי באַהאַלטן פון שרעק פאַרן לויפנדיקן צוג. טאָמער איז יאָ געווען אַ סטאַנציע, איז ניט געווען ווער עס זאָל אַרויסקומען אונדז באַגעגענען אַפילו. מיר האָבן ניט געהאַט פאַר וועמען צו שפּילן און פון וועמען באַגריסט צו ווערן. ווייט אַוועק, באַ די ווייטע האָריזאָנטן, אף ביידע זייטן פון צוג, האָבן זיך — ווי גרויסע שאָמרים — קריגעריש אַוועקגעשטעלט הויכע, אוראַלטע, פּיאָלעט־גרויע בערג, וואָס האָבן געשוויגן עפּעס אַזוי מאָדנע פאַרדעכטיק און אַרויסרופעריש.

אין וואַגאָן איז שטיל געווען. קיינער האָט ניט גערעדט. יעדער איז געזעסן אף זיין פּלאַץ אַ שטילער און פאַרצויגטער. טערמאַקאָוו,

דער פויער, איז געזעסן צווישן אַ האַלב-אויפגערוקטער טיר. די פיס זיינע — אַרויסגעהאנגען אין דרויסן אַרויס. ער איז אַזוי געזעסן שטיל און עס האָט זיך געדאַכט — ער דרעמלט. מיטאַמאָל האָט ער אַ בענגלעך-צוויטיקטער אויסגעצויגן:

— עך, דו, לעבן אונדזערס, פאַרשאָלטנס!...

די וועלטער זיינע — אַרויסגערעדט פאָשעט און שטיל — זענען דאָך געפאַלן ווי שאַרפע העק אף אונדזערע קעפּ. פאַר אַ ווייל זענען אַלע געבליבן זיצן אַזוי טרויעריק, מיט אַרונטערגעהאנגענע קעפּ, — ווי מען וואָלט באַ אונדז די העלדזער איבערגעשניטן. קיינער האָט זיך קיין באַוועג ניט געטאָן. מען איז בלויז געזעסן און מיט גליענדיקע אויגן אויסגעשוויגן לעבער לעבן זיך, אפן דיל. די געדאַנקען ביי אַלעמען — ווייט אַוועק, ערגעץ אין ניט-געזעענע וועלטן...

עס איז שטיל געווען. דער מאָנאָטאָנער געזשום פון די רעדער האָט נאָך שווערער געמאַכט די שטילקייט. מיטאַמאָל האָט גרישונין זיך אַ שטעל אויף געטאָן מיט זיין גאַנצער ריזיקער הויך, קאָאַסדיק אַ שפּיי געטאָן דורך דער האַלב-צעעפנטער טיר אינדרויסן אַרויס און דערמיט איבערגעהאַקט די אָנגעצויגענע שטילקייט:

— עך, אַ רועך אין גאָטס מאַמעס לעבער און מילץ אַריין! — האָט ער גראָב אַ זידל געטאָן. — וואָס האָט איר זיך עס הייבט אַזוי צערעוועט ווי די באַבעס, צו אַלדע טייוול?...בר, געבוג געקלאָגט!... לאָמיר זיך בעסער אַ נעם טאָן שפּילן אין עפּעס, וועט דאַן אָט די פאַסקודנע בענגשאַפט אַוועק!...

אַלע — ווי געכאַפטע ביי אַ גנייווע — האָבן זיך פאַרשעמט און ווי פון שלאָף זיך אויפגעכאַפט. עס איז געוואָרן טומלדיק. יעדער האָט גענומען פאָרלייגן עפּעס אַן אַנדערע שפּיל. גרישונין האָט באַר געוואָלט שפּילן אין פּעטשעלעך און זיך גלייך גענומען אָרגאַניזירן די שפּיל. און קעדיי אָנצוהויבן מיט אימפּעט, — האָט ער, גרישונין טאַקע, זיך אַליין אַ לייג געטאָן צו טערמאַקאָוון אין דער קני און געהייסן אָנהויבן. יאַטן האָבן זיך אַרומגעשטעלט און די שפּיל איז אַוועק לעבעדיק. באַלד איז אַ צווייטער געלעגן אף זיין פּלאַץ.

אָט איז אָנגעקומען די ריי פאַר גודמאַנען. גרישונין האָט אים ברייט אַריינגענומען צו זיך אין די קני׳ען. מיט זיינע ברייטע און געזונטע לאַפּעס האָט ער אים פאַרשטעלט די אויגן, קעדיי ער זאָל גאָרניט קאָנען זען און — אינדערשטיל, בלויז מיט זיינע בליקן — געקאָמאַנדעוועט ווער עס זאָל דערלאַנגען.

און דערלאַנגען האָבן אַלע געוואָלט. ס׳ראָוו פון דער קאָמאַנדע

האט גודמאַנען פיינט געהאַט און אים געזוכט צו באַצאָלן פאַר זיין קאַרגשאַפט. איבערהויפּט האָט מען זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט אים פאַר דער פאַרגאַנגענער נאַכט, בעאייס מען האָט זיך איבדערפינצטער אַריינגעזעצט אין וואַגאָן אַריין און ניט געהאַט קיין ליכט צו קאָנען אַ שפּיל טאָן אין קאָרטן. געוואוסט האָט מען, אַז גודמאַן האָט פאַרן אָפּפאָרן פון טיפליס איינגעקויפט עטלעכע פונט לעכט און זיי גע־האַלטן באַ זיך אינעם זעקל. ער האָט זיי ניט געוואָלט פאַרקויפן, נאָר געוואָלט נוך־געלט, אַרונטערצורעכענען צו קאָפּיקעס פון יעדן געשפּילטן קאָן. דאָס איז אָבער, לויט דער מיינונג פון די קאָרטן־שפּילער, געווען צו פיל און זיי האָבן ניט געוואָלט נאָכגעבן.

מער פון אַלעמען איז אָף אים בייז געווען זשעלינסקי, דער פּאָ־ליאַק, וואָס האָט פּאָשעט געכאַלעשט פאַר קאָרטן. ער—אַפילע בעאייס עמעצער אַנדערש האָט דערלאַנגט גודמאַנען דעם פּאַטש — איז ער געשטאַנען דערלעבן און געריבן די הענט מיט אַזאַ זיסער האַנאָע, פונקט ווי ער אַליין וואָלט געווען דערלאַנגט. דערביי האָט ער זיך אונטערגעהאָצקעט און — רייצנדיק זיך מיט גודמאַנען— אים קאָלט איבערגעפרעגט נאָך יעדן פּאַטש:

— נו, איצט וועסטו שוין געבן לעכט, צי נאָך אַלץ ניט?...

גודמאַן האָט נאָך יעדן זעץ געברומט, געשריגן און געשפּיגן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט בלאָנדזשענדיקע בליקן און בעשום אויפן ניט געקאָנט טרעפן ווער עס האָט דערלאַנגט. אַ פאַרשעמטער האָט ער זיך יעדעסמאָל צוריקגעלייגט און... ווייטער אַריינגעכאַפּט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ העפטיקן ריס געטאָן פון גרישוניגס קניען אַרויס און זיך גענומען קלאָגן פאַרן עלטסטן:

— אויב מען וועט אַזוי דערלאַנגען, וועל איך אינגאַנצן ניט שפּילן און פאַרטיק!...

סטעפּאַקין האָט מיקלוימערשט אומשולדיק פאַרצויגן זיינע דינע, בלויע ליפּן, אָנגעשטעלט אַ זויער ראַכמאָנעס־פּעניםל, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך באָר־וואָס דערוואוסט, אַז מען באַגייט זיך אַזוי שלעכט מיט גודמאַנען, און אים גענומען באַרואיקן:

— נו, גוט־גוט, איך וועל שוין אַכטונג געבן. דו שפּיל נאָך אַביסל און... איך זאָג דיר, אַז מער וועט מען שוין ניט...

צו די אַרומיקע האָט ער ווייטיק אַ פּינטל געטאָן מיט אַן אויג און ציניש אַ זאָג געטאָן:

— אָ, כעוורע, אַביסעלע יוישער דאַרף מען דאָך אויך האָבן. אַז דערלאַנגען — טאָ זאָל עס זיין מיט האַרץ!...

געפילט האָט מען אָבער, אַז געמיינט האָט ער גאָר עפּעס אַנדערש. אומגעפּער אַזוי:

„דערלאַנגט אים, דעם קאַרגן, זאָל ער קיין כּאַזער ניט זיין!״.

גודמאַן האָט זיך ווידער אַוועקגעלייגט צו גרישונינען אין די קניען אַריין און יאַטן האָבן ווידער גענומען דערלאַנגען. שפּעטער אַביסל האָט ער, גודמאַן, צופעליק אָנגעוויזן אף דוקלען און טאַקע דאָסמאָל געטראָפן. געווען איז עס, אַפּאָנים, דערפאַר, וואָס דוקעל האָט אויס ראַכמאָנעס צו אים אַ צו לייכטן קלאַפּ געטאָן.

דוקעל, איידער ער האָט זיך אַוועקגעלייגט, האָט אַזש גענומען ציטערן און מיט טרויעריקע בליקן געקוקט אף אַלעמען, פּונקט ווי ער וואָלט שטומערהייט געבעטן, מען זאָל אים שאַנעווען. יאַטן האָבן אים באַרואיקט און ער האָט זיך אַוועקגעלייגט. אים האָט מען טאַקע ניט דערלאַנגט אַזוי שטאַרק ווי גודמאַנען. מיט אים האָט מען גע-האָט איינזעעניש. זיין נאַטירלעכע נאַבלעסיקע צעליאַפּעטקייט האָט באַ יעדן אַרויסגערופן ראַכמאָנעס און זיין מוזיקאַלישע קענטניש — אַכטונג. דערפאַר אָבער האָט שוין גודמאַן אויסגעלאָזט זיין גאַנצן קאַאַס צו אים, פאַר די קלעפּ, וואָס ער אַליין האָט פריער אַריינגע-כאַפּט. יעדע ווייל האָט ער זיך געריסן צו דערלאַנגען. צום גליק האָבן יאַטן דאָס ניט געוואָלט ליידן. און אַז מען האָט אים שוין יאָ דערלאָזט אַ פּאַטש טאָן, האָט מען דערפאַר דוקלען גלייך געלאָזט וויסן דורך אַ ווונק און, גודמאַן האָט זיך ווידער געמוזט לייגן...

סאָף קאָל סאָף איז גודמאַנען פאָרט נימעס געוואָרן אַריינצוכאַפּן די קלעפּ. ער האָט זיך גענומען בעטן און שווערן, אַז ער וועט שוין געבן לעכט און ביכלאַל בעסער ווערן. ער האָט אָבער באַך אַלץ גע-פּאָדערט, אַז מען זאָל אים, באַם קאָרטן-שפּילן, אַרונטערגעבן פון יעדן קאָן צו קאָפּיקע פאַר די לעכט. ער האָט געטיינעט:

— קיין גוויר בין איך דאָך ניט. קיין אַנדערע פאַרדינסטן האָב איך דאָך אויך ניט. נו, און אויב איר ווילט אַזוי שטאַרק שפּילן אין קאָרטן, — טאָ באַצאָלט דערפאַר!...

כעוורע האָבן אים אָפּגעלאָזט, אָבער ערשט אף דאָס ביי זיך אַ נעם געטאָן דינגען מיט אים:

— וואָרים ווער וויל עס דען פון דיר בעכינעם?... אַ קאָפּיקע איז אָבער צופיל. דאָס גאַנצע געלט אונדזערס וועט דאָך אַזויאַרום ביסלעכווייז אַריבערגיין צו דיר אין די הענט אריין און...

מען האָט אים געפּרובירט פאָרלייגן אַ קאָפּיקע פון יעדע צוויי

קענער, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. ער האָט געטיינעט, אַז דאָס איז זיין סכוירע; אַז ער האָט אַ רעכט צו פאַרדינען און... ער האָט פאָרט אויסגעפירט אף דאָס זייניקע...

*****

**די שפּיל** אין פּעטשעלעך איז זיך צעפּאַלן. ניט געווען מער קיין באַלאַנס אף אַוועקצולייגן זיך. יעדן האָט זיך שוין געוואָלט האָבן אַן איבערבייט. עמעצער האָט דאַן פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל זיך שפּילן אין טעאַטער, און דאָס איז גלייך אָנגענומען געוואָרן, מיטן באַשלוס, .אַז יעדער זאָל מוזן עפּעס טאָן.

עטלעכע יאַטן האָבן טאַקע גלייך גענומען זייערע אינסטרומענטן און קוידעם־קאָל אויסגעשפּילט דעם אַמעריקאַנישן מאַרש: „די שטערן און שטרייפן”. דעם דאָזיקן מאַרש האָט דוקעל ערגעץ מיט אַ צייט צוריק געקראָגן אין פּיאַנע־פּאַרטיע און דערפון אַראַנזשירט אַ פולע פּאַרטיטורע פאַר אַלע אינסטרומענטן.

אָבער שפּילן דעם דאָזיקן מאַרש האָבן מיר ניט געטאָרט, סיידן ביגבייווע, אַז סאוואָראָף זאָל עס ניט הערן. ער, סאוואָראָף, אַזוי ווי ער האָט נאָר דערזען, אַז עס איז אַן אַמעריקאַנישער מאַרש, האָט עס אונדז פאַרבאָטן צו שפּילן. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס וואָס ער איז אַן אַמעריקאַנישער מאַרש, איז ער בלויז דערמיט אַליין שוין אַ רעוואָלוציאָנערער. איצט אָבער, אַז סאוואָראָף איז געווען ערגעץ אין אַ ווייטן אָפיצירישן וואַגאָן, האָבן יאַטן קיין מוירע ניט געהאַט און אים ביי אָט דער געלעגנהייט געשפּילט.

טשעריאַק האָט דערציילט שאַרפע פעפערדיקע וויצן. אַ צווייטער האָט עפּעס דעקלאַמירט און אַ דריטער האָט געזונגען. דוקעל אַליין האָט אויסגעשפּילט אַ סערענאַדע אף דער איינציקער סטרונע פון דעם „בעזים־פידל”, וואָס ער האָט — צוזאַמען מיט זיין עמעסן פידל — מיט זיך מיטגעשלעפּט. דערנאָך, אַלס צוגאָב, האָט ער אויסגעפּאַטשט אַ סטאַקאַטאָ־פּאָלקע אף זיינע אייגענע באַקן. גרישונין ווידער האָט נאָכגעקרימט סאוואָראָפן ווי ער דיריגירט בעאייס ער איז שיקער און ווי ער זידלט זיך דאַן...דער מאָלדאַוואַן קוציאַק, — אַ שוואַרץ־ביי־נעוודיקער געזונטער יאַט, וואָס האָט קימאַט קיין רוסיש וואָרט ניט געקאָנט רעדן, האָט קונציק — מאַמעש ווי געזונגען פון אַ פרויען־שטימע — אויסגעשפּילט ציגיינערישע ראָמאַנסן און מאָלדאַוואַנישע דאָינעס, אף זיין אייגענעם, היימישן, צעקנייטשטן קאָרנעט...

סטעפּאַקין — אין זיין ריי — האָט אַרויסגענומען פון אַ שטיוול-כאַלעווע עפּעס אַן אַלטע, איינגעקנייטשטע צייטונג און גענומען אף אַ קאָל פאָרלייענען דערפון:

— „צו אַלע בירגער פון אונדזער לאַנד!" — האָט ער, ווי ער וואָלט אַ רעדע געהאַלטן, מיט פּאַטאָס אַרויסגעלייענט, — „כאַווייריים אַרבעטער!... איצט, ווען דער סוינע איז באַפאַלן אונדזער לאַנד, ווען דאָס לאַנד איז אין געפאַר צעטראָטן צו ווערן פונעם דייטשישן מיליטערישן שטיוול, — רופן מיר אַלעמען זיך צו פאַרייניקן און צו קעמפן צוזאַמען קעגן אים!... איצט דאַרפן פאַרגעסן ווערן די אַלע פריערדיקע קריוודעס פונעם פאָלק צו דער רעגירונג!... אַלע — ווי איינער — דאַרפן זיך אַריינוואַרפן אין דער פאַרטיידיקונג, ווער מיט געלט, ווער מיט שפּייז, ווער מיט אַרבעט און ווער מיטן אייגענעם לעבן אַפילע!... אַלע, סיי איד און סיי קריסט, סיי פּאָליאַק און סיי טאָטער, — קיינער טאָר איצט ניט בלייבן שטיין אָן אַ זייט!... מען טאָר ניט דערלאָזן, אַז אונדזער לאַנד זאָל באַהערשט ווערן פון די דייטשישע יונקערס!... מיר, סאָציאַליסטן, רופן אַלעמען דאָס צו האָבן אינזינען!... איבערהויפּט פאָדערן מיר איצט אויף אונדזערע אייגענע פּאַרטיי-מיטגלידער צו זיין אַ מוסטער פאַר אַלעמען!... דערלאָזט ניט, אַז ליקווידאַטאָרס, פּאַציפיסטן, וואָס זענען ניט מער ווי פּאָשעטע אונטערגעקויפטע דייטשישע שפּיאָנען, זאָלן פאַרפירן דאָס פאָלק!... ברידער, פאַרטרייבט אַזעלכן וואו איר וועט אים נאָר באַגעגענען!... פאַריאָגט זיי פון אייערע רייען!"...

סטעפּאַקין האָט אַ וויש געטאָן זיינע וואָנצעס, זיך אַרומגעקוקט, ווי צו דערגיין וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין לייענען האָט געמאַכט אף דער קאָמאַנדע און צוגעגעבן:

— איר זעט, יאַטן, דאָס האָבן געשריבן די סאָציאַליסטן. דאָס זענען די זעלביקע מענטשן טאַקע, וועגן וועלכע מען האָט אייך טאָמיד געזאָגט, אַז זיי זענען פאַרעטער און זאַבאַסטאָווטשיקעס... איצט קאָנט איר אַליין זען, אַז אין אַן אייס-צאָרע האָבן זיי אָוועקגעלייגט זייער קאַמף קעגן דער רעגירונג און אַרויפגענומען אף זיך דעם יאָך פון מילכאָמע צוזאַמען מיטן גאַנצן רוסישן פאָלק...

דאַווידאָוו האָט די גאַנצע צייט געקוקט אף סטעפּאַקינען מיט אַ מאָדנער איראָנישער טרוקנקייט, און קיין איינציק וואָרט ניט אויס-גערעדט. אַז יענער האָט פאַרענדיקט, האָט ער זיך ברייט צעשמייכלט און מיט כויזעק גענומען רעדן:

— יאָ, אַ זייער פיינעם אויפרוף האָבן עס דיינע סאָציאַליסטן

אַרויסגעלאָזט! — האָט ער פֿייערדיק אַ שניט געטאָן און זיך גלייך אַ ווענד געטאָן צו דער קאָמאַנדע, — יאָ־יאָ, ברידער מיינע: די וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם דאָזיקן אויפֿרוף, האָבן נעבעך געגומען אַף זיך אַ גאַנץ שווערן יאָך!... זיצן ערגעץ אין פּעטערבורג אין די פֿאַרטיידיקונג־ביוראָס, אָדער אין אַמוניציע־פֿאַבריקן, איז מיסטאָמע גאָרניט אַזאַ לייכטע זאַך!... און אַזוי ווי מען זיצט שוין דאָרט, איז עס בעמיילע אַ גוט־באַצאָלטע אויפֿגאַבע אַרויסצולאָזן אַזעלכע פֿיינע מאָרד־און־פֿאַראַט־מאַניפֿעסטן!...

גרישונין האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און צוגעגעבן:

— געראָכט, דאַווירשקע, ערן וואָרט! וואָרים טאַקע אַזוי: אויב זיי זענען בעעמעס אַזעלכע גוואַלדיקע פּאַטריאָטן, טאָ פֿאַרוואָס זשע זענען זיי ניט אַהערגעקומען אַפֿן פֿראָנט, אָט אַזוי ווי מיר?...

סטעפּאַקין איז אַ צעקאָכטער אויפֿגעשפּרונגען:

— קאָך זיך נאָר ניט, בער אומגעלומפּערטער, קאָך זיך ניט!... דאָרט דאַרף מען אויך האָבן מענטשן!... מיט די סאָנים, דאָ, אַפֿן פֿראָנט, וועלן מיר, סאָלדאַטן, זיך שוין אַליין, אָן זיי, לייכט קאָנען ספּראַווען!...

און ווי צו באַפֿעסטיקן זיין באַהויפּטונג, — האָט ער ווידער אַ ווייז געטאָן אַף דער צייטונג:

— „אונדזערע אָדלערס" שרייבט זיך דאָ, — האָט ער זוכנדיק די ביי׳עס, דערווייל אַ זאָג געטאָן, — „אונדזערע אָדלערס האָבן נעכטן פֿאַרנומען עטלעכע וויכטיקע פּונקטן באַם סוינע; זיי האָבן פֿאַרטריבן די דייטשן און עסטרייכער, אַרומגערינגלט זייערע אַ גרויסע אַרמיי און זי פֿאַרנומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט. אונדזערע סאָלדאַטן שפּאַנען מיט דערפֿאָלג איבער די קאַרפּאַטן און"...

ער האָט גיך איינגעלייגט די צייטונג, זי פֿלינק פֿאַררוקט צו זיך אין שטיוול־כאַליעווע אַריין און צוגעגעבן:

— אָט ווי מיר טרייבן זיי, די דייטשוקעס!... און אויב עס וועט ווייטער אַנגיין מיטן זעלביקן טעמפּאָ, וועלן אונדזערע אינגיכן זיין אין בערלין. דאָ, מיט די טערקן, וועלן מיר עס אָוואַדע מאַכן איינס און צוויי און די מילכאָמע וועט זיין געענדיקט...

די גאַנצע קאָמאַנדע האָט געהערט און דאָך געבליבן גלייכגילטיק צו דעם געזאָגטן. טשעריאַק האָט עפּעס אונטערגעבורטשעט אונטער דער נאָז, ווי ער וואָלט זיך געאיִשעוועט וועגן עפּעס. מיטאַמאָל האָט ער איבערגעהאַקט דאָס ברומען און אַ זאָג געטאָן:

— און איך טראַכט, אַז עס וועט ניט גיין אַזוי לייכט. זיי, די

דייטשן, זענען מאַזיקים און מיר וואָלטן זיך בעסער ניט געדאַרפט אָנהויבן מיט זיי...

טערמאַקאָוו האָט דאָס, אַפּאָנים, ניט געקאָנט פאַרליידן. ער איז אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ און אַריין אינמיטן:

— וואָס הייסט, זיך ניט אָנהויבן מיט זיי? — האָט ער געשריגן, — זיי זענען דאָך עמעסע מענטשן־פרעסער און באַרבאַרן!... אָט, האָט מען דערציילט, אַז זיי, די פאַרשאָלטענע, וואו זיי שטעלן נאָר אַריין אַ פוס, אַזוי קוילענען זיי אויס די מענטשן אָן שום ראַכמאָנעס. מען וואָלט זיי דעריבער געדאַרפט ניט נאָר אויסשיסן דערפאַר, נאָר טאַקע פאָשעטע אף שטיקער צעשניידן...

דאַווידאָוו האָט זיך צוגעהערט און געשמייכלט. מיטאַמאָל האָט ער אַ שאָס געטאָן מיט זיינע פייערדיקע אויגן אף טערמאַקאָוון און מיט קאַאַס גענומען שרייען:

— שויטע! דאָרט, באַ די דייטשן, דערציילט מען פונקט דאָס זעלביקע וועגן אונדז, רוסן... דאָרט דערציילט מען די דייטשישע סאָלדאַטן, אַז מיר, די ווילדע מאָסקוויטן, צערייסן פּיצלעך קינדער אף דער העלפט און...נו, איז דאָס דען עמעס?...

ער האָט טערמאַקאָוון פריינטלעך אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע און מיט האַרץ צוגעגעבן:

— דאָס דערציילט מען אַזוי בעקיוון, קעדיי די באַגנעטן זאָלן זיך לייכטער אַריינגליטשן אין סוינעס קישקעס אַריין; קעדיי מיר זאָלן ביכלאַל ניט דערזען, אַז מיר האָבן גאָר קיין סוינע ניט...

ווי אַ באָמבע וואָלט אומגעריכט אויפגעריסן אין וואַגאָן, אַזוי האָבן דאַווידאָווס רייד אַרויסגערופן אָן אומרו אין קאָמאַנדע. עס איז געוואָרן אַזאַ געפּילדער, אַז עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן די וועלט עקט זיך. פון אַלע זייטן האָט מען זיך געוואָרפן צו אים אָדער גאָר איינער צום צווייטן מיט געשרייען און קוילעס:

— אַזוי רעדט אַ פאַרעטער, ניט קיין פּראַוואָסלאַוונער!...

— ער איז אַ שפּיאָן! אַ דייטשישער שפּיאָן!...

— מען וואָלט אים געדאַרפט מיט אַ קאָפּ קורצער מאַכן!...

צווישן די אַלע געשרייען האָט זיך דאָ און דאָרט געהערט אַ צאָל צוריקשטויסן:

— אידיאָטן, וואָס איר זענט, ווער איז באַ אייך אַ שפּיאָן?...

— פאַרמאַכט בעסער די נאַרישע מיסט־קעסטלעך אייערע!...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג. עטלעכע יאַטן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו דאַווידאָוון מיט זייערע פויסטן. גרישונין האָט זיך

אַ שטעל געטאָן אין פּאָרנט פון דאַווידאָוון און געוואָרנט די אָנפּאַלער, אַז זיי זאָלן זיך בעסער אָפּרוקן. ער האָט געהאַלטן זיין פּויסטיקע האַנט אינדערהויך און טאָרמאָזירט:

— איך וואָרן אייך,— האָט ער געשריגן, — אַז איך וועל ניט קוקן ווער עס איז. איך וועל דערלאַנגען יעדן איינעם וואָס וועט נאָר דערוועגן אים אָנרירן!... איך זאָג אייך, רוקט זיך בעסער אָפּ, איר בעהיימעס, וואָרים...ער איז פּאָרט געזעכט און...

זיין געשריי האָט בלויז צעפלאַקערט דאָס אָנגעצונדענע פייער. קוילעס האָבן צוריקגעוואָרפן:

— דו אַליין ביסט לעצטנס אויך געוואָרן אַ פיינע צאַצקע! מען וואָלט דיך געדאַרפט צוזאַמען מיט אים אָנלערנען דערפאַר!...

— מען דאַרף זיי גאָר אַרויסוואַרפן פונעם וואַגאָן, אינדרויסן אַרויס... יאָ, ביידן...

— און איך זאָג, בעסער דערלייגן וועגן דעם צו נאַטשאַלסטווע און זאָלן זיי טאָן וואָס מען דאַרף מיט זיי!...

דראַבאָלקין, וועלכער איז אויך געווען צווישן די שרייער, איז מיטאַמאָל אַרויס פון דער גרופּע און בייז געגומען שרייען:

— אָ ניין! ניט דאָס! וואָס־וואָס, אָבער קיין מאָסרים וועלן מיר ניט ווערן! מיר דאַרפן זיך אַליין אָפּרעכענען מיט זיי ווי זיי האָבן עס פאַרדינט...אָט, נעמען און זיי צוזאַמענבינדן ביידע איבאייגעם, זיי גוט אָנבּרעכן די ביינער און...

גרישונין איז אַלץ געשטאַנען מיט דער פויסט אינדערהויך. ער האָט זיך אַ דריי אויס געטאָן צו דראַבאָלקינען:

— די ערשטע העלפט ביסטו טאַקע געזעכט געווען. אָבער פאַר דער אַנדערער, וואַרט צו, דו לויזיקער! איך וועל זיך שוין מיט דיר אָפּרעכענען דערפאַר אַן אַנדערשמאָל!... און איר, — האָט ער זיך צוריק אַ ווענד געטאָן צו די איבעריקע, — בעסער צעפּאָרט איר זיך ניט אַזוי פריי מיט אייערע נאַרישע פּיסקעס!...פּאָלגט מיך און הערט בעסער אויס וואָס דאַווידאָוו האָט צו זאָגן און... לערנט זיך! איך, איך אַליין האָב אַמאָל אויך געטראַכט אַזוי ווי איר... איך האָב זיך אָבער אָנגעהויבן צוהערן, גענומען איבערטראַכטן און...

דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן. יאַטן זענען פּאָרט געווען גרייט צו מאַכן דעם ערשטן נויטיקן טראָט אין פּאָרויס...

טשעריאַק, ווידער, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ זייט און, ווי עס האָט אויסגעזען, האַנאָע געהאַט פונעם טומל, האָט — דערזעענדיק, אַז דער איניען ווערט צו ערנסט און צו הייס — זיך

האַסטיק אַ שטעל אויף געטאָן, זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ וואַנט לעבן גרישדניבעז און אויך גענומען העלפן איינצושטילן די צעווילדעוועטע כעוורע. עס האָט אָבער אַלץ ניט געהאָלפן. פאַרקערט: דער טומל איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. צייטנווייז האָט זיך אַפילע אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט וועלן רעוואָלווערן זיך צעבילן ווי די הינט און ברוסטן וועלן דורכגעלעכערט ווערן פון די פליענדיקע קוילן. סטעפּאַקין. וועלכער איז געשטאַנען ווי אַ פּאַרלוירענער, אָבער מיט אַ קלאָרן אויסדרוק פון צופרידנקייט אפן פּאָנים, וואָס כעוורע האָבן זיך איצט גענומען צו דאַווידאָוון, האָט מיטאַמאָל — דערפילנדיק, אַפּאָנים, דאָס געפּאַר — גענומען גיך פּאָכען מיט זיינע לאַנגע הענט און אף דעם געווייניטלעכן פאַלצעטל זיינעם גענומען פּישטשען:

שטיל זאָל זיין, דער טייוול זאָל אייך נעמען! שטיל, זאָג איך, זאָל זיין!... רוקט זיך אָפּ!... מאַלע וואָס אַ מעשוגענער הונט האָט זיך דאָרט צעברעשעט!... איר זעט דאָך אַליין, אַז עס פעלט אים אַ קלעפּקע...אַ קלאָרער מענטש וואָלט דאָך זיכער אַזוי ניט גערעדט, ספּעציעל נאָך אין געפּאַר, אַז נאַטשאַלסטווע זאָל דערהערן און...

ער האָט אַ דראָע געטאָן מיט אַ פינגער צו דאַווידאָוון:

— אָט אַזוי, רויטינקער, אָט אַזוי...גראָב זיך אַ קייווערל!... גיי דיר אָן מיט דיין נאַרישער אַגיטאַציע!... נישקאָשע, וועסט נאָך דערפירן דערצו, אַז כעוורע וועלן דיך נאָך טאַקע אַרויסוואַרפן פון דעם לויפנדיקן צוג און...

דאַווידאָוו האָט זיך אָפּגעקערט פון אים און דערביי געביסן די ליפּן זיינע פון פאַרדראָס:

— אָ, מיר וועלן נאָך זען וועמען מען וועט וואַרפן! דערווייל איז נאָך צו פרי צו רעדן וועגן דעם. יאָ, די צייט וועט עס נאָך באַווייזן... איצט, דערווייל, הייס זיי בעסער אָפּטרעטן!...

יאַטן זענען טאַקע אָפּגעטראָטן, אָבער דער טומל האָט זיך נאָך אַלץ ניט איינגעשטילט. צום גליק האָט דער עשאַלאָן זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן צו אַ סטאַנציע און אַלע זענען מיטאַמאָל — פּונקט ווי לויט אַ סיגנאַל — אַנטשוויגן געוואָרן. עס איז געוואָרן אַזוי שטיל אין וואַגאָן, פּונקט ווי עס וואָלט גאָר קיינמאָל קיין שום טומל ניט געוועז. כעוורע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די וואַגאָן־טירן און, — אַזוי גיך ווי דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, — אַרויסגעשפּרונגען אינדרויסן אַרויס און — אין געלויף — זיך ווי געוויינטלעך אַ לאָז געטאָן צום דערבייאיקן מאַרק עפּעס איינצוהאַנדלען...

*****

**דער אָוונט** איז צוגעפאַלן. כעוורע האָבן זיך גענומען צום שפּילן אין קאָרטן. גרופּקעלעך צו פיר און צו פינף האָבן פאַרכאַפּט פּלעצער אפן דיל און אף די פּאָליצעס. ערגעץ האָט מען זיך געריסן איבער אַ שטיקל פּלאַץ און געטריבן עמעצן פון זיין איינגעזעסן אָרט. אינגיכן האָבן זיך די גרופּקעס געהאַט איינגעאָרדנט. מען האָט צעצונדן לעכט, וואָס גודמאַן האָט צוגעשטעלט און די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן.

יענע, וואָס האָבן ניט געשפּילט, זענען אַרומגעזעסן באַ די זייטן און האָבן זיך גלאַט אַזוי צוגעקוקט. זיי האָבן, ווי געוויינטלעך, צוגעוואָרפן ווערטלעך און געגעבן אייצעס די שפּילער:

— העי, — האָט איינער אונטערגעגעבן מוט, — זיי ניט קיין יאָלד, וואַסקע. ציִ נאָך אַ קאָרט!...

— זיי ניט קיין גוילעם, — האָט אַ צווייטער איבערגעשפּאַרט,— הער אים ניט. איך זאָג דיר, עס איז גענוג!...

— באַלוואַן! — האָט אַ דריטער געזאָגט, — ס׳גייט דיר איצט אַ דרייטל, בענעמאָנעס. אַ דרייטל!...

— זעט נאָר ווי ער האָט דאָס מאַזל, — האָט דער צווייטער, ווען יענער האָט געוואונען, זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאַרק, — ער האָט דאָך טאַקע אַרויסגעשלעפּט אַ דרייטל... אָט אַ מאַזל!...

אַנדערע יאַטן זענען גאָר געזעסן אין אַ ווינקל וואַגאָן און זיך איינגעהערט אין אַ מאַיסע, וואָס עמעצער פון זיי האָט דערציילט. גודמאַן האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן וואַגאָן, ווי אַ באַלעבאָס, און איינגעמאָנט די קאָפּיקעס פאַר די לעכט און קאָרטן. דערביי האָט ער זיך געבייזערט און געפּאָדערט, אַז מען זאָל אַזוי שטאַרק ניט וואַרפן און ברעכן די קאָרטן. יאַטן האָבן אים אָבער גאַנץ ווינציק געהערט און, ווי אף צו לעהאַכעס, זיי נאָך מער געשליידערט.

— מיר באַצאָלן דאָך דיר פאַר די קאָרטן. — האָט איינער פון די פאַרשפּילטע געשריגן. — זיי זענען שוין מער אונדזערע...

— יאָ, — האָט אַ צווייטער צוגעשטימט, — דו האָסט דיר שוין לאַנג אָפּגענומען דיין געלט פאַר זיי! דאַרפסט ניט שרייען!...

בלויז עטלעכע יאַטן פון קאָמאַנדע האָבן ניט געשפּילט, ניט פאַרבראַכט און אַפילע ניט צוגעקוקט, אָדער זיך איינגעהערט צו די שפּילער. „וויעטער״, דראַבולקין, סאָטסקי און נאָך עטלעכע יאַטן האָבן זיך פאַרקליבן אף אַן אויבערשטער פּאָליצע און געזונגען:

„דער לעצטער טאָג איז היינט, דער פרייער,
וואָס איך פאַרברענג מיט אייך, אָ, פריינט.
און מאָרגן, מאָרגן קוים באַגינען, —
צעשיידן וועט מען אונדז פאַרווייַנט...
ווייַנען וועט נאָך מיר מייַן קאַלע,
מיט וועלכער אַ ליבע כ'האָב געשפּינט;
ס'וועלן אויך ווייַנען טאַטע-מאַמע,
די שוועסטער און ס'גאַנצע הויז-געזינט...
שוואַרצע וואָלקנס, שווערע כמאַרעס,
פאַרציען זיך איבער מייַן בליק:
מען נעמט מיך איצטער אויף מילכאָמע—
ווער ווייסט, צי קומען וועל איך צוריק...”

שפּעט בייַנאַכט האָט די קאָרטן-שפּיל זיך אָנגעהויבן צו ביסלעך צעפאַלן און כעוורע האָבן זיך אייַנציקווייַז גענומען לייגן שלאָפן.

פאַרטאָג צו האָט דער צוג זיך דורכגעשניטן דורך אַ לאַנגן טונעל אונטער אַ באַרג און באַלד, גלייַך נאָכן אַרויסקומען אויף דער צווייטער זייַט, האָט זיך דערפילט אַן איבערענדערונג איבעם וועטער. עס איז געוואָרן שטאַרק קאַלט. אויף די אַרומיקע ריזיקע בערג האָט זיך— אונטער אַ לעוואָנע-שייַן — געזען אַ מיניעדיקער זילבערנער שניי. אַ שאַרפער ווינט האָט זיך רוגזעדיק אַרייַנגעריסן דורך די שפּאַלטן פון די טירן, אָנגעיאָגט אַ מוירעדיקע קעלט אין וואַגאָן און אַזש דורכגענומען די ביינער. צודעקן זיך — איז ניט געווען מיט וואָס. די אָבאָז-וועגעלעך, אויף וועלכע מיר האָבן געהאַט אַוועקגעלייגט אונ-דזערע קאָלדרעס פאַרן אַוועקפאָרן, זענען גאָר געווען ערגעץ אויף אַ צווייטן עשאַלאָן. מיר האָבן זיך, דעריבער, אין דער אַזוי אויך שוין גרויסער ענגשאַפט, נאָך מער צוזאַמענגערוקט איינער צום צווייטן און זיך פּרובירט וואַרעמען אין די אייגענע קערפּערס...

מאָדנע, ווי אָט דער דאָזיקער אומבייט איז עס מיטאַמאָל געשען. אָט איז דאָך אויף יענעם זייַט פונעם טונעל נאָך געווען אַזוי שייַן און אַזוי וואַרעם; גראָזן און בוימער האָבן נאָך געהאַלטן דאָרט אין סאַמע בעסטן גרינען. און דאָ, בלויז אַ כילעק אין עטלעכע מינוטן, — און שוין איז געלעגן אַזאַ קאַלטער שניי, וואָס האָט אונדז אַלע אייַנגע-דרייט אין דרייען און מיט זייַן בלענדנדיקער ווייסקייט געשניטן אין די אויגן ווי מיט שאַרפע מעסערס...



# קאַפּיטל זעקס

מיר זענען אָנגעקומען צום לעצטן באַן־אָפּשטעל, וואָס ניט ווייט פון דער גרענעץ. ווייטער, האָט מען אונדז געזאָגט, זענען שוין קיין באַן־שינעס ניט געלעגן.

דאָס שטעטל — סאַראַקאַמיש, האָט עס געהייסן, — איז געלעגן צעוואָרפן אין טאָל, אַרום אַ קליין וואַקזאַלעכל, און פון ווייטן צו־געוואונקען מיט אַ סאַך רויט־געפאַרבטע קאַזאַרמע־דעכער. אַרום דעם שטעטל — הויכע, פאַרשנייעטע בערג, וואָס האָבן געיאָגט פון זיך מיט אומהיימלעכער קעלט. פון דער געפרוירענער ערד, אַרום אונדז, האָט זיך געהויבן אַ שניידנדיקער פראָסט און פונדערהויך האָט געבלאָזן אַ שאַרפער ווינט. אונדזער עשאַלאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווייטער, זייטיקער און קימאַט איינזאַמער פראַכט־ליניע.

מיר זענען אַרויסגעשפּרונגען פון די וואַגאָנען און זיך געוואָלט לאָזן לויפן צום וואַקזאַלעכל, אויף צו דערוואַרעמען זיך אַביסל. אָבער באַטשאַלסטווע האָט עס אונדז פאַרבאָטן. בלייבן אין די וואַגאָנען איז אויך אוממעגלעך געווען. די אייוועריס — ווי פאַראַליזירטע פון דער גליווערדיקער פראָסט — האָבן ווי געטאָן. די פינגער — פאַרשטייפטע — האָבן געשמאַרצט. מיר האָבן גענומען אַרומשפרינגען, געקלאַפּט מיט די הענט איבער די קערפּערס, אין האָפנונג כאָטש אַזויאַרום זיך ווי ניט איז צו דערוואַרעמען. דאָס האָט אָבער קימאַט ווי גאָר־ניט געהאָלפן. דער פראָסט איז צו שטאַרק געווען, אַז אַזאַ מיטל זאָל אים קאָנען באַזיגן.

דער קאַפּעלמייסטער — אָן אָנגעפּעלצטער אין אַ קאָזאַקישער פּילץ בורקע — איז אַרויסגעקומען פון זיין ערשט־קלאַסיקן, אָנגעהייצטן וואַגאָן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אונדז און מיטאַמאָל זיך אַ ווענד געטאָן צו סטעפּאַקינען:

— נעמט די אינסטרומענטן און שפּילט עטלעכע מאַרשן!...

מיר האָבן, דערשטוינטע, געקוקט אף אים און לעכאַטשילע אַפּילע געמיינט, אַז דאָס שפּאַסט ער בלויז אַזוי. ער האָט אָבער זיין באַפעל איבערגעבכאַזערט פיל שטרענגער און אונדז געהייסן זיך טאַקע גלייך נעמען דערצו. ערשט דאַן האָבן מיר — צעווייטיקטע — גענומען די אינסטרומענטן און געפּרוּבירט שפּילן. עס איז אָבער ניט געגאַנגען. די קיילים זענען געווען ווי שטיקער מעשענע אייז. די מונדשטיקער — איבערגעפרוירענע — האָבן זיך צוגעקלעפּט צו די ליפּן, געביסן, געשמאַרצט און געשטשיפּעט — ניט איבערצוטראָגן. עס איז מאַמעש געווען אומעגלעך אַ בלאָז צו טאָן. סאַוואָראָף האָט אָבער ניט געוואָלט וויסן פון קיין זאַך און געהאַלטן אין איין שרייען:

— וואָס פאַר אַ בייער טערעץ איז דאָס — פאַרפרוירן?!... נעמט זיך בעסער גלייך צום שפּילן!... שוין צוויי טעג ווי איר האָט ניט געהאַלטן קיין אינסטרומענט אין די הענט. איר וועט שוין באַלד ניט וויסן ווי מען דאַרף נעמען אַ באַטע!...

סטעפּאַקין איז געשטאַנען נאָר ווי אַ צעדולטער. ער האָט זיך געקנייטשט, אונטערגעמורמלט עפּעס אינדערשטיל פון אומצופרידנ-קייט און — כאָטש עס איז קלאָר געווען, אַז אים אַליין איז אויך שטאַרק קאַלט — האָט ער פונדעסטוועגן צו אונדז אַ ברום געטאָן:

— לאָמיר טאַקע אַ פּרוביר טאָן, יאַטן... כ׳וויס, עפּשער וועלן מיר, שפּילנדיק אַזוי, זיך אַביסל דערוואַרעמען...

דער דאָזיקער זאָג זיינער איז דער קאָמאַנדע געווען דערווידער-דיק. עפּעס איז ער איצט אויסגעקומען ווי אַ הונט, וואָס שטייט אף די הינטערשטע לאַפּעס פאַר זיין באַלעבאָס און כאַנפעט אים.

מיר האָבן גענומען שפּילן, אָבער ס׳איז פאָרט ניט געגאַנגען. די אינסטרומענטן האָבן געפּישטשעט, געפּייפט און זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. — טויטע קיילים!...

סאַוואָראָף איז געוואָרן רויט און אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק. ער האָט גענומען שרייען און מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן:

— מערזאַווצעס אַזעלכע! איך וועל אייך שוין אָנלערנען דער-פאַר אַביסל שפּעטער!... איך וועל...

און נאָך איידער ער האָט פאַרענדיקט די לעצטע פראַזע, האָט ער זיך האַסטיק אַ דריי אויס געטאָן און גענומען צוריקגיין צו זיין וואַגאָן. ער איז געגאַנגען איינגעהויקערט און איינגענורעט. עס איז קלאָר געווען, אַז אויך אים איז שטאַרק קאַלט געוואָרן.

ער איז אַריין צו זיך אין וואַגאָן. מיר האָבן אים נאָכגעשיקט אַביסל טויטע קלאָלעס, אַוועקגעלייגט די קיילים און אָפּגעאָטעמט.

שטאַרק דורכגענומענע פון דער קעלט, זענען מיר אַרומגעלאָפן, קעדיי איינגאַנצן ניט פאַרשטייפט צו ווערן. די קעלט האָט אָבער ניט אָפּגעלאָזן. אויף אַ טייל יאַטן האָט עס גאָר פיינלעך געווירקט. דוקעל, לעמאָשל, האָט זיך מאַמעש ניט געקאָנט באַוועגן. ער איז געשטאַנען, געציטערט און געריעוועט ווי אַן אָקס. דער ווייבערישער, שוואַך־בלוטיקער אַרטיאָמאָוו האָט געוויינט. גודמאַן און דראַבולקין האָבן געהויכט זייערע אָטעמס אויף די פאַרשטאַרצטע הענט און דערביי אַלץ געציטערט פון קעלט. בלויז איין גרישונין האָט איינגעריבן זיינע הענט מיט שניי און דערביי געלאַכט פון אַלעמען:

— עך, איר יאָלדן אַזעלכע, — האָט ער געשריגן, — אָט, נעמט שטיקער שניי, אָט אַזוי־אָ, רייבט איין די הענט און...

דאַווידאָוו האָט זיך, זעט אויס, גאָרניט געמאַכט וועגן דער קעלט. ער האָט זיך בלויז איינגענורעט און, ווי צו זיך געמורמלט:

— יאָ, זיי וועלן עס דערפילן. זיי וועלן עס מוזן דערפילן...

טערמאַקאָוו, דער פויער, האָט אַרומגעשפּרייזט מיט צעצויגענע, ברייטע טריט, געקלאַפּט מיט די הענט אָט איבער די זייטן, אָט איבער די אַקסלען און אָט איינע אין דער צווייטער. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ שטעל אָפּ געטאָן, זיך אַרומגעקוקט און אויסגעשריגן:

— ווען מען גיט כאָטש אַביסל אָקריפּ, צו אַלדע טייוול!...

די דאָזיקע ווערטער זיינע זענען גלייך אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַלעמען און עס איז אַוועק אַ געמורמל:

— גערעכט, בענעמאָנעס. ווען מען גיט אונדז טאַקע אָט איצט אַביסל טיי, וואָלט עס...

— אַביסל וואַרעמס וואָלט, ביי גאָט, איצט גאָר אַ כיעס געווען!

— וואָס־זשע איז טאַקע די מאַיסע, טשאָרט וואָזמי, וואָס מען גיט נאָך ניט קיין טיי?...

— זיך האָבן זיי שוין אַוודע דערוואַרעמט! — האָט עמעצער אַ צייג געטאָן מיטן קאָפּ צום אָפיצירישן וואַגאָן, — זיי, דאָרט, האָבן שוין היינט זיכער געהאַט, אויב ניט קיין טיי, איז ווײַן און קאָניאַק...

— אַז איך בין זיי מויכל די קאָניאַקן מיט די וויינען! זאָלן זיי דערוואָרגן ווערן דערמיט! — האָט אַ צווייטער צוגעגעבן. — אָט, ווען זיי הייסן בעסער געבן אַביסל טיי צו דערוואַרעמען די קישקעס!

כטעפּאַקין האָט געוואָרפן אַ בליק צום עק עשאַלאָן, וואו אונדזער קיך־וואָגן האָט זיך געפונען אויף אַן אָפענעם פלאַטפאָרמע־וואַגאָן, און דאָרט זיך געדרויכערט מיט אַ פויל, גרוי רויכעלע. ער האָט אַ דריי געטאָן אַ וואָנצע און זיך גענומען בייזערן:

— וואָס האָט איר זיך צערעוועט ווי פאַרסאַמטע מייז?!... באַלד וועט מיסטאָמע זיין טיי. מען וועט אַוואַדע איבגיכן סיגנאַליזירן און ווייגט ניט אַזוי, באַבעס צעפלאָכטענע!...

זיינע רייד האָבן אַלעמען אויפגערעגט. מען האָט אים פּאָשעט די לעצטע טעג פיינט באַקומען פאַר זיינע האַנדלונגען, כאָטש מען האָט דאָס איבּ אָפן ניט אַרויסגעוויזן. מיטאַמאָל, אָט אַקוראַט ווי די קאָמאַנדע וואָלט זיך צוזאַמענגערעדט, האָבן יאַטן אַ כאַפּ געטאָן די קעסעלעך און, אָן אַ סיגנאַל, זיך געלאָזט לויפן צום קיך-וואָגן.

אַראַמיאַנץ — אַן אַרמענישער רעזערוויסט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר קוכער ביי אונדז אין קאָמאַנדע — אַז ער האָט דערזען די אָנגעלאָפענע מאַכנע, האָט ער זיך גענומען בייזערן און אף זיין צעבראָכענעם רוסיש גענומען שרייען אף אונדז:

— וואָס דיינס ברענט אַזוי היינט, קאַצאַפּעס?!... דאָס טיי נאָך ניט פאַרטיק געוואָרן איז און...

כעוורע האָבן געלאַכט און אָפּגעענטפערט:

— דערצייל ניט קיין געשיכטעס, „געזאַלצענער" *), דערלאַנג די טיי אַזוי, אומגעקאָכטע!...

אַראַמיאַנץ האָט זיך אָבער ניט געאיילט. ער האָט צעצויגן און פאַראַקשנט אָפּגעענטפערט:

— מיינס ניט געבן וועט! דיינס אַלע געשטאָרבן ווערן וועט פון ניט געקאָכטעם טיי. כאָלערע נאָך באַקומסט דערפון!...

כעוורע האָבן אים אָבער ניט געהערט און בייז צוגעוואָרפן:

— אָ, דו זאָרג זיך וויגציקער פאַר אונדז! דערלאַנג בעסער דעם אָקריפּ און נעם איין אַביסל שטומעניש!...

— גאָר אַ נייער פאַרזאָרגער אף אונדזערע קעפּ!...געהערט אַזאַ מאַיסע?... גיב שוין אַהער די טיי און פּאָטער!...

אַראַמיאַנץ האָט געקוקט אף אונדז און געהויבן מיט די אַקסל, פונקט ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט זאָגן:

„אַז איר ווילט דאַווקע, אַרט עס מיך גאַנץ ווינציק!..."

ער האָט איינציקווייז צוגענומען די קעסעלעך ביי אונדז, אָנגעגאָסן הייסע, מוטנע וואַסער אין זיי, צוריקדערלאַנגט צוזאַמען מיט אַ שטיק דורכגעפרוירן האַרטן ברויט און געזידלט:

— נאַט, טייוואָלים איך געגעמט!... פרעסט!...

מיד האָבן זיך צוגעכאַפּט צום הייסן טרונק, זיך דערמיט פאָרט עטוואָס דערוואַרעמט און זיך דערפילט אַביסל פרייער.

*) אַזאַ צונאָמען פאַר אַרמיאַנער.

באַלד נאָך דער טיי איז דער אַדיוטאַנט אַרויסגעקומען פון זיין וואַגאָן און באַפוילן, אַז מיר זאָלן זיך אויסלאָדן פון די וואַגאָנען. מיר האָבן זיך גענומען דערצו און אָוועקגעלייגט אונדזערע זאַכן אויפן אָפענעם, פאַרשנייט-געפרוירענעם פעלד, אַנטקעגן וואקזאַלעכל. וואוהין מען וועט אונדז אָוועקשיקן אויף באַטלעגער — האָט מען נאָך דערווייל ניט געוואוסט. געהערט האָט מען בלויז, אַז קיין קאַזאַרמעס וועט מען אונדז ניט געבן. מען האָט געשמועסט:

— אין די קאַזאַרמעס זענען פאָרגעקומען טיפוס-אויסברוכן...

— די קאַזאַרמעס זענען שוין פאַרנומען מיט אַנדער מיליטער...

— מען האָט אין זיי פאַרלייגט צייטווייליקע שפיטאָלן...

און די קעלט איז געווען ניט אויסצוהאַלטן. זי האָט — ווי אויף צו לעהאַכעס — געבריט ביז צום פאַרברענט ווערן...

*****

**אויפן פלאַץ,** אַנטקעגן דעם וואקזאַלעכל, וואו מיר האָבן זיך אָוועקגעשטעלט, זענען געווען צעשטעלט מאַסן פיראַמידן און טורעמלעך פון געפרעסטע, איינגעבונדענע פעק היי. דער אַדיוטאַנט האָט אונדז אָנגעוויזן אויפן פלאַץ לעבן דעם היי און אַ באַפעל געטאָן:

— רייניקט אַביסל אָפּ דעם שניי און פאַרגרייט זיך מיט אַ פלאַץ צום שלאָפן!...

דעם אַדיוטאַנט, מיט זיינע ווילד-מעשוגענע איינפאַלן, האָבן מיר שוין גאַנץ גוט געקענט. עס האָט זיך אָבער קיינעם פון אונדז ניט געוואָלט גלויבן, ער זאָל האָבן ערנסט געמיינט, אַז מיר זאָלן זיך טאַקע גרייטן צו שלאָפן אינדרויסן, אין אַזאַ שניידנדיקן פראָסט. מיר האָבן געקוקט אויף אים, געפרואווט אָנטאַפּן דעם שפּאַס, אָבער ניט געקאָנט. ער איז געווען גאַנץ ערנסט. טרויעריקע האָבן מיר זיך אַ נעם געטאָן פאַנאַנדערצונעמען אונדזערע קליינע וועג-פּאַלאַטקעס, אויפצושטעלן זיי. אָבער איידער וואָס-ווען האָט ער, דער אַדיוטאַנט, — דאָס באַמערקנדיק — זיך גענומען קאָכן:

— וואָס פאַר אַ פּאַלאַטקעס גאָר אינמיטן דערינען?... דאָ, אויפן פראָנט, טאָר מען זיך אַזוי ניט פאַרגינען! יעדע ווייל קאָן אָנקומען אַ באַפעל זיך צו פאַרנעמען אין וועג אַריין און...

די אינסטרומענטן, אָבער, מיט די רעוואָלווערן און טעטאַקעס, האָט ער אונדז יאָ געהייסן גוט באַוואָרענען, אַז זיי זאָלן ניט ווערן

פאַרנעצט. מיר האָבן, לויט זיין באַפעל, אָפּגערייניקט אַ שטיקל פּלאַץ פונעם אָנגעפּרוירענעם שניי, אויסגעשפּרייט עטלעכע פאַנאַנדערגע־נומענע פּאַלאַטקעס, און דערויף צעלייגט אונדזערע אינסטרומענטן. דעם שפּייז־קעסל, וואָס מיר האָבן געהאַט אַרונטערגענומען פון דעם וואַגאָן, האָבן מיר אויך אַוועקגעשטעלט נאָענט דערביי.

עס האָט זיך געצויגן אַ שווערער טאָג. מיר האָבן זיך אַרומגע־דרייט אינעם פראָסט און זיך געגעסן פון גרויס פאַרדראָס. אָבער אַוועקגיין פונעם פּלאַץ אויף אַ מינוט אַפילו, זיך אָנצעוואַרעמען, — האָט מען ניט געטאָרט. דער אַדיוטאַנט האָט שטרענג אָנגעזאָגט, אַז אַוועקגיין ווייטער ווי דריי הונדערט טריט פונעם לאַגער וועט ביי אים פאַררעכנט ווערן פאַר אַ העפקערדיק אַוועקגיין און ער וועט דערפאַר באַשטראָפן ווי פאַר דעזערטירן פונעם פראָנט אין מילכאָמע־צייט.

ביסלעכווייז איז צוגעפאַלן דער אָוונט. פונעם פראָנט האָט זיך גענומען אָנטראָגן אַ שוואַרצע, שניידנדיק־קאַלטע נאַכט. מיט יעדער מינוט איז געוואָרן קעלטער און ווינטיקער. איינזעענדיק, אַז מיר וועלן שוין טאַקע בלייבן שלאָפן אינדרויסן, — האָבן מיר זיך אַ נעם געטאָן אַרונטערצושלעפּן צו פּעק היי און גענומען אָפּטשעפּען די דראָטן פון זיי, קעדיי אויסצושפּרייטן דאָס היי פאַר געלעגערס. דער אַדיוטאַנט — אַז ער האָט עס דערזען — איז ער געוואָרן מאַמעש אַן אָנגעצונדענער. ער האָט גענומען ווילד אַרומשפּרינגען אויף זיינע ספּרוזשינע־פיסלעך און אונדז געזידלט:

— איינגעמאַרינירטע עקן! — האָט ער געשריגן, — אַנדערש זייט איר ניט געוואוינט געוואָרן, נאָר צו שלאָפן אויף אונטערגעבעטן היי? לייגט עס מיר שוין צוריק אויף די פּלעצער, די מינוט!... דאָס היי איז פאַר די פערד און ניט פאַר אייך!...

ער האָט געטופּעט מיט די פיס און איז שוין ניט אַוועקגעגאַנגען ביז מיר האָבן דאָס היי צוריקגעלייגט אַזוי ווי דאָס איז געווען. סטעפּאַקין האָט זיך ענדלעך אָנגענומען מיט מוט, איז צוגעגאַנגען צום אַדיוטאַנט און — אַ שטאַמלדיקער — אים גענומען דערקלערן, אַז עס וועט זיין אומעגלעך צו שלאָפן אַזוי, אָן קאָלדרעס, און אויף דער הוילער, דורכגעפרוירן־פאַרשנייטער ערד, אָן אונטערשפּרייטונגען. דער אַדיוטאַנט איז געשטאַנען אַ גלייכגילטיקער, אויסגעהערט וואָס סטעפּאַקין האָט געזאָגט און דערביי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט טאַקע מאַסקים געווען מיט אים. מיטאַמאָל, אָבער, איז ער בייז געוואָרן און גענומען וואַרפן מיט די הענט:

— נישקאָשע, — האָט ער געברומט, — דער טייוול וועט אייך

ניט נעמען!... יעדנפאַלס, דאַרף מען זיך טאַקע איצט צוגעוואוינען צו דער קעלט און... איך וועל דאָך ניט גיין אויסהונגערן די פערד צוליב אייערע באַקוועמלעכקייטן!...

סטעפּאַקין האָט געשוויגן. דאַווידאָוו איז געשטאַנען פונוווייטנס, געביסן די ליפּן פון אויפרעגונג און ביטער געשמייכלט.

די קאָמאַנדע איז געבליבן שטיין הילפלאָז און אָפּהענטיק. איינער האָט צווייטיקט געקוקט אפן צווייטן און קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסרעדן. די הענט, ביי אַלעמען, האָט מען געקאָנט זען, האָבן זיך געביילט אין פויסטן, ווי זיי וואָלטן זיך געריסן צו עפּעס. קיינער האָט זיך, אָבער, קיין באַוועג ניט געטאָן. אַלע זענען געבליבן אַזוי שטיין לעבן די בינטלעך היי, ווי אונטערדרימלענדיק. מען האָט בלויז געוואַרט, אַז דער אַדיוטאַנט זאָל אַוועקגיין שלאָפן צו זיך אין ספּעציעלן, אויסגעהייצטן וואַגאָן, וואָס איז געשטאַנען לעבן וואָקזאַל, צוגעגרייט פאַר די אָפיצירן. ערשט שפּעט אין אָוונט, ווען קיינער פון נאַטשאַלסטווע איז שוין ניט געווען אינדרויסן, האָבן יאַטן ביגבייווע צענומען עטלעכע פּעק היי, אויסגעשפּרייט צו ביסלעך אף דער פאַר־שנייטער ערד, און דערמיט כאָטש עטוואָס באַדעקט דעם געפרוירענעם אויבערפלאַך, קעדיי זיך ווי ניט איז צו קאָנען אַוועקלייגן...

*****

**די קאָמאַנדע** איז געלעגן, אָבער שלאָפן איז געווען אומעגלעך. דער שינעל — דאָס איינציקע, וואָס מען האָט געהאַט מיט זיך — איז געווען צו קורץ, אַז ער זאָל קאָנען האַלטן וואַרעם. דאָס אַמוניציע־זעקל, וואָס מען האָט אַוועקגעלייגט צו זיך אונטער צוקאָפּנס, פאַר אַ קישן, — איז געווען זייער האַרט און האָט געשטאָכן אין קאָפּ מיט די שאַרפע, אַרויסגעשטאַרטשעטע שפּיצן פון די קאָנסערוון־בלעכלעך און סוכאַרעס. אין די פיס האָט געצויגן אַ קעלט — ווי מען וואָלט די אָדערן געטרייבערט...

גרישונין איז מיטאַמאָל אַרויס מיט אַן איינפאַל. ער האָט אַרונ־טערגעוואָרפן פון זיך די שטיוול, זיי אונטערגעלייגט אונטער זיין צוקאָפּנס און די באָרוועסע פיס אַרומגעוויקלט מיט שטיקער פּאַפּיר, וואָס ער האָט פון ערגעץ צוזאַמענגעקליבן. באַלד נאָכדעם איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן ווי אַ געהאַרגעטער. יאַטן האָבן געקוקט אף אים ווי אף אַ מעשוגענעם און אַפילע ניט געטראַכט דאָס נאָכצוטאָן. עס האָט זיך מאַמעש ניט געגלויבט קיינעם, אַז אַזוי, מיט אַזאַ דינעם

פּאַפּיר אַרומגעוויקלט, זאָל קאָנען זיין וואַרעמער און באַקוועמער...
מען איז דעריבער געלעגן, זיך געדרייט ווי אין קראַמפּן און ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן...

יעדע ווייל האָט זיך פון אַן אַנדערער זייט דערהערט אַ שאַרפע קלאָלע, אָדער זידלעריי, וואָס עמעצער האָט געוואָרפן גלאַט אין דער וועלט אַריין. צומאָל האָט זיך אַפילע דערהערט אַ געוויין, וואָס האָט אַלעמען צעווייטיקט. מען איז געלעגן און מעקאַנע געווען דאַווידאָוון, דעם דעזשורנע, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט לעבן די אינסטרומענטן, און דעריבער געוואַרעמט זיינע דורכגעפרוירענע אייוועריםׂ באַ דעם דרימלענדיקן פייער פונעם קיך־וואָגן...

צו זיין דעזשורנע, און נאָך אינדרויסן, — האָט זיך קיינעם קיינמאָל ניט געוואָלט. מען האָט דאָס גערעכנט פאַר אַן אָפּקומעניש און שטראָף. דאָסמאָל, אָבער, האָט עס באַ יעדן אויסגעזען ווי אַ פּריווילעגיע. יעדער איינער אין קאָמאַנדע האָט זיך געוואונטשן צו זיין איצט אף דאַווידאָווס פּלאַץ, איידער צו דאַרפן אַזוי ליגן אפן שניי, וואָס איז צעגאַנגען אונטער דער וואַרעמקייט פונעם קערפּער, און פאַרשטייפט צו ווערן פון דער בייסנדיקער קעלט.

דער שלאָף האָט זיך געשלעפּט וויסט און פיינלעך. מען איז אַלץ געלעגן און געקרעכצט ווי אויסגייענדיקע כוילאָאים.

אינמיטן נאַכט האָט זיך דוקעל מיטאַמאָל געטאָן אַ זעץ אויף אף זיין געלעגער און — ווי אַ צעדולטער — גענומען שרייען און שילטן. אין אָפּשיין פונעם שוואַכן קיך־פייערל האָבן זיינע אויגן געטאָן אַ בליק מיט עפּעס אַזאַ מאָדנע פיבער־גלאַנץ, אַז עס האָט אַזש אַרומגעכאַפּט אַ פאַכעד צו קוקן אף אים. אף דער גיך האָט ער זיך גענומען אַרונטערוואַרפן פון זיך זיין וואָלענע איבער־העמדל, גלייך דערנאָך אַרונטערגעשלעפּט די הויזן און דערביי אויסטערליש געלאַכט:

— באַלד וועט מיר זיין גוט!...באַלד וועט מיר זיין גוט!...

אַלע האָבן געקוקט אף אים און אף זיין פּאָנים, וואָס האָט זיך געצאַפּלט אין צעפּייניקטן אומגעדולד, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז, ניט אַנדערש, נאָר משוגע געוואָרן. ער, אָבער, איז זיך אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט און זיך אף קיינעם ניט אומגעקוקט. ער האָט גענומען זיין זאַק, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט אַלע זיינע העמדער מיט די אונטערהויזן און — איינציקוויַיז — זיי גענומען אַרויפשלעפּן אף זיך. צום סאָף האָט ער גענומען אַלע זיינע האַנטעכער מיט די אָנוטשעס און זיי אַרויפגעוויקלט אף זיינע פיס. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן דערמיט, האָט ער זיך צוריק אַוועקגעלייגט, זיך

איינגעקאָרטשעט, אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ דעם שינעל און, פון אונטער אים אַפער, קימאַט אָן אָפּשטעל, אַרויסגעלאַכט:

— איצט, כע־כע־כע, האָב איך שוין קיין מורע ניט אַפילו פאַרן סאַמע נאָרט־פּאָל!...

גודמאַן, ווידער, האָט געפונען אַן אַנדער וועג ווי זיך צו האַלטן וואַרעם. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַריבערגעוואָרפן איבערן קאָפּ דעם צעעפנטן שינעל, ווי אַ פּאַלאַטקע, אָנגעצונדן אונטער דעם אַ לעכטל און אַזוי געוואַרעמט דערביי זיינע פאַרגליווערטע הענט...

זשעלינסקי איז געלעגן איינגענורעט און איינגעדרייט נאָר ווי אַ בייגל. ער האָט געמורמלט אונטער דער נאָז עפּעס אומפאַרשטענדלע־כעס אף זיין פּוילישער שפּראַך, וואָס האָט אויסגעזען אָט ווי אַ פרומע טפילע און אָט זיך גאָר פאַרענדיקט מיט אַ רוסישער קלאָלע:

— עך־טי, אין דער מאַמעס נעשאָמע אַריין, פּשאַ קרעוו!...

טערמאַקאָוו און דראַבולקין האָבן זיך געלייגט צוזאַמען. זיי האָבן אויסגעבנעט איין שינעל אונטער ביידן און מיטן צווייטן — זיך צוגעדעקט. געלעגן זענען זיי באָענט צונויפגעדריקט איינער צום צווייטן, זיך געהאַלטן אַרומגענומען מיט די הענט און זיך צונויפגע־וויקלט ווי אַ צוזאַמענגעוואַקסענער צווילינג. דערביי האָבן זיי ביידע געוואָרטשעט עפּעס אינדערשטיל, וואָס איז לאַכלוטן געווען אומעגלעך צו פאַרשטיין. די איבעריקע יאַטן זענען סטאַם געלעגן אויסגעלייגט אין אַ ליניע איינער לעבן דעם אַנדערן און געבלאָזן זייערע אייגענע אָטעמס איינער אפן אַנדערנס פּאָנים, קעדיי אַזוי־אַרום זיך צו האַלטן וואַרעם. די גאַנצע קאָמאַנדע האָט זיך געוואָרפן און געמוטשעט אין צעווייטיקטן אומרו...

און ווי אף צו לעהאַכעס האָט די נאַכט זיך דאַווקע געצויגן אַ שווערע און לאַנגע. די שלאָפלאָזיקייט האָט ניט אָפּגעטראָטן אף קיין האָר. יעדע ווייל האָט זיך אַן אַנדערער אַ הויב אויף געטאָן פון זיין געלעגער, צוגעלאָפן צום קיך־וואָגן און ביגבייווע געפרובירט דערוואַרעמען די הענט באַ דעם פייער. דערביי האָט דאַווידאָוו, דער דעזשורנע, זיך פאַר אַ ווייל אָפּגעקערט אין אַ זייט און זיך געמאַכט ניט־זעענדיק. דער אַדיוטאַנט, פאַרן אַוועקגייך אין זיין וואַגאָן, האָט געהאַט שטרענג אָנגעזאָגט דאַווידאָוון, אַז ער זאָל ביינאַכט קיינעם ניט לאָזן זיך אַרומדרייען לעבן וואָגן, אַנדערש וועט ער באַשטראָפן אי יענעם, אי אים אַליין אויך דערפאַר...

*****

צו **צעצויגן** און פויל האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. דער גרוי־פאַרוואָלקנטער הימל האָט — ווי דורך אַ זיפּל — געגומען דורכזיפּן ברעקלעך ליכט און, טראָפּנווייז, דאָס צוגעוואָרפן צו אונדז. באַם ערשטן גרויען אָפּשייַן זענען אַלע — ווי געראַטעוועטע פון אַ שיף־ברוך — אַרויסגעשפּרונגען פון אונטער די שינעלן און, מידע, ניט־אויסגעשלאָפענע און דורכגעפרוירענע, אָנגעהויבן אַרומ־לויפן, קעדיי זיך עטוואָס צו דערוואַרעמען. מיט אַ מין הונגעריקער ליידנשאַפט האָט מען געשלונגען די פּאַסיקלעך ליכט, וואָס זענען, ווי קליינע כאַיעלעך, געקראָכן אפן כמורנעם הימל.

פויל און געלאַסן איז דוקעל אַרויסגעקראָכן פון אונטער זיין שינעל. ער איז געווען גראָב און אויסגעקיילעכיקט. די הויזן אף אים זענען געווען אויסגעפּילט. ער האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַן אויסטערליש־מאָדנער העלפאַנט אף צוויי גראָבע פיס, וואָס האָבן זיך קוים געקאָנט באַוועגן.

אַלע האָבן געגומען קוקן אף אים, פאַרגעסן אין דער אייגענער קעלט און געשמייכלט איבער זיין אומגעלומפּערטקייט. יעדער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן. טשעריאַק האָט אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער:

— עך, מאַמינקע מיינע! — האָט ער זיך אַזש געקאַטשעט, — איך טראַכט, אַז ווען דוקעל זאָל דאָס איצט מיטאַמאָל באַקומען אַזוי אַ גוטן בויך־ווייטיק, וואָלט ער אַוואַדע נישקאָשעדיק אויסגעזען ביז ער וואָלט באַוויזן אָט דאָס אַלץ אַרונטערצעוואַרפן פון זיך!...

— דערפאַר, אָבער, וואָלט דאָך אים גוט וואַרעם געווען, — האָט טערמאַקאָוו, אויך מיט געלעכטער, צווידייטשיק צוגעגעבן. — ער...

דוקעל — אַן אָנגעבלאָזענער — האָט געקוקט אַרום זיך און, מיט גרינגשעצונג, געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ברעשעט אייך וויפל איר ווילט, אידיאָטן! אַז מיר איז דאָך איצט פאָרט וואַרעמער ווי אייך!...

גרישונקין האָט אַרונטערגעריסן די פּאַפּירענע איינוויקלעכצן פון זיינע פיס און געגומען צוריק אָנוויקלען די אָנוטשעס, וואָס זענען איבער נאַכט דורכגעזאַפּט געוואָרן מיט דער נעץ פונעם צעגאַנגענעם שניי און דעריבער שטייף געוואָרן פונעם פראָסט ווי האַרטע בלעכן. ער האָט זיי געקנייטשט אין די הענט און געזידלט:

— אַ רועך אין זייערע מאַמעס לעבערס און מילצן אַריין!.. זיי דאָרט, זענען שוין אַוואַדע גאָרניט געפרוירן געוואָרן, די דאָזיקע

הינטישע זין!... באַ זיי איז מיסטאָמע גוט וואַרעם!...

עמעצער פון קאָמאַנדע האָט מיטאַמאָל אַ קרעכץ געטאָן:

— עך, אַ לעבן!.. ווען זיי וואָלטן אונדז כאָטש געלאָזט שלאָפן אין די קאַלטע וואַגאָנען!...

זיינע רייד זענען אויפגעכאַפּט געוואָרן, זיך איבערגעהעקלט פון איינעם צום צווייטן און געבליבן אַזוי הענגען אין דער לופטן ווי שווערע באָמבעס, וואָס זענען גרייט יעדע רעגע אויפצורייסן. אַלעמענס אויגן האָבן געבליצט און געשפּריצט מיט פאַרדראָס און צאָרן. אין אַ מינוט שפּעטער האָט עס זיך אָבער אָפּגעקילט. יעדער איינער פון קאָמאַנדע — קלאַפּנדיק מיט די הענט און פיס — איז געווען פאַרטאָן אין געלויף, אין אַ פאַרזוך זיך אַביסל צו דערוואַרעמען.

מיטאַמאָל, אינמיטן לויפן, האָט זיך דראַבולקין אָפּגעשטעלט. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק צום קעסל און אויסגעשריגן:

— העי, דעזשורנע, וואָס הערט זיך וועגן אַ גלעזל טיי?...

זיין פראַגע — ווי אַ מאַגישער שפּרוך — האָט אַלעמען פאַרכאַפּט אינמיטן לויפן. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און גענומען קוקן צו דאַווידאָוון, ווי זיי וואָלטן דערוואַרט אַן ענטפער פון אים. אָבער קיין ענטפער איז ניט געקומען.

ספּאָנטאַן האָבן זיך דאַן אַלע אַ לאָז געטאָן צו צונויפקלייבן שטיקלעך האָלץ, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אויף דער פאַרפרוי־רענער ערד, און דאָס צוגעטראָגן צום קיך־וואָגן. דאַווידאָוו האָט דאַן גענומען אויפלעבן דאָס איינגעדרימלטע פייערל, וואָס האָט זיך געטליעט אונטערן קעסל קאַלט און פויל. ער האָט געשטופּט אין פייער אַריין שטיקלעך פּאַפּיר, ביסלעך היי און דינע העלצלעך, וואָס די יאַטן האָבן אונטערגעטראָגן, און באַלד האָט דאָס פייער זיך פאַ־באַנדערגעפלאַקערט לעבעדיק און הייס. די קעלט, אָבער, און דער אומגעדולד, האָבן דערווייל נאָך אַלץ געמוטשעט. יעדע ווייל איז אַ צווייטער פון דער כעוורע צוגעגאַנגען צום קעסל און אַ טאַפּ געטאָן דאָס וועגנטל, צו זען ווי עס האַלט. עמעצער האָט אַפילע אין זיין גרויסן אומגעדולד אַ צעעפן געטאָן דאָס דעקל פונעם קעסל, אָבער — צוליב דעם שטראָם פּאַרע, וואָס האָט זיך אַ הויב אַרויס געטאָן און, צוזאַמען מיטן שטיקנדיקן רויך, אים אַ זעץ געטאָן אין פּאָנים אַריין — דאָס גלייך צוריק פאַרהאַקט און איז, ווישנדיק די אויגן און שילטנדיק, אויף גיך אָפּגעטראָטן.

אַראַמיאַנץ, דער קוכער, איז געשטאַנען אַ פאַרשלאָפענער, האָט געשניטן די פאַרפרוירענע ברויטן אויף כאַלאָקים און דאָס אונדז

דערלאַנגט מיט אַזאַ מינע, אַקוראַט ווי ער וואָלט אונדז זיין אייגע־
נעם ביילעק געגעבן. די טיי, — ווען זי איז ענדלעך פאַרטיק געוואָרן
— האָט געשמעקט מיט באַזער־פעטס און ביילעוו. פיל האָבן דאָס ניט
געקאָנט פאַרנעמען און בלויז געוואַרעמט די קאַלטע הענט באַם הייסן
קעסעלע. גודמאַן, וועלכער האָט זיך געמיעסט פון אַ ליאַדע זאַך,
האָט זיך אַפילע ניט צוגערירט צום קעסעלע. ער איז געזעסן, האָט
געגריזשעט אַ שטיק צוקער, ווי אַ מויז, און געזאָגט, אַז ער האָט
ערגעץ געהערט, אַז צוקער איז אַ גוט מיטל צו האַלטן זיך וואַרעם.
גרישונין האָט זיך איינגעוואַשן דאָס פּאָנים מיט דער הייסער טיי און
זיך געשוואוירן, אַז ער וואָלט איצט אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ פאַרמעגן
פאַר דעם קאַלטסטן גלעזל בראַנפן...

ביסלעכווייז האָט זיך אינדערהויך, אפן גרויען הימל, גענומען
אַרויסרוקן אַ קאַלטע, ווייטע, ווינטער־זון. זי האָט זיך נעבעכדיק
געריסן דורך די שווערע, גרוי־שוואַרצע וואָלקנס און איז יעדע ווייל
צוריק פאַרפאַלן געוואָרן הינטער זיי. עס האָט זיך עטוואָס דערפילט
אַ לייכטע, אָבער אָפּנאַרערישע וואַרעמקייט, וואָס האָט צוגעזאָגט עפּעס
אומבאַשטימטס. אין עטלעכע פלעצער אויף דער ערד, האָט דער שניי זיך
אַפילע גענומען שמעלצן פון דער וואַרעמקייט און איבערגעלאָזט נאָך
זיך קליינע, נאַסע בלאָטקעלעך. ערטערווייז איז געוואָרן ליימיק און
קלעפּעדיק, אַז עס איז פּאַשעט שווער געוועו אַרויסצושלעפּן די פיס
פון דאָרט. פלאַכטעס ליים און בלאָטע האָבן זיך צוגעקלעפּט צו די
שטיוול און געמאַכט אונדזערע טריט שווער און האַמעטנע...

*****

**אונטער** דער גרויער, פרימאָרגנדיקער,
ליכטיקייט, האָבן זיך פונווייטן, פון דער פּאָזיציע־זייט, גענומען
אַרויסשיילן פיגורן פון אָנקומענדיקע, געבויגענע סאָלדאַטן. זיי
זענען אָנגעגאַנגען מיט צעשאָטענע, שיטערע טריט. פיל פון זיי —
מיט פאַרבונדענע הענט, אָנגעהאַנגענע אויף דורכגעבלוטיקטע טיכלעך,
אָדער אויף אָפּגעריסענע שטיקער קרייקעס פון שינעלן.

מיר זענען זיי אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אונדזערע שווערע, בלאָ־
טיקע פיס, און געקוקט אויף זיי מיט שרעקעוודיקער ניגעריקייט, ווי
מען קוקט געוויינטלעך אויף מענטשן, וועלכע קומען פון אַ פלאַץ וואו
מען קלויבט זיך ערשט אַליין צו גיין. מיר האָבן זיך באַגריסט
מיט זיי און געפּרובירט אויסגעפינען וואָס עס הערט זיך דאָרט, אפן

פראָנט, פונוואַנען זיי זענען אָנגעקומען. זיי, אָבער, האָבן געקוקט אויף אונדז מיט אַ מאָדנע אַקשאָנעסדיקן פאַרדראָס און אַלע — נאָר ווי צונויפגערעדט — האָבן פאַרביטערט און בייז אָפּגעענטפערט:

— גייט אַהין, וועט איר זיך אַליין דערוויסן!...

— אַז איר וועט זיין דאָרט, וועט איר פאַרשפּאָרן פרעגן!...

זייערע צעווייטיקטע, ברודיקע פּענימער און שניידנדיק-פאַרכוי-שעכטע בליקן, האָבן ביי אונדז די אויגן אויסגעגעסן. ס׳איז פּאָשעט שווער געווען צו קוקן אויף זיי. ביי זערן זיך פאַר זייער ענטפער — אַוואַדע ניט. פאַר אונדז איז קלאָר געוואָרן, אַז די דאָזיקע סאָלדאַטן, וועלכע זענען דאָ איצט געשטאַנען לעבן אונדז, האָבן דאָרט, אפן פראָנט, אינגאַנצן פאַרלוירן פון זיך די אַרויפגעצוואונגענע און אויפגעבלאָזענע העלדישקייטן. מיר האָבן דערקענט אין זיי, אַז זיי האָבן דאָרט דורכגעמאַכט עפּעס אַזעלכעס, וואָס מיר, נאָך ניט קיין געוועזענע אפן פראָנט, קאָנען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן און האָבן אַפילע מוירע אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם...

פון דער גרופּע האָט זיך איינער געטאָן אַ רוק אַרויס אין פאָ-רויס. ער,— אַ יאַט, אַ הויכער און אַ פעסטער — איז געווען מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ אין אַ ווייסן באַנדאַזש, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען ווי אַ בעדואינער. ער האָט אונדז דורכגענומען מיט זיין שאַרפן, צעווייטיקטן בליק, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן. ער איז געשטאַנען אַ ווייל אַזוי און געטראַכט. מאַשמאָעס, אַז עס איז אים שווער אָנגעקומען אָנצוהויבן רעדן. דורכן באַנדאַזש האָבן ער-טערווייז דורכגעזעצט גרויסע, פאַרגליווערטע און שוין-פאַרבאַקענע שטיקער בלוט. מיט זייערע שווערע פיס האָט ער זיך געטאָפּטשעט אין דער האַלב-צעווייקטער בלאָטע-ערד און מיט זיינע ציטערדיקע ליפּן ענדלעך שוואַך אַ זאָג געטאָן:

— כלאָפּצי, פרעגט אונדז ווינציקער, איך בעט אייך... זאָגט אונדז בעסער, צי איז פאַראַן ערגעץ נאָענט אַ רויטער קרייץ...

מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט און זיך דערפילט ווי פאַרשולדיקט. ענטפערן דערויף האָבן מיר ניט געקאָנט. קיינער פון אונדז האָט ניט געוואוסט פון קיין רויטן קרייץ. עס איז אונדז ביז איצט גאָר ביכלאַל ניט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז אַזאַ זאַך דאַרף זיין אין אַזאַ קליין שטעטל. גרישונין, אָבער, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן. ער האָט מיט דער האַנט אָנגעוויזן צום וואקזאַלעכל און, מיט אַ פולן מויל, ווי ער וואָלט עפּעס געקיים, אַ זאָג געטאָן צו זיי:

— טוט, יאַטן, אַ קוק דאָרט-אָ, אין וואקזאַל. דאַכט זיך, אַז

דאָרט דאַרף יאָ עפּעס זיין. אָט הענגט דאָרט טאַקע עפּעס אַ פאָן...

דער פאַרוואונדעטער האָט באַדאַנקענדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אַ באַוועג געטאָן ווי אַוועקצוגיין. מיר — זעענדיק, אַז דער איז אַביסל באַרעדעוודיקער — זענען צוגעשטאַנען צו אים מיט פאַרשידענע פראַגעס:

— עפּעס שווער פאַרוואונדעט, ברודער?...

— זענען פאַראַן עפּעס אַ סאַך געפאַלענע און פאַרוואונדעטע?

— ווי זעט עס אויס דאָרט, אפן פראָנט, לאַנדסמאַן?...

די פראַגעס זענען געפאַלן פאַראַמאַל, גיך און ציטערדיק. יעדער האָט זיך דערפון ווי צעטומלט און ניט געוואוסט אף וואָס פריער צו ענטפערן. באַלד איז ער דאָך געקומען צו זיך, האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט, צי קיינער איז ניטאָ דערביי, און — אַ קוק טוענדיק אף אונדז, ווי ער וואָלט זיך געאײַשעוועט, צי מען מעג אונדז ביכלאַל געטרויען מיט די רייד — גענומען פאָרזיכטיק דערציילן:

— עך, ברידערלעך מיינע, וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו רעדן? מען האָט אונדז גאַנץ נישקאָשעדיק אין באָד אַריינגעפירט! מען האָט אונדז איינגערעדט, אַז עס איז אַ הייליקע פליכט און... גאַנצע העלדן געוועזן מיט זייערע פיסקעס... יאָ, מען האָט אונדז דערלאַנגט אַ מיל-כאָמעלע, אָבער... פאַר וועמעסוועגן?... צוליב וואָס?... און זיי, די אויסוואורפן, אונדז האָבן זיי אַרייַנגעשפּאַרט אינעם געהענעם אַריין און אַליין — פאַרקויפן זיי אונדז!... בא זיי איז בלויז די פראַגע: אָדער וואָס גיכער צו באַקומען אַ מעדאַל פאַר אונדזערע לעבנס, אָדער וואָס מער געלט בא די סאָנים פאַר אונדזער טויט...

ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט און שטילער צוגעגעבן:

— אָט, דער קאָמאַנדיר פון ערשטן קאַווקאַזער שיסער-קאָרפּוס, בערקמאַן, האָט אונדז אינמיסטן פאָשעט אין אַ פאַסטקע אַריינגעפירט. די טערקישע פולעמיאָטן האָבן ווי קאָסעס אונדזערע יאַטן פאַרשניטן. זיי, די טערקן, האָבן טאָמיד געטראָפן אין ציל, עפּעס נאָר ווי עמעצער פון אונדזער זייט וואָלט זיי אָנגעוויזן וואו צו שיסן. זיי האָבן אין פאָרויס געוואוסט אונדזער יעדן קער און באַוועג, אַלע אונדזערע פאָזיציעס, אַלע באַהעלטענישן...

די איבעריקע יאַטן — דערוואַרעמט פון זיינע רייד — זענען אויך געוואָרן באַרעדעוודיק. איינער פון זיי, מיט אַ פאַרבונדענער האַנט אף אַ טיכל, האָט מיט ביטערקייט צוגעוואָרפן:

— וואָרים גענעראַלן זענען זיי דען, אָט די הינטישע זין?... פאַרטאַטשעס זענען זיי, אָט וואָס!...עמעסע פאַרטאַטשעס! — האָט ער

באַקאַמאָל באַשטעטיקט און גלייך צוגעגעבן. — אונדז האָבן זיי אין ערשטן פייער געשיקט און אַליין...זיי...

ער האָט ווי אין אַנטוישונג אַ מאַך געטאָן מיט דער צווייטער, ניט פאַרבונדענער האַנט, און דערביי עפּעס אַזוי מאָדנע אַ בלאָז געטאָן מיט די ליפּן, וואָס האָט געזאָלט מיינען:

— עט, ניטאָ וועגן וועמען צו רעדן!...

— זעט נאָר ווער עס רעדט! — האָט אַ כאַווער זיינער שפּאַסיק אַ שטאָך געטאָן. — דו ביסט דאָך שוין אַן איבערגעקומענער; פון דיר האָבן זיי דאָך שוין געמאַכט אַ לייט, — טאָ שווייג זשע כאָטש!...

ער האָט זיך פלינק אַ דריי געטאָן צו אונדז און, אָנווייזנדיק אויף יענעם, מיט אַ מערקבאַרער איראָניע צוגעגעבן:

— איר זעט, ער איז שוין איצט אַ גליקלעכער. פאַר אים איז די מילכאָמע שוין איצט אַ געענדיקטע. ער האָט שוין אַפילע מער ניט מיט וואָס צו שיסן. ניטאָ קיין האַנט מער. איצט וועט ער שוין קאָנען בלייבן רואיק זיצן באַ זיך אינדערהיים. מיט דער שטיקל פאַרבליבע־נעם קלעצל אונטערן אַקסל, וועט ער זיך שפּילן מיט דער באַבע זיינער און זיך נעמען באַזאָרגן דאָס פאָטערלאַנד מיט נייע סאָלדאַטן... איך, אָבער, — האָט ער אַ זיפץ געטאָן אַזוי, אַז מען האָט ניט געקאָנט אָנטאַפּן, צי ער שפּאַסט, אָדער איז ערנסט, — איך וועל נאָך אַוואַדע מוזן צוריקקומען. מיר האָט עס בלויז אַ קליינעם קראַץ געטאָן, אָט דאָ, אין דער זייט. אַ לעכל — אָט די גרויס...

ער האָט פאַרדריקט אַ פויסט און זי אויפגעהויבן. עס איז אומקלאָר געווען, צי מיט דער פויסט האָט ער געוואָלט באַווייזן די גרויס פון זיין וואונד, אָדער אַזוי אַ דראָע טאָן עמעצן. יעדנפאַלס האָט ער גלייך נאָכדעם — ווי צו איבערצייגן אונדז, אַז ער זאָגט ניט קיין ליגן, — אויפגעדעקט זיין שינעל און אַ ווייז געטאָן אויף דער אַרומגעבונדענער זייט. אויף דעם באַנדאַזש האָבן זיך אָנגעזעצן דורכגעזעצטע און צעשמירטע שטיקער פאַרבאַקן בלוט.

ער איז אָפּגעטראָטן עטלעכע טריט, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט לאָזן פלאַץ פאַר אַ צווייטן. יענער, וואָס מיט דער אַרונטערגעשאָטענער האַנט, איז נאָך אַלץ געשטאַנען לעבן אונדז. מיט דער געזונטער האַנט האָט ער אונטערגעשפּאַרט דאָס פאַרבונדענע „קלעצל" און — דערמאַנענדיק זיך, אַפּאָנים, אין זיין אומגליק, אַ קרעכץ געטאָן:

— יאָ, אַ שיינעם טאַכלעט האָבן זיי געמאַכט פון מיר!... וואָס וועט איצטער זיין?... ווער וועט איצט אַרבעטן פאַר מיר?... ווער וועט איצט שפּייזן מיינע קינדער?...וואָס וועט איצט זיין?...

קיינער האָט אים דערויף ניט געענטפערט. דאַווידאָוו האָט אַ קוק געטאָן אויף סטעפּאַקינען און אים דורכגענומען מיט זיינע בליקן:

— נו, עפּשער וועסטו אים ענטפערן אויף זיינע פראַגעס? — האָט ער אַ שניט געטאָן, — אַדראַבע, זאָג אים, דערקלער אים, דערקלער זיי אַלעמען!...דערציייל זיי ווער עס וועט איצט אַרבעטן פאַר זיי, ווער עס וועט זיי באַזאָרגן און וואָס עס וועט ביכלאַל ווערן פון זיי... זאָג זיי! דו ווייסט דאָך. דו ווייסט דאָך אַלץ!...

סטעפּאַקין האָט זיך גענומען אומבאַקוועם דרייען און רוקן אויף היינטערוויילעכץ. ער האָט געשטאַמלט:

— וואָס קאָן מען זיך העלפן?...דערויף איז עס דאָך מילכאָמע-צייט!...נו, און... אַז מען האַקט האָלץ — פאַלן שפענער...

דאַווידאָוו איז געוואָרן אָנגעצונדענער. ער האָט אַזש גענומען קריצן מיט די ציין פון קאַאַס:

— אָ, אַזוי, הייסט עס, שפענער?!... אַ גאַנץ פיינער ענטפער, כ'לעבן... צי ווייסטו, אָבער, אַז שפענער קאָנען אויך פלאַקערן?... און אוי וועלן זיי זיך אַמאָל צעפלאַקערן!...

יענער, וואָס מיט דער פאַרבונדענער האַנט, האָט — עפּעס נאָר ווי אַ דערלייזטער — אַ קוק געטאָן אויף דאַווידאָוון, אַ בליק געטאָן מיט די אויגן און דרייסט אַ זאָג געטאָן:

— גערעכט, לאַנדסמאַן, עס וועט זיך צעפלאַקערן. עס מוז...

דערביי האָט ער אַ וויש געטאָן דאָס פאַרטערטע פּאָנים זיינס מיט דעם אויסגעשמוציקטן שינעל-אַרבל און שטיל אַ פרעג געטאָן:

— איז עס עמעס, ברידערלעך, וואָס מען שמועסט אַבי פראָנט, אַז אין די שטעט האָבן זיך אָנגעהויבן זאַבאַסטאָווקעס*) און אַז מען פאָדערט גלייך אָפּצושטעלן די מילכאָמע?...

דאַווידאָוו האָט אויף אים אַ שאַרפן, אָבער גאַנץ-פריינטלעכן בליק געטאָן. ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט און איז אַוועק מיט אים אָן אַ זייט, רעדנדיק דערביי מיט אים עפּעס אינדערשטיל.

אַרום איז געוואָרן אַן אָנגעצויגענע אומבאַקוועמלעכקייט. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. בלויז איינער פון די פאַרוואָונדעטע האָט שטיל, ווי פאַר זיך, אַזוי ווי אַ מורמל געטאָן:

— און איך וועל שוין ניט צוריקגיין צום פראָנט... איך מעג אַפילע וויסן, אַז מען וועט מיך דערשיסן דערפאַר... איך בין נאָר אַ באַר געוועזן אין אָנהויב; זיך אָנגעשלאָסן פריייוויליק און געמיינט, אַז איך גיי טאַקע ראַטעווען רוסלאַנד...

*) זאַבאַסטאָווקעס — שטרייקס.

סטעפּאַקין האָט אַ מאָדנע קוק געטאָן אויף יעבעם, צעדטלעך אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע און געזאָגט:

— אָ, זיי דאָך ניט אַזוי פאַרצווייפלט, לאַנדסמאַן, — האָט ער אים באַרואיקט, — עס האָט דאָך געקאָנט זיין ערגער און...

דאַווידאָוו האָט זיך שאַרף אַ דריי געטאָן אויף צוריק. זיין פּאָנים — ווי פאַרלאָפן מיט בלוט — האָט געגליט. זיינע לעבעדיק-גלאַנציקע אויגן האָבן גענומען לויפן אַהין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ און בעאייס דעב אויסגעזען ווי זיי וואָלטן זיך געריסן פון זייערע נעסטן. ער האָט געביסן די ליפּן. זיינע פויסטן — שווערע און ציטערדיקע — האָבן זיך געביילט און געשטייפט. זיין צאָרן איז געוואַקסן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט-אָט וועט ער זיך אַ ריס טאָן, אַרויפוואַרפן זיך אויף סטעפּאַקינען און פּראַסט אַ טעל מאַכן פון אים. עס איז געווען מאָדנע צו זען, ווי ער, דאַווידאָוו, וואָס איז אַלעמאָל, ביזן סאַמע אָנהויב מילכאָמע, געווען סטעפּאַקינס באָענטסטער גוטער פריינט און שטענדיק פאַרבראַכט מיט אים, שמועסנדיק וועגן פאַרשידענע זאַכן, — איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזאַ שטאַרקער סוינע זיינער.

אָבער צו קיין געשלעג איז פאָרט ניט געקומען. דאַווידאָוו האָט זיך באַהעשט און איז אָפּגעטראָטן. עס איז געוואָרן שטיל.

די פאַרוואונדעטע האָבן אַוועקגעשפּרייזט צום רויטן קרייץ און אונדז איבערגעלאָזט מיט דער צווייטיקטקייט און פּיין, וואָס זיי האָבן מיט זיך פונעם פראָנט מיטגעבראַכט.

שווייגנדיקע און צאָרנדיקע זענען מיר אַוועק צוריק צו אונדזער פּלאַץ. קיינער פון אונדז האָט אַפּילע ניט געוואַגט אויפצוהויבן זיינע אויגן, אַ קוק צו טאָן אפן צווייטן. עס האָט אויסגעזען, עפּעס פּונקט אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך איצט אומגעקערט פון אַ בעסוילעם...

סטעפּאַקינען האָט מען אַוועקגערופן צום אַדיוטאַנט. באַלד איז ער צוריקגעקומען און אונדז איבערגעגעבן דעב באַפעל, איבערצוגיין אויף אַרבעט. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ קאָלאָנע און אַוועק צו עפּעס אַ זייטיקער באַן-ליניע, וואו עס איז געשטאַנען אַ נאָר־וואָס אָנגעקומענער עשאַלאָן, מיט אויפגעמאָלטע רויטע קרייצן אויף די זייטן פון די וואַגאָנען. דער קאָמענדאַנט פונעם עשאַלאָן, אַ יונג אָפיצירל אין גאָלדענע ברילן, האָט זיך באַגריסט מיט אונדז און, שמייכלענדיק, אונדז דערקלערט וואָס און ווי אַזוי צו טאָן.

די קאָמאַנדע האָט זיך צעטיילט אויף צוויי. איין טייל האָט מיט לאָפּעטעס און בעזימער זיך גענומען אָפּרייניקן דעם שניי און די בלאָטע פון אַ שטיק פּלאַץ, ניט ווייט פון אונדזער לאַגער און מיר,

די צווייטע העלפט, האָט גענומען אויסלאָדן פון די וואַגאָנען אַרויס גרויסע ברעזענטענע שפּיטאָל-פּאַלאַטקעס, אייזערנע בעטלעך און נאָך אַנדערע סאָרטן מאַכשירים פאַר אַ פעלד-שפּיטאָל.

מיר האָבן געשלעפּט די שווערע פּעק און דערביי זיך באַגאָסן מיט אַן עמעסדיק-זומערדיקן שווייס. באַלד ווי דאָס פּלאַץ איז אָפּגערייניקט געוואָרן, האָבן מיר גענומען אויפשטעלן די פּאַלאַטקעס. מיר האָבן געקלאַפּט פּלעקער אין דער האַרטער, דורכגעפרוירענער ערד אַריין, אויפגעשטעלט סלופּעס, אָנגעצויגן די שטריק און זיי פאַרפעסטיקט. דערנאָך, אַז אַ פּאַלאַטקע איז פאַרטיק געוואָרן, האָבן מיר אַריינגעטראָגן די אייזערנע צענויפשטעל-בעטלעך און זיי אָנגעצויגן מיט ווייסער בעט-געצייג און מיט וואַרעמע קאָלדרעס.

דער קאָמענדאַנט האָט זיך אַרומגעדרייט און — אַ שמייכלדיקער — אונדז אונטערגעיאָגט, פּונקט ווי מיר וואָלטן געווען מויל-אייזלען, אָדער פערד. מיר האָבן געאַרבעט גיך און קעסיידער. יעדע האַלבע שאָ איז ביי אונדז פאַרטיק געוואָרן אַ פּאַלאַטקע, שוין אויסגעשטעלט מיט בעטלעך, באַצויגן מיטן בעט-צייג — פיקס און פאַרטיק צום אויפנעמען פאַרוואונדעטע. און ווירקלעך: איידער מיר האָבן נאָך באַוויזן צו ווערן פאַרטיק מיט אַ בעטל, זענען שוין באַ דער זייט געשטאַנען צוויי סאַניטאַרן מיט אַ טראָג-בעטל, אף וועלכן עס איז געלעגן עפּעס אַ פאַרוואונדעטער, וואָס מען האָט אף אַ צוויי-רעדערדיקן סאַניטאַר-וועגעלע געבראַכט פונעם פראָנט. אָן צערעמאָניעס, ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס אַ נעווייילע און ניט קיין מענטש, האָט מען דעם דאָזיקן פאַרוואונדעטן אַ וואָרף אַריין געטאָן אין בעטל אַריין און, גלייך ווי גאָרניט, זיך גענומען צו אַ צווייטן...

באַלד זענען אַלע בעטלעך אָנגעפילט געוואָרן מיט פאַרוואונדעטע. פון די פּאַלאַטקעס אַרויס האָבן זיך גענומען טראָגן פאַרשידענע אומקלאָרע קרעכצערייען, צעווייטיקטע געשרייען און אומפאַרשטענדלעכע רייד. צעשניטענע און אָפּגעשוואַכטע שטימעס האָבן זיך געוויקלט אין אַ שווערן כאָרכל. אַ גסיסעדיקע פּיין האָט זיך אָן אויפהער צעגאָסן אין דער שפּעטערדיקער ווינטער נאַכט אַריין...



# קאַפּיטל זיבן

צו דער קאָמאַנדע איז צוגעשטאַנען עפּעס אַ פרעמדע און יונגע ברונעטע מויד. געווען איז זי הויך, פעסט, און געהאַט ברייטע, געזונטע פּלייצעס מיט אַ פּאָר דעמבענע פיס. אָנגעטאָן איז זי געווען האַלב-מיליטעריש: אין אַ כאַקי-בלוזקע, גרויסע זעלנערישע שטיוול און אין אַ שינעל, וואָס האָט דערגרייכט ביז צו אירע קנעכלעך. ווער, וואָס און פונוואַנען זי איז — האָבן מיר ניט געוואוסט. געהערט האָבן מיר פון איר בלויז איין זאַך:

— איך וויל מיטגיין אַפן פּראָנט!...

די קאָמאַנדע איז געווען בייז און אויפגערעגט. געוויינטלעך פלעגן מיר, רעגולערע סאָלדאַטן, באַטראַכטן אַ פרייוויליקן—אַפילע אין פרידן-צייט — פאַר אַ מעשוגענעם. קיין אַנדערן נאָמען פאַר אַזאַ האָבן מיר ניט געהאַט, ווי נאָר „די פעל”. אַזעלכע — האָבן מיר געגלויבט — זענען אומנאָרמאַלע, צעדרייטע מענטשן, וואָס ווילן ניט אַרבעטן, נאָר זוכן בלויז אַוואַנטיורעס. צו אַזעלכן פלעגן מיר ניט וועלן רעדן און זיך ביכלאַל געהאַלטן פונווייטן. דאָסמאָל, מילכאָמע-צייט און קימאַט אַפן סאַמע פראָנט, אַז מיר האָבן דערזען אַ פריי-וויליקן, און דערצו נאָך אַ מיידל, — האָט דאָס אונדז שאָקירט ביז גאָר. מיר האָבן געקוקט אף איר מיט פאַרכידעשטן כשאַד און דאָך האַנאָע געהאַט פונעם ליידנשאַפטלעכן רייץ, וואָס זי האָט ביי אונדז מיט איר פרויענשאַפט אַרויסגערופן...

דראַבולקין האָט געוואָרפן זייטיקע קוקעלעך אף איר, געגנומען דרייען זיינע פיצינקע בלאָנדע וואָנצעלעך און נאַריש צוגעשמייכלט. באַלד האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אונדז און, מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט, אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז פונדעסטוועגן אַן אייסעק, יעי באָגו!... עס איז אַ שאַד בלויז, וואָס זי איז נאָר איינע... אָט, ווען מען גיט כאָטש

יעדן איינעם פון אונדז אַזאַ שטיקל סכוירע, וואָלט מיך שוין גאָרניט געאַרט צו שלאָפן אפן קאַלטן שניי אַפילע...

עטלעכע יאָטן האָבן זיך צעלאַכט, אנקוועלנדיק פון זיינע קאָמישע גרימאַסן, וואָס ער האָט געמאַכט דערביי. טשעריאַק, ווי זיין שטייגער, האָט אויך צוגעוואָרפן עפּעס אַ שאַרפן וויץ און געמאַכט נאָך שאַרפערע גרימאַסן מיטן פּאָנים. אַלע האָבן אָנגעקוואָלן. בלויז איין יאָט, דער ווייבלעכער אַרטיאָמאָוו, האָט קימאַט געוויינט:

— אָבער ווי קומען גאָר פרויען צו מילכאָמע? און דערצו נאָך פרייוויליקע?...אַז זיי האָבן דאָך מוירע פאַר אַ מייזל אַפילע...

— וואָס איז דער וואונדער? — האָט דאַווידאָוו אַ ברום געטאָן, —אַז מען האָט אַזוי שטאַרק פאַנאַנדערגעבלאָזן דעם מילכאָמע-געשריי, אַזוי אָנגעשטאָפּט די מויכעס באַם פאָלק מיט דעם נאַרישן סאַם, אַז עס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ מעשוגענע היסטעריע...עס איז מיר בלויז אַ וואונדער, וואָס מען זעט נאָך ניט אָנקומען קיין פּיצעלעך זויג-קינדער פאַר פרייוויליקע...

ער האָט אָנגעוויזן אף דער מויד און אַ זאָג געטאָן:

— אָט אַזעלכער ווי זי־אָ, וואָלט מען, זעט איר, געדאַרפט צוויי מאָל אויספּאַטשן. איינמאָל פאַר דער פרייוויליקייט און ס'צווייטע...

ער האָט ניט פאַרענדיקט זיין געדאַנק און זיך אַ ווענד געטאָן דירעקט צו איר:

— פאָלגט מיך, מאַדמואַזעל, און גייט צוריק אַהיים. מילכאָמע איז ניט קיין אייסעק פאַר אַ פרוי. אַז עס איז אַפילע ניט פון די גאָר גוטע זאַכן פאַר...

זי האָט גענומען וואַרפן מיט די הענט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך ביינעוודיק און פּיעסטשענדיק געאַקשנט:

— וואָס גייט עס אייך אַזוי אָן פאַר מיר?... איך, נישקאָשע... איך בין פונקט אַזוי באַרעכטיקט ווי איר און... אָ, איך וועל בעסער רעדן מיט אייער נאַטשאַלסטווע...

סטעפּאַקין האָט לעקישעוואַטע געקוקט אף איר און נאַריש־פאַר־לוירן געשמייכלט. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, האָט זיך פאַר איר פאָרגעשטעלט ווער ער איז און זי קאָמפּלימענטירט. דערביי האָט ער איר אָנגעוויזן, אַז זי איז אַ צו שיינע מידל און זיכער צו איידל פאַרן פראָנט־לעבן; אַז מילכאָמע איז ביכלאַל ניט פאַר קיין פרוי און אַז זי, אַזאַ יונג קינד, וועט עס אַפילע ניט קאָנען איבערלעבן...

ער האָט איר אַ ווייז אָן געטאָן אף די פּאַלאַטקעס פונעם דערביי־איקן, נאָר־וואָס אויפגעשטעלטן פעלד־שפּיטאָל:

— אויב איר ווילט שוין דאַווקע יאָ אַזוי שטאַרק אָנטיילנעמען אין דער מילכאָמע, איז פאַרשרייבט זיך בעסער אין שפּיטאָל, פאַר אַ באַרעמהאַרציקער שוועסטער. דאָס וואָלט מער געפּאַסט און...

זי האָט ווידער גענומען וואַרפן מיט די הענט:

— איך האָב פיינט קרעכצערייען און קראַנקע!...איך וויל גיין אפן פראָנט, אין ערשטן פייער!...נישקאָשע, איך קאָן גוט שיסן און וועל קאָנען פיל נוצן ברענגען...

גרישונין, וועלכער איז ביז איצט געווען בייז אף דער מיידל און אַפילע מער ניט געוואָלט אַ קוק טאָן אף איר, — האָט מיטאַמאָל זיך דורכגעשטופּט אין פאָרויס. ער האָט זי אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַרונטער, איר דערלאַנגט זיין ברייטע, געזונטע לאַפּע און בעאייס דעם, שמייכלענדיק, אַ זאָג געטאָן צו אונדז:

— אָ, זי איז אַ כוואַטסקע מויד, ערן וואָרט!... איז זאָל זי מיטגיין. סיי ווי וועט זיך אָן איר די מילכאָמע ניט ענדיקן גיכער, און מיט איר — זיך ניט פאַרציען...

ער האָט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג און צוגעגעבן:

— אַזאַ־אָ געפעלט מיר! יאָ, זי איז שוין איינמאָל אַ כוואַטסקע מויד און...זעט אויס — אַ בלאַטע אויך...

טשעריאַק האָט אויפגעכאַפּט זיין באַמערקונג און לעפיש אַ ברום געטאָן ווי צו זיך:

— וואָס קומט אַרויס דערפון, אַז ס'וועט פאָרט זיין ווינציק פאַר דער גאַנצער קאָמאַנדע...

דראַבולקין האָט געשמייכלט און, אין זעלבן טאָן, צוגעגעבן:

— וואָס־זשע, וועלן מיר מאַכן אַן אַרטעל און... ס'וועט סטייען...

דאַווידאָוו האָט דאַן שפּאָטיש אָפּגעכויזעקט:

— איר טיילט זיך שוין מיט דער פעל פונעם האָז, נאָך איידער איר האָט אים אַפילע געכאַפּט?!... פאָלגט מיך, איילט זיך נאָר ניט אַזוי צו, ברידערלעך. זי וועט אייך סיי ווי ניט אָנקומען. יאָ־יאָ, עס זענען פאַראַן פיל בילעכערע באַלאָנים פאַר אייך...

ער האָט אַ ווייז געטאָן צום אָפיצירישן וואַגאָן:

— אָט, זיי!...

סטעפּאַקין האָט אַפּאָנים ניט געוואָלט פאַרליידן די דאָזיקע רייד. ער האָט דעריבער אָנגענומען די מיידל בא דער האַנט, זי אָפּגעפירט עטוואָס אין אַ זייט און גענומען עפּעס רעדן מיט איר. צו אונדז האָט ער דערביי זייטיק צוגעוואונקען, אַז מיר זאָלן שוויגן.

סאַוואָראָף — אַקוראַט ווי ער וואָלט דערשמעקט, אַז אַ מיידל איז

צו אונדז אָנגעקומען, — האָט זיך געגומען טראָגן מיט זיין בינטל דאַרע ביינער צו אונדז. נאָך פונדערווייטנס האָט ער פאַרזשמורעט די אויגעלעך זיינע, זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטאָן אין פאַרלעגנהייט אף דער מיידל און, מיט אַ וואונק, צוגערופן סטעפּאַקינען צו זיך. ער האָט עפּעס גערעדט מיט אים און דערביי מיטן קאָפּ עטלעכע מאָל אָנגעוויזן אף דער מיידל. באַלד איז ער אַליין צוגעגאַנגען צו איר, זיך אַוועקגעשטעלט אַן אויסגעצויגענער קעגן איר, פּלייסנדיק זיך אויסצוגלייכן זיין איינגעבויגענעם קערפּער. ער האָט זיך מיליטעריש באַגריסט, געקוקט אף איר מיט מאָדנע פייערלעך אין די אויגן און — דרייענדיק אַ וואָנצע — צוגעשמייכלט:

— אַזוי-אַזוי...— האָט ער מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן ביי איר, — ווילט איר, הייסט עס, דאַווקע מיטגיין מיט אונדז אפן פראָנט?... נו גוט, איך וועל שוין פאַר אייך אַלץ איינאָרדענען...

די מיידל האָט דאַנקבאַר צוריקגעשמייכלט צו אים. זי האָט מאַמעש אויפגעלעבט, אַקוראַט ווי זיינע רייד וואָלטן איר פאָשעט דאָס לעבן געראַטעוועט. זי האָט שנעל צוגעטראָגן איר האַנט צום שטערן און מיליטעריש צוריקסאַלוטירט סאָוואָראָפן, פונקט ווי ער וואָלט געווען, ווער ווייסט, דער גרעסטער קאָמאַנדיר.

סאָוואָראָף האָט דאַן מיט אַ גענעראַלסקן אָנשטעל איר אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע און פאַרגיסיקנדיק אַ זאָג געטאָן:

— אָט אַ מאָלאָדעץ!... אַזוי האָב איך טאַקע ליב!... און איר, אַז איר וועט זיין אַ העלד און זיך פאַרדינען, וועלן מיר אייך נאָך באַלוינען מיט אַ געאָרגי-קרייץ אויך...

זי האָט קינדיש-צופרידן געשמייכלט און ווידער סאַלוטירט. די יאַטן פון קאָמאַנדע האָבן געשטיקט דאָס געלעכטער אין זיך. עס איז אויסגעקומען ביז גאָר קאָמיש, וואָס סאָוואָראָף מאַכט זיך פאַר איר אַזוי גרויס און, נאָכמער דאָס, וואָס זי האָט אים אַזוי שטאַרק גע-גלויבט. מיטאַמאָל האָט די מיידל פאָשעט אַ זאָג געטאָן:

— איך בין הונגעריק, אייער הויך-געבירטיקייט... איך...

סאָוואָראָף האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט נערווירנדיק גענומען אונטערשטאַמלען:

— אָ, אַ שאָד בעעמעס, אַ שאָד... מיר, די אָפיצירן, הייסט עס, האָבן שוין אָפּגעגעסן און...

גלייך אָבער האָט ער זיך ווידער אַ כאַפּ געטאָן און צוגעוואָרפן צו סטעפּאַקינען:

— הער, עלטסטער, זע דערווייל צו באַזאָרגן די יונגע דאַמע מיט

שפּייז!... זאָל זי דערוווייל עסן מיט אייך!...איך וועל שוין זען, אַז אף מאָרגן זאָל זי אַרויף אפן שפּייז־צעטל ביי אונדז, אָפּיצירן...

אַן אונטערטאַכנצנדיקער איז ער צוריק אַוועק צום וואקזאַל און, מיט אַ שיינענדיקן שמייכל אף זיין צעקנייטשטן פּאָנים, זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט צו דער איבערגליקלעכער און צופרידענער מיידל, וועלכע איז — אַ זיגרייכע — געבליבן שטיין צווישן אונדז...

*****

**אַ סיגנאַל** האָט גערופן צו מיטיק. די קאָמאַנדע האָט געכאַפּט די קעסעלעך, זיך געלאָזט לויפן צום קיך־וואָגן און זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ריי. סטעפּאַקין האָט דערוווייל באַזאָרגט דער מיידל מיט אַ קעסעלע און, — צוזאַמען מיט איר, צו־געשפּאַצירט צום וואָגן און — ווי דער עלטסטער — ביט אין דער ריי צוגעגאַנגען צו אַראַמיאַנצן און אים געהייסן אָנגיסן פאַר דער מיידל אַ גוטע פּאָרציע. זי האָט געשמייכלט און באַדאַנקט.

מיר האָבן זיך געזעצט עסן. די מיידל האָט זיך איינגעאָרדנט לעבן אונדז און זיך גלייך געמאַכט היימיש. זי האָט אַרויסגענומען פון שטיוול־כאָלעווע אַ געווייַנטלעכן הילצערנעם לעפל, אַרומגעווישט איבּ אפן זעלנערישן שטייגער, מיט דער האַנט, און זיך גענומען צו דער אַכילע. זי האָט געפרעסן מיט אַזאַ מין זשעדנעקייט, פּונקט ווי זי וואָלט שוין זיבּן עטלעכע טעג גאָרניט אין מויל געהאַט. די יאַטן, כאָטש זיי זענען בייז געווען אף איר, האָבן דאָך מער געקוקט אף איר, ווי אין די שפּייז־קעסעלעך אַריין, און זי געשלונגען מיט אַ ליידנשאַפטלעך־אַפּעטיטלעכן פאַרלאַנג...

באַם עסן האָט זי געפּלאַפּלט אָן אויפהער. מיר האָבן זיך גלייך דערוואוסט פון איר, אַז זי איז פון דער גרויסער שטאָט ר; אַז זי איז געגאַנגען גרויסע שטרעקעס צו פוס און זיך אויסגעשטאַנען די גרעסטע צאָרעס; אַז זי האָט זיך געגאַנבעט אף מיליטערישע עשאַלאָנען און פראַכט־צוגן, ביז זי האָט זיך ענדלעך דערקליבן אַהער. זי האָט אויך דערציילט, אַז די גרעסטע אַמביציע אירע איז, צו קאָנען באַ־ווייזן איר פאָטער, וואָס איז אַ זשאַנדאַרם־פּאָלקאָווניק אין ר, אַז זי וועט נאָך ווערן אַ גענעראַל און קאָמאַנדעווען מיט אים.

זי האָט מיטאַמאָל פריילעך אַ פּאַטש געטאָן מיט אירע הענט, ווי אַ קינד, וואָס וויל אימיצן אָפּטאָן אַ שפּיצל. דערנאָך האָט זי זיך אַ שטעל אויף געטאָן, זיך אויסגעגלייכט, געמאַכט איר שטימע שווער

און וואָגיק, און קאָקעטיש אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— אויפמערקזאַם, הער פּאָלקאָווניק!... סאַלוטירט דעם גענעראַל מאַריאַ קאָנאָוואַלאָוואַ!...

דערנאָך האָט זי זיך קימאַט היסטעריש צעלאַכט:

— עך, וועט דאָס זיין אַ שיינער ספּעקטאַקל!...דער טאַטע וועט שטיין און ציטערן פאַר מיר. און איך... אָ, וועל איך דאָס נעמען נעקאָמע פון אים!...

דאַווידאָוו האָט מיט באַדויער געקוקט אף איר. ער האָט צוגע-שאָקלט מיטן קאָפּ און, ווי צו זיך, ביטער געמורמלט:

— אַזוי-אַזוי... האָבן מיר, הייסט עס, אַ זשאַנדאַרמסקע פּעל צווישן זיך...

זי האָט זיך אָנגעברוגעזט און באַרימעריש אַ זאָג געטאָן:

— מיין פאָטער איז ניט קיין פּאָשעטער זשאַנדאַרם. ער...

גרישונין האָט איר איבערגעשלאָגן:

— טאָ פאַרוואָס-זשע, טייערע, ביסטו אַליין אויך ניט געוואָרן קיין זשאַנדאַרם בעסער?...

זי איז האַסטיק אַ שפּרונג צו געטאָן צו אים און בייז אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט:

— העע, וואָרים ווער וויל עס גאָר האָבן צו טאָן מיט פּאָליטישע סוואָלאָטשעס?!... איך וויל בעסער זיין אַ מיליטערישע!... איך האָב ליב העלדן!... איך וויל זיין אפן פראָנט!...

זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אף דער ערד, פאַרלייגט די פיס הינטער זיך, ווי אַ טערק, און מיט די הענט אַרומגענומען אירע קניען. זי האָט זיך צוגעשאָקלט און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ געלעכטער. לאַכנדיק האָט זי אויסגעזען ווי עפּעס אַ יונגע ווילדע ציג, וואָס איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעלאָזט געוואָרן אף פּאַשע... איר קינדעריש-נאַאיווער געלעכטער האָט פיל פון אונדזערע אַזש מיטגעריסן. דאַווידאָוו האָט אַ ברוגעזער געשוויגן. גרישונין האָט טרוקן אַ מרוקע געטאָן:

— זאָל זי גיין צו אַלדע טייוול!...אַז סיי ווי סיי איז זי דאָך ניט פאַר אונדזערטוועגן, טאָ צו וואָס-זשע דאַרפן מיר נאָך האָבן בײַ זיך אין קאָמאַנדע אַ פּאָליצייאישע פּעל?... מען וועט דאָך דאָ, איבער איר, זיך איצט אַפילו ניט קאָנען פריי אויסזידלען...

טשעריאַק, אַלס ענטפער, האָט זיך אַזוי הילכיק צעלאַכט, אַז די ציין זיינע האָבן אַזש אונטערגעטאַנצט:

— וואָס מיינסטו, מען וועט ניט קאָנען? און ווער וועט עס ניט

לאָזן?...איך מיין, פאַרקערט. דאָ איז זי קוידעם קאָל אַ סאָלדאַט פּונקט ווי מיר אַלע. און פאַר אַ סאָלדאַט איז זיך ניטאָ וואָס צו שעמען...

און קעדיי צו באַווייזן, אַז ער האָט טאַקע געמיינט וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער זיך גלייך אײַנמיסטן אַ צעזידל געטאָן מיט אַזאַ שאַרפער דריי־גאָרנדיקער קלאָלע, אַז מיר האָבן זיך אַזש פאַרשעמט.

דער מיידל, אָבער, האָט עס אַפּאָנים אײַנגאַנצן ניט געאַרט. זי איז געבליבן זיצן גלייכגילטיק און קאַלט, אַקוראַט ווי זי וואָלט עס גאָרניט געהערט אַפילע, און געשוויגן. כעוורע זענען דעריבער צו ביסלעך געוואָרן היימישער מיט איר. זיי האָבן זיך גענומען וויצלען, לאַכן און מאַכן שפּאַס. עטלעכע האָבן זיך אַפילע דערלויבט פיל מער.

טערמאַקאָוו, לעמאָשל, האָט געוואָלט ניט אַנדערש, נאָר זי זאָל איב גלייך, אויפן פּלאַץ, זאָגן, צי זי איז נאָך אַ מיידל און, אויב ניט, זאָל זי אים טאַקע דערקלערן, ווען און בײַ וואָסערע אומשטענדן זי איז עס ניט געוואָרן. טשעריאַק, ווידער, האָט זיך איבערגעוואונקען מיט גרישונינען, אים אָנגעוויזן אויף אירע הויכע און פולע בריסטן, — וואָס האָבן מאַמעש אַרויסגעשפּאַרט פון אונטער איר אָנגעצויגענעם זעלנערישן כאַקי־העמדל, און זיך דערבײַ געוויצלט:

— נישקאָשעדיקע פּייקלעך, האַ?...איך וועט זיך מיט דיר, אַז איך וואָלט אויף זיי געקאָנט אויסשפּילן אַ דרויב, פיל דריבנער נאָך פון פיר־און־זעקציקסטלעך אַפילע...

עס האָט אויסגעפּלאַצט אַ געלעכטער. אַלע האָבן געלאַכט. אַפילע יערמישין, דער וואָס האָט געשפּילט בײַ אונדז אויפן גרויסן פּויק, האָט אויך כיכיקעט. ער אַליין — אַ יאַט אַ שווייגער, וועלכן מיר האָבן דערפאַר גערופן „דער טומטאַם", — האָט טאַמעוואַטע אַ ווייז געטאָן אויפן מיידלס פעסטן קערפּער־געבוי און לעקישעוואַטע צוגעוואָרפן:

— כי־כי, וואָרים ווער שפּילט דאָס גאָר אויף צוויי פּייקלעך פאַראַמאָל?... אַ שפּיל טאָן איז גוט אויף איין פּויק... ספּעציעל טאַקע ווען ער איז נאָך אַזוי גוט און שטייף אָנגעצויגן, כי־כי!...

סטעפּאַקין האָט זיך אַרומגעדרייט אַ צערודערטער. אויסגעזען האָט עס, אַז ער איז אומצופרידן, וואָס כעוורע האָבן זיך אַזוי פריי געוויצלט אין דער מיידלס אָנוועזנהייט. ער האָט דעריבער קאָסיידער געוואונקען, געוויזן מיט די הענט און מיט די אויגן, אַז מען זאָל אויפהערן. ער האָט אַזש געבעטן:

— מען דאַרף דאָך אַמאָל סייכל האָבן און וויסן וואו איין און וואו אויס...

קיינער האָט אים אָבער ניט געהערט. אַלע האָבן געלאַכט און

זיך ווייטער פריי געוואָרפן מיט די פריילעכסטע ווערטלעך און וויצן.. די מיידל אַליין, גלייך ווי גאָרניט, האָט מיטאַמאָל אין אַ דיקלעכער קעל-שטימע, וואָס האָט געהאַט אי וואַרעמקייט, אי רייץ, — קאָקעטיש זיך פאַנאַנדערגעזונגען:

— „אַלע זאָגן — לייכטזיניק בין איך;
אַלע זאָגן — כ׳האָב ליב אף טריט און שריט, —
עך, סאָ פאַרוואָס זשע זיי אַלעמען פאַרגעס איך?
נאָר איינעם, בלויז איינעם, פאַרגעסן קאָן איך ניט...
געליבט האָב איך צען, און ביין האָב איך פאַרזען, —
נאָר איינעם, בלויז איינעם, פאַרגעסן קאָן איך ניט...״

עס איז געווען פריילעך ביז גאָר און, די פרייד האָט געשטיגן...

עטלעכע יאַטן האָבן גענומען זייערע אינסטרומענטן און צוזאַמענגעשטעלט אַ קאַפּעליע. די מיידל — צוזאַמען מיט אונדזער קליין-געוויקסיקן, פלינקן קאַטאַיעוו — האָבן זיך אַוועקגעלאָזט טאַנצן אַ קאַמאַרינסקע און אַ האָפּאַק. די אַרומשטייענדיקע האָבן צוגעפּאַטשט מיט די הענט צום טאַקט און צוגעפּייפט. עס האָט אויסגעזען, אַז דער מיידלס אָנוועזנהייט האָט אַלעמען געגעבן אַ געלעגנהייט זיך צו פאַרשפּילן און... פאַרגעסן...

אפן דריטן טאָג פון אונדזער זיין אין סאַראַקאַמיש, איז דער אַדיוטאַנט מיטאַמאָל אומגעריכט אַרויסגעקומען פון זיין וואַגאָן און זיך דערנעענטערט צו אונדז. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זיין גאַנצער מיליטערישער אויסשטאַטונג, פונקט ווי ער וואָלט זיך איצט פאַרנומען אף אַ פּאַראַד. מיט אַ וואונק האָט ער צוגערופן צו זיך סטעפּאַקינען, אים עפּעס אַ זאָג געטאָן און... אין אַ ווייל אַרום איז שוין גודמאַן געשטאַנען אינמיטן אונדזער לאַגער מיט דער טרובע און אויסגעשפּילט „סבאָר״ און „טרעוואָגע״...

די דאָזיקע סיגנאַלן — שאַלנדיקע און געהאַקטע — האָבן אויסגעגאָסן אַ מאָדנע פּאַכעד אף אַלעמען און אונדז מאַמעש ווי צעטומלט. עס איז אונדז מיטאַמאָל באַפאַלן אַזאַ טרויער, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן זיך געדאַרפט פאַרנעמען אין אונדזער לעצטן וועג אַריין...

מיד האָבן זיך גענומען אף גיך איינפּאַקן. דער אַדיוטאַנט איז געשטאַנען דערלעבן און אונטערגעיאָגט. מיט ברענענדיקע פינגער האָבן מיר געקנעפּלט די שינעלן אף זיך, געכאַפּט די אינסטרומענטן און מעכאַניש זיך אַוועקגעשטעלט אין רייען, אף אונדזערע פּלעצער.

דער עלטסטער האָט פון אַ פּאַפּיר אַרויס אויסגערופן אונדזערע נעמען איינס נאָכן אַנדערן און מיר האָבן קעסיידער געענטפערט. דער

אַדיוטאַנט האָט זיך דערוויייל אַרויפגעכאַפּט אף זיין הויכער, בּרוינער שקאַפּע, וואָס האָט זיך געדרייט אונטער אים מיט אַ ספּריטנע אומגעדולד און מיט די פּעדערשטע קלאָען געגראָבן די ערד אונטער זיך.

סאַוואָראָף איז אַרומגעלאָפן אַ צעטומלטער אַרום דעם נידעריקן, גרויען אָגערל, וואָס ער האָט ערשט נאָר־וואָס געהאַט אַרויסגעקראָגן, און ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך אַרויפצוכאַפּן דערויף. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אומגעלומפּערט גענומען אַרויפדראַפּען, אָבער דאָס פערד האָט זיך אַוועקגעדרייט און אים ניט צוגעלאָזט. ענדלעך, אַז עס איז איבּ שוין יאָ געלונגען זיך אַרויפצודראַפּען, האָט ער זיך גלייך צוריק אַרונטערגעגליטשט. סאָף קאָל סאָף איז צוגעריטן דעם אַדיוטאַנטס שטאַפּעט, איינגעזעצט סאַוואָראָפן אין זאָטל און פאַרפעסטיקט זיינע פיס אין די אייזערנע סטרעמעניעס. דאָס אָגערל איז אָבער נאָך אַלץ געשפּרונגען מיט די הינטערשטע פיס, געוואָרפן דעם הינטערשטן טייל קערפּער און סאַוואָראָפן נישקאָשעדיק אונטערגעהאָצקעט. אַ צעשראָקענער האָט ער, סאַוואָראָף, דאַן אָנגעצויגן די לייצעס, פאַרביסן די ליפּן און — איינגאַנצן אַ פאַרלוירענער — נעבעכדיק געציטערט. דעם אַדיוטאַנטס פערד האָט פאַרריסן די מאָרדע און געהירזשעט, — פונקט ווי עס וואָלט זיך אַזוי געזעגנט מיטן קאַלטן, פרעמדן שטעטל, וואָס איז געשטאַנען פונוויייטן און, פון דאָרט, מיט די איינזאַמע קאַזאַרמע־פענצטער און רויט־געפאַרבטע דעכער, געקוקט צו אונדז מיט אַ מאָדנע בענקלעכן טרויער...

*****

**דער וועג** אף וועלכן מיר זענען געגאַנגען, איז געווען אַ שמאָלער און געדרייטער. מיר זענען דעריבער געווען געצוואונגען צו שפּאַלטן אונדזערע רייען און גיין אין אַ שמאָלער, לאַנגער קאָלאָנע. אַן אויסגעצויגענע — צו צוויי אין אַ ריי — האָט די קאָמאַנדע, באַם צופוסנס און צווישן די הויכע, פאַרשנייעטע בערג, אויסגעזען ווי עפּעס אַ גרויסע קריכנדיקע שלאַנג. צוליב דעם שמאָלן זייער געדרייטן בלאָטיקן וועג — באַרג אַרויף, האָט אונדזער קיך־וואָגן און דער אָבאָז זיך ניט געקאָנט אַרויפהויבן און דעריבער זיך פאַרנומען ערגעץ אף אַ גאַנץ אַנדערן, זייטיקן וועג.

אין אונדזער גאַנג האָבן מיר עטלעכע מאָל אָנגעטראָפן צעקלאַפּטע און אויסגעמוטשעטע טיילן, וואָס זענען צוריקגעגאַנגען פונעם פראָנט. צעשאָטענערהייט זענען די סאָלדאַטן געגאַנגען צוריק, צום שטעטל,

מאַשמאָעס אַף צוצוגיסן דאָרט אַביסל פרישע בלוט אין זייערע שיטער־געוואָרענע רייען, און אַריינפלאַנצן נייע לעבנס, אָנשטאָט יענע, וואָס זיי האָבן דאָרט, אַפן שלאַכט־פעלד, שוין געהאַט איבערגעלאָזט.

די פּענימער בּאַ די סאָלדאַטן — טעמפּע און נידערגעשלאָגענע — צו דער ערד געבּויגן. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן גאָר מוירע געהאַט צו קוקן דעם לעבן אין פּאָנים אַריין. אָפּילע די יונגינקע אָפּיצירלעך, צווישן זיי, זענען שוין ניט געווען די געוויינטלעכע גלאַנצנדיק־פּאַרפּוצטע און פרייליך־צוואַשענע יונגען. פון זייערע פּענימער האָט אַרונטערגעווייגט אַ ברודיקע בענגשאַפט נאָך אַביסעלע אָפרו און שלאָף פּאַר זייערע פאַרשוואָלענע אויגן; אַ באַגער נאָך אַ פּיצל ווייכן און וואַרעמען פּלאַץ, מיט שטרוי געבעט, אויסצוגלייכן די מידע, שמאַרצנדיקע ביינער. בלויז אין איינצל־פּאַלן — און דאָס נאָר בּאַ די העכערע אָפּיצירן — האָט זיך נאָך ערגעץ אַרויסגעזען אַן אָנגעצויגענע וואַזשנעקייט און אַ געמאַכטע שטרענגקייט. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז אויב זיי זאָלן אָפּילע פּאַר אַ רעגע בלויז באַכלאָזן זייער אָנגעבלאָזענע ערנסטקייט, וועלן דאָס די סאָלדאַטן גלייך דערפילן און...

די סאָלדאַטן האָבן אַפּאָנים טאַקע ניט געזען דאָס כאַשכעס פון הינטער דער אָפּגעלאָזנקייט. שטילע און געהאָרכזאַמע זענען זיי געגאַנגען אונטער דער אומגעזעענער בייטש, וואָס האָט שוין אַפילע קיין קויעך ניט געהאַט זיך אַרונטערצולאָזן. צייטנווייז האָט זיך אָפּילע.אויסגעדאַכט, אַז די סאָלדאַטן וועלן דאָס יאָ דערפילן און דאַן וועט זייער גאַנג אָננעמען אַ גאַנץ אַנדערן אויסזען. מען האָט קלאָר געקאָנט זען, ווי דער קאַאָס איז באַ די סאָלדאַטן געוואַקסן. מען האָט דאָס געקאָנט אַרויסלייענען סיי פון די פּייערלעך אין זייערע פינקל־דיקע אויגן און סיי אין די צעווייטיקטע טנועס אַף זייערע פינצטערע פּענימער. מען האָט דאָס געקאָנט דערקענען אין די געביילטע פויסטן אַף זייערע הענט, אין די ציטערדיקע ליפּן און פאַרביסענע ציין...

מיר האָבן זיך אָוועקגעשטעלט באַם זייט פון וועג און באַשפּריצט די פאַרבּייגייענדיקע, מידע סאָלדאַטן, מיט הילכיק־פרייליכע מאַרשן, פּונקט ווי די גאַלאָכים באַשפּריצן זייערע גלויביקע מיט „געהייליקטן" וואַסער. אונדזער שפּילן, אָבער, האָט אַפּאָנים אַזויפיל געהאָלפן די סאָלדאַטן, ווי דאָס „הייליקע" וואַסער — די גלויביקע. די סאָלדאַטן זענען פאַרבּייגעגאַנגען שווייגנדיקע און גלייכגילטיקע. טייל — מיט צעקרימטע און בייזע בליקן, אַפּאָנים דערפאַר, וואָס מיר — דורך דעם שפּילן — האָבן זיי געצוואונגען ריטמישער צו הויבן זייערע מידע פיס

און פעסטער. די רייטנדיקע אָפיצירן זענען אָבער יאָ צופרידן געווען באַם פאַרבייגיין אונדז, האָבן עטלעכע פון זיי אַ הויב געטאָן אַ מידע האַנט און אונדז באַדאַנקט. אַנדערע האָבן בלויז צוגעוואָרפן אַ מין קאַלטן שמייכל מיט די פאַרברודיקט־שטויביקע ליפּן און זענען זיך אַוועק ווייטער אין זייער גאַנג...

מאַסנווייז האָבן מיר אויף אונדזער וועג אָנגעגעגנט איינצלנע אָפּגעריסענע פאַרוואונדעטע. זיי האָבן געשפּאַנט מיט מידע, אויסגעקרימטע טריט און, מיט גליענדיקע בליקן, געזוכט אַ שפּיטאָל, אַ דאָקטאָר, אַ פרישן באַנדאַזש און אַן אָפּרו־פּלאַץ פאַר זייערע צעווייטיקט־פאַרוואונדעטע גלידער. מיר האָבן אָנגעגעגנט גרופּעס צעמוטשעטע און, ווי פון לאַנג שוין־אָפּגעלעבטע, געפּאַנגענע טערקן, וועלכע זענען געגאַנגען אונטער דער וואַך פון פונקט אַזעלכע צעפייניקטע „היטער" ווי זיי אַליין. עס איז פּאָשעט שווער געווען צו דערקענען ווער איז ווער. אַלע — סיי די געפאַנגענע און סיי די היטער — פאַרכוישעכטע און פאַרצווייפלטע. זייערע בליקן — אַרונטערגעלאָזטע — ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט צו קוקן אַ לעבעדיקן מענטשן אין די אויגן, דערפאַר, וואָס זיי אַליין זענען נאָך אַלץ לעבעדיק געבליבן...

עס איז שפּעט געוואָרן. ערגעץ ווייט און נידעריק אויפן הימל איז געקראָכן אַ גרויסע, רויטע זון, וואָס האָט געזוכט אַ רואיקע באַהעלטעניש צווישן די בערג. מיר האָבן פאַרגיכערט אונדזער גאַנג און זיך געפּלייסט אָנצוהאַלטן דעם ריטם פון די פערדישע פּאָדקאָווע־קלעפּ. מידע זענען מיר געגאַנגען געבויגן אונטער דער שווערער מאַסע פון די אינסטרומענטן, זעק, טעסאַקעס און לאָפּעטקעס, און אויסגעשוויגן אונדזער פאַרטראַכטקייט, אַזוי ווי די הויכע פאַרשטומטע בערג, וועלכע האָבן זיך געוויקלט אין ווייסן שניי און אין רויטן זון־אונטערגאַנג.

די מיידל, וואָס האָט זיך געהאַט צוגעטשעפּעט צו דער קאָמאַנדע, האָט זיך מיטגעשלעפּט מיט אירע שווערע שטיוול און יעדע ווייל זיך פאַרטשעפּעט מיט די פיס אין די שטיינער אונטער זיך. געגאַנגען איז זי געבויגן און שווער. די הענט אירע זענען אַרונטערגעהאַנגען און האָבן זיך לויז געבאָמבלט נידעריקער פון די קניען. געדאַכט האָט זיך, אַז זי וועט אָט־אָט אַוועקפאַלן. דער אַדיוטאַנט האָט זיך צופעליק אומגעקוקט, דערזען איר געמוטשעטן גאַנג און גענומען זיך נערוועז דרייען אַ וואָנצע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געוואַרט ביז זי איז אונטערגעקומען, און זי פאַרבעטן צו זיך אויפן פערד אַרויף.

ער האָט זי אַ נעם געטאָן, זי אַרויפגעהויבן און זי איינגעזעצט

הינטער זיך. זי האָט זיך צוגעהאַלטן מיט די הענט אין זאָטל, דעם קאָפּ — מיד אָנגעלענט אין אַדיוטאַנטס פּלייצע און געשוויגן.

עס איז טונקל געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן שפּירן דאָס אָנקומען פון אַ גאָר שווערער און קאַלטער נאַכט. אַ שטשיפּעדיק-בייסיקער ווינט האָט געריסן די פּנימער ווי מיט שפּיציקע שטאָלענע קאַמען און געמאַכט שווער אונדזערע מידע טריט. דער אַדיוטאַנט האָט זיך אומגעדולדיק געדרייט אַפן פערד. מאַשמאָעס, אַז דער ווינט האָט אים אויך ביז געשאַנעוועט. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן שטרענג-טרוקן און קיין איינציקן צייכן ניט געוויזן וועגן דעם. מיטאַמאָל האָט ער זיך געשטאָן אַ שטעל אויף די סטרעמעניעס פונעם זאָטל, זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער הויך, געקוקט אין טונקעלן פאָרויס דורך זיינע פעלד-גלעזער און באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן:

— לעבעדיקער, כעוורע, רירט זיך צו אַביסל!... אָט וועלן מיר באַלד אָנקומען אין אַ דאָרף און זיך אָפּשטעלן אף נאַכט-לעגער!...

מיר האָבן זיך אָנגעשטרענגט, צונויפגענומען די לעצטע ביסלעך קויעך און פאַרגיכערט די טריט. דאָס דאָרף, וואָס האָט זיך געהויבן עטוואָס העכער פונעם טאָל אַרויס, האָט זיך באַוויזן אין דער ווייט. מיר האָבן זיך אַ יאָג געטאָן דערצו, פונקט ווי דאָרט, אינעם דאָרף, וואָלט אף אונדז געוואַרט עפּעס אַ פריילעכע יעדיע, וואָס דאַרף אונדז אַלעמען דערפרייען און אויפלעבן.

ענדלעך זענען מיר אַריין אין אַ ברייטער, צעצויגענער גאַס מיט קליינע הייזלעך, וואָס האָבן זיך — פון הינטער פאַרצויגענע, קליינע פענצטערלעך — שרעקעוודיק געצאַפּלט מיט צאַנקנדיקע פייערלעך.

דער אַדיוטאַנט — צוזאַמען מיטן קאַפּעלמייסטער און דער מיידל — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו איינעם פון די ווייס-געקאַלעכטע און מיט שטרוי-געדעקטע הייזלעך, וואוהין אַן אַלטער פויער האָט זיי אַריינגעפירט. מיר זענען געבליבן שטיין אף דער גאַס און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און וואוהין צו גיין. די קעלט האָט געבריט אין פּאָנים און געביסן די פיס. באַלד האָט זיך דער אַדיוטאַנט צוריק אַ באַווייז געטאָן אף דער שוועל פונעם הייזל און — פונווייטן, נאָר ווי יויצע צו זיין — אויסגעשריגן צו סטעפּאַקינען:

— העי, עלטסטער, געפין פאַר דער קאָמאַנדע עפּעס אַ שייער אף איבערצושלאָפן!... זע, אָבער, אַז זיי זאָלן גאָרניט צולאַטשענען און אַז איך זאָל אף קיינעם פון זיי קיין קלאַגעס פון די דאָרפלייט ניט באַקומען, ווייל אַנדערש...

ער איז גלייך ווידער פאַרפאַלן געוואָרן אין שטיבל אַריין און

מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער לענגלעך־צעצויגענער גאַס פֿונעם דאָרף, צו זוכן אַ פּלאַץ. גרופּעסווייז האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן איבערן דאָרף, זיך פֿאַנאַנדערגעשפּרייט איבער די הויפֿן און הינטערהויפֿן, און געזוכט עפּעס אַ מאָקעם־מענוכע זיך ווי ניט איז אַנידערצעוואַרפֿן. מיר זענען געקראָכן איבער כאַטעס, גענישטערט אין טוואָרע־שפּייכלערס, אַריינגעקוקט אין פֿערד־און־כאַזער־שטאַלן, אָבער אַלץ ניט געפֿונען עפּעס, וואָס זאָל זיין גענוג גרויס פֿאַר דער גאַנצער קאָמאַנדע. און זיין האָט זיך דאַוועקע געוואָלט צוזאַמען...

מיטאַמאָל איז אָנגעלאָפֿן אונדזער פֿלינקער קאַטאַיעוו, וועלכער איז אַלעמאָל אויסגעוואַקסן ווי פֿון אונטער דער ערד, און — ווי אַ גרויס גליק וואָלט אים געטראָפֿן, — פֿריידיק געשריגן צו אונדז:

— העי, כעווריע, קומט נאָר אַהער!... איך האָב עס געפֿאַקט!... איך זאָג אייך, — אַן עמעסער פּאַלאַץ פֿאַר אונדז אַלעמען!...

מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים און אים נאָכגעגאַנגען, ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעוויזן אויף אַ גרויסן בוידים־לאָך, ערגעץ אינדערהויך, איבער אַ שפּייכלער. קאַטאַיעוו האָט זיך פֿלינק — ווי אַ קאַץ — אַ לאָז געטאָן איבערן לייטער, וואָס איז גע־שטאַנען צוגעשטעלט צום בוידים און מיר — איינער נאָכן אַנדערן — זענען אים נאָכגעקראָכן...

דער בוידים איז געווען פֿול מיט פּראָסטיק־שמעקעדיקן היי... מיר האָבן גלייך אַרונטערגעוואָרפֿן די אַמוניציע־זעק פֿון זיך, זיך צעוואַלגערט איבעם היי, זיך איינגענורעט איבער די קעפּ און — אַזוי, אומגעגעסענע — שווער איינגעשלאָפֿן...

מיר זענען געווען אַזוי אויסגעמידט פֿון דעם וועג און אַזוי דורכגעפֿרוירן פֿון דער קעלט, אַז די נאַכט איז פֿאַר אונדז פּאָשעט דורכגעלאָפֿן קימאַט ווי אומבאַמערקט. נאָך די עטלעכע נעכט פֿון שלאָפֿן אינדרויסן, אין דער שאַרפֿער קעלט, זענען מיר אַוועקגעפֿאַלן ווי געהאַרגעטע און זיך אַפֿילע ניט איבערגעוועקט דורך דער נאַכט. דאָס היי האָט געשמעקט מיט פֿרישקייט און — ווי אַ באַקוועם בעט — אויסגעוואַרעמט אונדזערע דורכגעפֿרוירענע גלידער. פֿונדרויסן, דורך דעם אָפֿענעם לאָך, האָט אַריינגעבלאָזן אַ געשמאַק־פּראָסטיק ווינטעלע, וואָס איז געווען דורכגענומען פֿון ווייס־לעוואָנעדיקער, בלאַסער רואיקייט. פֿון אונטן האָט צו אונדז אַרויפֿגעקוקט אַ מאָדנע שרעקעוודיק־דרימלדיקער, אומרואיק־שלאָפֿנדיקער דאָרף...



# קאַפּיטל אַכט

עטלעכע טעג זענען מיר געשטאַנען אין דאָרף און קימאַט די גאַנצע צייט פונעם בוידים ניט אַרונטערגעקראָכן. דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט. קיין אַרבעט האָבן מיר ניט געהאַט, אויסער דעזשורסטווע באַ זיך אפן בוידים. די טעג האָבן זיך ביי אונדז געצויגן ווי אַ פיינלעכע אייביקייט.

דער אַדיוטאַנט איז געוואָרן שטרענגער און צושטייענדיקער ווי טאָמיד. ער — באַ ווען מיר האָבן אַפילע אין פרידן-צייט קיין האָניק ניט געלעקט— איז געוואָרן גאָר אומדערטרעגלעך. פאַר דער קלענסטער אומפּינקטלעכקייט האט ער שטרענג באַשטראָפט. יעדעסמאָל האָט ער אַרויסגעגעבן בייע מעשונעדיקע באַפעלן און מיר האָבן זיך געדאַרפט היטן פאַר אים ווי פאַר פייער.

אונדזער שפּייז-קעסל איז נאָך אַלץ ניט אָנגעקומען. קיין עסן האָבן מיר ניט באַקומען. מיר האָבן זיך דערהאַלטן בלויז מיט טיי, וואָס מיר אַליין האָבן פאַר זיך אויפגעקאָכט אין די קעסעלעך, און מיט שטיקלעך סוכאַרעס, וואָס מיר האָבן געהאַט אין די זעקלעך. די פלייש-קאָנסערוון האָט דער אַדיוטאַנט שטרענג פאַרבאָטן צו נוצן. עטלעכע טעג שפּעטער איז דער קעסל פאָרט אָנגעקומען אין דאָרף צו אונדז, אָבער דאָס עסן, וואָס מען האָט געקאָכט, איז טיי ווי געווען דערווידערדיק: אומבאַטאַמטע שיטערס, מיט געטריקנט-ווערעמדיקער קרויט, אָן שמאַלץ און אָן זאַלץ. די טיי, וואָס מען האָט אונדז גע-געבן פון זעלביקן קעסל טאַקע, איז געווען צו פעט און געשמעקט מיט ביילעוו, אַז מען האָט עס אַפילע אין מויל ניט געקאָנט נעמען. אויפקאָכן טיי פאַר זיך, אין די אייגענע קעסעלעך, האָבן מיר שוין מער ניט געקאָנט, ווייל מיר האָבן קיין צוקער ניט געהאַט. דער „קאַפּטענאַרמוס” האָט זיך אָפּאָנים געכאַפּט, אַז עס איז אים לייכטער צו גאַנווענען צוקער אַזויאַרום, אָנשיטנדיק אַביסל אין קעסל אַריין

פאַר אַלעמען, אָנשטאָט אַרויסצוגעבן יעדן זיין כיילעק באַזונדער.

אונדזערע אָפיצירן, אָבער, האָבן דערפאַר שוין יאָ געלעבט אַ גוטן טאָג. זיי האָבן באַקומען פונעם שענסטן און בעסטן. אין דער שטאַב־קיך האָט מען פאַר זיי צוגעגרייט געקאָכטע הינער, געפּרעגלטע קאַטשקעס, געבראָטענע גענדז און יונגן, גערייכטן כאַזער. זיי האָבן באַקומען ווײַן, בראַנפן און אַפילע שאַמפּאַניער. זיי האָבן געדרויכערט די בעסטע פּאַפּיראָסן, בעאייס מיר האָבן אַפילע קיין קאָפּיקע ניט געהאַט אף צו קויפן מאַכאָרקע אינעם דאָרף־קרעמל.

יעדע נאַכט האָבן אונדזערע אָפיצירן געפּראַוועט הוליאַנקעס און אַפילע געסט פאַרבעטן. אָפיצירן פון אָפּטיילונגען, וואָס זענען גע־שטאַנען אין דערבייאיקע דערפלעך, זענען אָנגעקומען אַהער, געהור־ליעט, געשיקערט און גאַנצע נעכט פאַרהילכט דאָס דאָרף מיט שיקערע געזאַנגען. טיילמאָל זענען אונדזערע אָפיצירן אַוועקגעריטן ערגעץ אַנדערש אף אַ הוליאַנקע. אָפט האָט דער אַדיוטאַנט, אָדער אַ צווייטער אָפיציר פון שטאַב, מיטגעבראַכט מיט זיך אַ באַרימהאַרציקע שוועסטער פון אַ דערבייאיקן פעלד־שפּיטאָל און פאַרבראַכט מיט איר באַ זיך אין שטיבל ביז אינדערפרי. אַמאָל האָבן מיר אויך געזען ווי אַן אָפיציר האָט אַרײַנגעפירט צו זיך אַ פּויערישע מיידל, וואָס ער האָט מיסטאָמע פאַר אַ רובל, אָדער צוויי, אָדער עפּשער גאָר מיט אַ זיסן שמייכל, אָפּגעקויפט...

איבער דער דאָרף־גאַס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ מאָדנע שטילקייט. זעלטן ווער עס זאָל פאַרבייגיין די גאַס. קיין יונגע יאַטן זענען אין דאָרף אינגאַנצן ניט געווען. זיי האָבן זיך שוין אַוואַדע, אַזוי ווי מיר, מיסטאָמע לאַנג געוואַלגערט ערגעץ אף אַ ווייטן פראָנט, אָדער אף אַ שלאַכטפעלד, וואוהין מען האָט זיי מיט גוואַלד אַוועקגע־שלעפּט, אַז זיי זאָלן ניט זיין דערביי ווי אונדזערע אָפיצירן וועלן באַליידיקן זייערע קאַלעס, שוועסטער און ווייבער. קיין פרויען, אָדער יונגע מיידלעך האָט מען קימאַט אינגאַנצן ניט געזען. טאָמער האָט אַ פרוי אַמאָל יאָ געדאַרפט דורכגיין די גאַס צוליב עפּעס, האָט זי —אַן איינגעהילטע אין אַ שאַל— זיך אינדערגיך פאַרבייגעשלייכט, אַז מען זאָל איר פּאָנים אַפילע ניט זען. מען האָט זיך ביכלאַל געהיט פאַר אונדז ווי פאַר גאַזלאָנים און אונדז געקוקט אף די פינגער...

דאָס האָט אונדז שטאַרק געקרענקט און ווײַ געטאָן. אַמאָל האָט גרישונין דערויף מיט גאַל אַ זאָג געטאָן:

— עך, טייוול, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן זיך געקליבן צו דער־האַרגענען אימיצן, אָדער...

— יאָ, — האָט טשעריאַק טרויעריק צוגעשטימט, — עס זעט אויס, אַז פּאַר אונדז, סאָלדאַטן, וועמען זיי האָבן אָנגעטרויט די אַרבעט פון פאַרטיידיקן זייער פאָטערלאַנד, — האָבן זיי מוירע אָנצוגעטרויען זייערע פּאַסקודנע, מיזערנע לעבנס, מיטן ביסל אָרעמקייט!...

די דאָזיקע ווערטער, ווייל יעדער איינער האָט געפילט אַזוי ווי ער, האָבן אויסגעגאָסן אַ שווערע מאָרע־שכוירע אף אַלעמען...

*****

**איבערן** וועג, לעבן דעם דאָרף וואו מיר זענען געשטאַנען, — איז אָנגעגאַנגען אַ קעסיידערדיקער שטראָם פון סאָלדאַטן. דער שטיוול־געקלאַפּ האָט זיך דערטראָגן צו אונדז אפן בוידים אַרויף און מיר האָבן זיך שוין אויסגעלערנט לויטן קלאַפּ צו דערקענען, צי דאָס גייען פרישע סאָלדאַטן צום פראָנט, אָדער אַזוי פאַרוואונדעטע, אָדער גאָר צעקלאַפּטע טיילן אף צוריק.

טיילמאָל, אַז דער אַדיוטאַנט איז אין דאָרף ניט געווען, האָבן מיר זיך אַרויסגעכאַפּט אפן דערבייאיקן וועג, אָנצוקוקן די פאַרביי־גייענדיקע, צעקאַליעטשעטע סאָלדאַטן, וועלכע זענען — שפּאַנענדיק מיט שווערע טריט — פאַרבייגעגאַנגען אַזוי איעשדיק, ווי דאָס וואָלט געווען זייער לעצטער טויטן־מאַרש. מידע האָבן זיי זיך געפּלאָנטערט מיט זייערע לעצטע קויכעס איבער דעם גליטשיקן שליאַך; געגאַנגען איינגעבויגענע און שווייגנדיקע.

זייערע ליפּן — פאַרקלעפּטע מיט צעווייטיקטקייט, שטויב און מיט בלאָטע — זענען געווען געשלאָסן. די פּנימער — פאַרצאַרנטע און בייזע — האָבן אויסגעקוקט ווי אומבאַוועגלעכע, צעדרייטע מאַסקעס. זייערע ציין — פאַרשטשעמעטע, שאַרפע — האָבן געקריצט מיט ווייטיק און האַס. די הענט — אָנגעדראָלענע און צעשפּאָלטענע פון פראָסט — האָבן זיך געביילט אין פויסטן. זייערע אויגן — אומרואיקע און גליענדיקע — האָבן געשפּריצט מיט פייער און ברען. מיט אַזעלכע אויגן האָבן, דאַכט זיך, געקאָנט קוקן בלויז אַזעלכע מענטשן, וואָס אָדער זיי זענען פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט, אָדער אַזעלכע, וואָס גרייטן זיך צו אַ גרויסער, בלוטיקער נקאָמע...

זיי האָבן געשוויגן, אַקוראַט ווי אויסצורעדן אַ וואָרט וואָלט זיי שטרענג פאַרבאָטן געווען. טיילמאָל האָבן זיי זיך פאַר אַ ווייל צוגע־זעצט אף דער ערד, אָפּצורוען, און באַלד זענען זיי אַוועק ווייטער מיט דער זעלבער דערשלאָגנקייט — ווי זיי זענען געקומען...

קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אף זיי. קיינער האָט זיך מיט זיי ניט אינטערעסירט. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן ביכלאַל גאָר קיין מענטשן ניט געווען, נאָר עפּעס אַ סטייע היימלאָזע, וואָגל־דיקע הינט, אין אַ הונגער־שטאָט, נאָך אַ שווערער מאַגייפע. קיינער האָט זיך ניט געפרעגט באַ זיי, צי זיי דאַרפן עפּעס; צי האָבן זיי שוין געגעסן; צי דאַרף אימיצער פון זיי, מען זאָל איבּ די וואונד איבערבינדן; צי דאַרף מען ווען פון זיי מיט אַ טראָפּן וואַסער דערפרישן... קיינעב איז עס ניט אָנגעגאַנגען... עס איז אַפּילע ניט געווען קיינער, אויסער אונדז, וואָס זאָל אַפּילע בלויז אַ קוק טאָן אף זיי... עס האָט אונדז געקרענקט סיי זייער אויסזען און סיי די באַציאונג צו זיי. מיר זענען דעריבער געשטאַנען און זיך געגעסן. דאַווידאָוו האָט באַ יעדער געלעגנהייט אַ ווייז געטאָן סטעפּאַקינען אף אַזאַ פאַרבייגייענדיקער גרופּע פאַרוואונדעטע און איב דערביי געטאָן אַ שטאָך מיט אַן אייניציקן וואָרט:

— נו ?!...

סטעפּאַקין האָט אַ ציטער געטאָן. מען האָט געקאָנט באַמערקן אף אים, אַז דאָס דאָזיקע איינע וואָרט איז פאַר אים ערגער ווי אַ קויל אין קאָפּ. אַ צעווייטיקטער און געקרענקטער האָט ער זיך גלייך אָפּ־געקערט, זיך געטרייסלט ווי אַ געפאַנגענע מויז אין אַ שטיגל און פאַרביסערט אונטערגעברומט עטלעכע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

דאַווידאָווס אייניציקע וואָרט האָט סטעפּאַקינען אַזוי צעקאָכט און אויפגערעגט, ווייל אַזוי ווי ער, דאַווידאָוו, פלעגט דאָס דאָזיקע וואָרט אַרויסרעדן, איז עס געווען ווי אַ שאַרפער, אָנגעגליטער שפּיז. עס איז אין דעם געלעגן סיי אַ פראַגע, וואָס ער, סטעפּאַקין, האָט צו זאָגן וועגן די אומגליקלעכע פאַרוואונדעטע און וועגן דער מילכאָמע ביכלאַל, סיי אַ פאַרוואורף, פאַרוואָס ער, סטעפּאַקין, נעמט עס אַזוי גלייכגילטיק און פאַרגוטיקט די מילכאָמע, אָבער אין דער זעלביקער צייט איז עס אויך געווען אַ מין אויפפאָדערונג צו אים, אַז ער זאָל זיך כאָטש איצט באַזינען און ווערן אַ מענטש.

סטעפּאַקין האָט אפן דאָזיקן אַרויסרוף ניט געענטפערט. ער איז אַוועק אָן אַ זייט און זיך איינגעקאָרטשעט אין זיך אַריין. דאַווידאָוו האָט אים אָבער מער ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט אים באַכגעשטאָכן מיט זיינע פייערדיקע בליקן און — מיט אַ צאָן־קריץ, אַז יענער זאָל עס הערן — האָט ער מיקלוימערשט געבומען מיט גלייכגילטיקייט רעדן צו גרישוניגען און צו נאָך עטלעכע יאַטן, וועלכע האָבן די לעצטע פּאָר טעג זיך אָנגעהויבן האַלטן נעענטער צו אים:

— צו אַ פּאָשעטן מענטשן, — האָט דאַווידאָור קימאַט געוויינט, און מען האָט געקאָנט פילן, אַז עס טוט אים טאַקע וויי, — צו אַ מענטשן, וואָס פאַרשטייט ניט, האָב איך גאָרניט. אף אַזעלכע איז כאָטש דאָ אַ האָפנונג, אַז ווען מען וועט עס זיי דערקלערן, וועלן זיי עס יאָ באַגרייפן און פאַרשטיין. אָבער אַ מענטש וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט אַ שול; אַ מענטש וואָס פאַרשטייט יאָ וועמעס מילכאָמע דאָס איז און וועמען זי וועט נוצן ברענגען און דאָך...אַזאַ מענטשן קאָן איך ניט פאַרגעבן. דאַכט זיך, אַז דאָ, אפן פראָנט, אין אָנבליק פון אָט דעם אַלעם, האָט אַזאַ כאָטש איצט זיך געדאַרפט באַפרייען פון דעם טשאַד און ניט נאָכגיין נאָך יענע כאַווירים זיינע, וואָס האָבן דאָרט, אין „טיל״ *), פאַרקויפט די נעשאָמעס פאַר, דער טייוול ווייסט וואָס...

*****

**אַ נאָגנדיקע** בענגשאַפט האָט אָנגעהויבן באַהערשן די סאָלדאַטן, וואָס זענען געשטאַנען ביי אונדז אין דאָרף. די וואָס פונעם אָבאָז האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי מעשוגאָאים. אונדזערע איינענע יאַטן פון קאָמאַנדע האָבן אויסגעזען ווי די אָקסן וואָס מען טרייבט, מאַסנווייז, געבונדענע, צום שלאַכט-הויז. דאָס ראָוו זענען זיי אַרומגעגאַנגען מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ און געדאַכט האָט זיך, ווי אַלע וואָלטן געווען פאַרטאָן אין איין געדאַנק:

„עך, ווען מען זאָל זיך קאָנען אַרויסרייסן פון דאַנען!...״

אין די אָוונטן, ווען די קאָמאַנדע איז אַרויף אפן בוידים און זיך איינגענורעט שלאָפן אינעם היי, איז די בענגשאַפט און נאָגע-ניש נאָך שווערער געוואָרן. שפּילן אין קאָרטן, אָדער אַזוי אין עפּעס, — האָט מען ניט געטאָרט. אונדזער אַדיוטאַנט האָט שטרענג פאַרבאָטן אָנצעצינדן אַ לעכט, — אויס מוירע פאַר אַ פייער. איז מען דערפאַר שאָען לאַנג געלעגן אין דער פינצטער, געשוויגן און געטראַכט, געטראַכט און געשוויגן...

טיילמאָל האָט אימיצער, אַזוי אין דער פינצטער, אַ שטילן זיפץ געטאָן. אַ צווייטער האָט גלאַט עפּעס געמורמלט צו זיך, אָבער ווייטער איז עס ניט געגאַנגען. בלויז איינמאָל האָט עמעצער פון די יאַטן, ווי ניט מיט זיין שטימע, צעווייטיקט און שטיל אַרויסגעזיפצט:

— עך, האָט עס דער טייוול אַ שפּיל פאַרטראַכט, אַז די כאָלערע זאָל עס נעמען!...

*) טיל — הינטערלאַנד.

און, פונקט ווי צושטימענדיק, האָט אַ צווייטער צוגעגעבן:

— יאָ, שוין איינמאָל אַ שפּיל! אַ שפּיל אין טויט!...

סטעפּאַקין, אַז ער האָט דאָס דערהערט, האָט זיך גענומען גאַנץ אומבאַקוועם דרייען אינעם היי און בייז געמרוקעט:

— באַבעס צעקראָכענע, וואָס האָט איר זיך אַזוי צעיאָכמערט?... וואָס וועט איר נאָך זאָגן, ווען איר וועט דאַרפן זיין אויף דער סאַמע פּאָזיציע, אין ערשטן פייער, און טאַקע זיין אין געפאַר געהאַרגעט אָדער פאַרוואונדעט צו ווערן?!...

גרישונין האָט בייז צוגעוואָרפן:

— ס'גייט ניט אין קיין מוירע. קיינער האָט ניט קיין מוירע צו שטאַרבן. ס'גייט בלויז אין ־דעם־אָ...

דאַווידאָוו האָט זיך אָפּגערופן:

— ריכטיק!... דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן מוירע האָבן פאַר אַ געפאַר. דאָ האַנדלט זיך בלויז וועגן דעם, וואָס מילכאָמע איז ביכ־לאַל און פאַר וועמעסוועגן מען גייט אין געפאַר. וואָרים וואָלט מען זיך געדאַרפט גיין שלאָגן פאַר אַן אייגענער זאַך, פאַר די אייגענע אינטערעסן, וואָלט מען זיך כאָטש געקאָנט טרייסטן דערמיט, וואָס אויב מען וועט אַפילע פאַלן, וועלן כאָטש געניסן אונדזערע קינדער, אָדער יענע, וואָס וועלן פון איר יאָ גאַנצערהייט אַרויסקומען. אָבער אַזוי, אַ מילכאָמע פאַר די אָנגעפרעסענע בלוט זויגער...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אויך די איבעריקע פון קאָמאַנדע האָבן מער קיין איינציק וואָרט ניט אַרויסגערעדט. מען איז בלויז געלעגן אַזוי און אָפּגעשוויגן אַ שטיק צייט. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלע רייד וואָלטן זיך מיטאַמאָל אויסגעשעפּט; ווי אַלץ וואָלט שוין סיי ווי געווען אָפּגערעדט. בלויז געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט אין די מויכעס באַ יעדן. קלאָר איז געווען, אַז אַלע באַגרייפן און טראַכטן וועגן איין זאַך בלויז:

„וואָלטן נאָר קיין בייטשן ניט געווען; וואָלט מען כאָטש קאָנען וויסן וואָס די אַנדערע האָבן אינזינען, — דאַן וואָלט מען זיך שוין אַ ריס געטאָן. אײַ וואָלט מען זיך עס דאַן אַ ריס געטאָן...

דערפאַר האָט טאַקע געכידעשט אויף יענע סאָלדאַטן, וואָס זענען שוין צעקאַליעטשעטע צוריקגעגאַנגען פונעם פראָנט; זיך געשלעפּט מיט זייערע צעבראָכענע, איבערגעהאַקטע לעבנס און מיט גאַנצע בערג ליידן אויף די איינגעבויגענע פּלייצעס און...דאָך געשוויגן...

— פאַרוואָס שווייגן זיי? — האָבן אונדזערע אַלעמענס אויגן זיך בלישטשענדיק צעגליט, ווען מען האָט אַזעלכע געזען פאַרבייגיין.

— זיי האָבן דאָך שוין יאָ פֿאַרזוכט דעם פֿולן טאַאַם... זיי האָבן דאָך שוין אַפֿילו ניט וואָס אָנצעווערן... טאָ פֿאַרוואָס זשע ווייזן זיי ניט אַרויס כאָטש אַ פֿאַרלאַנג עפּעס אַ זאָג צו טאָן?...

קוקנדיק אויף אַזאַ גרופּע, האָט גרישונין איינמאָל גאַנץ פֿריי אַ שאַרפֿן ברום געטאָן:

— איך קוק און טראַכט, אַז ווען די דאָזיקע יאַטן וועלן אַמאָל דאָך אָנהויבן צו רעדן, וועט שוין זיכער זיין וואָס צו הערן...

אָבער קיינער פֿון זיי האָט דאָך ניט אָנגעהויבן. אַפּאַנים, אַז זיי זענען געווען צופֿיל דערשלאָגן און, דעריבער, צעמאַטערטע און פֿאַרצאָרנטע, געשפּאַנט אין זייער ווייטערדיקן וועג.

יענע באַטאַליאָנען, ווידער, וואָס זענען מאַסנווייז אָנגעקומען פֿון טיל, פֿונעם רעזערוו, אויפֿן וועג צום פֿראָנט, אויף צו פֿאַרפֿולן דאָרט די פּלעצער פֿון די פֿאַרוואונדעטע און געהאַרגעטע, האָבן אַוואַדע ניט גערעדט. די־אָ זענען נאָך דערווייל געווען צו געזונט און צו פֿריש, צו רואיק און צו זאַט. זיי זענען נאָך געווען אָנגעטאָן אין גאַנצע שטיוול, האָבן נאָך געטראָגן גאַנצע און וואַרעמע קליידער און נאָך געהאַט שטיקער סוכאַרעס אין זייערע זעק. זיי זענען נאָך ניט געווען פֿאַרלויזיקט, זיך נאָך ניט געהאַט אויסגעבאָדן אין די געדיכטע בלאָטעס און ניט פֿאַרברענט געוואָרן פֿון די שווערע פֿרעסט...

זיי, די דאָזיקע סאָלדאַטן, זענען נאָך געווען באַהאַנגען מיט אַ פֿרישער, אונטערגעפּוצטער העלדישקייט. זייערע פּעני־מער האָבן נאָך מונטער געגלאַנצט, אַקוראַט ווי די אויסגעשייערטע קופּערנע קעסעלעך, וועלכע זיי האָבן ערשט ניט לאַנג צוריק געהאַט אַרויסגעקראָגן און געטראָגן באַ זיך, אויף די זייטן. זיי האָבן געשפּאַנט מיט פֿעסטע, רעגלמעסיק־גלייכע טריט, און אויפֿן גאַנצן וועג זיך פֿאַרגאָסן מיט טעמפּע און אומזיניקע זעלנערישע לידער:

„שטעטלעך, דערפֿלעך, — גרויס און קליין,
אַכצן מיידלעך — איך בלויז איין,
וואו נאָר מיידלעך — דאָרט מוז איך זיין!...
מיידלעך אין וואַלד — איך נאָך זיי,
מיידלעך — טאַנצן, — איך מיט זיי,
וואו נאָר מיידלעך — דאָרט מוז איך זיין!...“

זייערע געזאַנגען האָבן פֿאַרקלונגען דאָס דאָרף. עס איז אָבער קלאָר געווען, אַז מיט דעם זענען זיי ניט אַזויפֿיל אויסן געווען צו פֿאַרלייכטערן זייער גאַנג, ווי גיכער צו פֿאַרטרייבן פֿון זיך דעם פֿיינלעכן שרעק, וואָס האָט באַ זיי, אין די הערצער, ווי גיפֿטיקע

ווערים געראַיעט. זיי זענען געווען שטייף און טרוקן. בלויז די אויגן זייערע — בלישטשענדיקע און פינקלדיקע — האָבן דערמאנט אין צייטווייליק־איינגעשלאָפענע, אָבער נאָך שטאַרק רויכערנדיקע וואולקאַנען, וואָס זענען אָט־אָט גרייט אויפצערייסן און פאַרניכטן דעם גאַנצן אַרום מיט אַ צעשטערנדיק געהענעם־פייער...

אויך זיי האָבן געשוויגן. עס איז קלאָר געווען, אַז ביז די דאָזיקע יאַטן וועלן אָנקומען צום פראָנט, ביז זיי וועלן זיך דאָרט צונויפקומען מיטן עמעסן מילכאָמע־שוידער און זיך דערוויסן פאַר וועמעס נוצן די מילכאָמע ווערט געפירט און פאַר וועמעסוועגן מען שיקט זיי אַוועקלייגן זייערע לעבנס, — וועט נאָך זיכער מוזן נעמען אַ שטיק צייט און...ביז דאַן...

אַ צעווייטיקטער האָט גרישונין באַטראַכט אַזעלכע אָנקומענדיקע באַטאַליאָנען און איינמאָל אַפילע גאַנץ בייז אַ בורטשע געטאָן:

— און פון וואַנען, צו אַלדע טייוול, האָט עס זיך דאָרט, אין טיל, מיטאַמאָל דערנומען אַזויפיל קאַנאָנען־פלייש?!...

טשעריאַק — ווי זיין שטענדיקע געוואוינשאַפט אַ קיבעץ צו טאָן — האָט אַריינגעשאָסן אף זיין ציניש שטייגער:

— וואָס מיינסטו, אונדזער רעגירונג איז עפעס געשלאָפן, צי וואָס?... אָ, ניין! נאָך מיט צוואנציק, איינאונצוואַנציק יאָר צוריק האָט זי זיך פאַרגרייט מיט גענוג יאַטן... זי האָט נאָך דעמלט גע־וואוסט, אַז האַיאָר וועט זיין מילכאָמע און... וואָס שייך דעם פּראָסטן פאָלק, אָט די, וועלכע שטעלן טאַקע צו די סאָלדאַטן, זיי האָט מען אַ סאַך ניט געדאַרפט בעטן וועגן דעם. אַז דער צאַר הייסט...

פון דער דאָזיקער טשעריאַקס כאָכמע, האָט דאַסמאָל קיינער ניט געלאַכט. דאַווידאָוו, פונקט ווי ער וואָלט גאָר אינגאַנצן ניט געהערט טשעריאַקס רייד, האָט צעווייטיקט געמורמלט:

— עך, פאַרוואָס לאָזן זיי זיך עס אַזוי גלייכגילטיק פירן צו דער שכיטע?... פאַרוואָס שוויגן זיי אַלע ווי די בעהיימעס, נאָר ווי די פאָשעטע שטומע בעהיימעס?...

קיינער האָט דערויף ניט געענטפערט. דאַווידאָוו האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אַליין אָפּגעענטפערט:

— און עך, וויפל קויכעס עס ליגט דאָס אין זיי...

און גלייך, האָפנונגספול, אַ בליץ געטאָן מיט די אויגן:

— אָ, דערפאַר, אָבער, אַז זיי וועלן זיך אַמאָל פאָרט צערעדן, וועט דעמלט די גאַנצע וועלט אַ ציטער טאָן...

*****

**פאַרביי** דעם דאָרף, אפן וועג צום פראָנט, איז אָנגעגאַנגען אַ בייער באַטאַליאָן. צווישן די דאָזיקע סאָלדאַטן זענען געווען אַ מאַסע יונגע, קוים-אַנטוויקלטע קינדער. זעלטן וואו — און דאָס בלויז צווישן די אונטעראָפיצירן — אַ דערוואַקסענער מענטש. די עלטערע סאָלדאַטן זענען, אַפּאָנים, שוין פון לאַנג פאַרנומען געווען און האָבן זיך שוין אַוואַדע געוואַלגערט ערגעץ אף אַ פראָנט. די דאָ, די אָנגעקומענע יונגע כוורע, האָבן אויסגעזען, ווי מען וואָלט זיי נאָר-וואָס מיט גוואַלד אַרויסגעשלעפּט פון זייערע היימען, פון אונטער וואַרעמע דעקן, וואו זיי האָבן — ווי יונגינקע פיצינקע הינדעלעך, נאָר-וואָס אויסגעבריטע און אויסגעפּיקטע, — געוואַרעמט די צאַרטע, אומאַנטוויקלטע קערפּערס. צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן קוים געקאָנט שלעפּן זייערע פיס אין די גרויסע, כאַמולישע און אומבאַקוועמע שטיול. אַ צאָל פון זיי זענען טאַקע געבליבן הינטערשטעליק, האָבן זיך — אָפּגעשוואַכטערהייט — באָכגעשלעפּט פון הינטן און זענען דערביי נאָך מער אויסגעמידט געוואָרן. אַנדערע זענען אינגאַנצן אַוועקגעפאַלן אפן וועג, אינעם שניי, און האָבן זיך מיט די לעצטע קויכעס קוים אויפגעהויבן, אַז קעדיי אין אַ ווייל שפּעטער, אָבער פיל מידער ווי פריער, ווידעראַמאָל פון אויסגעשעפּטקייט אַוועקצופאַלן...

איינער פון זיי, — אַ סאָלדאַטל פון דער לעצטער, הינטערשטער ראָטע; אַ יונגינקער אינגל, וואָס אפן אויסזען — אַ קרענקלעכער און אָנבלוטיקער, האָט זיך קוים נאָכגעשלעפּט פון הינטן. דער דאָזיקער באָכערל, מיט אַ געלבלעך-בלאַסן פּאָנים און מיט צעשראָ-קענע, אויסגעלאָשענע אויגן, האָט זיך געשלעפּט מיט זיינע שוואַכע און דאַרע פיס, — איז סאָף קאָל סאָף אַוועקגעפאַלן און זיך אויסגע-צויגן אף דער ערד — זיך ניט אַ ריר צו טאָן מער...

דער פעלדפעבעל פון ראָטע, — אַ געזונטער, רויט-פּאָנימדיקער און געשטופּלטער קערל — האָט דאָס דערזען. ער אַליין — אַ הויכער ווערזילע, מיט אַ פלאַכער, רויער פיר-עקיקער מאָרדע און מיט אַן אַרויפגעהויבענער, פאַרריסענער נאָז, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גראָבער קנאָפּ, — האָט זיך האַסטיק אַ לאָז געטאָן מיט זיינע געזונטע פיס צום אומגעפאַלענעם אינגל. מיט רעציכע האָט ער גענומען צו אים שרייען און זידלען, און באַפוילן אַז ער זאָל זיך גלייך אויפ-הויבן. זעענדיק, אַז עס העלפט ניט; אַז דער אינגל ליגט ווייטער

און רירט זיך אַלץ ניט פון אָרט, האָט ער מיט קאַאס אַ כאַפּ געטאָן זיין שווערד־שיידל און דערמיט גענומען קלאַפּן איבער די קראַנקע פיס פונעם אַוועקגעפאַלענעם, קרעכצנדיקן אינגל:

— עס וועלן דיר ניט העלפן די קונצן! — האָט ער געשריגן צו אים, — אַ טויטער וועסטו גיין בײַ מיר!...

די ראָטע איז זיך ווי צעפאַלן. אַ צאָל סאָלדאַטן, פון די אונטערשטע רייען, האָבן זיך אַפילע אָפּגעשטעלט, געקוקט מיט מאָדנע באַצאַאַרטע בליקן און געשוויגן. אינדערשטיל האָט זיך בלויז צווישן זיי דורכגעטראָגן אַ שטומער, ניט געהערטער שאָרך. פון אויג צו אויג האָט דורכגעציטערט אַ צעפלאַמטער בליץ און אַ צעווייטיקטקייט האָט זיך דורכגעקריצט דורך זייערע פאַרשטשעמעטע ציין. אַ ציטער האָט זיך דורכגעשפּינט דורך זייערע מידע, שווערע הענט, וואָס האָבן די אויסגעשפּיצטע ביקסן געטראָגן. עס האָט אויסגעזען, ווי אָט־אָט, באַלד, בלויז אין אַ רעגע אַרום, וועט געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס... עס האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד וועלן שווערע שטימעס זיך אַ צעדונער טאָן איבערן פעלדפעבעל, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען און אָן שום ראַכמאָנעס געקנאַקט מיטן שווערד־שיידל איבערן אינגלס קערפּער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, באַלד, וועלן אַ מאַסע קאַלטע שטיינער, צי גאָר הייסער בליי, פאַרגיסן דעם פעלדפעבעלס זידלענדיקן פּיסק...

אַזוי האָט עס, אָבער, אויסגעזען אַן איינציקע רעגע בלויז... באַלד איז אַלץ ווידער איינגעשטילט געוואָרן, אַקוראַט ווי עס וואָלט גאָרניט ניט געשען. די סאָלדאַטן האָבן זיך צוריק איינגעצאַמט. דער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר, וואָס איז שוין געהאַט אָפּגעריטן אַ שטיק וועג אין פאָרויס ווייט אין פראָנט פון באַטאַליאָן, און לעכאַטכילע אַפילע ניט באַמערקט דאָס פאָרגעקומענע, — האָט זיך, אַפּאָניב, מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, אַז עפּעס איז געשען. ער האָט זיך פלינק אַ דריי אויס געטאָן מיט זיין פערד אַף צוריק, אַ זעץ געטאָן מיט די שפּאָרן און האַסטיק זיך אַ ריס געטאָן צוריק, צום פלאַץ וואו דער געכאַלעשטער, האַלב־טויטער אינגל איז געלעגן.

פאַר אַ ווייל איז ער געשטאַנען און שטום זיך צוגעקוקט ווי דער פעלדפעבעל האָט דערלאַנגט. ער האָט טרוקן אונטערגעשמייכלט און אַפילע ניט נאָכגעפרעגט זיך וואָס עס איז פאָרגעקומען. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס זעלביקע איז שוין פאָרגעקומען ערגעץ פריער אפן וועג. מיטאַמאָל האָט ער, דער קאָמאַנדיר, אַ ציטער געטאָן מיט זיינע גלעע, שפּיציק־אויפגעשטעלטע וואָנצעס און אַ צעקאַאַסטער אַ וואָרף געטאָן צו דער ראָטע:

— העי, איר, וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט דאָרט, איר הינט אַזעלכע?!...ווער האָט אייך דאָס רעכט געגעבן דערויף?!...

און באַלד צוגעוואָרפן אַ באַפעל:

— היידאַ, געגאַנגען זאָל ווערן!... מאַרש!...

די ראָטע האָט גענומען גיין, אָבער גלייך האָט דער אָפיציר זיי צוריק אָפּגעשטעלט. ער האָט אַ געשריי געטאָן צום אינגל:

— און דו, קאַנאַליע, הויב זיך בעסער אויף און גיי!... דו הער מיר אויף, זאָג איך, מאַכן די דאָזיקע פוילע שטיק, וואָרים איך וועל דיך דערשיסן ווי אַ הונט!... געהערט אַ זאַך, שוין דריי מאָל די זעלביקע קונצן געמאַכט היינט און... דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז עס איז דיר גאָרנישט!...

דער אינגל איז אַלץ געלעגן. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אַפילע יאָ פּרובירט אַ באַוועג טאָן און, ווי עס האָט אויסגעזען, ניט געקאָנט זיך אויפהויבן. ער האָט געקוקט אף דעם אָפיציר מיט זיינע שטומע, אויסגעשטופּטע און בעטנדיקע אויגן און דערביי געשאָקלט מיט די ליפּן עפּעס אַזוי שטיל, אַזוי פיינלעך, וואָס האָט אויסגעזען פיינלעכער ווי דער שווערסטער קרעכץ.

דער אָפיציר האָט געהאַלטן דעם אָנגעצילטן רעוואָלווער אין דער האַנט און ווידער געוואָרנט, אַז אויב ער וועט גלייך ניט אויפשטיין און גיין באַגלייך מיט אַלעמען,— וועט ער אים דעם וועג אינגאַנצן איינשפּאָרן...

דער אינגל איז אָבער אַלץ געלעגן שטיל. עס איז קלאָר געווען, אַז ער הערט, וויל עפּעס זאָגן און קאָן עס ניט. מען האָט געקאָנט באַמערקן, ווי ער האָט אָנגעשטרענגט אַלע מוסקולן פון מויל, געדרייט מיט די ליפּן און מיט דער צונג, אָבער קיין שום קלאַנג ניט געקאָנט אַרויסברענגען. זיינע קינדעריש-פייכטע אויגן זענען מיטאַמאָל געוואָרן אַזעלכע טרערנדיק-טרויעריקע, אַזעלכע בעטנדיק-אומבאַהאָלפענע, וואָס האָבן דערמאַנט אין אַ קראַנקער כאַיע, וואָס בעט שטומערהייט, אַז מען זאָל זי ראַטעווען.

דער אָפיציר האָט דאָס, אָבער, ווי ניט באַמערקט אַפילע און איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין שרייען:

— עס וועט דיר ניט העלפן דיין סימולירן! — האָט ער מיט רוגזע געשריגן,— נישקאָשע, מיר קאָנען זיך אף די-אָ סאָרט קונצן! יעדנפאַלס, ביסטו שוין עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען מעדיצינישע קאָמיסיעס און...

און ער האָט זיך אַ דריי אויס געטאָן צום פעלדפעבעל:

— נאָך צען שאָ אונטער ביקס זאָלסטו איב שטעלן, דעם דאָזיקן אויסוואורף!...הערסט, פעלדפעבעל? — נאָך פולע צען שאָ, אַזוי גיך ווי מיר קומען אָן אפן ערשטן גרויסן ביוואַק!...קיין אָפרו!...

יענער האָט סאַלוטירט. דער אינגל איז געלעגן איינגעבּוצן לויז געלאָזן און אַלץ ניט גערעדט.

דער אָפיציר איז אונטערגעשפּרונגען אפן פערד, וואָס האָט זיך געצאַפּלט פונעם שטייף־אָנגעצויגענעם ציימל. די האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן דעם רעוואָלווער, האָט געציטערט. מיטאַמאָל, אַזוי ווי ער וואָלט באַקומען אַ באַפעל פון אימיצן, — האָט ער אַ צי געטאָן דאָס רעוואָלווער־צינגל און אויסגעשאָסן אין דער לופט, ווי איבער־צושרעקן דעם ליגנדיקן אינגל.

— איך וואָרן דיך איצט צום לעצטן מאָל, — האָט ער געשריגן, — אַז דו זאָלסט זיך שוין אויפהויבן און גיין!...דאָס צווייטע מאָל וועל איך שוין מער אין דער לופטן ניט שיסן!...איך וועל...

ער האָט ניט פאַרענדיקט. פון דעם אינגלס מויל האָט מיטאַמאָל אַ זעץ געטאָן אַ שטראָם בלוט — געמישט מיט אַ ראָז־קאָלירטער פינע. ער האָט קאָנוואולסיוו אַ ציטער געטאָן און...

דער אָפיציר האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן. ער איז גלייך אַרונטערגעשפּרונגען פונעם פערד, זיך צוגעבויגן צום אינגל און — אַריינלייגנדיק דעם רעוואָלווער צוריק אין שיידל אַריין — שטיל אַ זאָג געטאָן צום פעלדפעבעל:

— ער איז אויסגעגאַנגען...די באַשטראָפונג איז דעריבער איצט אויפגעלייזט...

ער האָט זיך צוריק אַרויפגעכאַפּט אפן פערד, אַרויסגענומען פון קעשענע עפּעס אַ קליין ביכעלע און עפּעס פאַרצייכנט אין דעם. ער האָט דאָס געטאָן מיט אַזאַ מין מאָדנע רואיקייט און גלייכגילטיקייט, אַקוראַט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן עפּעס אַ הונט, וואָס איז געפאַלן אין וועג, אָדער אַזוי פאַרצייכנט אַ קלייניקייט אין זיין טאָג־בוך אַריין. פונקט אַזוי גלייכגילטיק האָט ער געמאַכט אַ שטומען צייכן מיט דער האַנט צום פעלדפעבעל, זיך אויסגעדרייט מיטן פערד און — גאַלאָפּירנדיק — זיך אַ לאָז געטאָן אין פאָרויס פונעם באַטאַליאָן. ער האָט זיך אַ שטעל אָפּ געטאָן אין פאָרנט פון די סאָלדאַטן, וועלכע זענען ביז איצט געשטאַנען שוויגנדיק, מיט פאַרזונקענע קעפּ, אַזוי ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט זיך אומצוקוקן. מיטאַמאָל — אַקוראַט ווי דער קאָמאַנדיר וואָלט וועלן עפּעס אָפּטרייבן פון זיך געדאַנק, — האָט ער קורץ אַ וואָרף צו געטאָן אַ באַפעל:

— זינגען!...

און גלייך ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס אַן אָטאָמאַטישע מאַשין, וועלכע מען קאָן מיט אַ פּאָשעטן קוועטש פון אַ קנעפּל ברענגען אין באַוועגונג, — האָט אַ טונקל-קלינגענדיקער באַריטאָן, דער פּאַרזינגער פון ראָטע, זיך אַ ריס געטאָן מיט זיין געזונטער שטימע:

— „אין פעלד איז אַ בערעזינקע געשטאַנען,
אין פעלד איז אַ געקרייזלטע געשטאַנען,
איי-ליו-ליו-לי — געשטאַנען,
איי-ליו-ליו-לי — געשטאַנען..."

אַ צווייטער, שוין מיט אַ דינער קעלכל, האָט אונטערגעכאַפּט און פאַרגעזעצט מיט אַ שנעלערן טעמפּאָ:

— „טאַרי-באַרי, זינגט געזאַנגען,
שיינע מיידל ז'אָנגעגאַנגען,
האָבן מיר זי גלייך געפאַנגען
און געזאָגט איר די פאַרלאַנגען:"

און פונקט אַזוי אָטאָמאַטיש ווי די פאַרזינגער, — איז אַריינגע-פאַלן אַ פּיל-שטימיקער אָפּרוף, וואָס האָט זיך מיט קראַפט אַ ריס געטאָן איבערן באַקעטן פעלד און אָפּגעקלונגען אין אַלע זייטן מיט אַ שטורעמדיק-געהאַקטן עכאָ-קלאַנג:

— „העי, דו מיידל, שטיי!
שטיי, שטיי, שטיי!...
שיינע, קליינע, זינג — ביט טאַיגע,
העי, העי, העי!..."

דאָס געזאַנג — באַגלייט מיט אַ הילכיק סוויסטשעריי — איז גע-ווען אַלעגראָ-לעבעדיק און האָט ווי מיט האַק-מעסערס געשניטן איבער די צעווייטיקטע געמיטער אונדזערע:

— „וואונדער, אָ, וואונדער,
וואונדער, וואונדער, הער-נאָר, הער!
אָט אַ וואונדער, גאָר אַ וואונדער,
וואונדער שיינע לאַנד דו מיינס!
אָט אַ וואונדער, גאָר אַ וואונדער,
וואונדער שיינע לאַנד דו מיינס!..."

מיר זענען געשטאַנען, באַקגעקוקט און זיך איינגעהערט אינעם געזאַנג. דאַווידאָוו האָט דערביי געשאָקלט מיטן קאָפּ און געברומט:

— עך, טייוול, און מיט אַזאַ גוואורע, מיט אַזאַ ריזן-קויעך, שווייגט מען נאָך אַלץ!...

קיינער האָט אים ניט געענטפערט. מיר אַלע זענען געווען דער־שלאָגן פונעם געשעענעם. ערשט אין אַ ווייל אַרום, ווען מיר זענען עטוואָס צוריק צו זיך געקומען, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן צום ליגנדיקן אינגל אין אַ פאַרזוך אים צו ראַטעווען. מיר האָבן באַ־טראַכט זיין קערפער, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ געצאַפּלט אין וואַרימען בלוט. מיר האָבן געקוקט אף אים, אף זיינע האַלב־אָפענע, פאַרגלעזטע און קימאַט אויסגעלאָשענע אויגן; געקוקט אף זיין בלוט, וואָס האָט אויסגעדאַמפט פון זיך די רעשטלעך פון לעבעדיקער וואַרעמקייט. מיר האָבן געקוקט אף דעם שטייף-ווערנדיקן קערפער זיינעם און ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. ראַטעווען אים, האָבן מיר געזען, איז שוין געווען צו שפּעט. זיין קאַלטער גסיסע-צאַפּל האָט זיך איבערגעגאָסן אף אונדז, האָט געשוידערט און געגליווערט אונדזערע געבלוט. מיר האָבן זיך ניט געקאָנט קיין אָרט געפינען. עס האָט זיך געריסן אין אונדז אַן איינציקער ווילן: אַ פאַרלאַנג זיך אויסצווזידלען.

גרישונין האָט עפּעס אַזוי ווי אַ וויש געטאָן אַ טרער באַ זיך אף דער באַק און מוירעדיק-בייז אויסגעדונערט:

— אַ שוואַרצע מאַגייפע זאָל אייך דערשטיקן, איר פאַרפלוכטע הורישע בעשאָמעס!...

מיר זענען געשטאַנען מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ...

*****

**לאַנג** שטיין האָט מען אונדז ניט געלאָזט. סואוואָראָף, פּונקט ווי ער וואָלט דערשנאַפּט וועגן פאָרגעקומענעם,— האָט גלייך צוגעשיקט אַ שטאַפּעט — זיין דענשטשיק, און דורך אים אונדז באַפוילן, אַז מיר זאָלן זיך גלייך צונויפקומען און זיך שטעלן שפּילן אף דער ברייטער דאָרף־גאַס. זיינע מאָטיוון:

— אונדזערע העלדישע אָדלערס האָבן פאַרטריבן די טערקן אף עטלעכע וויאָרסט און פאַרנומען עטלעכע טערקישע דערפלעך מיט אַ שטעטל אפּן וועג...

צוליב דעם דאָזיקן זיג האָט באַטשאַלסטווע דערקלערט אַ יאָנטעוו ביי אונדז. מען האָט אונדז אויך אַרויסגעגעבן געהאַלט פאַר צוויי כאַדאָשים מיטאַמאָל, וואָס איז אונדז שוין געקומען. אויסגעמאַכט האָט עס צו רובל מיט פּופציק פאַר געוויינטלעכע סאָלדאַטן, און צו רובל מיט אַכציק אף איין-און צוויי-בענדלדיקע. יעדנפאַלס — דאָס איז געווען אַזאַ סומע, וואָס מיר האָבן שוין לאַנג אין די אויגן

ניט אָנגעזען, און מיר האָבן איצט געקאָנט קויפן מאַכאָרקע.

געהערט, אַז אינעם דאָרף וואו מיר זענען איצט געשטאַנען, איז דאָס לעצטע פּלאַץ, וואו מען קאָן נאָך עפּעס קויפן פאַר געלט און, פאַרשטייענדיק, אַז אינגיכן וועלן מיר אַוואַדע אַוועקגיין פאַרויס און עפשער טאַקע צום סאַמע פראָנט,— האָבן מיר קוידעם־קאָל אָפּגעקויפט אינעם דאָרף־קרעמל די גאַנצע מאַכאָרקע, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. אויך האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן אַ בעשוטפעסדיקע הוליאַנקע פאַרן אַוועקגיין. גרישונקין האָט דערשנאַפּט, אַז דאָ, אין דאָרף, איז פאַראַן אַ פויער, וואָס זויערט בראַנפן פון קאָרן, און מיר האָבן עס באַשלאָסן טאַקע פולשטענדיק אויסצונוצן.

און טאַקע גלייך האָבן מיר זיך גענומען דערצו. יעדער איינער פון אונדז האָט געגעבן צו פערטעלעך און גרישונקין איז אַוועק נאָכן בראַנפן. אף איב, האָבן מיר געוואוסט, קאָן מען זיך אין דעם פראַט פאַרלאָזן. אָט אַזעלכע זאַכן האָט ער געקאָנט אויסגראָבן פון אונטער דער ערד און, וואָס נאָך מער,— דאָס ברענגען אומבאַמערקט פון ניט־געוואָרנטשטע אויגן. טשעריאַק איז אַוועק אין קרעמל נאָך פאַרבייסן און מיך האָט מען געשיקט צום דאָרף־בעקער, נאָך ווייסע, פראַנצויזישע בולקעס.

דער בעקער, וואָס האָט צוליבן פאַרבייגייענדיקן מיליטער גע־האָט צוגעגרייט פיל זעמל, האָט זיך פּאָשעט דערפרייט מיטן גרויסן, אומגעריכטן פידיען. ווי עס האָט אויסגעזען, האָט ער נאָך קיינמאָל אַזויפיל זעמל צו איין קוינע פאַראַמאָל ניט פאַרקויפט. ער האָט די זעמל אַריינגעלייגט צו מיר אין פאַרטעך, וואָס איך האָב ביי אים טאַקע געליען און צוגעזאָגט גלייך צוריקצוברענגען. דאָס פאַרטעך —אַרומגעבונדן אַרום מיר — איז געוואַקסן מיט יעדער זעמל און איך האָב עס קוים געקאָנט צוהאַלטן. און קעדיי ניט צו צעשיטן די זעמל אפן וועג, האָב איך מיט ביידע הענט פאַרנומען באַ די שפּיצן פונעם פאַרטעך און זיי געהאַלטן שטייף אָנגעצויגן צו זיך.

איך בין געגאַנגען איבער דער דאָרף־גאַס און געטראָגן דעם גרויסן בויך מיט זעמל אין פאָרויס. מיטאַמאָל האָב איך פונוויטנס דערזען דעם אַדיוטאַנט, וואָס איז געגאַנגען גלייך אַנטקעגן מיר. איך האָב אינסטינקטיוו פאַרפאַמעלעכט מיינע טריט און דערביי אַ טראַכט געטאָן, וואָס איך זאָל אים זאָגן און — איבערהויפּט — ווי אַזוי איך זאָל אים סאַלוטירן, ווען ער וועט אָנקומען צו מיר, אָט איצט, בעאייס מיינע הענט זענען פאַרנומען...

איך האָב געציטערט פון שרעק. וואָלט דאָס געווען אַן אַנדערער

אָפּיציר, וואָלט עס באַ מיר גאָר קיין פּראָבלעם ניט געווען. געווייגט־לעך — האָב איך געוואוסט — קאָן מען אין אַזאַ פאַל סאַלוטירן מיט די אויגן בלויז. פאַרן אַדיוטאַנט, אָבער, האָב איך מוירע געהאַט. איך האָב שוין אַמאָל געהאַט מיט אים אַ דערפאַרונג און זיך טאַקע איבערצייגט ווי שטרענג ער איז, אויב מען סאַלוטירט אים ניט ווי עס געהער צו זיין.

איך האָב זיך בעאייס דעם דערמאנט אַ געשיכטע נאָך פון מערוו. אויסגעקוקט האָט עס מיר, ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען. אַמאָל, בעאייס אַ גרויסן האָגל-שטורעם, האָט ער מיך געהאַט אָנגעגעגנט, ווען איך — אַן איבערגעדעקטער מיטן שינעל איבערן קאָפּ, קעדיי זיך צו שיצן פונעם האָגל, וואָס איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ טויבן־איי — האָב אים ניט באַמערקט פאַרבייפאָרן אין זיין מיט לייוונט־גע־דעקטער קאָטש און אים ניט סאַלוטירט. ער, אָבער, האָט מיך דאַן יאָ באַמערקט. ער האָט געהייסן אָפּשטעלן דאָס קעטשל, מיך צוגערופן צו זיך מיט זיין דינעב, קווישיקן קעלכל און מיך שאַרף געגומען זידלען דערפאַר. דערנאָך האָט ער מיר געגעבן אַ טאָפּלטע שטראָף: פאַרן ניט סאַלוטירן — האָב איך אַ גאַנצן כוידעש ניט געטאָרט אַרויסגיין פון קאַזאַרמע-הויף, און פאַרן אַריבערציען דעם שינעל איבערן קאָפּ — פולע צוויי וואָכן, ניט אין דער ריי, געמוזט פּוצן און רייניקן די דילן פון קאַזאַרמע. איך האָב זיך דעמלט, איבער אַט דער שווערער אַרבעט, פּאָשעט די יאָרן געהאַט פאַרשאָלטן...

איצט, אַז איך האָב זיך דערמאנט אין יענער געשעעניש, איז פאַר מיר גלייך קלאָר געוואָרן, אַז ער וועט מיך נעמען שמייסן מיט זיין סאַמיקער צונג און דערנאָך ערשט אַוואַדע שטרענג באַשטראָפן. איך האָב דעריבער אף גיך באַשלאָסן:

„אַנטלויפן. זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ הינטער אַ כאַטע און — אַזויאַרום — אויסמיידן זיינע וועלפיש־שטעכיקע, שאַרף־שניידנדיקע אויגן, צוזאַמען מיט זיין ביטערער, גאָר פאַסקודנער צונג...”

אָבער איידער וואָס־ווען — איז שוין צו שפּעט געווען. איידער איך האָב באַוויזן זיך אַ ריר צו טאָן פונעם פּלאַץ, איז ער שוין געווען צו נאָענט, אַז איך זאָל זיך קאָנען אַוועקדרייען. איך האָב זיך דעריבער אָנגענומען מיט מוט, בין דרייסט, מיט געהאַקטע טריט, אים אַנטקעגנגעגאַנגען און — ווי עס געהער צו זיין — זיך אַוועק־געשטעלט אין „פראָנט”, מיטן פּאָנים צו אים. אָבער — אָנשטאָט צו סאַלוטירן מיט דער האַנט, האָב איך פּאָשעט, ווי עס האָט זיך גע־פאָדערט — אים באַגלייט מיט מיינע אויגן...

איך בין אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ ווייל און געקוקט אף אים מיט מיינע שפּיזלדיקע בליקן. איך בין געשטאַנען שטייף און געוואַרט, ער זאָל מיר געבן אַ צייכן, אַז איך בין שוין פריי און מעג גיין. ער, אָבער, איז שטום געשטאַנען אַנטקעגן מיר, אונטערגעשפּרונגען אף זיינע ספּרודשינע-פיס, ציניש געשאָקלט מיטן קאָפּ, מיך געשטאָכן מיט ברענענדיקן קאַאָס און — שיפּענדיק — בייז אַ פרעג געטאָן:

— „טאַ-אַ-אָקס”... אַזוי-אַזוי... אַזוי האָט מען דיך, הייסט עס, געלערנט סאַלוטירן דיין באַטשאַלניק?!...בו, און וואָס-זשע האָסטו דאָרט, בעהיימע איינע, אינעם פאַרטעך?...

איך האָב אים געזאָגט. מאָמענטאַל איז ער אָנגעצונדן געוואָרן ווי אַ שוועבעלע. ער האָט גענומען ברענען ווי אַ פייער און — ווי אַ גאַסן-אינגל — מיך געזידלט. איך האָב געשוויגן. געוואוסט האָב איך, אַז ענטפערן אים וועט זיין פיל ערגער. איך האָב, דעריבער, אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין און אַפילו ניט געמאַכט קיין פאַרזוך זיך צו פאַרענטפערן.

ער, ווייזט אויס, האָט אָנגענומען מיין שוויגן פאַר אַ באַליידי-קונג. ער האָט געשיפּעט מיט די ליפּן, געקריצט מיט די ציין און, מיטאַמאָל, גאָרניט זאָגנדיק, — מיר אַרונטערגעלאָזט אַ פּאַטש, אַזש די באַק האָט אָנגעהויבן פייערן בײַ מיר.

איך האָב אַלץ צוגעהאַלטן די עקן פון דעם פאַרטעך מיט מיינע הענט און זיך גענומען פאַרענטפערן. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. ער האָט געטופּעט מיט די פיס, זיך געוואָרפן און געשריגן. באַלד, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געבאַפט, אַז ער קאָן נאָך עפּעס טאָן, האָט ער אַ הויב געטאָן אַ פוס און מיר אַ שטויס געטאָן אין פאַרטעך, אַז די זעמל האָבן זיך אַזש אַ צעשאָט געטאָן אף דער ערד. דערנאָך האָט ער ערשט געלאָזן פאַרלייגט די הענט אף די זייטן און — ווי אַ צו לעהאַכעסדיקער אינגל — זיך גענומען רייצן מיט מיר:

— בו, איצט, קאַנאַליע, וועסטו שוין אַוואַדע יאָ קאָנען סאַלו-טירן אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין?!...

איך בין געשטאַנען, ניט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט דערמיט גע-מיינט און איך האָב מעכאַניש אָפּגעענטפערט:

— גאַנץ ריכטיק, אייער וואויל-געבירטיקייט!...

— טו זשע דאָס, הונט איינער! — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

ער האָט מיך געהייסן אָפּלויפן אַ צענדליק טריט פון אים, זיך אויסדרייען, צוריקגיין און ערשט דאַן זיך אַוועקשטעלן אין „פראָנט” פאַר אים, ווי עס קומט געווייינטלעך אַ דירעקטן באַטשאַלניק.

איך האָב געלאָזן די זעמל ליגן אויף דער ערד און געשטאַנען ווי ער האָט מיר באַפוילן.

ער האָט מער גאָרניט געזאָגט און איז אַוועק מיט זיין געוויינט־לעך־געהאַקטן, וואויל־יונגערישן גאַנג. די שפּאָרן ביי אים האָבן גאַיוועדיק געקלונגען און די שווערד האָט זיך ריטעריש באַכגע־שלעפּט. ער האָט געהאַלטן פאַרריסן דעם קאָפּ און זיך אַפילע ניט אומגעקוקט. איך בין געשטאַנען מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ און מיט ווייטיק געקוקט אויף די זעמל, וואָס זענען געלעגן אינעם צעבלאָטיקטן שניי, לעבן מיינע פיס. פון זיי האָט אַלץ געזעצט אַ וואַרעמע פאַרע. איך האָב געשוויגן און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט וועל איך זיך צעוויינען פון גרויס פאַרדראָס.

איך האָב פּראָבירט צונויפקלויבן די זעמל פון דער ערד, אָבער איידער איך האָב באַוויזן אויפצוהויבן איינע, איז אַרונטערגעפאַלן אַ צווייטע. איך האָב זיך פאַשעט ניט געקאָנט קיין אייצע געבן. איך האָב דאַן אָפּגעשטעלט אַן אָנגייענדיקן, פאַרוואונדעטן סאָלדאַט און אים געבעטן מיר צו העלפן. יענער האָט זיך געבויגן, געהויבן די זעמל פון דער ערד און דערביי געשלונגען די סלינע אין מויל. איך האָב אים אַוועקגעגעבן אַ זעמל — מיין אייגענעם ביילעק — און אים באַדאַנקט פאַר דער גענעבענער הילף.

איך בין געגאַנגען, געכאַפּט אַ בליק אויפן שמוציק־נאַסן פלעק, וואָס האָט אַרויסגעזעצט אויפן פאַרטעך פון די נאַס־געוואָרענע זעמל. איך האָב געקוקט אויפן סאָלדאַט, וואָס האָט געווישט די נאַסע זעמל אין זיין שמוציקן שינעל און מיט אַ מאָדנע זשעדנעקייט איינגעביסן... איך האָב געקוקט און ניט געוואוסט וואָס איך דאַרף איצט מער באַ־דויערן. געפילט האָב איך, אַז עס שטיקט מיך אין האַלדז.

סטעפּאַקין האָט זיך געבייזערט אויף מיר און מיך אַפילע ניט געלאָזט זיך פאַרענטפערן. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיט זיינע לאַנגע הענט און געגומען אָפּכויזעקן:

— נו, אַוואַדע, אַז מען שיקט אַ „באַבע”, טרעפן זיך אים אַלע גליקן...

טשעריאַק האָט זיך אָנגענומען מיין קריוודע. ער האָט געשמייכלט מיט ביטערקייט צו סטעפּאַקינען, שטעכעדיק געטייטלט מיט אַ פינגער אויף איב און קימאַט געשריגן:

— ס'אַ ליגן!...ניט ער איז שולדיק!... ווען אַפילע דו אַליין וואָלסט געגאַנגען און זיך אָנגעטראָפן מיטן אַדיוטאַנט, וואָלט אויך דאָס זעלבע געווען. וואָס איז, מיר קענען ניט דעב־אָ הונט?!...

טשעריאַקס רייד האָבן מיך באַרואיקט. איך האָב געקוקט אויף די יאַטן פון קאָמאַנדע, וועלכע זענען געשטאַנען אַרום די זעמל מיט אַזאַ טרויער, ווי אַרום אַ באָר־וואָס געפאַלענעם, נאָענטן מענטשן. איך האָב געשטאַמלט:

— איך...איך, כעוודע, וועל באַצאָלן פאַרן שאָדן. איך...

קיינער האָט אָבער ניט געוואָלט הערן דערפון. אימיצער פון די יאַטן האָט אַפילו אַ זאָג געטאָן:

— נו, און אַז דער אַדיוטאַנט וואָלט מיר אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך, איז וואָס, וואָלט איך דען שולדיק געווען אין דעם, צי וואָס?...

גרישונין, וועלכער איז באָר־וואָס אַריינגעקומען מיטן בראַנפן, און זיך דערוואוסט וועגן דעם געשעענעם, האָט אויך קאַטעגאָריש און שאַרף צוריקגעוואָרפן מיין פאָרשלאַג. ער האָט אַזאַ ברוגז געטאָן, אַז דער גאַנצער היי־בוידים האָט אַזש אַ ציטער געטאָן:

— אַזאַ מעשוגענער הונט פאַלט אָן אויף אימיצן און טוט אים אַ ביס, איז ניטאָ קיין אורזאַך דעם געביסענעם צו באַשטראָפן. מען דאַרף בלויז דעם הונט דערשיסן און פּאָטער אָן אייסעק...

איך האָב פונדעסטוועגן גענומען בעטן, אַז מען זאָל באַ מיר נעמען כאָטש אַ העלפט פונעם שאָדן, אָבער קיינער האָט אויך דער־פון ניט געוואָלט הערן. יעדער האָט ווידער געגעבן צו פינף קאָפּיקעס און דאָס דערלאַנגט גרישונינען. ער האָט גענומען דאָס פּאַרטעך, דאָס אויסגעטרייסלט און זיך אַ לאָז געטאָן צום בעקער.

דערווייל האָט מען גענומען גרייטן אַ טיש. יערמישין האָט אַוועק־געשטעלט זיין גרויסן פּויק אינמיטן היי־בוידים און איבערגעדעקט מיט אַ פּאַפּיר. טשעריאַק האָט זיך גענומען שניידן דעם קעז מיט די זויערע אוגערקעס אויף קליינע פּענעצלעך. דראַבּולקין האָט, ווייזט אויס, זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט אַרומגעווישט די נאַסע ברעגן פון די דורכגעווייקטע זעמל, שטיקערווייז געביסן פון זיי, און געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז מען קאָן פון די זעמל נאָך מאַכן טייערע סוכאַרעס. קאַטאַיעוו האָט זיך געשפּילט מיט די צוויי פלאַשן בראַנפן, וועלכע גרישונין האָט אים געגעבן צו האַלטן. ער האָט זיי געקושט און אַזוי געמאַכט מעשוגענע שטיק. אַראַמיאַנץ, אונדזער קוכער, האָט ערגעץ דערטאַפּט עטלעכע אויסגעליידיקטע, האַלב־צוגעזשאַווערטע קאָנסערוו־קענדלעך, און זיי געריייניקט מיטן ברעג פון זיין ניט־זייער זויבערן פאַרטעך. מיר האָבן געוואַרט אויף גרישונינען מיט די זעמל...

*****

**גרישונין** איז האַסטיק אָנגעלאָפן. ער איז געווען עפּעס מאָדנע רויט און אויפגערעגט. די ליפּן — ווי ער וואָלט מיט זיי געשפּילט אפן גרויסן באַס — האָבן זיך געבלאָזן. ער האָט זיך געהויבן אפן לייטער און דערביי געבּרומט:

— אַז הונדערט טייוואָלים זאָלן אים אויסדישען, דעם דאָזיקן אַלטן קעלעוו!...

דערשראָקענע, אַז עפּעס האָט אַוואַדע ווידער פּאַסירט, האָבן מיר געכאַפּט אַ בליק אַף די זעמל, וואָס ער האָט אויסגעשאָטן אפן היי אין אַ קופּע, — זיי זענען געווען גאַנץ און ריין. מיר האָבן, דע־ריבער, ניט געקאָנט באַגרייפן וואָס אַזעלכעס עס איז איצט געשען. פאַרשטאַנען האָבן מיר בלויז, אַז ער האָט געמיינט סאַוואָראָפן. ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט און זיך ווייטער געקאַאַסט:

— הערט נאָר, ווי אַן אַלטער קעלעוו דערלויבּט זיך עס!...

יאַטן זענען צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער זאָל רעדן קלאָר וואָס עס האָט פּאַסירט. ער, נאָך אַלץ אַן אויפגערעגטער, האָט דערציילט:

— זי, מאַרוסיע... זי איז נאָר־וואָס אַרויסגעלאָפן פון אַלטן באַזערס שטוב, פון סוואָראָפן... זי האָט געוויינט און... איך האָב זי אָפּגעשטעלט, געפרעגט וואָס עס איז געשען, נאָר זי האָט אַפילע ניט געוואָלט ענטפערן און איז אַנטלאָפן...אָבער איצט פאַרשטיי איך שוין... איצט איז מיר שוין אַלץ קלאָר...

— ער האָט זי, ווייזט אויס, באַשאָנקען מיטן פאַרשפּראָכענעם געאָרגי־קרייץ,— האָט טשעריאַק, ווי זיין שטייגער, אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער און זיך שפּאַסיק צעזונגען:

„די נאַכט איז פינצטער, און איך האָב מוירע,
קום באַגלייט מיך, מאַרוסינקע טייערע!...
האָט זי מיך באַגלייט, געפאַלן איז מיין פרייד,
און אפן וואקזאַל געוויינט האָב איך אַ צייט!..."

ער האָט אָפּאָנים געוואָלט פאָרזעצן דאָס לידל, אָבער יאַטן האָבן עס אים איבערגעשלאָגן. דער ווייבּלעכער אַרטיאָמאָוו האָט געזאָגט:

— נו, און איך בין אים שוין ניט מעקאַנע!... ער האָט זיך דאָ אָנגעהויבן מיט אַ זשאַנדאַרם־פּאָלקאָווניקס טאָכטער און...

— ווייס איך וואָס,— האָט גרישונין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט,— זי איז גאָרניט קיין זשאַנדאַרם־פּאָלקאָווניקס טאָכטער. זי איז אַ פּאָשעטע אַרבעטער־מיידל. געטראַכט, אַז אַזויאַרום...

— אָ, ניט קיין זשאַנדאַרם־פּאָלקאָווניקס טאָכטער? אַזוי גאָר? — האָט טשעריאַק אַ פאַרכידעשטער אויסגעצויגן, — נו, אויב אַזוי, איז זי דאָך פון אונדזערע און...

און גלייך צוגעגעבן:

— איז דאָך גוט אַזוי!... זאָל זי וויסן!...עס האָט איר ניט געפּאַסט זיין מיט אונדז, — טאָ זאָל זי האָבן!...אָבער וואָס זשע גייט עס דיר אַזוי אין לעבן?...

גרישונין האָט זיך נאָך אַלץ געקאָכט:

— פאַר איר, מאַמעליגע, אַרט מיך, זעסטו, גאַנץ ווייניק. זי האָט באַקומען וואָס זי האָט פאַרדינט. אָבער אָט, באַרעכנט נאָר: אַזאַ אַלטע מאַלפּע זאָל גאָר וואַגן אַזאַ זאַך!...

טשעריאַק האָט ווייטער געלאַכט:

— האָסט דען ניט געוואוסט, אַז עס וועט זיך אַזוי ענדיקן?... האָסט זיך טאַקע גאָרניט געריכט דערויף?...

— אָדער עפּשער האָסטו גאָר געכאָלעמט, אַז זי וועט דיר נאָך אָנקומען? — האָט שוין דאַווידאָוו שפּאַסיק צוגעוואָרפן, — זאָג...

גרישונין האָט גענומען שטאַמלען:

— איך זאָג דאָך אייך, אַז פאַר איר אַרט מיך גאַנץ ווייניק... מיך קרענקט בלויז, וואָס ער, וואָס זיי, וואַגן אַזוי...

— אַנטדעקט אַ נייעס! — האָט דאַווידאָוו איראָניש צוגעוואָרפן.

— זיי פאַרגוואַלטיקן אונדז שוין אַזוי זיבנט...

גרישונין האָט צעווייטיקט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ביי גאָט! — האָט ער זיך געקלאַפּט מיט אַ פויסט אין דער ברוסט אַריין. — מען וועט דאָס דאַרפן באַצייטנס אָפּשטעלן!... עפּעס וועט דאָך דאַרפן געטאָן ווערן דערצו!...

דאַווידאָוו האָט אים פריילעך אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע:

— אָט אַזוי, ברודער, רעדסטו ווי אַ מענטש!... נו זיכער וועט עפּעס דאַרפן געטאָן ווערן... און ניט נאָר בלויז דערפאַר אַליין, נאָר פאַר אַלעם. פאַר יענעם אינגל, וועמען זיי האָבן אַזוי פאַרפייניקט, פאַר די צעשאָטענע זעמל, פאַר דער מילכאָמע, פאַר אַלעם...

— דאָס שריי איך דאָך! — האָט גרישונין זיך נאָך אַלץ געקלאַפּט מיט דער פויסט, אַז עס האָט אַזש אָפּגעהילכט אין זיין ברוסט ווי אין אַ ליידיקן פאַס. — מען דאַרף זיי דערפאַר טאַקע נאָר ווי די מעשוגענע הינט אויסשיסן... איך זאָג דיר, אַז איך אַליין...

דאַווידאָוו האָט דרינגענדיק אַ זאָג געטאָן צו אים:

— ניין. ניט אַזוי, ברודער. ניט אַליין, נאָר אַלע צוזאַמען!...

פאַראייניקטערהייט וועלן מיר זיי אָפּצאָלן. יאָ, אָפּצאָלן פאַר אַלץ... אָפּצאָלן — ווען די צייט וועט קומען!...

גרישונין האָט ברייט צעעפנט די אויגן, שאַרף געקוקט אויף דאַ־ווידאָוון, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, צי דאָס האָט ער טאַקע גערעדט אַזוי, און — עטוואָס אַן אָפּגעקילטער — שטילער צוגעגעבן:

— און עפשער ביסטו טאַקע גערעכט, דאַווירשקע. יאָ, אַז אַלע צוזאַמען, וועט עס טאַקע זיין לייכטער און...

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס בלעכל מיטן בראַנפן, וואָס מען האָט איבּ דערלאַנגט, און דאָס איבערגעקערט אין זיך אַריין מיט אַזאַ מין האַסטיקייט, אַקוראַט ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט אָפּלעשן אַ פייער, וואָס האָט זיך ביי אים אין האַרצן צעפלאַקערט.

מיר האָבן אויסגעטרונקען צו בלעכלעך, נאָכאַמאָל איבערגעכאַ־זערט און זיך גענומען צום פאַרבייסן. דער פאַרדראָס, וואָס האָט אונדז אַלעמען יענעם טאָג דריי מאָל געפרעסן, האָט זיך צוביסלעך גענומען אָפּקילן. עס האָט אויסגעזען, אַז אַלע האָבן זיך שוין אָנ־געהויבן בארואיקן. יאַשן האָבן זיך אַפילע אָנגעהויבן צו וויצלען. קאַטאַיעוו האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל נאָכאַמאָל אַרויסשיקן נאָך בראַנפן מיט פאַרבייסן און מאַכן אַ סודע, וואָס מען זאָל געדענקען אַפילע אויף יענער וועלט. מען האָט שוין אַפילע אָנגעהויבן צונויפצו־קלויבן קליינגעלט דערויף. עס איז אָבער גלייך צונישט געוואָרן.

דער אַדיוטאַנט מיט סאַוואָראָפּן האָבן דאָס איבערגעשלאָגן. זיי — אָנגעטאָן ווי אין וועג אַריין — זענען, רייטנדיק אויף זייערע פערד, צוגעקומען צו דעם היי־בוידים. דער אַדיוטאַנט האָט אַ רוף געטאָן סטעפּאַקינען צו זיך. יענער איז פלינק אויפגעשפרונגען, זיך אַרומ־געווישט דאָס מויל, זיך פלינק אַרונטערגעגליטשט דורך דעם לייטער און — אַן אויסגעצויגענער — זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן אַדיוטאַנט, גרייט צו הערן זיין באַפעל. מיר האָבן אַרויסגעקוקט פונעם בוידים און ניט באַגרייפט וואָס עס איז געשען.

אין אַ ווייל אַרום האָט גודמאַן שוין געשפּילט „טרעוואָגע".

מיר האָבן אַ כאַפּ געטאָן די איבערגעבליבענע שטיקלעך קעז אין די מיילער אַריין, קייענדיק געכאַפּט די שינעלן, זעק, געווער, און די אינסטרומענטן אויף זיך און — אין איילעניש, איינער נאָכן אַנדערן — זיך אַרונטערגעלאָזט פונעם היי־בוידים. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אָרדנונג און — גלייך ווי דער באַפעל איז נאָר אָפּגעגעבן געוואָרן — זיך פאַרנומען ווייטער אין וועג אַריין...



# קאַפיטל ניין

מיר זענען געגאַנגען באַרג אַרונטער. די פיס האָבן מיט מאַטערניש געטאַפּט די שאַרפע שיפקייט און זיך גע־שלעפּט נאָר ווי געבונדענע. דער וועג — אַ געשלענגלטער — האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אַלץ נידעריקער און נידעריקער. ביסלעכווייז איז דעריבער געוואָרן אויך וואַרעמער. דער שניי, וואָס אפן וועג, האָט זיך געשמאָלצן און איז צעגאַנגען אונטער אונדזערע טריט... באַלד האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעטאָן פון די אויגן. בלויז ערגעץ אינדערווייט, אַף די הויכע בערג־שפּיצן, האָבן זיך אַלץ געזילבערט שנייאיקע קליגעס. אַף דער גאַנצער אַרומיקער אויבערפלאַך איז שוין קיין שניי ניט געווען. דאָ און דאָרט האָבן זיך אַפילע אָנגעהויבן באַווייזן ביסלעך גראָז. ערגעץ באַ דער זייט פון וועג האָבן געגרינט ווילדע קוסטעס און יונגע ביימלעך. עס האָט פאַרשמעקט ווי מיט אַ נייעם, קילן פרילינג־טאָג.

מיר האָבן אַריבערגעשפּאַנט איבער אַ פלאַכן, זילבערנעם טייכל, וואָס האָט זיך קלאָר געשפּיגלט אין דעם העל־בלוי פונעם לויטערן הימל. מיר האָבן געטראָטן אַף די שפּיציקע, אַרויסשטאַרטשענדיקע שטיינער און דערביי זיך קוים די זוילן פון אונדזערע שטיוול איינגענעצט. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, איז עס דאָ־אָ, אינמיטן דעם טייכל, פריער געווען די רוסיש־טערקישע גרענעץ.

איןביידע זייטן פונעם טייכל זענען געשטאַנען עטלעכע קליינע, פאַראייבזאַמטע און האַלב־צעפאַלענע ליידיקע הייזלעך. דאָס זענען, ווייזט אויס, פריער געווען די קוואַרטירן פאַר די ביידע גרענעץ־וואַכן. מיט זייער פוסטקייט האָבן אָט די הייזלעך אויסגעזען אַזוי עלנט, אַזוי איבעריק, אַז עס האָט זיך קוים געקאָנט גלויבן, מען זאָל זיי ווען עס איז פריער יאָ געדאַרפט האָבן. די בלינדע ראַמען פון די פענצטער, וואָס מיט אויסגעזעצטע שויבן אין זיי, האָבן אף

אונדז געמאַכט אַזאַ עלנד־יאָסעמדיקן איינדרוק, אַז מיר האָבן אַזש מיט בענקשאַפט גענומען קוקן אַף צוריק, צו דער צווייטער זייט פונעם טייכל. עס איז אַלעמען געוואָרן אַזוי שווער, ווי מיר וואָלטן אָט דאָ מיטאַמאָל באַקומען אַ גאַנץ אַנדערע לופט צום אָטעמען. מיר זענען שוין איצט געווען אין טערקיי.

צום אָוונט האָבן מיר דערגרייכט אַ קליין גריכיש דערפל, מיט אַ ציילעם־שפּיץ אַף אַ הילצערן קלויסטערל. דאָס איז געווען דער ער־שטער אישעוו אינעם פרעמדן לאַנד און האָט מיט גאָרניט אויסגעזען אַנדערש ווי יענע דערפלעך אַף דער אַנדערער זייט. די עטלעכע פּאַר־בליבענע איינוואויגער — דערשראָקענע, אָבער אַפּאָנים צוגעוואוינטע שוין צו דער שרעק — זענען אונדז אַרויס אַנטקעגן. צוויי אַלטע לייט, וואָס אַפּן אויסזען — גאַלאָכים, האָבן אַף אַ גרויסער, פון האָלץ־געשניצטער טאַץ, געטראָגן אַ גרויסן לאַבן ברויט מיט אַ גלאָז זאַלץ. זיי האָבן דאָס צוגעטראָגן דעם אַדיוטאַנט און זיך דערביי גע־בויגן צו דער ערד מיט האַכנאָעדיקער כניפע:

— געבענטשט זאָלט איר זיין, — האָט איינער פון זיי אַף אַ געבראָכענעם רוסיש אָנצאָניק געפּלאַפּלט, — וואָס איר, רעכט־גלוי־ביקע, זייט אַהערגעקומען אונדז אויסלייזן פון די אומגלויביקע, ניט־קריסטלעכע הערשערס הענט!...

דער אַדיוטאַנט האָט צוגענומען די מאַטאָנע פון די אַלטע לייט און פלעגמאַטיש זיי באַדאַנקט פאַר די געטרייע געפילן. דערנאָך האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ דריי אויס געטאָן צו אונדז, איבערגעגעבן דאָס ברויט מיטן זאַלץ סטעפּאַקינען און געוואָרנט:

— געדענקט זשע, הינטישע קינדער, אַז דאָ, אין דעם דאָרף, וואוינען פּראַוואָסלאַוונע מענטשן. און טאָמער וועט זיך אימיצער פון אייך דערוועגן עפּעס צוגאַנוועגן, אָדער אַזוי זיך שלעכט אויפפירן מיט זייערע פרויען, בעאייס מיר וועלן דאָ איבערנעכטיקן, — וועל איך זיך מיט יענעם אָפּרעכענען אַזוי ווי איך קאָן!...

מיר האָבן געשוויגן. אַ פּאַרדראָס, האָט זיך געפילט, האָט אַלע־מען פון קאָמאַנדע צעפּרעסן. די פּויסטן — האָט מען געקאָנט זען — האָבן זיך באַ יעדן איינעם געביילט און די ציין האָבן זיך אונטער די ליפּן געשטשעמעט. פונדעסטוועגן, אינעם גאַנצן קאַאָס אונדזערן, האָט זיך געגלוסט לאַכן. מיר, די „באַפרייער", די „אויסלייזער" — ווערן גאָר באַטראַכט ווי גאַנאָווים און מערדער...

די צוויי דאָרף־שעליכים האָבן פאַרבעטן די הערן אָפיצירן, די וואָס מיט די פינקלדיקע עפּאָלעטן, אַריינצוגיין שלאָפן אין דער שטוב,

וואָס איז ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרן פאַר אָפיצירן.

דער אַדיוטאַנט און, נאָך אים, סטאַוואָראָף, האָבן אָפּסאַלוטירט פאַר דער איינלאַדונג. זיי זענען אַרונטערגעקראָכן פון די פערד, האָבן זיי אונדז צוגעוואָרפן און אַליין — געאָרעמטערהייט — זיך אַ לאָז געטאָן מיט לאַנגזאַמע, ברייטע טריט, נאָכגייענדיק די דריבנע, קימאַט־אונטערטאַנצנדיקע טריטלעך פון די צוויי אַלטע לייט.

מיר האָבן די פערד צוגעבונדן צו אַ בוים, אָנגעהאנגען אף זיי די האָבער־טאָרבעס און אַליין האָבן מיר זיך צעלייגט אָפּרוען אף די דעכלעך פון די געדיכט־צוזאַמענגערוקטע הייזלעך, וועלכע זענען געווען באַשאָטן מיט ערד. מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אפן גראָז, וואָס האָט דאָרט, אף די דעכלעך, געדיכט געשפּראָצט.

אינמיטן דער נאַכט איז מיט גערויש אָנגעקומען אונדזער אָבאָז, וועלכער איז אַוועק מיט אַ טאָג פריער אָנצונעמען פּראָדוקטן, און זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדז. די אָנטרייבער האָבן אויסגעשפּאַנט די פערד, זיי צוגעבונדן צו די צוויי־רעדערדיקע אָבאָז־וועגעלעך און אַליין זיך אויך צעלייגט שלאָפן אף די פלאַכע דעכלעך אַרום אונדז.

שלאָפן, אָבער, איז געווען אוממעגלעך. די פערד האָבן געהירזשעט, געוואָרפן מיט זייערע מאָרדעס, געקלונגען מיטן אָנגעהאנגענעם געשפּאַן און געקראַצט זייערע הייסע לייבער אין די בוימער און אין די גראָבע שטריק, מיט וועלכע זיי זענען געווען צוגעבונדן. פונדערהויך האָט אף אונדז געדריקט אַ שווערער, שוואַרצער הימל, וואָס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אַרונטערצעפאַלן אף אונדז. טויזנטער פינקלדיקע שטערן האָבן געשטאָכן אין די מידע אויגן מיט זייערע שאַרפע שפּיזל־שטראַלן. און שלאָפן האָט זיך דאָסמאָל דאַווקע אַזוי שטאַרק געוואָלט...

*****

**פאַרטאָג** זענען מיר אַרויסגעגאַנגען פונעם דאָרף. דאָסמאָל זענען מיר שוין אַוועק אַלע צוזאַמען, — מיר און דער אָבאָז. געגאַנגען זענען מיר אַזוי:

פאָרויס — דער אַדיוטאַנט מיטן אָבאָז־נאַטשאַלניק. זיי זענען ביידע געריטן אף זייערע ברוינע, הויכע פערד און דערביי גערעדט עפּעס צווישן זיך. הינטער זיי — ווי אַ נאָכשלעפּעניש — איז דער קאַפּעלמייסטער אונדזערער געריטן אף זיין גאָר נידעריקן טיקיבישן אָגערל, וואָס האָט קעסיידער פאַררייסן דעם קאָפּ און געשפּרונגען אין

אַלע זייטן. עס האָט אויסגעקוקט, ווי דאָס פערד וואָלט זיך וועלן באַפרייען פונעם אָנגעצויגענעם ציימל און זיך אַ ריס טאָן אַף צוריק צו זיך, אין סיקיבישן דאָרף אַריין, אין ליידיקן סטעפּ...הינטער זיי זענען מיר געגאַנגען און געשלונגען דעם שטויב, וואָס די פערד האָבן צעשפּרייט מיט זייערע קלאָען. ווייטער, הינטער אונדז, האָבן זיך נאָכגעשלעפּט די אַבאַז-וועגעלעך...

דעם קאַפּעלמייסטערס פערד האָט זיך געבריקעוועט. עס האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן און דערבײַ עטלעכע מאָל שיער אומגעוואָרפן סטעפּאַקינען, וועלכער איז געגאַנגען לעבן סאַוואָראָפן און געטרעט מיט אים. יעדע ווייל האָט ער, סטעפּאַקין, געמוזט אָפּשפּרינגען אין דער זייט, אַז ער זאָל קיין קלאַפּ ניט כאַפּן. סאַוואָראָף, וועלנדיק איינהאַלטן דאָס פערד, האָט עס געשטויסן מיט די שטיוול אין די זייטן. נאָך אַ גליק, וואָס ער האָט קיין שפּאָרן ניט געהאַט, אַנדערש וואָלט דאָס פערד אים זיכער געוועז פאַרטראָגן. ער איז געזעסן אַ ציטערדיקער און, אויס מוירע, נאָך מער איינגעצויגן דאָס ציימל. ער האָט געקוקט מיט קינע אַפן אַדיוטאַנט און אַפן אַבאַז-נאַטשאַלניק, באַ וועמען די פערד זענען געגאַנגען אַזוי רואיק און געלאַסן. און מיטאַמאָל, וועלנדיק אויסלאָזן זיין קאַאַס איבער דעם אומבאַקוועמען האָצקען, האָט ער אַפן קאָל אַ זאָג געטאָן צו סטעפּאַקינען:

— שפּילט אויף אַ מאַרש!...

מיר האָבן זיך גענומען צוגרייטן צום שפּילן, אָבער איבער די זעק און פאַרלייגטע שינעלן איבער די אַקסלען, איז שווער געווען אויפצוהויבן די הענט, קעדיי צו האַלטן די מונדשטוקן באַם מויל. מיר האָבן זיך אָבער אָנגעשטרענגט און אַ זעץ געטאָן דעם מאַרש.

פונעם ערשטן בלאָז האָבן די פערד זיך שטאַרק דערשראָקן. זיי האָבן גענומען אונטערשפּרינגען און דערבײַ שיער ניט אַרונטערגעוואָרפן די רייטער פון זיך...

דער אַדיוטאַנט האָט מיט אַ האַנט-צייכן איבערגעהאַקט דאָס שפּילן און מיר זענען דערפון גאַנץ צופרידן געווען. דער גאַנג איז סיי ווי מיט יעדער מינוט געוואָרן שווערער. די וואַרעמקייט איז געוואָרן שטאַרקער און ביסלעכווייז האָט אַפילו גענומען פאַרען אונטער די פאַרלייגטע שינעלן. כעוורע האָבן אָנגעהויבן אונטערמורמלען:

— ווען ער לאָזט כאָטש אַרויפלייגן די זעק אף די וועגעלעך...

דאַווידאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן און גאַליק געבורטשעט:

— וואָס אַרט עס דען אים, אַז מיר, ווי די נאַרישע אייזלען, שלעפּן אף זיך די פּעק און שוויצן?...

סטעפּאַקין האָט זיך דאָסמאָל, ווייזט אויס, געוואָלט אויסשפּיינען פאַר אונדז. ער איז צוגעגאַנגען צום אַדיוטאַנט און — ווייזנדיק דערביי אויף דער קאָמאַנדע — עפּעס גערעדט צו אים. פאַרשטאַנען האָבן מיר, אַז דאָס בעט ער אים, ער זאָל אונדז דערלויבן אַוועקצולייגן אונדזערע זעק אויף די וועגעלעך. דער אַדיוטאַנט, אָבער — האָבן מיר באַמערקט — האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און זיך נאָך דערצו רעכט בייז צעשריגן:

— אָט אַ כוצפּע! — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיין באַגלייטער, דעם אָבאָז-נאַטשאַלניק, און זיך גלייך אַ דריי אויס געטאָן צו אונדז, — העי, וואָסערע פּריציב זייט איר עס געוואָרן?...טאַקע אַנדערש ניט געוואוינט געוואָרן, נאָר צו האַלטן די זעק אויף די וועגעלעך?!...די זעק זענען געמאַכט געוואָרן, אַז מען זאָל זיי טראָגן אויף זיך!...

אינגיכן זענען מיר דערגאַנגען צו אַ דערפל. דער אַדיוטאַנט האָט זיך פאַרכידעשט און גענומען זוכן באַ זיך אין דער מאַפּע. ער האָט זיך געקראַצט אונטער דער מאָרדע און געשריגן:

— וואָסער טייוול איז דאָס?... ווי קומט גאָר אַ דאָרף אַהער, אַז אויף דער מאַפּע איז עס אַפילע ניט אָנגעצייכנט?!...

דער אָבאָז-נאַטשאַלניק האָט זיך עפּעס געאַמפּערט מיט אים און אויך גענומען אַריינקוקן אין דער מאַפּע. מיטאַמאָל האָט דער אַדיוטאַנט געהייסן צושיקן אַראַמיאַנצן צו זיך און אים באַפוילן, ער זאָל צוגיין און אויסגעפינען אין דאָרף וואו מיר געפינען זיך.

אַראַמיאַנץ, דער איינציקער ביי אונדז אין קאָמאַנדע, וואָס האָט געקאָנט אַביסל רעדן אויף טערקיש, איז ארויפגעלאָפן אפן בערגל וואָס דערלעבן. ער האָט צוגערופן עפּעס אַן אַלטן טערק, וואָס איז געשטאַנען אינדערוויט און זיך דאָרט געפּאָרקעט מיט אַ לאָפּעטע אין דער שטיינערדיקער ערד. יענער — קוים וואָס ער האָט זיך גערירט, — האָט גענומען ביסלעכווייז אַראָפּנידערן. ער איז צוגעגאַנגען צו אַראַמיאַנצן, אויסגעשטעלט אַ האַנט לעבן אויער, צו באַווייזן, אַז ער דערהערט ניט אַזוי גוט. אַראַמיאַנץ האָט גענומען שרייען אויף אַ קאָל דעם טערק אין אויער אַריין, אַז עס האָט אַזש אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן טאָל. דער טערק האָט געוואָרפן מיט די הענט, פאַרקניישט די טראַכאָמע-אויגן, אָנגעוויזן אין אַ צווייטער ריכטונג און דערביי עפּעס געפּלאַפּלט אויף טערקיש. אַראַמיאַנץ האָט דאָס איבערגעגעבן אין זיין געבראָכענעם רוסיש דעם אַדיוטאַנט.

דערהערט אַראַמיאַנצס רייד, האָט דער אַדיוטאַנט אויפגעשטעלט מויל און אויערן, ווידעראַמאָל אַ קוק געטאָן אין דער מאַפּע און זיך

געכאַפּט, אַז ער — גלייך נאָכן אַרויסגיין פונעם ערשטן דערפל — האָט אונדז אַוועקגעפירט אויף אַ פאַלשן וועג. דערביי האָט ער — פונקט ווי אימיץ אַנדערש וואָלט דאָ שולדיק געווען און ניט ער — גענומען שרייען און זידלען. ענדלעך האָט ער אונדז געהייסן זיך אויסדרייען און מיר זענען אַוועק אויף צוריק.

אינגיכן זענען מיר צוריקגעקומען צום זעלביקן דאָרף, וואָס מיר האָבן ערשט היינט, אין זעלביקן פאַרטאָג, געהאַט פאַרלאָזן. מיר זענען אָבער דאָסמאָל דאָרט לאַנג ניט פאַרבליבן. נאָכן אָפּרוען זיך עטלעכע מינוטן זענען מיר אַרויסגעגאַנגען און זיך פאַרנומען אויף אַ גאַנץ אַנדערן וועג.

מיר האָבן זיך גענומען הויבן אויף אַ הויכן, זייער־מעשופּעדיקן, באַרג. קיין וועג איז ביכלאַל ניט געווען. בלויז צווישן די הויכע שטיינער און שאַרפע פעלדזן האָט זיך דורכגעשניטן אַ געשלענגלט שמאָל האָזן־שטעגל — קויב דורכצוקריכן.

דער גאַנג איז געווען שווער. שטיינער און שטיינדלעך האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פיס. די פערד האָבן געהאָרעוועט, שלעפּנדיק די וועגעלעך, וואָס האָבן זיך קעסיידער שיער איבערגעקערט איבער די צעזייעטע שטיינער, און האָבן זיך דערביי פאַרגאָסן מיט אַ שווייסיקן שויב. מיר האָבן זיך דעריבער באַוועגט גאַנץ פּאַמעלעך.

פּלוצים האָט דער אַדיוטאַנט באַפוילן זיך אָפּצושטעלן. ער האָט אונדז געהייסן אויסטאָן די זעק מיט די שינעלן און זיי — צוזאַמען מיט די אינסטרומענטן — אַרויפלאָדן אויף די וועגעלעך.

מיר האָבן זיך געכידעשט און אַפילע ניט געקאָנט באַגרייפן דעם אַדיוטאַנטס מיטאַמאָליקע גוטהאַרציקייט. באַלד אָבער איז דאָס אונדז קלאָר געוואָרן. אַזוי גיך ווי מיר האָבן נאָר באַוויזן זיך אויסצוטאָן און נאָך איידער מיר האָבן זיך געקאָנט אָפּרוען אַ ווייל — האָט ער, דער אַדיוטאַנט, געהייסן, אַז מיר זאָלן זיך איינשפּאַנען אין די וועגעלעך אַריין און העלפן די פערד אַרויפצושלעפּן אפן באַרג אַרויף.

די קאָמאַנדע האָט זיך איינגעטיילט אין צווייען. איין טייל האָט געשלעפּט די וועגעלעך פון פאָרנט און אַ צווייטע — האָט אונטערגעשטופּט פון הינטן מיט די אַקסלען. מיר האָבן געהאָרעוועט מאַמעש ווי די פערד, זיך צו ביסלעך געהויבן אַרויפצו און, ערשט גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט, זיך קוים דערשלעפּט צו דעם ערשטן פלאַכן פּלאַץ, ערגעץ אינמיטן פונעם באַרג־רוקן...

*****

**אויסגעמידטע** פון שווערן קריכן איבערן מעשופּעדיקן באַרג־אַרויף, האָבן מיר זיך אַוועקגעשטעלט אָפּצורוען אַ ווייל. מיר זענען געווען אַזוי אויסגעשעפּט, אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז עס איז אַפילע ניט געבליבן קיין ווילן זיך אָנצושטרענגען אַף צום אַוועקזעצן זיך אַף דער ערד. אַזוי, אָנגעשפּאַרט אין די וועגעלעך, זענען מיר געשטאַנען אָן קויכעס, געסאָפּעט און געשוויגן.

אַרום אונדז האָט זיך געשפּרייט אַ ברייט, פלאַך פעלד, וואָס האָט אונטער דער בלאַסער לעוואָנע־שיין געפינקלט מיט מאַסן צעוואָרפענע, און ווי באַזילבערטע בינטלעך שטרוי. די פיס זענען געווען מיד און צעפּאַרעט און, די ערד האָט געצויגן צו זיך. אַפילע ניט באַמערקנדיק ווען און ווי, האָבן מיר זיך אַלע מיטאַמאָל געפונען זיצנדיק אַף דער ערד, וואָס איז געווען פול מיט שטעכיקע, איבערגעקאָסעטע, זאַנגען־שפּראָצן. אַ ווייל זענען מיר אַזוי געזעסן און באַלד האָבן זיך אונ־דזערע מידע קערפּערס גענומען אינסטינקטיוו ציען אַף אַוועקצוליגן זיך. אייניציקווייז האָבן מיר אונטערגעשפּאַרט די הענט אונטער די קעפּ און אַפילע גענומען אונטערדרימלען. אָבער נאָך איידער וואָס און ווען, האָט דער אַדיוטאַנט אַ באַפעל געטאָן, אַז מיר זאָלן זיך צוריק אויפשטעלן און זיך פאַרנעמען אין וועג אַריין, קעדיי אָנצוקומען אין עפּעס אַ דאָרף ניט ווייט, אַף נאַכטלעגער.

מידע און צאָרנדיקע האָבן מיר זיך אויפגעשטעלט און גענומען זיך קלייבן צום גיין. די פערד, אָבער, האָבן זיך איצט אַפילע ניט געוואָלט רירן פונעם אָרט. עס האָט ניט געהאָלפן דעם אַדיוטאַנטס זידלען און שרייען אַף די אָנטרייבער און עס האָבן ניט געהאָלפן די בייטשן מיט די שמיץ, וואָס די פערד האָבן אַריינגעכאַפּט. זיי זענען געבליבן שטיין אַף די פלעצער און זיך אַפילע קיין ריר ניט געטאָן. זיי האָבן געוואָרפן די מאָרדעס און געגראָבן די ערד אונטער זיך מיט די פּאָדקאָוועס. שפּעטער, אַז מיר האָבן זיך שוין געהאַט גוט אָנגעמוטשעט און די פערד האָבן אַלץ ניט געוואָלט גיין, האָט ערשט דער אַדיוטאַנט — אַ בייזער — געהייסן אויסשפּאַנען און איינאָרדנען זיך אַף נאַכטלעגער דאָרט, אפן באַרג, וואו מיר זענען געשטאַנען...

מיר האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט אַף דער ערד אָן קויכעס און — מידע, אָן כיישעק — גענומען שלינגען דעם איבערגעקאָכטן, זויערלעכן און ביטער־געוואָרענעם באָרשט. שפּעטער, אַז מיר האָבן שוין עטוואָס אָפּגערוט די מידע פיס, האָבן מיר זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט איבערן

באַרג, צונויפגעשלעפּט בינטלעך שטרוי, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט פולע מיט טוואוע, און דערפון גענומען אויסבעטן געלעגערס פאַר די אָפיצירן און פאַר זיך.

אינדערוויים, אפן צווייטן ראַנד פונעם באַרג, אָדער עפּשער גאָר אף אַ ראַנד פון אַ צווייטן באַרג (אין דער פינצטער איז עס שווער געווען צו באַשטימען), האָבן געמיניעט און געפינקלט מאַסן מאָדנע געהיימניספולע קליינינקע פייערלעך. זיי האָבן געצאַנקט מיט אַ מין שווערער סוידעסדיקייט און אָנגעגאָסן די געמיטער מיט שרעק.

דער אַדיוטאַנט האָט געקוקט דורך זיינע פעלד־גלעזער, אָבער —אַפּאָנים איבער דער פינצטערניש — גאָרניט ניט געקאָנט זען. געזאָגט האָט ער, אַז דאָס זעבען אַוואַדע לאַגער־פייערן, באַ וועלכע די פּאָזיציע־סאָלדאַטן וואַרעמען זיך אין דער קאַלטער נאַכט.

אומבאַוואוסט פאַרוואָס, האָט אין בויך מיטאַמאָל שטאַרק אַ גרימל געטאָן. נאָך אַלעמען איז דאָס פאַר אונדז פאָרט געווען די ערשטע נאַכט אפן פראָנט, אַזוי נאָענט לעבן דער פּאָזיציע. און כאָטש קיין שיסערייי האָט זיך ניט געהערט, האָט זיך אָבער אַלץ אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט וועט אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל אַ זשומע טאָן און — ווער ווייסט — צי זי וועט ניט טרעפן אין אימיצן...

דער אַדיוטאַנט האָט קיין איינציקע מינוט ניט געלאָזט בלייבן רואיק. ער האָט קעסיידער קאָמאַנדעוועט און יעדע ווייל אַרויסגעגעבן אַן אַנדער באַפעל. אָט האָט ער אַ וואָרף געטאָן:

— צעשפּרייט זיך! ליגט ניט צוזאַמען! טאָמער עפּעס וואָס...

אין אַ ווייל אַרום האָט ער געביטן זיין מיינונג:

— ניין, ליגט ניט צעוואָרפן! ליגט בעסער אַלע צוזאַמען, לעבן דעם קיך־וואָגן... טאָמער געשעט עפּעס, זאָל...

שפּעטער אַ מינוט:

— און ניט גערויכערט! לעשט אויס דאָס פייער אין קיך!...

און טאַקע גלייך כאַראָשע געהאַט:

— זאָל יאָ ברענען דאָס פייער, נאָר פאַרשטעלט עס, אַז מען זאָל עס ניט זען... און ניט גערעדט קיין וואָרט. שטיל זאָל זיין!...

און ווי צו באַפעסטיקן דעם באַפעל, אַ זידל געטאָן:

— כ׳זאָל אַפילע אייערע אָטעמס ניט הערן, הינטישע זין!...

מיר האָבן געשוויגן. נאָך אַלעמען זעבען מיר דאָך פאָרט ניט מער ווי פּאָשעטע סאָלדאַטן און אַ באַפעל איז אַ באַפעל. די פערד, אָבער, זיי האָבן דעם אַדיוטאַנטס באַפעל ניט פאַרשטאַנען און ווי אף צו לעהאַכעס דאַווקע יאָ געטומלט. זיי האָבן זיך געוואָרפן, געקלונגען

מיטן געשפּאַן, געטופּעט מיט די פּאָדקאָוועס אף די שטיינער, געהיר־זשעט און אַ שטיק צייט קיין מינוט רואיק ניט איינגעשטאַנען. דאָס האָט דעם אַדיוטאַנט נאָך מער צערייצט. דעם קאַאַס האָט ער אָבער אויסגעלאָזט צו אונדז. ער האָט געזידלט מיט אַ הייזעריקן שיפּען, אַז דאָס לעבן איז אונדז אַזש ניט ניכע געווען.

מיר זענען געלעגן און זיך געשטיקט מיט אונדזערע אָטעמס. מיט אָפענע אויגן האָבן מיר געקוקט אין דער פינצטערער ווייטקייט אַריין, אַהין, צו די צאַנקענדיקע פייערלעך, און בעאיין־אויפן ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. די פעלד־גרילן האָבן ווי מיט האַמערס געהאַקט אין מויעך און — ווי עס האָט אויסגעזען — אַלעמען פון אונדז צעשראָקן. קיינער האָט זיך אַפילע ניט געוואָלט מודע זיין אין דעם, אָבער מען האָט עס גאַנץ לייכט געקאָנט דערקענען. די אויגן ביי אַלעמען האָבן אינדערפינצטער געצוקט און געפינקלט, אָט אַקוראַט ווי די פייערלעך, דאָרט, ווייט אף דער פּאָזיציע...

ענדלעך איז אַזוי שטיל געוואָרן אַרום, אַז עס האָט זיך געדאַכט, ווי מען הערט דאָס אָטעמען פון דער ערד. בלויז פון צייט צו צייט האָט אַ פערד נאָך אַ הירזשע געטאָן אין דער שטילער נאַכט אַריין און ווי אף העלפט איבערגעשניטן די אויסגעשפּרייטע שטילקייט.

גרישונין, פונקט ווי ער וואָלט עפּעס געקייעט, האָט מיטאַמאָל גענומען שעפּטשענדיק מורמלען:

— עך, פערד זענען פאָרט קלוגער ווי מענטשן... זיי, אַז זיי האָבן זיך איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט גיין — איז געווען ניין... צוליב זיי געניסן מיר אויך אַביסל. נו, איז עס ניט אַ ווייטיק?...

— יאָ, אַזוי איז עס טאַקע, בענעמאָנעס. — האָט אַרטיאָמאָוו, פונקט אַזוי שטיל, מיט אַ קרעכץ באַשטעטיקט גרישונינס רייד, — פערד, זעט אויס, זענען טאַקע ניט אַזוי ווי מענטשן... זיי נעמען זיך דאָס וואָס עס קומט זיי און...

אַפּאָנים, אַז מיר זענען איינגעשלאָפן. ווי לאַנג, אָבער, מיר זענען אַזוי אָפּגעשלאָפן, איז שווער געווען צו וויסן. אומגעריכט, אינמיטן שלאָף, האָט מען אונדז פּלוצלונג אויפגעוועקט. דער דעזשורנע האָט יעדן אַ שטורכע געטאָן מיטן שטיוול אין זייט, אָנגעוויזן, אַז מיר זאָלן זיך שוין אויפהויבן און דערביי שטיל געשעפּטשעט:

— פאַרנעמט די ביינער וואָס גיכער און היידאַ, געגאַנגען!...

שטילערהייט האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן צוריק באַרג אַרונטער. דער אַדיוטאַנט האָט אונדז אַזוי אונטערגעיאָגט, פונקט ווי מיר וואָלטן דאָרט, אפן באַרג, געווען אָפּגעטאָן עפּעס אַזאַ גרויס פאַרברעכן,

פאַר וועלכן מען מוז אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן. צוליב דער אָנגעיאָגטער שרעק זענען מיר געגאַנגען אַזוי שטיל, אַז מיר האָבן זיך געהיטן אַן איבעריקן אָטעם צו טאָן אַפילע. קיינער פון אונדז האָט ניט געוואוסט וואָס אַזעלכעס עס איז פלוצלונג פאָרגעקומען און פאַרוואָס מען האָט אונדז גאָר מיטאַמאָל, אינמיטן דער נאַכט, געהייסן זיך צוריק פאַרנעמען פונעם באַרג אַראָפּ.

שפּעטער, אַז מיר זענען שוין געווען אָפּגעגאַנגען אַרום אַ שאָ צייט; ווען אין מיזרעך־זייט, פון צווישן די בערג־שפּאַלטן, האָט זיך — ווי ביי אַ קינד די ערשטע ציינדלעך — גענומען אַרויסשניידן די ערשטע ליכט־שפּיצן, האָט דער דעזשורנע אונדז דערציילט, אַז אַן אויסשפּיר־רייטער איז אינמיטן דער נאַכט צוגעריטן צו אונדזער לאַגער און געהייסן, אַז מיר זאָלן זיך גלייך פאַרנעמען אַף צוריק, ווייל מיר האָבן, דער טייוול ווייסט ווי אַזוי, אַרונטערגעבלאָנדזשעט פונעם וועג און זענען אַריינגעקראָכן אין סאַמע מיטן פון דער פּאָזי־ציע, צווישן אונדזערע און די טערקישע פראָנט־ליניעס.

מיר זענען געגאַנגען באַרג־אַרונטער און, באַצאַאַרטע, געקוקט איינער אַפן צווייטן, ניט קאָנענדיק באַגרייפן ווי אַזוי דאָס איז גע־שען. דערצו נאָך האָט דער דעזשורנע אונדז צוגעזאָלצן מיט זיין דערקלערונג, אַז ווען ניט דער רייטער און טיילוויז אויך ער, וואָלטן מיר שוין איצט אַוואַדע געווען מאַרשירט אונטער אַ טערקישער וואַך, ערגעץ אין אַ ווייטן טערקישן דאָרף, ווי קריגס געפאַנגענע...

*****

**שעמעוודיק** האָט דער פרימאָרגן זיך געגרויסלט אַפן הימל, ווען מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען צו אַ פלאַכן פלאַץ, נידעריק אַפן באַרג. צוביסלעך האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט אַ דאָרף, וואָס איז געלעגן ברייט צעשפּרייט אין סאַמע טאָל, ווייט אונטן, צווישן די בערג.

מיט פרייד האָבן מיר זיך אַ לאָז אַרונטער געטאָן אַהינצו. באַם סאַמע אַריינגאַנג צום דאָרף האָבן מיר, קימאַט אונטער אונדזערע פיס, דערזען עטלעכע מאָדנע וואַסער־קוואַלן, וואָס האָבן געזאָטן און זיך געבלעזלט אין דער קופּער־קאָלירטער ערד. מיר האָבן זיך אָפּ־געשטעלט, באַטראַכט די דאָזיקע קוואַלן און אַפילע מוירע געהאַט זיך צורירן צום מאָדנעם וואַסער. טשעריאַק, אָבער, האָט יאָ ריזיקירט. ער האָט זיך אַרונטערגעבויגן צו איינעם פון די קוואַלן, אָנגענומען

אַביסל וואַסער אין די הענט און אַ זופּ געטאָן דערפון. באַלד האָט ער, אַ שיינענדיקער, אונדז איבערגעגעבן, אַז דאָס וואַסער איז דאַווקע אַזאַ געשמאַקער, מעכאַיעדיק-דערפרישנדיקער און קאַלטער טרונק, ווי פּאַרטיקע סאָדע-וואַסער. זשעדנע האָבן זיך דאַן אַלע אַרונטערגעלאָזט אף די קניען און — ווי די שעפּסן — געזשליאָקעט דאָס וואַסער גלייך פון די קוואַלן אַרויס.

דער אַדיוטאַנט — זעענדיק, ווי מיר האָבן זיך עס אַזוי שטאַרק צוגעכאַפּט דערצו — האָט געהייסן אָנשעפּן פאַר זיך אַביסל וואַסער אין אַ קעסעלע און — אַזוי ווי ער האָט עס נאָר פאַרזוכט — מיט אַ היסלייווועסדיקער שטימע אַ זאָג געטאָן צום אָבאָז-נאַטשאַלניק:

— סטעפּאַן וואַסיליטש, זעט נאָר, איך בעט אייך, דאָס איז דאָך „נאַרזאַן"!... עמעסער, היילבאַרער „נאַרזאַן"!...

דערהערט, אַז דאָס איז אַ היילבאַר וואַסער, האָבן מיר זיך ערשט צוגעכאַפּט צום טרינקען, אָנגעפּילט אונדזערע וואַסער-פּליאַגעס מיטן „נאַרזאַן" און פריילעכע זיך אַרונטערגעלאָזט אין דאָרף אַריין.

דאָס דאָרף איז געווען נישקאָשעדיק גרויס. כוץ די קליינינקע ערד-הייזלעך, וואָס זענען דאָרט — ווי אין אַלע אַנדערע טערקישע דערפלעך, וועלכע מיר האָבן שוין באַוויזן פאַרבייצוגיין — געלעגן איינגעגעבורעט צוזאַמען נידעריק צו דער ערד, זענען אין דעם דאָזיקן דאָרף אויך געשטאַנען עטלעכע באַזונדערע גרעסערע הייזער, מיט געפאַרבטע בלעכענע דעכער און מיט געגלאָזטע פענצטער, וואָס האָבן געפינקלט מיט פלאַמיקע שטיקער פייער, אָפּגעשפּיגלטע קעגן דעם פרישן, יונגן זון-אויפגאַנג.

אַרום איז שטיל געווען. מען האָט קיינעם ניט געזען און ניט געהערט. בלויז ערגעץ אינדערווייט, אין דעם צווייטן עק דאָרף, האָט עפּעס אַן איינזאַם-פאַרלאָזענער הונט טרויעריק געוואָיעט, פּונקט ווי ער וואָלט גערופן זיינע באַלעבאַטים, וואָס האָבן — בעאייסן אַנטלויפן אין איילעניש — אים אַוואַדע פאַרגעסן מיטצונעמען מיט זיך.

דער אַדיוטאַנט האָט אונדז געהייסן אַרונטערנעמען פון די אָבאָז-וועגעלעך אונדזערע שינעלן מיט די אינסטרומענטן און אויפזוכן אַ פּלאַץ אף איינצוואָרדענען זיך. געזאָגט האָט ער, אַז ער אַליין וועט אָפּרייסן ווייטער, צום שטאַב, און אַז מיר וועלן דאַרפן פאַרבלייבן דאָ, אינעם דאָרף, ביז מען וועט שיקן נאָך אונדז.

די אָפיצירן האָבן זיך אויסגעצויגן אף דער וואַרעמער ערד און באַפוילן די דענשטשיקעס צו דערלאַנגען טיי מיט פאַרבייסן. דערווייל האָט דער אַדיוטאַנט זיך דורכגערעדט מיט דעם אָבאָז-נאַטשאַלניק און

יענער האָט באַפוילן די אָבאָז־לייט, אַז זיי זאָלן זיך גלייך נעמען אָנקאָרמען די פערד און זיך הינטער זיי פאַרנעמען מיטן אָבאָז צום שטאַב. פאַרטיק געוואָרן מיט דער טיי און מיטן איבערבייס, האָבן זיי אַלע דריי — דער אַדיוטאַנט, דער אָבאָז־נאַטשאַלניק און סאַוואָראָף, — זיך צוריק אויפגעזעצט אויף די פערד און — גאַלאָפּירנדיק — זיך אַ לאָז געטאָן אין וועג אַריין.

פאַרן אָפּפאָרן האָט דער עלטסטער פון אָבאָז אונדז אַרויסגעגעבן עטלעכע גרויסע ברויטן, אַביסל סוכאַרעס, עטלעכע פונט צוקער און צו עטלעכע געפּרעסטע טיי־ציגעלעך פאַר יעדן. באַלד באַכדעם האָבן זיך די אָבאָזניקעס פאַרנומען און אויך אַוועקגעפאָרן. זיי האָבן אַפילע מיטגענומען מיט זיך אונדזער קיך־וואָגן און בלויז איבערגעלאָזט אונדזער קוכער אַראַמיאַנצן מיט אונדז. עס האָט אויסגעזען, אַז איבער דער צייט וואָס מיר וועלן דאַרפן פאַרבלייבן איבעט דאָרף דאָ, וועלן מיר זיך אַליין דאַרפן פאַרזאָרגן מיט שפּייז.

מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבערן דאָרף, אויסצוזוכן עפּעס אַ גוט פּלאַץ, וואו מיר אַלע זאָלן זיך קאָנען צוזאַמען איינאָרדנען. געפונען האָבן מיר עפּעס אַ פּאַלאַצל, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו האָבן געוועזן אַ רייכן עפּענדיס אַ האַרעם־הויז. פּאָרזיכטיקע און, טיילווייז אויך אינטריגירטע, זענען מיר אַריין אין די האַלב־טונקעלע לאַבירינט־קאָרידאָרן און ענדלעך אַריינגעקומען אין הויז אַריין.

דאָס הויפּט־צימער איז געווען גרויס און הויך. קיילעכיקע און אָוואַלע פענצטער פון קאָלירטן, אָרנאַמענטירטן גלאָז, האָבן דאָס דאָזיקע צימער אָנגעפילט מיט באַפאַרבטע זון־שטראַלן און עס איינגעהילט אין אַ מאָדנער עקזאָטיש־רואיקער סוידעסדיקייט. די ווענט זענען געווען באַצירט מיט מעשענע קאַנדעליאַברעס און באַפּוצט מיט בראָנזענע פיגורלעך. דער דיל — אַ געפליאַסטערטער פון פיר־עקיקע, קאָלירטע קאַכליע־פּלאַטן — האָט געוואָרפן פון זיך מיט גלאַנצנדיקע פאַרבן און אויסטערלישע אוזאָרן. אינמיטן צימער איז געשטאַנען אַ ווייסע מאַרמל־סטאַטוע פון אַ נאַקעטער, טאַנצנדיקער מיידל, אין אַ גראַציעזער פּאָזע און מיט אַן אָפן מויל. ווי עס האָט אויסגעזען, איז דאָס אַוואַדע געווען אַזאַ פאָנטאַן און דורך דעם אָפענעם מויל פון דער פיגור האָט זיך מיסטאָמע אַמאָל געגאָסן פרישע טרונק־וואַסער, וואָס איז אַרונטערגערונען אין דער ברייטער מאַרמלנער שיסל, גלייך אונטער דער פיגורס פיס. אַרום די ווענט זענען געווען אַזעלכע מאָדנע געמויערטע לעזשאַנקעס פון קאָלירטן ליים, און אויסגעזען ווי באַרעס — ספּעציעל צוגעגרייטע טאַקע פאַר אונדזערטוועגן אויף צום

אַוועקלייגן זיך און אויסרוען אונדזערע מידע גלידער.

מיר האָבן טאַקע גלייך אַרונטערגעוואָרפן די זאַכן פון זיך און אַלע ווי איינער זיך אויסגעצויגן אױף די לעזשאַנקעס. בלויז איין גרישונין האָט זיך ניט צוגעלייגט. ער האָט בלויז פאַרנומען אַ פּלאַץ פאַר זיך, אַוועקגעלייגט זיינע זאַכן דערויף און אַליין זיך גאָר גענומען אַרומדרייען איבערן גרויסן צימער. מיט ברייט-צעעפנטע אויגן האָט ער באַטראַכט די ווענט מיט די צאַצקעס, אַרומגעטאַפּט די סטאַטוע און זיך מאַמעש ניט געקאָנט אָפּוואונדערן:

— אָט אַ לעבן! — האָט ער פּאַטעטיש אויסגעשריגן, — דאָ, אין טערקיי, האָבן זיך, זעט אויס, אויך געפונען אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן גאַנץ נישקאָשעדיק געלעבט! זעט נאָר אינמיסטן אַ רייכקייט, טייזואָלים פאַרשאָלטענע!...אָט, אַפילו וואַסער איז זיי דאָך געגאַנגען גלייך אין די פּיסקעס אַריין!...

— און איך האָב געמיינט, אַז טערקיי איז אַן אָרעם לאַנד! — האָט אַרטיאָמאָוו צעפּיעסטשעט אַ זאָג געטאָן, — אַבי מען האָט געזאָגט, אַז אומעטום זענען פאַראַן בלויז איינגעפאַלענע ערד-הייזלעך, אָן פענצטער, און דאָ, מיטאַמאָל גאָר... ווי זשע איז עס מעגלעך?...

דאַווידאָוו האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט:

— הערסט אַ מאַיסע: אָט, טאַקע דערפאַר, וואָס עס איז פאַראַן אַזאַ גרויסע אָרעמקייט אין טערקיי, — האָט ער גענומען דערקלערן, — קאָן ערשט געמאָלט זיין, אַז עס זאָל זיין אַזאַ אַשירעס... יאָ-יאָ, קאָל זמאַן עס זענען דאָ אַזעלכע, וואָס מוזן האָרעווען פאַר יענעם פאַר הונגער-סכירעס; בויען הייזער פאַר אַנדערע און אַליין מוזן זיי וואוינען אין פינצטערע גריבער; און דערהויפּט: קאָל-זמאַן אָט די דאָזיקע אָרימעלייט וועלן שווייגן, — וועט דאָס-אָ מעגלעך זיין!...

גרישונין האָט ביטער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— זעט אויס, אַז אַזוי איז עס איבער דער גאַנצער וועלט...

— יאָ, — האָט דאַווידאָוו אין זעלבן טאָן צוגעגעבן, — אַזוי וועט עס זיין, ווי לאַנג די פאַרשקלאַפטע וועלן שווייגן און דולדן...

גרישונין האָט ווידער געקוקט אױף דער סטאַטוע, זי געבויער באַטראַכט פון אַלע זייטן און גענומען זוכן דעם שליסל צום אָפּגע-שטעלטן פאָנטאַן, קעדיי צו לאָזן לויפן דעם וואַסער-שטראָם... ער האָט געבישטערט אַרום און אַרום, געטאַפּט, געקלאַפּט, אָבער... אַלץ גאָרניט ניט געקאָנט געפינען. אַ פאַרדראָסיקער האָט ער זיך דאַן אַרונטערגעזעצט אױף דער ערד, לעבן דעם פאָנטאַן, אויסגעריסן מיט זיין טעסאַק עטלעכע קאַכליע-פּלאַטן און גענומען גראָבן אין דער

ערד, אין האָפנונג צו געפינען עפּעס אַ פאַרגראָבענע רער. דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן און ער האָט גאָרניט אויסגעפונען. ער האָט דאַן, אַ בייזער, אַ ברום געטאָן:

— נו, אויסוואורפן אַזעלכע!... ווי זיי האָבן עס באַהאַלטן דאָס וואַסער, צו אַלדע טייוול!... עס איז דאָך אָבער ניט מעגלעך, זיי זאָלן עס האָבן מיטגענומען מיט זיך!...

און באַלד טאַקע צוגעגעבן:

— איך וועל אָבער ניט אָפּטרעטן. איך וועל זוכן, ביז...

טשעריאַק איז געלעגן האַלב־זיצנדיק אַף דער נאַרע, קעגן אים. ער האָט געהאַלטן די הענט אונטערגעשפּאַרט אונטערן קאָפּ, געקוקט ווי גרישונין אַרבעט און, אַף זיין שטייגער, זיך געכאָכמעט:

— זוך־זוך, גרישונין ברודער! זוך גוט!...עפּשער וועסטו ווי ניט איז געפינען עפּעס אַ טערקישע קראַסאַוויצע אויך!...

גרישונין האָט זיך פלעגמאַטיש אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ און ווי אין פאַרלעגנהייט אָפּגעענטפערט:

— וואָס זשע מיינסטו, מאָלדאַוואַן, איך וועל עפּשער ניט קאָנען פאַרדייען אַזאַ מעציע?...

— זאָג איך דאָך דאָס טאַקע, אַז זאָלסט גוט אַ זוך טאָן, — האָט טשעריאַק ווייטער געלאַכט, — און אַז מען זוכט — געפינט מען...

צו אונדז האָט ער אַ וואונק געטאָן מיט די אויגן:

— איך וועל גאָרניט זיין איבעראַשט, אויב גרישונין וועט דאָ, אפן פּראָנט, זיך נאָך פאַרליבן אין עפּעס אַ סולטאַנס אַ ווייבל און טאַקע כאַסענע האָבן מיט איר...

אַלע האָבן זיך צעלאַכט. גרישונין האָט ענדלעך אויפגעהערט צו גראָבן, זיך אויפגעשטעלט און בייז אַ זעץ געטאָן מיטן טעסאַק איבער דער סטאַטועס קערפּער, אַזש פונקען זענען זיך צעפלויגן...

דאַווידאָוו האָט אַ קוק געטאָן אַף אים און בייז פאַרגעוואָרפן:

— אַזוי דאַרף מען ניט טאָן, גרישונין!... מען טאָר ניט גלאַט נעמען און שעדיקן!...ס'איז דאָך אַ שיינע זאַך און...

— וואָס זשע אַרט עס דיך, אַז דער רייכער טערק, ווען ער וועט צוריקקומען, וועט ניט האָבן די שיינע זאַך? — האָט גרישונין אים אַ פאַרכידעשטער אָנגעקוקט און זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

— אָבער דערווייל זענען מיר דאָך דאָ! — האָט דאַווידאָוו ערנסט אָפּגעענטפערט, — אַ כוץ דעם, קאָן דאָך זיין, אַז עס וועט נאָך ווען עס איז געהערן צו די אָרעמע טערקן, צום גאַנצן פאָלק...

— ער איז בייז דערפאַר, וואָס זי איז ניט קיין לעבעדיקע! —

האָט טשעריאַק ווידער שפּאַסיק צוגעוואָרפן. — זעסטו, ווען זי וואָלט געווען אַ לעבעדיקע, וואָלט ער זיך שוין זיכער אַזוי גראָב מיט איר ניט באַנומען און דו וואָלסט אים פאַרשפּאַרט מוסער זאָגן...

גרישונין האָט בייז אַ וואָרף געטאָן דעם טעסאַק אף דער ערד און שאַרף אַ זאָג געטאָן צו טשעריאַקן:

— ביסט אַ מיעסער יונג! מיינסט, אַז אַלע טראַכטן מיט דיינע געדאַנקען!...

ער איז אַוועק אין אַ זייט און זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט לעבן צוויי היפּשע, הילצערנע טירלעך, וואָס זענען געווען איינגעמויערט אין דער וואַנט. ער האָט זיי פּראָבירט עפענען, אָבער זיי זענען געווען אַזוי פעסט פאַרהאַקט, אַז ער האָט זיי מיט די הוילע הענט ניט געקאָנט עפענען. ער האָט ווידער אַ כאַפּ געטאָן דעם טעסאַק, גענומען דערמיט רייסן די טירלעך און דערביי געמורמלט:

— צום טייוול!... ווי פעסט זיי האָבן דאָס פאַרהאַקט!... עפּעס נאָר ווי דאָרט וואָלט געווען, כ׳ווייס...

— אַ באַהאַלטענע מויד! — איז טשעריאַק שפּאַסיק אַריינגעפאַלן אין די רייד.

גרישונין האָט זיך געמאַכט ניט-הערנדיק און ווייטער געהאַקט מיטן טעסאַק איבערן שלאָס און די זאַוויאַסעס פון די טירלעך. עט-לעכע יאַטן האָבן זיך אויפגעהויבן פונעם געלעגער, אַרומגעשטעלט זיך און זיך צוגעקוקט ווי ער האָרעוועט. מען האָט זיך געוויצלט:

— היט זיך פונדעסטוועגן! — האָט אימיצער אַ וואָרף געטאָן, — עס קאָן נאָך אַמאָל פון אינעווייניק אַרויסשפּרינגען אַ טערק מיט אַ קאַנאָן, אָדער אַ פולעמיאָט!...

— און עפּשער גאָר אַ גאַנצע אַרטילעריע! — האָט קאַטאַיעוו — אויך אַזוי שפּאַסיק — אונטערגעכאַפּט.

גרישונין — אויפגערעגט פון די צוגעוואָרפענע ווערטלעך — האָט מיטן גאַנצן קויעך ז׳ ריס געטאָן די טירלעך און זיי טאַקע צעעפנט, באַווייזנדיק אַ ריזיקע וואַנט-שאַפע. עמעצער האָט אַ זעץ געטאָן:

— בום!... היט זיך!... אַ קאַנאָן גייט אויסשיסן!...

קאַטאַיעוו, דער פלינקסטער פון קאָמאַנדע, איז אַריינגעקראָכן אין שאַפע אַריין און פון דאָרט גענומען אַרויסוואַרפן אַ צאָל קיילעכיקע טערקישע קישנס, קאָלדרעס און טעפּיכער. מיר האָבן זיך מאַמעש אַלע אַרויפגעוואָרפן אף די דאָזיקע מעציעס און זיך אויסגעבעט געלעגערס פון זיי אף די האַרטע, טרוקענע נאַרעס. קאַטאַיעוו האָט אַלץ אַרומ-שפּאַצירט אין דער שאַפע און פון דאָרטן אַרויסגעשריגן צו אונדז:

— און איך וועל שלאָפן אינעווייניק! דאָ, זאָג איך אייך, איז דאָך אַן עמעס־באַקוועמער שלאָף־צימער, ערן וואָרט!...

אַראַמיאַנץ, אונדזער קוכער, דער „האַלב־טערק״ — ווי מיר האָבן אים אין שפּאַס גערופן, ווייל ער האָט זיך טאָמיד באַרימט מיט זיין קענען רעדן טערקיש, — איז צוגעקומען. מאַיסע אַטאָריטעט האָט ער אין זיין געבראָכענעם רוסיש אונדז געהיימניספול דערקלערט, אַז די שאַפע איז טאַקע געווען דעם עפענדיס אַזאַ שלאָף־צימער און אַז...

— דיינס געפאַרשטייסט, — האָט ער סוידעסדיק אַ זאָג געטאָן צו אונדז, — אַהערצו דער עפענדי גענעמט אף ביינאַכט יענעם ווייבל, וואָס זיינס געקלויבט זיך צווישן די אַנדערע ווייבס זיינס...

דערביי האָט ער, אַראַמיאַנץ, געמאַכט מאַדנע קאָמישע טנועס. ער האָט געקנייטשט מיטן שוואַרץ־באַבערדלטן פּאָנים, געדרייט מיט זיין קערפּער און כיכיקעט. זיין געבראָכענע שפּראַך און די מאָדנע האַ־וואַיעס האָבן אַרויסגערופן גרויס געלעכטער אין קאָמאַנדע. אַלע האָבן געלאַכט. טשעריאַק האָט מיט געמאַכטן ערנסט אַ זאָג געטאָן:

— אויב אַזוי, קאָן דאָך טאַקע געמאָלט זיין, אַז דאָרט זאָל זיך יאָ האָבן פאַרוואַלגערט עפּעס אַ טערקישע קראַסאַוויצע...

צו קאַטאַיעוון האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן אין זעלבן טאָן:

— טו זשע טאַקע אַ גוטן זוך, פריינטעלע, עפּשער וועסטו דאָרט פאַר איין וועג אויך געפינען עפּעס פאַר מיינעטוועגן...

— וואַנצן פאַרפוילטע וועט איר דאָרט געפינען! — האָט שוין דאַווידאָוו, מיט אַ טאָן פון איבערדריסיקייט ביי פאָרגעוואָרפן. — נו, האָט איר כאָטש געזען מיט וואָס דערוואַקסענע מענטשן האָבן זיך דאָס געפונען צו פאַרנעמען?... אידיאָטן, פון איינרעדענישן איז נאָך ביז איצט קיינער ניט געהאָלפן געוואָרן!...

קאַטאַיעוו איז אַ פאַרשעמטער אַרויס פון שאַפע. ער האָט הינטער זיך פאַרמאַכט די טירלעך און זיך שטיל צוריק אַוועקגעלייגט אף זיין פּלאַץ. אין קאָמאַנדע איז איבגאַנצן שטיל געוואָרן...

*****

**נאָכדעם** ווי די קאָמאַנדע האָט זיך שוין געהאַט אַביסל אָפּגערוט, האָט מען זיך, נאַטירלעך, דערמאַנט וועגן עסן. דאָס אַלטגעבאַקענע שוואַרצע ברויט, וואָס מען האָט אונדז גע־האַט איבערגעלאָזט, האָט קיין צו גרויסן אַפּעטיט ניט אַרויסגערופן צו זיך. סטעפּאַקין האָט פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל פּרובירן אַ זוך טאָן

איבערן דאָרף, עפּשער וועט געלינגען צו געפינען עפּעס גוטע שפּייז־פּראָדוקטן. דאָס איז אַלעמען געפעלן געוואָרן.

ער האָט גלייך אויסגעטיילט עטלעכע גרופּעס און זיי צעשיקט אין פאַרשידענע ריכטונגען. יענע גרופּע, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען, איז אַוועק אַזש צום סאַמע צווייטן עק דאָרף. מיר זענען געקראָכן דורך לאַנגע, פינצטערע, לאַבירינט־קאָרידאָרלעך, האָבן גענישטערט אין קליינע, נידעריקע און מיט ערד־געדעקטע פּויערישע הייזלעך, און מיטאַמאָל געפונען אין אַ זייטיקער, פינצטערער קאַמער אַ גרויסע הילצערנע זאַטעקע מיט מעל.

איינער פון דער גרופּע האָט פאַרזוכט דאָס מעל אויף די ליפּן און מיט פריידיקער צופרידנקייט אויסגעשריגן:

— אָהאָ, יאַטעלעך, וואָס־וואָס, אָבער מיט גוטן, ווייסן ברויט, וועלן מיר שוין, זעט אויס, זיין באַוואָרנט אויף אַ גאַנץ יאָר!... איצט איז נאָר אַ פראַגע ווי מיר וועלן דאָס אַריבערטראָגן צו זיך...

דאָס איז אָבער ביי אונדז שוין גאָר קיין פּראָבלעם ניט געווען. צוויי יאַטן האָבן גלייך אַרונטערגעשלעפּט פון זיך זייערע אויבערשטע באַקי־העמדלעך און זיי אויסגעטרייסלט, אַז עס זאָל אין זיי אַמאָל גאָרניט פאַרבלייבן. די אַרבל האָט מען פאַרקנופּט מיט קנופּן, דאָס אָפענע פּלאַץ פונעם האַלדז — פאַרבונדן מיט עפּעס אַ שטריקל און אָנגעשאָטן דאָס מעל אין זיי, אַזוי ווי אין זעק אַריין. די דאָזיקע זעק האָבן מיר אַ כאַפּ געטאָן אויף די פּלייצעס און אינדערגיך זיך אַ לאָז געטאָן דערמיט צוריק צו דער קאָמאַנדע.

דער ערשטער איז צוגעלאָפן אונדזער טראָמבאָן־שפּילער, דער פּאָליאַק סאַוויצקי, וואָס איז געווען אַ בעקער פון דער היים. געווען איז ער אַ גראָבער און אָנגעגאָסענער און, בעאייסן גיין, זיך גע־קאַטשעט ווי אַ פעסל אויף זיינע קורצע, גראָבע פיס. אינדערגיך האָט ער, מאַיסע מיוון, אַ טאַפּ געטאָן דאָס געבראַכטע מעל, אַ לעק געטאָן דערצו מיט דער צונג און היסלייוועסדיק אויסגערופן:

— אָהאָ, דאָס איז שוין איינמאָל גוטע מעל, אויף מיין ערן וואָרט! „פּיערשי סאָרט, יאַק באָגאַ שוויענטעגאָ קאָכאַם!...״ *)

און ניט פרעגנדיק באַ קיינעם, האָט ער גלייך אַ כאַפּ געטאָן עפּעס אַ שוואַרצע, קיילעכדיק־אויסגעשטופּטע, אָבער שוין טיילווייז־צוגעזשאַווערטע בלעך, וואָס האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אויף דער ערד, זי אַ וויש אַרום געטאָן מיטן אַרבל פון זיין העמדל און זיך גענומען אַרויפשיטן דערויף אַביסל פונעם געבראַכטן מעל.

*) ערשטער סאָרט, ווי גאָט איז מיר ליב.

אַראַמיאַנץ האָט אים אָבער גלייך אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט און, ווי אָן אַן אָטעם, אַ פרעג געטאָן:

— העי, דו, נעשאָמע מיינס, וואָס דיינס גייסטער טאָן דערפון?

יענער האָט אַ ריס געטאָן זיין אַרבל פון אַראַמיאַנצס האַנט און זיך גענומען בייזערן:

— וואָס מיינסטו, וואָס איך גיי טאָן?.. זעסט דען ניט, אַז איך גיי פאַרקנעטן ברויט?...

אַראַמיאַנץ האָט זיך גענומען רייסן מיט אים. געזאָגט, אַז דאָס, וואָס ער איז אַ בעקער פונדערהיים, מיינט נאָך גאָרניט און אַז...

— דאָ, נעשאָמע מיינס,— האָט ער געטיינעט מיט אים, — מען דאַרף ניט בלויז געוואוסט האָבן ווי מען צו באַקן ברויט, נאָר אויך ווי אַזוי צוגעקנעט דעם טייג מען דאַרף... דאָ מען געדאַרפט מאַכסטער אַן אַנדער סאָרט טייג אַפילע...

סאַוויצקי האָט זיך צעלאַכט:

— דערצייל עס דעם הייליקן גריגאָרי דיינעם, „געזאַלצענער!” וואָס הייסט, מען דאַרף מאַכן אַן אַנדער סאָרט טייג?... די גאַנצע וועלט באַקט ברויט אף איין וועג!...וואָס דרייסטו אַ היטל?...

אַראַמיאַנץ האָט פאַרלייגט די הענט אף די באָקעס און מיט אַ מין קאַלטן ניצאָכן אַ רייץ געטאָן:

— נו, און אַ טערקיש באַק-אויוון דיינס שוין געזען אַמאָל?...

סאַוויצקי האָט אין פאַרלעגנהייט געהויבן מיט די אַקסלען:

— אַ שיינע געשיכטע, יאַק באָגאַ קאָכאַם!...וואָסער כילעק איז דען פון אַ טערקישן באַק-אויוון און ניט קיין טערקישן?...הער, אַן אויוון איז אַן אויוון, פשאַ-קרעוו!...

— כי-כי-כי,— האָט אַראַמיאַנץ געלאַכט און זיך אויסגעדרייט צו אונדז, — זיינס אַוואַדע גוט בעקער געמוזט האָבן געווען!... אָ, זיינס נאָך אַפילע קיין טערקיש באַק-אויוון ניט געזעסטער קיינמאָל!...

ער האָט מאַמזעריש אַ וואונק געטאָן מיט די אויגן, זיך גענומען קראַצן אונטערן בערדל און מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן צו אונדז:

— קום אַלע!... מיינס אינמיסטן דיינס עפעס געווייזן וועט!...

מיר, פאַראינטריגירטע, זענען אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט אונדז אַרייַנגעפירט אין אַ דערבייאיקן, גאַנץ נידעריקן הייזל.

ערגעץ אין אַ פינצטערער קאַמער האָט ער געעפנט אַ שמאָלע, נידעריקע טיר און אונדז אַהין אַריינגעלאָזט. דאָרט איז געווען שטאָק פינצטער. באַם אַריינקומען האָט אין די אויגן אַ זעץ געטאָן אַזאַ געדיכטע שטיקעניש — נאָר אַוועקצופאַלן. קיין פענצטער זענען אויך

דאָ — ווי אין ס׳ראָוו טערקישע שטיבער — ניט געווען. דאָס ביסל לופט און ליכט, וואָס איז דאָ יאָ אַריינגעפאַלן, איז געקומען דורכן פיר־עקיקן לאָך, וואָס איז — ווי אין אַלע הײזלעך — ספּעציעל ניט פאַרבויט געוואָרן אינעם הילצערנעם קלעצער־באַלקן. אַראַמיאַנץ האָט אונדז געזאָגט, אַז דער דאָזיקער לאָך — כּרוץ וואָס ער איז פאַר לופט און באַלײַכטונג — איז אויך אַ קוימען, דורך וועלכן עס גייט אַרויס דער רויך, בעאייסן באַקן אינעם אויוון, וואָס געפינט זיך אין דער ערד, טאַקע גלייך אונטער דעם דאָזיקן לאָך:

— היט זיך, נעשאָמע מיינס! — האָט ער מיטאַמאָל אַ געשריי געטאָן און דערביי אָנגעוויזן צו דער ערד, לעבן אונדזערע פיס, — אָט איז טאַקע טערקיש באַק־אויוון!...

מיר האָבן אַ קוק געטאָן אויף דער ערד, וואו ער האָט אָנגעוויזן, און דערזען אין סאַמע מיטן פון דער קאַמער, און פונקט אונטער דעם אָפענעם לאָך אין באַלקן, אַ טיפן קײַלעכדיקן גרוב, מיט זייטן פון רויטן איבערגעבּרענטן ליים, וואָס האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ גרויסע, פאַרצייטיקע וואַסער־קרוג, אײַנגעגראָבן אין דער ערד. אין דער הויך, בײַ דער עפענונג — שמאָל, און באַם דנאָ, אונטן — ברייט.

מיר האָבן געקוקט דערויף מיט פאַרכידעשטע בליקן. אַראַמיאַנץ איז געשטאַנען ווי אַ זיגער און געלאַכט:

— נו, וואָס דײַנס געזאָגסטו איצט, בעקער מיינס? — האָט ער זיך געריצט מיט סאַוויצקין. — אָט איז די טערקיש באַק־אויוון!...

סאַוויצקי האָט זיך אַרונטערגעבויגן. ער האָט געריבן שוועבעלעך און מיט אומגלויבן געקוקט אין דאָזיקן גרוב אַריין:

— ווי אַזוי זשע פאַררוקט מען דאָס ברויט אַהער? — האָט ער אַ פאַרלוירענער און פאַרשעמטער געשטאַמלט.

אַראַמיאַנץ האָט געלאַכט מיט אַ פול מויל:

— כי־כי־כי, דאָס איז וואָס מיינס האָסט געזאָגט פריער!...דאָ, נעשאָמע מיינס, פאַררוקט מען ניט דעם טייג. דאָ מען נעמט און מען געקלעפּט עס צום ווענטל און... דײַנס געפאַרשטייסט שוין איצט?

אַלע האָבן געקוקט אויף די ביידן און געשוויגן. לעכאַטכילע האָט מען אַפילו גערעכנט, אַז אַראַמיאַנץ מאַכט שפּאַס. ער האָט, אַפּאָנים, דערקאָנט אונדזערע ספּייקעס און זיך גענומען קאָכן:

— „יעי באָך" מיינס ניט אָפּגענאַרט. דײַנס בלויז געוואַרט צו אַביסל און מיינס וועט אַלץ געווייזן וועט...

סאַוויצקי האָט זיך נאָך אַלץ געשפּאַרט. ער האָט געדראָעט מיט אַ פינגער צו אַראַמיאַנצן:

— הער נאָר אויס, דו „געזאַלצענער״, דו ווילסט דאָ עפּעס אָפּשפּילן אַ שפּיצל מיט אונדז, צי וואָס?...

דאַווידאָוו איז שוין בייז געוואָרן און זיך אַריינגעמישט:

— הערט זיך אויף צו קריגן, יאַטן. ווער פון אייך עס ווייסט בעסער — דער זאָל באַקן... און דו, — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו סאַוויצקין, — שפּאָר זיך ניט בעכינעם! פאַרבייג דיין ביסל פּאַנסקע האָנאָר און בריקע זיך ניט!...

סאַוויצקי האָט זיך אָבער נאָך אַלץ ניט געוואָלט אונטערגעבן... ווי אַ טרינקענדיקער — אין אַ שטרוי — אַזוי האָט ער זיך אַ כאַפּ אָן געטאָן אינעם לעצטן פּרוואוו:

— גוט. מעגלעך, אַז אַראַמיאַנץ איז טאַקע גערעכט וועגן באַקן. אָבער וואָס שייך וועגן דעם פאַרקנעטן — אָ, דאָס קאָן ער מיר שוין ניט זאָגן. איך בין אַ בעקער פון זיבנט אַכט יאָר און...

דאָסמאָל איז שוין גרישוגין צוגעשפּרונגען אַ צעקאָכטער. ער האָט פּאָשעט אַ כאַפּ געטאָן סאַוויצקין באַ דער האַנט, זי געטרייסלט צוזאַמען מיט סאַוויצקין און מיט דער אַנדערער האַנט געדראָעט:

— הער נאָר, דו „יעשטשע פּאָלסקעגאָ״, — האָט ער געשריגן צו אים, — וועסט אַמאָל איינבעמען אַ פּאָרציע שטומעניש, צי ניט, דו פּוילישע פליאַקע?!... אָדער איך...

סאַוויצקי איז ענדלעך אָפּגעטראָטן. אַראַמיאַנץ האָט געשמייכלט און זיין שוואַרץ פּאָנים האָט געלויכטן פון זיג. מען האָט גלייך אַריינגעבראַכט דאָס מעל און אַריינגעטראָגן וואַסער. אַראַמיאַנץ האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַרבעטן און זיך גענומען אַרומשאַפן מיט יעדן. איבערהויפּט איז ער דערגאַנגען די יאָרן סאַוויצקין. דאָ האָט ער אים געהייסן ברענגען פרישע וואַסער, דאָ — האָלץ אָדער שפּענער, אָדער גאָר גלאַט אַזוי באַפוילן צו טאָן עפּעס פאַר אים:

— דיינס בעסער געפאָלגט וואָס מיינס געהייסן טאָן. — האָט ער געשריגן צו אים. — דיינס קוק זיך צו, נעשאָמע מיינס, וועט דיינס זיך אויך אויסלערנען זיין דעם האָקוס־פּאָקוס!...

סאַוויצקי האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. ער האָט לויט אַראַמיאַנצס באַפעלן געוואָרפן אין אויוון אַריין שטיקלעך האָלץ און שפּענער, זיי אונטערגעצונדן און דערביי אונטערגעמורמלט:

— זעט איר, דאָ־אָ וועלן פריער האָר אַרויסוואַקסן, איידער ער וועט אין דעם־אָ טעפּל אָפּבאַקן אַפילו אַן איינציק ברויטל!...

מיר האָבן זיך דערווייל אַוועקגעזעצט אף דער ערד וואַרטן און זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט. דאָס פייער אינעם גרוב האָט פריילעך

געבערענט. עס האָט שטיפעריש-העל געקנאַקט און באַפּאַרבט אין רויטן דאָס גאַנצע שטיבל, צוזאַמען מיט אַלע אַרומזיצנדיקע. וואָלקנדלעך רויך האָבן זיך געהויבן אַרויפצו, צום לאָך, אינדערהויך.

אַראַמיאַנץ האָט געקנאָטן דאָס טייג מיט זיינע דיקע האָריקע הענט, דאָס אויסגעפּאַטשט מיט זיינע ברייטע דלאָניעס, געקנאַקט מיט זיינע פויסטן און דאָס צעפּלאַטשיקט אויף צעצויגענע, לאַנגע טייגלעך. שפּעטער צו, אַז דער אויוון איז שוין רעכט צעגליט געווען, האָט ער אַרויסגענומען די ביט-דערברענטע שטיקער האָלץ, אַ כאַפּ געטאָן אַ פּאַרטיקע טייגל און דאָס פּלינק אַ פּאַטש געטאָן צו דער זייט פונעם אויוון, אַז עס איז געבליבן הענגען ווי צוגענאָגלט.

אַזוי האָט ער פאַרוואָרפן אַרום אַ פופצן טייגלעך. דערנאָך האָט ער צוגעדעקט דאָס מויל פונעם גרוב-טאָפּ מיט דער קיילעכדיקער בלעך, אויף וועלכער ער האָט פריער דאָס טייג געקנאָטן, און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט פאַרשניצן אַ שפּיץ אויף אַ בוים-צווייגל.

מיר זענען אַלץ געזעסן אויסגעזעצט אַרום דעם אויוון און מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט, אַז דאָס ברויט זאָל פאַרטיק ווערן. די באַקן ביי אַלעמען — צעפלאַמטע — האָבן זיך געראָיטלט פון צעגליטן אַפּעטיט און פייער-שיין, וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורך די שפּאַרעס פון די איבערגעבליבענע צעגליטע קוילן. אינגיכן האָט זיך איבער דער קאַמער געגומען שפּרייטן אַ געשמאַקער רייצנדיקער גערוך פון פריש-באַקנדיקן ברויט, וואָס האָט אַזש אַפּעטיטלעך געקיצלט אין דעם גומען. מיטאַמאָל האָט אינעווייניק, אינעם אויוון, עפּעס אַ קלאַפּ געטאָן. מיר האָבן פאַרכידעשטע געקוקט אויף אַראַמיאַנצן.

— כי-כי-כי, — האָט ער זיך צעלאַכט, — וואָס דייגס אַלע זיך אַזוי דערשראָקן געוואָרן?!... דאָס גאָרניט איז געשען!... דאָס בלויז איין ברויטל געזאָגסט האָט, אַז עס פאַרטיק שוין איז געוואָרן...

ער האָט גענומען דאָס פאַרשפּיצטע צוויגל, פּלינק און לייכט אַ יאָג געטאָן דעם שפּיץ אינעם אַרונטערגעפאַלענעם ברויטל אַריין און דאָס פונקט אַזוי פּלינק אַרויסגעכאַפּט פונעם פייער:

— און אָט דאָס ערשטע טערקיש „טשורעק" *) איז! — האָט ער מיט ניצאָכן אַ געשריי געטאָן און גענומען אַרומטראָגן דאָס ברויטל, זיך צו באַווייזן דערמיט, אַקוראַט ווי ער וואָלט דאָ איינגענומען אַ טויזנט טערקן געפאַנגען. צו סאַוויצקין האָט ער אַ זאָג געטאָן: — נו, דייגס געזעסט שוין?... איצט דייגס קאָנסט אַלע זאָגן, אַז קאָנסט אויך שוין געבאַקט מאַכן טערקיש „טשורעק"!...

*) ברויט — אויף אַ צאָל קאַווקאַזער שפּראַכן.

די בּרויטלעך האָבּן זיך בּיסלעכווייז אָנגעהויבּן פאַרמער'ן און זענען ענדלעך אויסגעוואַקסן אין אַ קופּע. און כאָטש מיר אַלע האָבּן מאַמעש געכאַלעשט עסן, האָט דאָך קיינער פון אונדז זיך ניט צוגע־רירט צו די בּרויטלעך, בּיז...

אַלע גרופּעס, וועלכע האָבּן זיך אַרויסגעלאָזט איבּערן דאָרף צו זוכן שפּייז, זענען צוריקגעקומען. איין גרופּע האָט געבּראַכט מיט זיך אַ צאָל לעבּעדיקע פיש אין אַן אַלטן, האַלבּ־צעשאָטענעם קויש. די יאַטן האָבּן דערציילט, אַז דאָס האָבּן זיי אַזוי, מיט די הוילע הענט, אָנגעכאַפּט, שטייענדיק מיט די פיס איבּער די קני אין דעם טייכל. אַן אַנדערע גרופּע האָט געבּראַכט עטלעכע פולע זעק קאַרטאָפל. אַ דריטע — האָט געבּראַכט אַ צאָל אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבּן צוזאַמענגעקליבּן איבּער די פּוסטע שטיבּלעך... בּיי אונדז האָט זיך דעריבּער גלייך געשאַפן אַ זאָרג, ווי אַזוי צו בּאַוואָרענען, אַז אָט די אַלע שפּייז־פּראָדוקטן זאָלן אויפגעהאַלטן ווערן וואָס לענגער און ווי אַזוי זיי אָפּצוהיטן פון קאַליע ווערן...

*****

**אין דאָרף,** „טשערמוק־סר”, — ווי עס האָט געהייסן צוליבּ די זידנדיק־קאַלטע „נאַרזאַן”־וואַסער־קוואַלן,— זענען מיר געווען די איינציקע איינוואוינער. קיינער, אויסער אונדז, איז דאָרט ניט געווען. מיר האָבּן אַפילע קיין שום בּאַשטאַלסטווע איבּער זיך ניט געהאַט. גאַנצע טעג האָבּן מיר דעריבּער געהאַלטן אין איין איבּערנישטערן דאָס דאָרף, אין האָפנונג ווידער צו געפינען עפּעס.

און מיר האָבּן טאַקע געפונען. בּלויז אין איין טאָג האָבּן מיר דאָרט אומגעריכט געפונען אַזויפיל עסנוואַרג און אַנדערע זאַכן, אַז עס וואָלט געקאָנט סטייען פאַר דער קאָמאַנדע אף אַ גאַנץ יאָר. און געשען איז עס אַזוי:

יענעם טאָג האָבּן מיר זיך, ווי געווינטלעך, אַרויסגעלאָזט אף אַ בּאַזוך איבּערן דאָרף. מיר זענען געגאַנגען פון שטובּ צו שטוב, אָבּער אַלץ גאָרניט געפונען. אַנטוישטע האָבּן מיר זיך דאַן געקליבּן שוין אָוועקצוגיין צוריק אין אונדזער „האַרעם”־דירע. מיטאַמאָל, אָבּער, האָבּן טערמאַקאָוו און דוקעל,— וועלכע האָבּן טאָמיד געלעבּט צווישן זיך ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז — זיך צעווערטלט איבּער עפּעס און זיך גענומען וואַרפן איינער אפן צווייטן ווי צוויי העבּער. מיר זענען געשטאַנען, זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט צו זיי און זיך ניט

אַריינגעמישט. טערמאַקאָוו איז אַ שפּרונג געטאָן צו דוקלען, אים אַ דערלאַנג צו טאָן. באַם צוריקשפּרינגען מיט זיינע שווערע שטיול אף דער זאַמדיקער ערד, האָט זיך פונעם קלאַפּ דערהערט אַ טויבער און הוילער אָפּקלאַנג, אַזוי ווי פון אַ ליידיקן פאַס אַרויס.

דאָס קריגעריי האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט. אַלע זענען געבליבן שטיין פאַרכידעשטע. טערמאַקאָוו האָט בעקיוון נאָכאַמאָל אַ שפּרונג געטאָן אפן זעלביקן פּלאַץ און דער טעמפּער קלאַנג האָט זיך ווידער איבערגעכאַזערט. קלאָר איז געווען, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק. אין עטלעכע מינוטן אַרום זענען שוין אַ צאָל יאַטן געשטאַנען מיט די טעסאַקעס און לאָפּעטקעס און — פאַראינטריגירטע — געגראָבן. נאָכן אָפּגראָבן אַ פלאַכן פלאַסט ערד, האָבן זיך די קיילים מיטאַמאָל אָנגעשטויסן אין ברעטער. מיר האָבן דאַן אָפּגעריי ניקט אַ שטיקל פּלאַץ אַרום, אויפגעהויבן עטלעכע ברעטער און... פאַר די אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ טיפער, גרויסער קעלער — אָנגעפּאַקט מיט אַ מאַסע פּעק און קאַסטנס מיט פאַרשידענע סכוירעס און פּראָדוקטן.

קאַטאַיעוו איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער ערשטער זיך פלינק אַרונטערצולאָזן אַהינצו. נאָך אים זענען נאָכגעקראָכן נאָך עטלעכע יאַטן און באַלד האָבן זיי גענומען אַרויסדערלאַנגען פון אינעווייניק גאַנצע פּעק מיט טאַבאַק, שוועבעלעך, זייף און נאָך אַנדערע זאַכן. זיי האָבן אויך אַרויסדערלאַנגט קריגלעך מיט האָניק, שמאַלץ, קעז, פּוטער, זאַלץ און נאָך אַ מאַסע אַנדערע פּראָדוקטן. אַ טייל דערפון האָבן מיר גלייך אַריבערגעטראָגן צו זיך אין דער דירע און אפן איבעריקן — באַשטימט טערמאַקאָוון פאַר אויפזעער.

צען זאָרגלאָזע טעג זענען פאַרביי זינט מיר זענען אָנגעקומען אין דאָרף. איבער דער צייט האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַסט. מיר האָבן זיך געבאָדן אין די וואַרעמע זון-שטראַלן, גע-פּליעסקעט אונדזערע לייבער און געוואַשן אונדזער וועש אין פלאַכן, פליסיקן טייכל, וואָס האָט דורכגעשלענגלט דאָס דאָרף. די איבעריקע צייט האָבן מיר, ווי געוויינטלעך, פאַרבראַכט אָדער אין קאָרטן-שפּיל, אָדער אין דערציילן מאַיסעס איינער דעם צווייטן.

ביי אונדז אין דאָרף איז שטיל געווען. אַפּאָנים, אַז מיר זענען געווען זייער ווייט פון דער פּאָזיציע. עס האָט זיך ניט געהערט ביי אונדז קיין שיסעריי און מיר האָבן אַפילע ניט געוואוסט אין וועלכער ריכטונג דער פראָנט איז. בלויז צומאָל האָבן אין דאָרף צו אונדז פאַרבלאָנדזשעט עטלעכע פאַרבייגעייענדיקע פאַרוואונדעטע און פון זיי האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז עס קומען פאָר גרויסע שלאַכטן.

אונדזער אָבאָז איז צוריקגעקומען. די אָבאָז־לייט האָבן זיך איינגעאָרדנט אין עטלעכע הייזלעך, וואָס מיר האָבן — לויט אַ באַפעל פונעם שטאַב — צוגעגרייט פאַר זיי. דער אָבאָז, נאָכן צוריקקומען, איז געווען אויסגעצערט. די פערד — אויסגעדאַרטע — מיט הוילע ריפן־ביינער, אונטער קימאַט דורכזיכטיקע פעלן. די אָנטרייבער — מיט בלאַסע, אויסגעהונגערטע פּנימער, — ווי מייסים. די וועגעלעך — איינגעשמוציקטע — מיט שיר ניט צעפאַלענע רעדער. קלאָר, אַז איבער דער קורצער צייט, וואָס זיי זענען געווען באַ דער פּאָזיציע, — זענען זיי זיך אויסגעשטאַנען גענוג צאָרעס און לייד.

דער איינציקער צווישן די אָבאָז־לייט, וואָס האָט נאָך אויסגעזען נישקאָשעדיק, איז געווען זייער עלטסטער. ער — כאָטש אַ פּאָשעטער דריי־בעבדלדיקער אונטער־אָפיציר — האָט אַפאָנים געפונען גענוג וועגן און מיטלען ווי זיך אויסצודרען און ווי אָפּצורעסן, בעאייט די איבעריקע יאַטן האָבן געהונגערט און געליטן.

זייער אויסזען איז געווען אַזוי נעבעכדיק־אויסגעמאַרעט, אַזוי אויסגעהונגערט, אַז עס האָט אַרויסגערופן אַ טיפן ראַכמאָנעס צו זיי מיר האָבן דעריבער גלייך באַשלאָסן אַוועקצוגעבן זיי אַ טייל פון די שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן געפונען באַגראָבן אין קעלער. מיר האָבן טאַקע גלייך אַריינגערופן צו זיך עטלעכע יאַטן פונעם אָבאָז און זיי איבערגעגעבן אַ טייל פונעם מעל, ווייץ, קאַרטאָפל, צוקער און אַנדערע פּראָדוקטן. מיר האָבן זיי אויך געשענקט צו ביסלעך טאַבאַק, רויכער־פּאַפּיר און שוועבעלעך. פון גרויס איבעראַשונג זענען די יאַטן געשטאַנען מיט צעעפנטע מיילער און מיט אומגלויבן געקוקט אף אונדז און אף די פּראָדוקטן. אַז זיי זענען געקומען צו זיך פון דער ערשטער איבעראַשונג, האָבן זיי — פון גרויס פרייד און צופרידנקייט — זיך איבערגעקוקט און ניט געפונען קיין ווערטער גענוג אף צו באַדאַנקען אונדז פאַר די געשענקטע מאַטאָנעס...



# קאַפּיטל צען

**צו אונדז,** אין דאָרף וואו מיר זענען געשטאַנען, איז אָנגעקומען אַ רייטער פון שטאַב און איבערגעגעבן סטעפּאַקינען אַ ספּעציעלן פאַרכאַסמעטן בריוו פונעם אַדיוטאַנט. ער, סטעפּאַקין, האָט איב געבומען לייענען מיט גרויס ציטערניש. דערביי זענען מיר געשטאַנען אַרום אים און — בייגעריק־פאַראינטריגירטע — געפּרובירט אַרויסלייענען דעם אינהאַלט לויט סטעפּאַקינס גרימאַסן אפן פּאָנים. ווען ער האָט געענדיקט לייענען, האָט ער, אַ בלאַסער, אונדז איבערגעגעבן דעם אַדיוטאַנטס באַפעל גלייך איבערצוגעבן די אינס־טרומענטן אין אָבאָז, אַרויסקריגן פון דאָרט ביקסן און טאַקע שוין זיך פאַרנעמען אפן וועג צו דער פּאָזיציע, אין שטאַב אַריין.

דער דאָזיקער באַפעל, ווייל אַזוי אומגעריכט, האָט אונדז ווי אַ דונער פונעם הימל געטראָפן. מיר האָבן געקוקט איינער אפן אַנ־דערן און ניט געקאָנט באַגרייפן די סיבע פון מיטאַמאָליקן באַפעל; נאָך וואָס עפּעס גאָר ביקסן פאַר אונדז און — איבערהויפּט — נאָכוואָס מען שיקט אונדז אַזוי איילנדיק אף דער פּאָזיציע...

און כאָטש עס איז קלאָר געווען, אַז אַלע אין קאָמאַנדע האָבן געטראַכט דאָס זעלביקע, האָט אָבער יעדער זיך געפּלייסט דאָס אויפ־צונעמען מיט אַ גוטמוטיקער רואיקייט. אונדזער טשעריאַק, גוועלכער האָט שטענדיק געפונען אַ געלעגנהייט זיך צו וויצלען, — האָט אויך דאָסמאָל מיט געלעכטער אַ זאָג געטאָן:

— ווער קאָן וויסן?...עפּשער וואַרטן גאָר דאָרט אף אונדז בייע קעלערס מיט פּראָדוקטן און...

„וויעטער״, ווידער, האָט גאָר אַ קרעכץ געטאָן:

— עפּעס נאָר ווי אינמיסטן... אַקוראַט איצט, ווייל מיר האָבן וואָס צום עסן... אַזוי האָט טאָמיד געטראָפן מיט אונדז, בעאייס איך בין געווען אפן יאַם פאַר פּיש־פּאַנג. אָט, פונקט ווען מען האָט נאָר

געקאָנט כאַפּן פּיש, איז אָנגעקומען אַ שטורעם־ווינט און...

טשעריאַק האָט אַ פּייף געטאָן:

— פּיר־הוטש! „וויעטער" האָט זיך שוין צעבלאָזן!...

„וויעטער" האָט דאַווקע פאַרגעזעצט:

— מעגסט זיך לאַכן וויפל דו ווילסט, „מאַמעליגע", אָבער איך זאָג דיר, אַז וואָלטן מיר נאָר דאָ געזעסן און געהונגערט, אָ, וואָלט מען אונדז שוין דאַווקע יאָ געלאָזט שטיין דאָ, ביז...

סטעפּאַקין האָט אַ פאָכע געטאָן מיט זיינע לאַנגע הענט אף די יאַטן, אַזוי ווי מען צעטרייבט הינער, און אַ זאָג געטאָן:

— נו, גענוג, גענוג. מירן זיך שוין אויסטייבען וועגן דעם אפּן וועג... נעמט זיך בעסער צוגרייטן אין וועג אַריין!...

דראַבולקין האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ און געזיפצט:

— ווען דער אָבאָז גיט אונדז כאָטש עטלעכע וועגעלעך אף איבערצופירן אַביסל פון דער שפייז מיט זיך, וואָלט שוין געווען אַ האַלבע צאָרע. אַזוי איז דאָך פּאָשעט אַ ווייטיק...

— וואָס איז, האָסט מוירע, עס וועלן זיך ניט געפינען קיין באַלאָנים דערויף? — האָט סטעפּאַקין אַ לאַך געטאָן. — אָ, שרעק זיך ניט: עס וועט ניט זיין אַרויסגעוואָרפן. די אָבאָז־לייט...

מיט טרויעריקע געמיטער האָבן מיר אַוועקגעטראָגן די אינסטרו־מענטן מיט די נאָטן־ביכער אין אָבאָז, אַוועקגעגעבן די קאָלדרעס און אַרויסבאַקומען פונק־בייע ביקסן מיט פּאַטראָנטאַשן פאַר יעדן. נאָך טרויעריקער זענען מיר אַוועק צוריק צו זיך און זיך גענומען איינפּאַקן די אַמוניציע־זעק. אף וויפל מיר האָבן געקאָנט האָבן מיר אין זיי אָנגעפּאַקט מאַכאָרקע מיט שוועבעלעך און גענומען טראַכטן וואָס צו טאָן מיטן איבעריקן. און כאָטש עס האָט זיך אונדז זייער שטאַרק ניט געוואָלט שיידן מיט די זאַכן, האָבן מיר דאָך אַריינגע־רופן דעם עלטסטן פונעם אָבאָז און — מיט גרויס האַרצווייטיק — אים איבערגעגעבן דעם גאַנצן סקלאַד. דער אָבאָז־עלטסטער, אַז ער האָט דערזען דעם גרויסן זאַפּאַס מיט זאַכן און שפייז, — האָט אַזש צופרידן געשמייכלט. ער האָט מיקלוימערשט אַלץ איבערגעשריבן אף פּאַפּיר, דערביי מאַמזעריש צוגעוואונקען מיט זיינע גרויע אויגן און — באַם סאָף, ווי יויצע צו זיין — פלעגמאַטיש אַ זאָג געטאָן:

— נו, מיר וועלן דאָס אַוואַדע ניט פאַרנוצן אינגאַנצן. בלויז אַ קליינעם טייל דערפון. און אַז איר וועט דערלעבן בעשאָלעם צוריק צו קומען פון דער פּאָזיציע, וועלן מיר אייך אַוואַדע צוריקגעבן אַלץ וואָס וועט נאָר האָבן איבערגעבליבן...

און באַלד ציניש צוגעגעבן:

— איר וועט דאָך זיכער ניט אַלע פאַראַמאָל געהאַרגעט ווערן אויף דער פּאָזיציע, ניט אַזוי?!... נו, און די וואָס וועלן בלייבן לעבן, וועלן עס דאַן קריגן ווי אַ יערושע. יעדנפאַלס, וועלן מיר דאָ גאָט בעטן פאַר אייערע נעשאָמעס און אייך טאָמיד געדענקען!...

ביי עטלעכע יאַטן, האָט זיך געמערקט, האָט זיך געשאַפן אַ ווילן אים צו פאַרפאָרן אין מאָרדע אַריין פאַר זיין לעצטער כויזעק־באַמערקונג. זיי האָבן זיך אָבער אָנגעשטרענגט און זיך געפלייסט דאָס אויפצונעמען אין אַ מיקלוימערשט גוטן מוט און מיט געלעכטער. קלאָר איז אָבער געווען, אַז עס האָט אַלעמען צערעגט און געשאַפן אַ געפיל באַ יעדן, ווי ווערעמלעך וואָלטן איבער די לייבער געקראָכן...

סטעפּאַקין האָט קעסיידער אונטערגעטריבן און עס איז דערפאַר ניט געבליבן קיין צייט פאַר סענטימענטן, אָדער שפּאַס. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ קאָלאָנע, אַרויסגעגאַנגען פונעם דאָרף און גלייך זיך פאַרנומען אויף אַ דערבייאיקן, גאַנץ הויכן באַרג אַרויף.

דאָס אויסגעטראָטענע שטעגל, דורך וועלכן מיר האָבן געדאַרפט גיין, איז געווען ביז גאָר אַ שמאָלס, שיפּס און געדרייטס. דער וועג האָט זיך געצויגן באַרג־אַרויף, ווי אַ צעלייגטע, לאַנגע שלאַנג, און זיך פאַרענדיקט אינדערהויך, איבערן סאַמע שפּיץ. ער האָט געהאַט דעם אויסזען, ווי ער וואָלט געווען פאַרטשעפּעט, אָדער פאַראַנקערט מיט זיין עק ערגעץ אויף דער צווייטער זייט פונעם באַרג. די זיגזאַגן האָבן זיך געדיכט געדרייט איינער איבערן אַנדערן און, פון אונטן, אויסגעזען ווי צעלייגטע טרעפּ, הויך — ניט אָנצוזאָגן מיטן אויג...

אָבער מיר, — אָנשטאָט צו גיין מיטן דאָזיקן עמעסן וועג, וואָס וואָלט פאַר אונדז, עמעס, געווען פיל לייכטער — האָבן זיך גראָד פאַרנומען אין אַ זייט און גענומען קלעטערן איבער דער גאַנץ־שיפּער, קימאַט־גלייכער זייט פונעם באַרג, אַבי צו האָבן ווינציקער גאַנג. עס האָט אונדז ניט געאַרט אַזויפיל די פאָרשטייענדיקע שווע־ריקייט פונעם גאַנג, אַבי זיך איינצופאַרקירצן דעם לאַנגן מעהאַלעך, איבערן געדרייטן, געשלענגלטן וועג...

מיר זענען געגאַנגען געבויגן אין דרייען און אָפט אַפילע גע־קלעטערט אויף אַלע פיר, צווישן די שאַרפע שטיינער, שפּיציקע פעלדזן און איבער די דאַרע, צעטריקנטע קוסטעס, וואָס זענען געווען געדיכט צעזייט אויפן באַרג־רוקן. דער באַרג־שפּיץ, וואָס איז געהאנגען אינ־דערהויך, איבער אונדזערע קעפּ, — האָט זיך געדאַכט, — איז אַזוי נאָענט — נאָר מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אָבער כאָטש מיר האָבן

גאַנץ גיך געקלעטערט און געהאַלטן אין איין איבערקרייצן דעם דורכ־געשניטענעם וועג, זענען מיר דאָך אַלץ פאַרבליבן פיל בעענטער צום באַרג־פוס, ווי צו זיין שפּיץ. דער דאָזיקער גאַנג האָט אונדז אַזוי אויסגעמידט און אָפּגעצוואָגן מיט שווייס, אַז פיל פון די יאַטן האָבן שוין אַפילו אָנגעהויבן כאַראָטע קריגן, וואָס מיר זענען ניט געגאַנגען מיטן עמעצן וועג. מיר האָבן זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן. קיינער האָט ניט געוואָלט אַרויסווייזן זיין מידקייט פאַרן צווייטן. עס איז אָבער גענוג געווען, אַז איינער פון אונדז זאָל זיך אַפילו אַף אַ ווייל אָפּשטעלן זיך אָפּרוען, אַז אַלע איבעריקע, הינטער אים, זאָלן זיך אויך אָפּשטעלן, אָדער גאָר זיך צוזעצן. אין אַזעלכע פאַלן האָבן יאַטן זיך צעלייגט אָנגעלענטערהייט אַף שטיינער, פאַרדרייכערט ציגייערלעך מאַכאָרקע און דערביי געשאָלטן און געזידלט מיט די שאַרפסטע קלאָלעס אַף וואָס די וועלט שטייט...

*****

**איבערצוגיין** דאָס שטיקל וועג פונעם דאָרף צום שטאַב, וואָס איז ביקלאַל געפאַלן שווער אַף אַלעמען פון דער קאָמאַנדע, האָט זיך דאָסמאָל באַזונדערס שווער געלייגט דאַווקע אַף אונדזער גרויסן און געזונטן גרישונינען. יעדער טראָט האָט אים געפייניקט און אויסגעמוטשעט. די סיבע דערפון איז געווען דאָס, וואָס שוין זינט עטלעכע טעג האָט ער געליטן פון צוויי גרויסע געשווירן, וואָס האָבן אָנגעריסן ביי אים אויפן בויך, לעבן דעם סאַמע פּאַסיק, און דאָס האָט אים מאַמעש דאָס לעבן פאַראומערט. נאָך מיט עטלעכע טעג פריער, פאַרן אַרויסגיין פונעם דאָרף, האָט ער זיך די גאַנצע נאַכט געדרייט אין שלאָף און געקרעכצט אין צעוויטיקטער פּיין. און כאָטש דאַווידאָוו, סטעפּאַקין — פּונקט ווי די גאַנצע קאָמאַנדע — זענען צוגעשטאַנען צו אים, גרישונינען, אַז ער זאָל אָוועקגיין צו אַ דאָקטאָר ערגעץ אין אַן אַמבולאַטאָריע, אָדער פעלד־שפּיטאָל, וואָס אַף די וועגן, — האָט עס גרישונין ניט געוואָלט. ער האָט מורא געהאַט, אַז מען זאָל אים אַמאָל צוליב דעם ניט אָפּשיקן אין ערגעץ אַ שפּיטאָל אין טיל און פון דאָרט — נאָכן געזונט ווערן — אָפּקאָמאַנדירן צו אַ פרעמדער אָפּטיילונג, אויב ניט אָוועקשיקן צו דער פּאָזיציע. ער האָט זיך ניט געוואָלט אָפּרייסן פון דער קאָמאַנדע און בעסער שוין געלאָזט די געשווירן צו רייסן. מיר האָבן דעריבער געקוקט אַף אים מיט צאַר און מיטגעפיל און — אין וועג — אים געפּרוווט

העלפן מיט וואָס מען האָט נאָר געקאָנט. איינער האָט ביי אים צוגע־נומען די ביקס, אַ צווייטער — דעם פּראָוויאַנט־זאַק, אַ דריטער — דעם רעוואָלווער מיטן טעסאַק, אַ פערטער — דעם פּאַטראָנטאַש מיט די קוילן און אַזוי ווייטער. דאָס האָט אים, אָבער, זייער ווינציק וואָס געהאָלפן. יעדער טראָט האָט אים פאַרשאַפט גרויסע ווייטיקן. ער האָט אָבער פאַרביסן די ליפּן און — קנייטשנדיק זיך אין דרייען — איז ער געגאַנגען צוגלייך מיט אונדז אַלעמען אפן באַרג־אַרויף.

מיטאַמאָל, אינמיטן גאַנג, האָט ער, גרישונין, זיך געטאָן אַ שטעל אָפּ און זיך גענומען איינהערן צו זיך. באַלד האָט ער אָף גיך גענומען צעקנעפּלען דאָס העמדל מיט די הויזן אָף זיך און דערביי — אַ דערלייכטערטער און האַפנונגספולער — אויסגעשריגן:

— עס האָט, דאַכט זיך, ענדלעך געפּלאַצט!... יאָ, ברידערלעך, ביי גאָט, עס האָט טאַקע געפּלאַצט!...

מיר, קימאַט די גאַנצע קאָמאַנדע, האָבן אים אַרומגערינגלט ווי אָף בייז וואונדער און באַטראַכט די אויפגעריסענע, רויטע און אָנגע־שוואָלענע וואונדן, פון וועלכע עס האָט זיך גענומען ציען אַ מאָדנע גרינלעך־פוילע פליסיקייט. יאַטן האָבן אים גענומען באַוואַרפן מיט פראַגעס און אייצעס. יעדער איינער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן:

— הער אַ מאַיסע, — האָט טשעריאַק אַ זאָג געטאָן, — נו, אויב אַזוי, איז דאָך דער איצטיקער גאַנג געווען אַ טויווע פאַר דיר...

— איז דיר אָבער איצט כאָטש לייכטער געוואָרן? — האָט גלייך אַ צווייטער צוגעוואָרפן.

— נעם זשע און קוועטש גוט אויס די מאַטעריע! — האָט אים אַ דריטער געאייצעט. — אָט, אַז וועסט אַרויסטרייבן דאָס פאַסקודסטווע, וועסטו דעמלט פאָשעט די אויגן עפענען!...

— און דער איקער, — האָט שוין גודמאַן, מאַיסע דאָקטאָר, זיך אַריינגעמישט, — דער איקער דאַרפסטו זיי איצט אויסוואַשן, אפילע מיט פּאָשעטע וואַסער, און אַרומבינדן מיט עפּעס, אַז עס זאָל זיך אַמאָל ניט מאַכן קיין אינפעקציע...

גרישונין איז פאַר אַ ווייל געבליבן שטיין ווי אַ פאַרלוירענער און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. קיין אַנטיסעפּטישע באַנדאַזש־פּעק־לעך, ווי מען האָט געוויינטלעך אַרויסגעגעבן אַלע סאָלדאַטן, האָט ביי אונדז נאָך קיינער ניט געהאַט. עס איז דעריבער געווען אַ פראַגע, מיט וואָס צו רייניקן און פאַרבינדן די צוויי וואונדן. גודמאַן האָט אָבער דערצו אָן אייצע געפונען און עס געזאָגט גרישונינען.

גרישונין האָט אַרויסגענומען פונעם היטל אַ בויגן פּאַפּיראָסן־

פּאַפּיר, אָנגענומען מיט זײַנע פינגער אַ שטיק לײַב בײַ זיך און — שמערצלעך פאַרבײַסנדיק די ליפּן — גענומען אויסקוועטשן די צווײ וואונדן. פון די צווײ גרינע, אָפענע אויגעלעך, האָבן זיך — ווי גרינע שלענגלעך — אַ לאָז געטאָן שטראָמען מיט גרין־צעפּוילטער מאַטעריע, וואָס ער האָט יעדע ווײַל אַלץ אָפּגעווישט מיט אַ שטיקל פּאַפּיראָס־פּאַפּיר און דאָס אַוועקגעוואָרפן פון זיך. ביסלעכווײַז האָט זיך אָנגעהויבן באַווײַזן אַ ראָזעווע און, ענדלעך, אַ רויטע בלוט. גרישונין האָט אָפּגעאָטעמט. דערנאָך האָט ער מיט דער צונג באַפּייכט אַ שטיקל פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, דאָס אַריבערגעלײגט איבער די אָפענע וואונדן און — גלײַך ווי גאָרניט — גענומען צוריק פאַרקנעפּלען דאָס העמדל מיט די הויזן אויף זיך.

ער איז גלײַך געוואָרן אַן אויפגעלעבטער און פרײלעכער, פונקט ווי אַ באַרג וואָלט אַרונטער פון זײַנע פּלײצעס. די אויגן האָבן זיך מאָמעש בײַ אים צעפּינט און זיך לעבעדיק צעפינקלט. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און שפּאַסיק געזאָגט:

— נו, ברידערלעך מײַנע, איר זעט?... וואָס־וואָס, אָבער מײַן פּאָרציע בלוט האָב איך שוין פאַרגאָסן פאַר פאָטערלאַנד!...

טשעריאַק איז אַרײַנגעפאַלן מיט אַ לײַכטן קיבעץ:

— יאָ, ריכטיק. און איצט, אַז דו האָסט שוין יאָ געטאָן דײַן הײליקן פּאַטריאָטישן כויוו, קאָנסטו זיך שוין גאַנץ פרײַ אַהײמגײן. מיר דאָ — דאַרפן דיך שוין ניט מער!...

די קאָמאַנדע האָט געלאַכט מיט ביטערקייט...

*****

**וואָס העכער** מיר האָבן זיך געהויבן אויפן באַרג, אַלץ פרישער און שיטערער איז די לופט געוואָרן. און מיט יעדער מינוט איז אויך געוואָרן קעלטער און ווינטיקער. געווען איז דאָס, אַפּאָנים, דערפאַר, ווײַל מיר זענען געגאַנגען אויף אַ גראַדער ליניע אַרויפצו און מיט יעדע צענדליק טריט זיך געפונען אויף אַ באַדײַטנדיק־העכערן פונקט, ווי אויך דערפאַר, וואָס דער טאָג האָט זיך שוין געהאַלטן בײַם פאַרענדיקן.

אינגיכן איז די קעלט אַרום אונדז געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן, צו פאַנאַנדערוויקלען די שינעלן, וועלכע מיר האָבן — ווי געוויקלטע בײגל — געטראָגן אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען, און זײ אָנטאָן אויף זיך. אָבער אויך דאָס האָט

ביז אַף לאַנג געהאָלפן. אינגיכן זענען מיר דערגאַנגען צו אַזאַ הויך אָפּן באַרג, אַז די קעלט האָט אונדז פּאָשעט דורכגענומען די ביינער און מיר האָבן אַזש אָנגעהויבן ציטערן. צוזאַמען מיט דער אָנגעיאָגטער קעלט האָט זיך אויך פאַרשאַרפט אונדזער מידקייט. אַף אַ גאָר הויכן פונקט פונעם באַרג זענען מיר שוין געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און מיד, אַז מיר האָבן באַשלאָסן זיך אָוועקזעצן אָפּרוען אַף אַן עמעס.

מיר, זיצנדיק — ווי געווייַנטלעך אַף אַ באַרג — מיט די פּנימער צום באַרג-אַרונטער, האָבן געוואָרפן אונדזערע בליקן צום טאָל. און כאָטש צווישן אונדז און דעם טאָל איז געווען אַ שפּאָרער מעהאַלעך, האָט זיך נאָך פונדעסטוועגן פאַר אונדזערע אויגן געשפּרייט דאָס גאַנצע דאָרף, וואָס האָט פון אונטן אַרויפגעקוקט צו אונדז מיט אַ ליבער וואַרעמקייט און האַרציקער באַענטקייט. עפּעס האָט דאָס דאָרף אויסגעזען פאַר אונדז אַזוי אויפגערוימט-ריין, אַזוי ליבלעך, אַזוי כיינעוודיק, אַז עס האָט אַזש פאַרנומען באַם האַרצן און שווער געמאַכט אָפּצערייסן די אויגן דערפון, ווי פון עפּעס אַ שיינער, פאַנטאַסטישער געמעלעכץ. אָבער לאַנג זיך קוויקן דערמיט האָבן מיר ניט געקאָנט. ביסלעכווייז האָט דאָס דאָרף גענומען פאַרטרונקען ווערן אינעם שאָטן פון דער אונטערגייענדיקער זון, ביז עס איז ענדלעך אינגאַנצן פאַרשלונגען געוואָרן אין דער גרויקייט פון אָנגעיאָגטן אָוונט...

אַביסל העכער אין אונדזער וועג האָבן מיר זיך אָנגעשלאָגן אַף אַ דעק פון ווייכן, אומבאַסטראָטעבעם שניי. מיר האָבן געשפּאַנט אַף דער פּוכיקער ווייכקייט און אַזוי ביסלעכווייז דערגאַנגען צום סאַמע הויך פונעם באַרג. דאָרט איז אונדזער גאַנג שוין געווען פיל לייכטער און גיכער. אָבער אַז מיר זענען אָפּגעגאַנגען עטלעכע הונדערט טריט, זענען מיר אָנגעקומען צו אַ צווייטן, אַ פיל קלענערן באַרג, וואָס איז — ווי אַ הויקער — געזעסן אָפן רוקן פונעם ערשטן, דעם גרעסערן באַרג. דער דאָזיקער איבערשטער באַרג, — כאָטש אין פאַרגלייך מיטן ערשטן איז ער געווען גאָר אַ קלייניקער, — איז אָבער געווען אַזוי מעשופּעדיק און באַקאָוועט מיט אַ טיפן שניי, אַז עס איז אומעגלעך געווען אַ טראָט צו מאַכן אין דער שיפּקייט. מיר האָבן דע-ריבער — אַזוי גיך ווי מיר זענען נאָר צוגעקומען צו דער ערשטער איבערקרייצונג — זיך גלייך פאַרנומען אָפן דורכגעהאַקטן וועג.

עס איז שוין געווען גאַנץ טונקל און עס האָט אויסגעזען, אַז די נאַכט וועט אונדז פאַרכאַפּן נאָך איידער מיר וועלן באַווייזן גרייכן אַ פּלאַץ, וואו מיר זאָלן זיך קאָנען שיצן פון דער נאַכטיקער קעלט. מיר האָבן דעריבער גענומען שפּאַנען גיכער און, ענדלעך, זיך פּאָרט

אַרויפגעדראַפעט אפן סאַמע באַרג־רוקן, וואו דער ווינט און די קעלט האָבן געריסן פון אַלע זייטן — ניט איבערצוטראָגן.

דאָרט, אפן אָפענעם פלאַץ, האָבן זיך שוין דערטראָגן צו אונדז שוואַכע אָפקלאַנגען פון שיסערייען מיט קאַנאָנען ערגעץ אינדערוויט. לעבן אונדז האָבן אָפגעהילכט זייערע צעטרייסלענדיקע עכאָס און זיך צעליגט לעבן אונדזערע פיס, ווי אונטערגעשאָסענע פאַרוואונדעטע כאַיעס. עס האָט זיך דערשפירט די נאָענטקייט פון דער פּאָזיציע.

מיר זענען געגאַנגען צו מאַירעוו־זייט. פון די ווייטע בערג־הויקערס, וואָס פאָרויס, האָט זיך אַנטקעגן אונדז ראַפּטאָם אַ יאָג געטאָן אַ שווערע, פאַרוואָלקנט־פינצטערע נאַכט. באַלד איז דער גאַנצער באַרג אַרום אונדז איינגעהילט געוואָרן אין אַ שוואַרצן שלייער. עס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי פינצטער, אַז אַפילע דער שניי אונטער די פיס האָט אויסגעזען שוואַרצלעך־גרוי, ניט צו זען אַ טראָט צו טאָן.

צו דעם אַלעב האָט זיך דער וועג מיטאַמאָל אַריינגעשניטן אין אַ וועלדל אַריין. אויסער דעם שניי מיט די שטיינער, וואָס זענען געלעגן אונטער די פיס, האָבן זיך אויך געוואַלגערט מאַסן אָפגעבראָכענע צווייגן, שטיקער פיענעס און אומגעפאַלענע בוימער. דער דאָזיקער וועג — כאָטש שוין ניט באַרג־אַרויף — האָט אונדז גאָר צעמוטשעט. די פיס אונדזערע — ווי געפענטעט מיט בלייענע וואָגן — האָבן זיך שווער געהויבן. מיר האָבן זיך אָפגעשטעלט און באַשלאָסן אָפרוען.

יאַטן האָבן זיך צוגעזעצט אפן ברעג פונעם וועג, פאַרדרייט מאַכאָרקע־ציגייערלעך און פאַררויכערט. אַנדערע האָבן זיך אַפילע אַ נעם געטאָן צו זייערע זעק און נאַכלעסיק גענומען גריזשען שטיקער דאַרע סוכאַרעס, וואָס האָבן געקנאַקט אונטער די ציין.

סטעפּאַקין האָט זיך דערווייל גענומען גריבלען אין אַ קליינער, פופציק־ווערסטיקער מאַפע, וואָס דער אַדיוטאַנט האָט אים געהאַט צוגעשיקט, קעדיי ער זאָל לייכטער קאָנען געפינען דעם וועג. ער איז געזעסן מיט דער מאַפע אויסגעשפרייט אף די קניען, געהאַלטן אין איין רייבן שוועבעלעך און — בריענדיק זיך די פינגער — געקוקט אף די פאַסיקלעך און פינטעלעך. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך אויסגעצויגן ווי פון שלאָף און — מיקלוימערשט ניט־מיינענדיק אונדז — ווי צו זיך אַ ברום געטאָן:

— ס'איז אינגאַנצן פאַרבליבן אַ וואָסערע אַכצן וויאָרסט בלויז. אַז מען זאָל גיין ווי געהעריק, קאָן מען נאָך אָנקומען אין שטאַב אַריין אין אַ שאָ־צוויי, העכסטנס — אין דריי שאָ אַרום...

מיר האָבן געקוקט אף סטעפאַקינען און אים קימאַט ווי ניט געזען.

בלויז אַ שוואַרצער סילועט האָט זיך געשאָטנט איבערן גרויען שניי. זייבע רייד, אָבער, האָבן זיך צעטראָגן אַרום אונדז אַזוי הויל און פוסט, ווי פון ערגעץ אונטער דער ערד. מיר האָבן זיך גענומען אויפהויבן, אָבער דאָס איז אונדז זייער שווער אָנגעקומען. די פיס האָבן געבראָכן, די קני האָבן זיך געבויגן און די קעפּ זענען ווי אַרונטערגעהאַנגען. יאַטן האָבן גענומען אונטערמורמלען צווישן זיך. עטלעכע שטימעס האָבן מיטאַמאָל אַ שניט געטאָן:

— וואָס איז דאָס געיאָגעריי היינט?!... נו, און אַז מיר וועלן אָנקומען מיט אַ טאָג שפּעטער אַהין, וועט די וועלט אונטערגיין?...

— מאָרגן וועלן אונדז די קוילן דען ניט וועלן טרעפן?...

סטעפּאַקין האָט נאַריש געלאַכט. ער האָט געזאָגט:

— פּאַר מיינטוועגן וואָלט מען געמעגט איבגאַנצן ניט אַהיינגיין! אָבער אָט, דעם אַדיוטאַנטס באַפעל?!... ער האָט אָנגעזאָגט, אַז נאָך היינט זאָלן מיר זיך מעלדן צו אים און... איר ווייסט דאָך, אַז אים ווידערצושפּעניקן איז...

ער האָט אָפּגעהאַקט און לעפיש אַ פרעג געטאָן:

— אָט, אַדראַבע, זאָגט איר אַליין וואָס מען זאָל טאָן...

קיינער האָט ניט געענטפערט. מען איז בלויז צופרידן געווען פון דעם מאָמענטאַלן אָפּשטעלן זיך און געשוויגן. סטעפּאַקין האָט ווידער אַ באַפעל געטאָן צו מאַרשירן און מען האָט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג גענומען גיין. אין דער פינצטער האָבן מיר זיך ספּאָ־טיקעט אין שטיינער און צווייגן, און אָפט שיר געפאַלן איבער זיי. די פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט. עס האָט אויסגעזען, אַז פונעם ביסל אָפּרו וואָס מיר האָבן געהאַט, זענען די פיס ביי אונדז נאָך שווערער געוואָרן. מיר האָבן אָבער פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

שפּעטער אַ ווייל, אַז מיר זענען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שפּאָר שטיקל וועג, האָט זיך סטעפּאַקין מיטאַמאָל אַ שטעל אָפּ געטאָן און — אַ פאַרצווייפלטער — אונטער דער נאָז אַ ברום געטאָן:

— הערט, יאַטן, איך האָב מוירע, אַז מיר זענען גאָר אַרונטער פונעם וועג און...

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, גענומען קוקן אונטער די פיס, — אָבער קיין שום סימן פון אַ וועג האָט זיך ניט געזען. דער שניי האָט אַלץ פאַרדעקט. סטעפּאַקין האָט מיטאַמאָל אַ נעם געטאָן באַ דער האַנט איינעם פון די יאַטן, וואָס לעבן זיך, און — צוזאַמען מיט יענעם — זיך געלאָזט זוכן דעם וועג. מיר האָבן זיך דערווייל אַלע אַרונטערגעלאָזט אויפן שניי, וואַרטן אויף סטעפּאַקינס צוריקקומען.

אַרום איז געווען שטאָק־פינצטער. מען האָט ניט געקאָנט זען אַף קיין איינציקן שפּאַן פון זיך. יעדע ווייל האָט פונדערווייטנס, אין סטעפּאַקינס, אָדער אין זיין באַגלייטערס האַנט, אויפגעבליצט אַ שוועבעלע, וואָס האָט אין דער פינצטער אַ פינקל געטאָן ווי אַ פליענדיק פייער־פליגעלע. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט סטעפּאַקינס אויסרוף:

— אָ־האָ, יאַטן, וואו זייט איר?...וואו...זייט...איר?...

גרישונין האָט אַריינגעלייגט זיינע צוויי פינגער אין מויל אַריין און אַ הילכיקן פייף געטאָן, קעדיי צו געבן סטעפּאַקינען די ריכטונג, וואו מיר געפינען זיך. זיין פייפן איז, אָבער, צעטראָגן געוואָרן אין אַלע זייטן און זיך צעשפּאָלטן אין הונדערטער געהיימניספולע און ווידערשפּרעכנדיקע עכאָס, וואָס האָבן זיך געצאַפּלט ערגעץ אין ווייטע, פינצטערע און אומבאַשטימטע ריכטונגען...

מיר האָבן געריבן שוועבעלעך און אַזוי סיגנאַליזירט, ביז סטעפּאַקין מיט זיין באַגלייטער זענען צוריקגעקומען. ער, סטעפּאַקין, האָט געוואָרפן מיט די לאַנגע הענט און, אין אַנטוישונג געמורמלט:

— דער טייוול ווייסט עס וואו דער וועג איז מיטאַמאָל פאַרפאַלן געוואָרן!... זעט אויס, אַז צי מיר ווילן עס יאָ, אָדער ניט, וועלן מיר שוין אַפּאָנים מוזן ווי עס איז איבערנעכטיקן דאָ, אפן באַרג!...

ער האָט ווידער אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און אַ קוק געטאָן אַף זיין זייגער. עס איז שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט.

מיר זענען געבליבן זיצן אָפּהענטיק.

איינציקווייז האָבן מיר זיך צעלייגט שלאָפן אפן שניי, וואָס איז ביסלעכווייז צעגאַנגען געוואָרן אונטער דער וואַרעמקייט פון אונדזערע קערפּערס. די צעשמאָלצענע נעץ האָט דאַן אָנגעהויבן קריכן אונטער אונדז ווי לעבעדיקע ווערים. מיר האָבן זיך צונויפגערוקט איינער צום צווייטן, זיך געטוליעט, געמורמלט, ביז די מידקייט האָט גענומען די אויבערהאַנט איבער אונדז און מיר זענען אַנטשלאָפן געוואָרן...

*****

**פאַרטאָג**, צוגלייך מיט דער זון, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן פון צווישן די פאַרשלאָפענע, מיט וואָלקנס צוגעדעקטע בערג, האָט דער דעזשורנע אונדז אויפגעוועקט. מיר אַלע זענען געווען מיד און דורכגעפרוירן. דער שלאָף איז נאָך ווי אַ שווערע מאַסע געהאנגען בײַ יעדן אַף די אויגן. די אייוועריס אונדזערע זענען מאַמעש פאַרשטייפט געווען...

מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט לויזע און אָפּהענטיקע. עמעצער האָט מיטאַמאָל אַ הויכן געגעץ געטאָן, וואָס האָט זיך צעטראָגן אין דער אַרומיקער לופט מיט אַ גוואַלד-געשריי. אַ צווייטער האָט זיך גאָר צעהוסט. אַ דריטער האָט גלאַט, אָן שום סיבע, אַ זידל געטאָן:

— עך, אַ רוען אין דער וועלטס מיעסן טאַטן אַריין!...

באַלד האָבן אַלע גענומען אַרומלויפן, געוואָרפן איינער אפן אַנדערן מיט שניי-קייקעלעך, קעדיי אַזויאַרום זיך ווי ניט איז צו דערוואַרעמען. דער דעזשורנע און סטעפּאַקין האָבן אונטערגעיאָגט:

— נו, מען דאַרף נעמען גיין, מען מוז נעמען גיין!...

מיר האָבן זיך דאַן אַרומגעוואַשן די פּענימער מיטן ווייס-פּוכיקן, נאָך ניט באַרירטן, בסולעדיקן שניי, וואָס האָט זיך אומשולדיק גע-טוליעט צו די שטיינער-שפּיצן. אַנדערע האָבן גלאַט אָנגענומען פולע זשמעניעס מיט שניי און דאָס שטיקערוייז געשלונגען. יאַטן האָבן געקוקט איינער אפן צווייטן און זיך מיטאַמאָל פאַנאַנדערגעלאַכט...

סטעפּאַקין האָט גענומען זוכן דעם פאַרלוירענעם וועג און — מאָדנע: ער איז געלעגן עטוואָס אָן אַ זייט, אינגאַנצן עפּשער בלויז אַ צוואַנציק טריט פונעם פּלאַץ, פון אונדזער באַנאַכטיקן לאַגער.

מיר האָבן גענומען מאַרשירן. סטעפּאַקין האָט געבראָמט:

— דער טייוול זאָל עס נעמען! ווי אַזוי האָבן מיר גאָר געקאָנט אַזוי אַראָפּבלאָנדזשען פונעם וועג, אַז אָט...

טשעריאַק האָט אַ קיכעץ געטאָן:

— וואָס זשע זאָרגסטו זיך אַזוי, עלטסטער? מוסט דאָך ניט זיין קיין בעסערער פירער פונעם אַדיוטאַנט... אָט, זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז דו האָסט אונדז גענומען אף אַ שפּאַציר דורכן וועלדל, אָט אַזוי ווי יענע מיידלעך פונעם לידל. ווי גייט עס דאָרט?

— געשפּאַצירט דורך אַ וועלדל, אַ טונקל וועלדל, אַ...

ער האָט איבערגעהאַקט און, ווי צו זיך, צוגעגעבן:

— יאָ, אַ שיינעם שפּאַציר וואָלטן מיר עס דאָ געהאַט, ווען מיר שטעלן זיך ניט אָפּ אָט דאָ אף באַנאַכט...אָ, מיר וואָלטן אַוואַדע אין דער פינצטער אַזוי צוגעשפּאַצירט צו אַ טערקישן פאָרפּאָסט, אָדער עפּשער גאָר צו די טערקישע פּאָזיציעס, און דאַן וואָלטן מיר שוין איצט אַוואַדע באַקומען פאַרציעס „עקמעק" מיט „קישמיש"...*)

גרישונין, וועמען עס איז איבער נאַכט בעסער געוואָרן פון די געפּלאַצטע געשווירן, איז געוועזן אויפגעלייגט און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס מיר וואָלטן באַגעגנט שפּאַצירנדיק, אָבער יענע שיינע

*) ברויט און ראָזשינקעס.

מיידל פונעם ליד, וואָלטן מיר דאָ זיכער ניט באַגעגנט.

און זיך וואוּיליונגעריש פאַנאַנדערגעזונגען:

„אָט אַ מאַיסע האָט פּאַסירט, האָט פּאַסירט, האָט פּאַסירט:

ס'האָט אַ מיידל געשפּאַצירט, געשפּאַצירט — יאָ...

געשפּאַצירט דורך אַ וועלדל, אַ טונקל וועלדל, אַ טונקל וועלדל,

און באַגעגנט דאָרט אַ יונגן זעלנער, אַ יונג זעלנערל — אַ כוואַט...

גייט צו איר צו אָט דער יאַט, אָט דער יאַט, אָט דער יאַט,

זאָגט איר פּראָסט און פּאָשעט גלאַט, פּאָשעט גלאַט — אַזוי:

מיידל, וואוהין שפּרינגט איר? וואו שפּרינגט איר, וואו שפּרינגט איר?

אַ לידעלע בעסער זינגט מיר, אַ לידל זינגט פון ליבע — מיר...

ענטפערט אים די מיידל אָפּ, ענטפערט אָפּ, ענטפערט אָפּ:

לידער ליגט מיר ניט אין קאָפּ, ניט אין קאָפּ — ניין!

ווילסטו מיט מיר פאַרברענגען, יאָ פאַרברענגען, יאָ פאַרברענגען —

מוסטו דאַן אַ מאַטאָנע מיר ברענגען, מוסטו ברענגען אַ קידושן־רינג...

זאָגט דער באָכער איר דאָס צו, זאָגט איר צו, זאָגט איר צו:

מאָרגן פרי דעם רינג האָסטו, דעם רינג האָסטו — מיין וואָרט!

האָט זי זיין וואָרט אָנגענומען, יאָ אָנגענומען, יאָ אָנגענומען —

זיך צוגעזעצט און אים אַרומגענומען, אַרומגענומען און — געקושט...

ווי די מאַיסע לאָזט זיך אויס, לאָזט זיך אויס, לאָזט זיך אויס,

ווייס איך, נאָר אַך זאָג ניט אויס, זאָג ניט אויס — און שוין..."

דאָס דאָזיקע ליד, וואָס איז גלייך אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון אַלעמען, איז איבערגעכאַזערט געוואָרן עטלעכע מאָל, און זיך אַריינ־געגאָסן אין אַנדערע פרייּלעכע לידער. אונטערן דאָזיקן געזאַנג איז דער וועג קימאַט ווי אויפגעפרעסן געוואָרן און מיר האָבן אַפילע ניט באַמערקט וואו די צייט איז אַהינגעקומען. נאָך קנאַפּע צוויי שאָ גאַנג האָט זיך פאָרויס, אין טאָל, אַנטפּלעקט אַ קליין דערפל. פונדערהויך האָבן מיר אַפילע געקאָנט זען די פּיצינקע הייזלעך, וואָס האָבן זיך ווי געצוּרעט צו דער ערד מיט זייערע ערד־דעכלעך און — פון זייערע דאַך־לעכער — געוואָרפן קנוילן רויך אין בלויען מאָרגן אַריין...

מיר האָבן אַרונטערגענידערט. סטעפּאַקין איז גלייך אַריין אין שטאַב צו ראַפּאָרטירן דעם אַדיוטאַנט וועגן אונדזער אָנקומען. באַלד איז דער אַדיוטאַנט אַרויסגעקומען, זיך באַגריסט מיט אונדז און אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן וואָס גיכער אָפּעסן פרישטיק און זיך גלייך פאַרנעמען ווייטער, צו דער פּאָזיציע...

מיר האָבן גלייך צעלייגט עטלעכע שייטערס און אַוועקגעשטעלט די קעסעלעך אויפצוקאָכן טיי. דערביי האָבן מיר זיך אַזוי אָנגעגעסן

מיטן שטיקנדיקן רויך פונעם נאַסן האָלץ, אַז דאָס עסן איז אונדז שוין ניט ניכע געווען. מיר, אַרומגעזעצטע אַרום די ניט־אויסגעברענטע שייטערס, האָבן געזופּט די טיי, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט רויך, און פאַרביסן מיט ברויט, וואָס האָט געטראָגן מיט שימל.

דער טייוול ווייסט וואָס מיט סטעפּאַקיבען איז געווען. אַזוי איז ער דאָך, דאַכט זיך, געווען אַ גוטער יאַט, אָבער ווען אים איז אויסגעקומען אויסצופירן אַ באַפעל פון נאַטשאַלסטווע, איז ער גלייך גאָר אַנדערש געוואָרן. ער איז גיכער פאַרטיק געוואָרן פון אַלע אַנדערע און גלייך גענומען אונטעריאָגן:

— נו, כעוורע, מאַכט עס גיכער!... מען דאַרף גיין!...

פון שטאַב האָט מען אַרויסגעבראַכט אַ פּעקל ווייסע אָרעם־בענדער מיט אויפגעדרוקטע רויטע קרייצן אף זיי, און געהייסן יעדן איינעם צוטשעפּען אַזאַ אָרעם־באַנד צום אַרבל. מיר האָבן אויך אָנגעלאָדן די זעקלעך און קעשענעס מיט אַנטיסעפּטישע באַנדאַזש־פּעקלעך, גענומען לאָפּעטעס מיט גראָב־אייזנס, און אַזוי — מיט די אָנגעהאנגענע ביקסן אף די פּלייצעס און מיט די לאָפּעטעס אף די אַקסלען — זיך ווידער פאַרנומען אין דער ריכטונג פון דער פּאָזיציע...

*****

**ווידעראַמאָל** זענען מיר געגאַנגען באַרג־אַרויף. דער וועג — ווי אַלע אַנדערע בערג־וועגן — איז געווען אַ געדרייטער און געשלענגלטער. ווידער, ווי פריער, האָבן מיר זיך פאַרנומען פונעם געדרייטן וועג און געקראָכן אף דער שיפּקייט.

אַז מיר זענען אומגעקומען צום העכסטן פּונקט אפן באַרג, האָבן מיר זיך דאָרט אַוועקגעלייגט אָפּרוען. אינדערוווייט, האָט זיך געזען, האָבן זיך געהויבן נאָך אַנדערע, פיל־העכערע בערג, וואָס האָבן מיט זייערע הויכן צונישט געמאַכט דעם באַרג, אף וועלכן מיר האָבן זיך געפונען. עס האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז מיר געפינען זיך גאָר אין אַ נידעריקן טאָל. אַרום אונדז האָט זיך געשפּרייט אַ פלאַך, שוין־אָפּגעקאָסעט טוואָרע־פעלד, מיט שטרוי־וואָרצלען,— ווי גרויסע, גראָבע האָר פון אַ ריזיקער, אומראַזירטער באָרד. אונטער די פיס האָבן זיך געוואַלגערט מאַסן צוואָרפענע, קליינע פעלד־שטיינער. דאָ און דאָרט האָט געהויערט אַ גרויסער שטיין, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אויסטערליש־קניענדיקע כאַיע. ערגעץ וואו האָט זיך געוואַקלט אַן איינזאַם יונג בוימל, אָדער אַ קוסט האָט זיך געבורעט צו דער ערד...

נאָך עטלעכע מינוטן אָפּרו, זענען מיר אַוועק ווייטער. איינגיכן זענען מיר צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואו עס האָבן זיך געוואַלגערט אַ צאָל צעפאַלענע רעדער פון מילכאָמע־וועגעלעך און אַ מאַסע צעפּעפנטע, אויסגעליידיקטע סנאַריאַד־קעסטלעך. דערביי — קופּקעס פון אָנגעוואָרפענע היי און צעשאָטענע ביסלעך האָבער, וואָס איז אַפּאָנים פאַרבליבן פון אַ פעלד־אָבאָז. אַ ביסל ווייטער זענען געלעגן עטלעכע פריש־געפאַלענע, איינגעפאַלענע טויטע פערד, מיט אַ פאַרפרוירענעם שוים אַרום די צעעפנטע, פאַרבלוטיקטע פּיסקעס און געלע ציין קיין מענטשלעכע האַרוגים האָבן זיך דאָ ניט געזען. אויסגעזען האָט עס, אַז דאָ האָט אַוואַדע געמוזט זיין אַן אַרטילעריע־פּאָזיציע. מען האָט דאָס טאַקע געקאָנט דערקענען לויט דער צאָל אויפגעריסענע גריבער און לויט די מאַסן ניט־אויפגעריסענע סנאַריאַדן לעבן זיי.

פאָרזיכטיק האָבן מיר געטאַפּט אונדזערע טריט אַרום די דאָזיקע „צאַצקעס”, זיך געהיטן ניט צו פאַרטשעפּען מיט אַ פוס אין זיי. מיר האָבן געשפּאַנט איבער די צוגעפרוירענע בלאָטקעלעך, — באַצויגענע מיט דינע אייז־הייטלעך, וואָס האָבן געטרעשטשעט אונטער אונדזערע פיס. מיר האָבן געשפּרייזט איבער די פאַרשנייטע שטיינער און, מיט די שינעל־ברעגן, צעיאָגט דעם שניי פון זיי. ענדלעך האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אַרונטערלאָזן פונעם באַרג, אויף דער צווייטער זייט, קעדיי זיך באַלד אַרויפצוהויבן אויף אַן אַנדערן, — אַ שכיינעסדיקן.

יענער באַרג האָט פונוויַיטן אויסגעזען גאַנץ אַנדערש ווי דער אויף וועלכן מיר האָבן זיך געפונען. אויף זיין קרומען, מעשופּעדיקן רוקן, האָבן זיך אין שניי געזען מאַסן צעוואָרפענע, גרוילעכע מענטשלעכע קערפּערס, וואָס האָבן ביי אונדז, פון וויַיטן, אויסגעזען, ווי מען וואָלט זיי דאָרט, צווישן די שטיינער, בעקיוון געהאַט אויסגעלייגט. געדאַכט האָט זיך, עס איז גענוג מען זאָל זיך בלויז צורירן צו זיי, וועלן זיי דאַן, אַלע ביז איינעם, זיך אַרונטערקייקלען פונדערהויך, — גלייך אין טאָל אַריין...

אונטן, צווישןביידע בערג, האָט זיך געצויגן אַ שמאָלינקער דורכגאַנג־שפּאַלט. אין סאַמע מיטן פונעם דאָזיקן דורכגאַנג, וייער טיף, איז — ווי אַ גרויסע, בלאַנקע שווערד — געלעגן אויסגעצויגן אַ שמאָל, קלאָר טייכעלע, וואָס האָט זיך געפּליעסקעט איבער רוישנדיקע וואַסער־פאַלן און געפּלאָסן צווישן מאַסן ווייסע קיזל־שטיינער.

העכער, פון צווישן אַ שפּאַלט אין די בערג, האָבן זיך אַדורכגעריסן עטלעכע בלאָנדזשענדיקע זון־שטראַלן, וואָס האָבן זיך — זילבערדיק — אָפּגעשפּיגלט דאָרט אונטן, אינעם קלאָרן טייכעלע. עס

האָט אויסגעזען, ווי די זון וואָלט בעקיוון אַרויסגעשיקט די דאָזיקע שטראַלן צום וואַסער, קעדיי אַ קוק צו טאָן ווי אַזוי אַט־אַזאַ אומשולדיק טייבעלע קאָן זיך עס פאַרגינען אַזוי שפּילעוודיק־רואיק צו פליסן לעבן אַזויפיל אומגעבראַכטע, טויטע מענטשלעכע קערפּערס...

אַף דער אַנדערער זייט טייכל האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעטרונקען און גענומען ווייטער שפּאַנען באַרג־אַרויף. גייענדיק אַפן באַרג, האָט ער שוין ניט אויסגעזען אַזוי מעשופּעדיק ווי פון ווייטן. מיר זענען צוגעקומען צו די טויטע קערפּערס, וואָס זענען געלעגן פאַרוויקלט אין בלאָטיקן שניי און אין אייגענעם פאַרבאַקענעם בלוט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן, זיך איינגעקוקט אין די צונויפגעקאָרטשעטע קערפּערס; באַטראַכט די צעווייטיקטע גרימאַסן אַף זייערע פאַרגליווערטע מאַסקעס. קוקנדיק אַף די פאַרשטייפטע, צעקרימטע ליפּן פון די האַרוגים, האָט זיך געדאַכט, אַז עס זענען נאָך פאַרבליבן הענגען אַף זיי די לעצטע ווײ־געשרייען און קלאָלעס, וואָס זיי האָבן אַוואַדע — אין זייער צעווייטיקטקייט — צעשיקט אין די לעצטע מינוטן צו דער וועלט...

*****

**די קאָמאַנדע** האָט זיך איינגעטיילט אין צווײ טיילן, און זיך גענומען צו דער אַרבעט, וואָס מען האָט אונדז נאָך אין שטאַב איבערגעגעבן. איין טייל האָט זיך אַוועקגעשטעלט גראָבן אַ גרוב פאַר אַ ברידער־קייווער, ערגעץ בידעריקער, אין אַ ווינקל, אין דער שטיקף־דורכגעפּרוירענער ערד פונעם באַרג. די צווייטע טייל האָט זיך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער ברייט פון באַרג און גענומען צוזאַמענקלויבן דאָס געווער מיט די קוילן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט לעבן די אומגעקומענע. מיר, די צווײ טיילן, האָבן אָפּגעמאַכט, אַז מיר זאָלן זיך יעדע האַלבע שאָ בייטן מיט דער אַרבעט צווישן זיך, קעדיי עס זאָל ניט פאַלן צו פּיינלעך אַף קיינעם...

צוזאַמענצוקלויבן דאָס געווער פון באַרג, איז געווען אַן אַרבעט אַ פּיינלעכע און אָנגעשטרענגטע. דאָס פאַרבאַקענע בלוט און אָפט די שטיקער אָפּגעשאָסענע איינוערים, וואָס זענען געווען צוגעקלעפּט צו די קאָלבעס און שפּיזן פון די ביקסן, האָט פּאָשעט געטריבן צו מעשוגאַאַס, בעאייס מען האָט געדאַרפט אַזאַ ביקס אין האַנט נעמען. אָפט האָט מען געדאַרפט איבערקערן אַ צעשאָסענעם און צעעפּנטן קערפּער, קעדיי צו קאָנען אַרויסנעמען די ביקס, וואָס איז געלעגן אונטער

אים. דאָס אייגענע בלוט האָט מאַמעש געגליווערט אינעם קערפּער...

טיילמאָל האָט מען אַפילו געדאַרפט באַנוצן קויעך אַף צו קאָנען אַרויסבאַקומען אַ פאַרזשאַווערט־בלאָטיקע ביקס פון אַ שטייף־געוואָרע־נער, פאַרשטיינערט־קאַלטער האַנט. אָפט האָט מען פּאַשעט געמוזט אויסדרייען און אויפבייגן די טויטע פינגער, וואָס זענען געווען שטייף איינגעקלאַמערט אין ביקסן־שלאָס, אַף צו קאָנען אַוועקנעמען די ביקס. עס איז געווען שווער און פּייַנלעך. אָפט האָט זיך אַפילו אויסגעדאַכט, ווי דער מעס וואָלט פּאַשעט געקעמפט מיט אונדז און זיך ניט געלאָזט באַרויבן פון זיין געווער. און ווען ניט די שטייף־ליגנדיקע, אומבאַוועגלעכע פּאָזעס זייערע, וואָלט מען פון ווייטן גע־קאָנט מיינען, אַז מיר פירן אַ קאַמף מיט לעבעדיקע געגנער...

די אַרבעט איז געווען שווערער פון איבל, אָבער מיר האָבן עס געמוזט טאָן. דערפאַר איז די אַרבעט ביי אונדז צוגעגאַנגען לעפּיש און צעצויגן. און וואָלטן מיר נאָר ניט קיין מוירע געהאַט פאַרן אַדיוטאַנטס שטראָף, וואָלטן מיר זיכער מער ווי אַ העלפט פון געווער איבערגעלאָזט אפן באַרג, אָדער לעבאָל־האַפאָכעס דאָס באַערדיקט אין איין קייווער מיט די מייסים, אַבי ניט צו דאַרפן זיך צורירן צו די פאַרבלוטיקטע ביקסן.

מיר האָבן זיך אָבער גאָרניט געקאָנט העלפן. פאַר אונדזער אַוועקגיין אַהער, צו דער פּאָזיציע, האָט דער אַדיוטאַנט — אַף זיין שטייגער — אונדז גאַנץ שטרענג אָנגעזאָגט:

— קיין איינציקע ביקס זאָל מיר ניט פאַרלוירן גיין!... אַלע ביקסן און יעדער פּאַטראָנטאַש זאָל מיר צונויפגעקליבן ווערן!— האָט ער געשריגן און דערביי געקלאַפּט מיט אַ פויסט אַף דער אָפענער דלאָניע. — איר זאָלט וויסן זיין, אַז טויטע מענטשן פונעם באַרג קאָנען מיר שוין טאָקע מער ניט באַנוצן. די ביקסן, אָבער, מיט די קוילן — יאָ. און דערפאַר, — האָט ער צוגעגעבן, — דערפאַר צום ערשטן די ביקסן מיט די קוילן און ערשט דערנאָך — די מענטשן!...

און קעדיי אונדז אַרייַנצוברענגען אין אַ גוטער שטימונג נאָך די ציניש רייד זיינע, האָט ער ערשט — מיקלוימערשט אין שפּאַס — צוגעוואָרפן אַ צווייטע ציניש באַמערקונג:

— איר פאַרשטייט דאָך אַוואַדע אַליין, אַז מענטשן וואַקסן צו און ביקסן... אָ, ביקסן דאַרף מען מאַכן און זיי קאָסטן געלט!...

באַ דער דאָזיקער אַרבעט זענען מיר אַרומגעגאַנגען ווי שאָטנס. אַלע האָבן געאַרבעט שווייגנדיק און קימאַט קיין וואָרט ניט אויסגע־רעדט צווישן זיך. מען האָט זיך אַפילו געהיטן אַ קוק צו טאָן אין די

פּענימער פון די אומגעקומענע. צו פּיינלעך איז געווען צו זען אָט די צעקרימט-פּאַרגליווערטע מאַסקעס און די האַלב-אָפענע, שטאַר-קאַלטע, אויגן זייערע. און אויב עמעצער פון אונדז האָט יאָ צופעליק אַ קוק געטאָן אף זיי, האָט ער גלייך אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק ציטערן, אַז עס האָט אויסגעזען, אָט-אָט און ער אַליין וועט אויך באַלד אַוועקפאַלן...

אַנדערע יאַטן האָבן זיך פונדעסטוועגן יאָ גענומען צו ביסלעך צוגעוואוינען דערצו און עס גענומען טאָן מעכאַניש-טרוקן. עס איז באַ זיי געוואָרן אַזוי פּאָשעט און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז זיי האָבן אַפילע אָנגעהויבן אויסלאַכן יענע, וואָס האָבן עס ניט געקאָנט טאָן אַזוי פריי ווי זיי. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עטלעכע יאַטן האָבן זיך אַפילע גענומען באַרימען פאַר די איבעריקע מיט דער צאָל פינגער, וואָס זיי האָבן געדאַרפט אויסברעכן באַ די געהאַרגעטע...

דער קייווער איז ענדלעך פאַרטיק געוואָרן. עמעס, מיר האָבן דעם גרוב אויסגעגראָבן ניט אַזוי ווי מען האָט אונדז באַפוילן און ניט אַזוי ווי מען האָט עס געדאַרפט. מיר האָבן אים געמאַכט ניט אַזוי ברייט און לאַנג, אַף צו קאָנען אַריינלייגן די קערפּערס אין אַ ריי, איינעם לעבן דעם צווייטן, — נאָר געגראָבן אים מער אין דער טיף. געטאָן האָבן מיר עס אַזוי דערפאַר, ווייל אין דער טיף איז געווען לייכטער צו גראָבן, ווי אויבן, אין דעם שטיינערדיקן, געפרוירענעם אויבערפלאַך. דערפאַר האָבן מיר די קערפּערס געמוזט אויסלייגן, ניט ווי מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, איינעם לעבן דעם צווייטן, אין איין ריי, נאָר אויך איינעם אפן אַנדערן, אין עטלעכע שיכטן.

פאַרן אַרונטערלאָזן די מייסים אין קייווער, האָבן מיר געדאַרפט טאָן נאָך אַן אַרבעט. אַ באַפעל איז געווען, אַז מיר זאָלן פאַרשרייבן די נעמען, אַדרעסן און פאָלק-נומערן פון יעדן באַגראָבענעם סאָלדאַט באַזונדער. דאָס האָט מען געמוזט טאָן, קעדיי דער שטאַב זאָל האָבן אַ גענויע יעדיע וואו יעדער איינער איז אַהינגעקומען...

*****

**קעדיי** פעסטצושטעלן די נעמען פון אַלע געהאַרגעטע, האָבן מיר — איידער מיר האָבן זיי אַרונטערגעלאָזט אין קייווער אַריין — זיי געדאַרפט באַזוכן. מיר האָבן געמוזט אַריינקריכן מיט אונדזערע הענט אין זייערע קעשענעס און אַרויסנעמען פון דאָרט די זעלנערישע ביכלעך, בריוו און אַזוי יעדעס שטיקל פּאַפּיר, פון וועלכן מען האָט געקאָנט באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם געהאַרגעטן.

די געפונענע פּאַפּירן, צוזאַמען מיט די ביסלעך טאַבאַק און טיילמאָל אויך עטלעכע קאָפּיקעס קלייגעלט, וואָס האָט זיך פּאַרוואַלגערט בײַ זיי, האָבן מיר צוגעטראָגן צו סטעפּאַקינען, וועלכער איז געזעסן אויף אַ שטיין, בײַם ברעג פֿונעם קייוועך, און דאָרט, מיט אַ בלייפעדער, פאַרשריבן יעדן איינציקנס נאָמען אין אַ בוך אַריין...

פֿאַר מיר איז די דאָזיקע זוכעניש געווען ערגער פֿון אַלעם. אָפט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך וועל מאַמעש מעשוגע ווערן פֿון פּיין און צעווייטיקטקייט. איך האָב ניט געקאָנט איבערטראָגן, בעת ס׳איז מיר אויסגעקומען אַרײַנצוקריכן מיט מײַנע הענט אין די קעשענעס פֿון אַן אומגעקומענעם, און מײַנע פֿינגער האָבן — אינעווייניק, דורך דער דינער לײַוונט, און אָפט אַפֿילע דורך אײַנגאַנצן אַ דורכגעריסענער קעשענע — דערפֿילט דאָס קאַלטע, שטײַפע און אָפּגעשטאָרבן־פאַרגליווערטע לײַב. איך האָב בעת־דעם אָנגעהויבן צו שוידערן ווי פֿון אַן אָנגעלאָפענעם פראָסט און געפֿילט, אַז אָט־אָט און איך וועל אַוועקכאַלעשן. אָפט האָט זיך מיר גאָר אויסגעוויזן, אַז איך בײַגיי אַ מאָרד. עס האָט זיך מיר אַפֿילע אויסגעדאַכט, אַז דאָס האָבן זיך גאָר אַזוי מײַנע פֿינגער אַרײַנגעגראַבלט אין אַ האַלדז פֿון אַן אומבאַקענטן לעבעדיקן מענטשן און איך שטיק אים אַזוי ביז צום טויט... יענעמס אויסגעשפּיזטע, פאַרגלייזטע בליקן; יענעמס גרימאַסן און צעדרייטע ליפּן, האָבן אַזוי שטאַרק געווירקט אויף מיר, — אַז עס האָט מיך אַזש גענומען שטיקן אין האַלדז איבערן פאַרלוסט פֿון אָטעם... איך האָב געמוזט אָפּלאָזן דעם קערפּער פֿון מײַנע הענט און פֿאַר אַ שטיק צײַט ניט געקאָנט אָנגיין מיט דער אַרבעט...

ווי עס האָט אויסגעזען, איז די דאָזיקע טייל אַרבעט געפֿאַלן שווער אויף קימאַט אַלעמען פֿון דער קאָמאַנדע, כאָטש ניט יעדער האָט עס אַזוי אָפֿן אַרויסגעוויזן. מען האָט דאָס אָבער גאָר לײַכט געקאָנט אַרויסלייענען פֿון אַלעמענס אויגן. אַלע זענען זיי אַרומגעגאַנגען ווי צעטראָגענע. קלאָר, אַז אינעם אָנבליק פֿון אָט די דאָזיקע געוועזענע מענטשן, וועלכע זענען צעריסן און צעלעכערט געוואָרן פֿון קוילן און קאַנאָן־שראַפּנעלן, זענען אונדזערע יאַטן אַזוי צעפּייניקט געוואָרן, אַז אָפּטמאָל האָט אויסגעזען עמעצער ווערט פֿון זינען אַרונטער...

אויף „וויעטערן" און דוקלען האָט עס געווירקט מער ווי אויף יעדן איינעם. בײַזונדערס די קערפּערס האָבן זיי זיך מיטאַמאָל אַזוי שטאַרק צערעוועט, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן דערזען רוכעס זיך אַ יאָג טאָן אויף זיי. צעווילדעוועטע האָבן זיי גענומען אַרומלויפן, געוואָרפן מיט די הענט אַרום זיך, ווי אָפּצויאָגן אַן אָנפאַלנדיקע כאַיע פֿון זיך, און

דערבײַ געשריגן מיט באַנומענע קולעס. זעענדיק זייערע צוקנדיקע פּנימער מיט זייערע שטאַר־גליווערנדיקע אויגן, האָבן מיר טכילעס אַפילו גערעכנט, אַז זיי זענען טאַקע מעשוגע געוואָרן פון שרעק. סטעפּאַקין האָט זיי באַפרייט פון דער אַרבעט און זיי געהייסן אַוועקלייגן זיך אָפּרוען, ביז זיי וועלן זיך האָבן באַרואיקט...

זשעלינסקי, ווידער, — צי ווייל ער האָט זיך געוואָלט אַרויסשטעלן פאַר אַ העלד, צי ווייל ער איז טאַקע אַרונטער פון זינען, — האָט שוין גאָר אַנדערש געהאַנדלט. און כאָטש ער אַליין איז אויך געווען בלאַס ווי די אַנדערע און די ציין האָבן בײַ אים געקלאַפּט ווי אין פיבער — איז ער דאָך צוגעגאַנגען צו די צוויי יאַטן, וועלכע האָבן זיך דאָרט, אויף דער ערד, נאָך אַלץ געצאַפּלט אין גרויס שרעק. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן זיי און געריצט זייער פּיין:

— כי־כי־כי, — האָט ער ציניש געלאַכט צו זיי, — באַבעס וואָס איר זענט!... זיך דערשראָקן פאַר טויטע מענטשן!...נו, און וואָס וואָלט איר נאָך געזאָגט, ווען איר וואָלט אַ קוק געטאָן אויף יענעם־אָ?...

ער האָט זיך אַ דריי אויס געטאָן און אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף עפּעס אַ קערפּער, וואָס איז געלעגן ניט ווייט — אַ דורכגעשאָסענער און צונויפגעדרייטער אין דרייען:

— איר זעט, — האָט ער ווייטער געלאַכט, — יענער־אָ איז דאָך שוין אַפילו קיין מאַן ניט מער...אַלץ איז שוין בײַ אים, בימכילע, אַרונטערגעשאָסן געוואָרן, כי־כי־כי...

ער האָט זיך אומגעקוקט צו זען ווי זיין כאָכמע האָט אויסגענומען בײַ אונדז און אַפּאָנים געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן. קיינער האָט אים אָבער ניט געוואָלט הערן. פון זיין ציניש געלעכטער און פון דעם אָנבליק אפן אָנגעוויזענעם צעריסענעם קערפּער, זענען מיר אַלע געווען שטאַרק צערעגט און נידערגעשלאָגן. געפילט האָט זיך, פּונקט ווי מען וואָלט יעדן פון אונדז פאַרזענלעך און טיף באַליידיקט...

גרישונין איז גאָר אויפגעקאָכט געוואָרן. אַ צאָרנדיקער איז ער צוגעשפּרונגען צו זשעלינסקין, אים אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט און זי אַזאַ שטאַרקן ריס געטאָן, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן, נאָך אַ צי און ער וועט אים די האַנט פונעם אַקסל אַרונטעררייסן. ער האָט אַלץ געקריצט מיט די ציין און, אָפּגעהאַקט, אַ ברום געטאָן:

— פאַרמאַך שוין דיין פאַסקודנעם פּיסק, דו געמיינער מענואוול איינער, איידער איך וועל דיך...

דערבײַ האָט ער אים מיט אַ קאַסדיקער קראַפט אַזאַ שטויס אָפּ געטאָן פון זיך, אַז יענער איז אַוועקגעפאַלן ווי אַן אונטערגעשאָסענער.

פאַר אַ ווייל איז זשעלינסקי — אַן אויסגעצויגענער — אַזוי געבליבן ליגן אף דער ערד און מיט צעגליטע בײזע פײערלעך אין זײנע אויגן געקוקט אף גרישונינען. מיטאַמאָל האָט ער זיך ראַפּטאָם אַ שטעל געטאָן אף די פיס, צוגעלאָפן צום באַרג צונויפגעקליבענע ביקסן, אַ כאַפּ געטאָן אײנע פון זײ און — צילנדיק — זיך אַ לאָז געטאָן גלייך אַנטקעגן גרישונינען. צום גליק, איז גראָד די־אָ ביקס געווען ניט קײן געלאָדענע. זשעלינסקי האָט דעריבער עטלעכע מאָל, אין זײן צעווילדעוועטן קאַאַס, אַריבערגעוואָרפן דעם שלאָס אין דער ביקס און אַלץ געצויגן באַם צינגל... ווען ער האָט ענדלעך דערזען, אַז די ביקס שיסט ניט, — האָט ער זיך ערשט אַ לאָז געטאָן מיט דעם אויסגעשטעלטן באַגנעט צו גרישונינען און דערבײ געדערוועט:

— כ׳וועל פון דיר אַ טעל מאַכן, דו הינטישער מאַמזער!... דו וועסט באַ מיר באַלד פײגערן מיט אַ לאָך אין האַרצן!...

פאַר אַ ווייל זענען אַלע געבליבן שטײן באָר ווי געפּלעפט פון אויפרודערונג, אַזוי, אַז קײנער האָט זיך ניט געקאָנט קײן ריר טאָן פונעם אָרט. ענדלעך, אָבער, האָט אײנער פּאָרט באַוויזן צו קומען צו זיך און זיך אַ לאָז געטאָן פון הינטן צו זשעלינסקין. גלייך האָבן נאָך אַ צאָל יאַטן זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים, אים אַרומגערינגלט, אַרויסגעריסן די ביקס און פאַרקלאַמערט זײנע הענט, אַז ער האָט אַזש אַ קוויטש געטאָן פון ווייטיק. ענדלעך האָט מען אים אָפּגעלאָזט און ער איז — ווי אַ געשלאָגענער — אַוועק אין אַ זייט, אָבער דערבײ נאָך אַלץ געהאַלטן אין אײן ברומען מיט ווילדן קאַאַס:

— עס וועט דיר ניט געשענקט ווערן, דו הינטישער זון!... איך וועל זיך נאָך אָפּרעכענען מיט דיר דערפאַר, „יאַק באָגאַ שוויענטעגאָ קאָכאַם”, דו סטערווע פאַרשאָלטענע!...

סטעפּאַקין, וועלכער איז געזעסן און געשריבן, און לעכאַטכילע געמײנט, אַז דאָס איז בלויז אַ קאַמף אין שפּאַס און, דעריבער, זיך ניט אַרײנגעמישט, האָט איצט — דערזעענדיק, אַז עס ווערט צו ערנסט, — זיך ענדלעך אויפגעשטעלט און געוואָרנט זשעלינסקין, אַז ער וועט דערלײגן דעם אַדיוטאַנט וועגן דעם געשעענעם. יענער האָט דאַן אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און איז אַוועק צוריק צו דער אַרבעט. עס איז ווידער שטיל געוואָרן און די אַרבעט איז אַוועק ווי פריער...



# קאַפּיטל עלף

**דער טאָג** האָט געהאַלטן באַם אויסגיין. עס האָט אָנגעהויבן טונקלען. פֿונוויטנס זענען צוגעפֿאָרן צווי אָבאָז-וועגעלעך. די אָבאָז-לייט האָבן אונדז געבראַכט אַ זעקל מיט ברויט און אַ זייטל פֿלייש — איינגעוויקלט אין אַ שמוציקן זאַלץ-זעקל. פֿון צווייטן וועגעלע האָבן מיר אַרונטערגענומען אַ גרויסן, הילצערנעם ציילעם — אַ צוזאַמענגעקלאַפּטן פֿון צוויי רויע בוים-קלעצער. אַן אָבאָזניק האָט געבראַכט אַ בריוו פֿון אַדיוטאַנט, און סטעפּאַקין האָט אים גלייך גענומען לייענען. דערווייל האָבן מיר אַרויפֿגעלאָדן אויף די וועגעלעך די ביקסן און פּאַטראָנטאַשן, וואָס מיר האָבן געהאַט צוזאַמענגעקליבן, און געוואַרט, אַז סטעפּאַקין זאָל אונדז זאָגן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך אין אַדיוטאַנטס בריוו.

די אָנגעלאָדענע וועגעלעך זענען אָפּגעפֿאָרן. דער רעדער-קלאַפּ איבער די שטיינער האָט אָפּגעקלונגען מיט אַ טעמפּן ווידערקאָל איבערן שווערן אָוונט. סטעפּאַקין האָט אונדז איבערגעגעבן דעם אַדיוטאַנטס באַפֿעל, אַז גלייך נאָכן פֿאַרענדיקן די אַרבעט דאָ, אויפֿן באַרג, זאָלן מיר זיך גלייך פֿאַרנעמען פֿאָרויס, צו די אַרטילעריע-פּאָזיציעס...

מיר האָבן זיך מיט אימפּעט גענומען צום פֿאַרענדיקן די אַרבעט. געטאָן האָבן מיר דאָס, ניט דערפֿאַר וואָס מיר האָבן די אַרבעט אַזוי ליב געהאַט, נאָר ווייל איבער דעם איינעם טאָג אַליין איז אונדז די דאָזיקע ניוודיקע אַרבעט אַזוי איבערדריסיק געוואָרן, אַז מיר האָבן שוין געוואָלט וואָס גיכער פּאָטער ווערן פֿון איר. מיר האָבן דעריבער צוגעלייגט די הענט מיט די קויכעס און — בעאייס די לעצטע שטראַלן פֿון דער זון האָבן פֿון צווישן די ווייטע בערג אַרויסגעשטעלט צו אונדז זייערע רויטע, רייצנדיקע צונגען, — האָבן מיר פּונקט צוגעוואָרפֿן די לעצטע לאָפּעטעס ערד און באַפֿעסטיקט דעם הילצערנעם ציילעם באַם צוקאָפּנס פֿונעם גרויסן ברודער-קייווער.

מיר האָבן זיך גענומען קלייבן אויף נאַכט־רו. צו פאַרבלייבן אפן באַרג איז געווען אומבאַקוועם און אוממעגלעך. דער קלענער וואַסער־קוואַל — צווישן די שטיינער אפן באַרג — האָט געטריפט טראָפּנווייז און עס וואָלט אונדז זיכער געדאַרפט נעמען אַ גאַנצע נאַכט אָנצוגיסן אונדזערע קעסעלעך אויף אָפּצוקאָכן דאָס עסן. מיר האָבן זיך דעריבער גלייך פאַרנומען מיט דער שפּייז אין פאָרויס.

דער גאַנג איז געווען אַ שווערער. דאָסמאָל האָבן מיר — אויסער די זעק, דאָס געווער און די גראַב־קיילים — אויך געהאַט צו שלעפּן אויף זיך דאָס פלייש מיטן ברויט. מיר זענען אַריבערגעקראָכן איבערן שפּיץ פונעם באַרג און זיך אַרונטערגעלאָזט אין טאָל. ענדלעך האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ גרויסן קוואַל, באַם סאַמע באַרג־פוס.

מיר האָבן גלייך צוזאַמענגעשלעפּט שטיינער, צווייגן און טרוקענע בלעטער, אויפגעבויט פייער־נעסטן און באַלד האָבן זיך עטלעכע און זעכציק פייערלעך קנאַקנדיק צעפלאַקערט און באַלויכטן דעם גאַנצן שמאָלן פאַס טאָל, וואָס האָט זיך געצויגן אַרום אונדז.

נאָכן עסן האָבן מיר צעלייגט אַ גרויסן שייטער פון טרוקענע צווייגן מיט קלעצער און אַליין — קעדיי זיך וואַרעם צו האַלטן — זיך אַרומגעלייגט שלאָפן אַרום דעם פייער. עס איז געווען שטיל אַרום. אין דער נאַכט האָבן זיך בלויז געהערט דאָס קנאַקן פון די עטלעכע ברענענדיקע קלעצער און די טריט פון די צוויי יאַטן, וואָס זענען געבליבן וואַך אַרום אונדז און אונדזער געווער...

*****

**פאַרטאָג** האָבן מיר אויפגעקאָכט טיי, אויף גיך אָפּגעטרונקען און זיך גלייך פאַרנומען אפן וועג, נעענטער צו דער אַרטילעריע־פּאָזיציע. מיר זענען אַרויף אויף אַ בערגל און באַלד האָט זיך דערהערט דאָס געבריל פון קאַנאָנען, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין ניט ווייט פון אונדז. ביסלעכווייז, מיט יעדן טראָט אונדזערן, איז דאָס שיסערייַ געוואָרן נעענטער און שאַרפער. ענדלעך זענען מיר דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס האָבן זיך שוין אַפילו געזען ווי פליענדיקע סנאַריאַדן זענען אַרונטערגעפאַלן, אויסגעריסן שטיקער ערד און מיט ווילדן אימפּעט עס צעטראָגן אין שטויב־וואָלקנס.

מיר זענען אַריין אין דער שלאַכט־זאָנע. אונדזער גאַנג איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ געפערלעכער. מיר האָבן זיך יעדע ווייל געמוזט אַנידערוואַרפן צו דער ערד, זיך אויסציען, קריכן אויף

אַלע פיר, אָדער גאָר פויזען ווי שלאַנגען. איבער די קעפּ האָבן זיך געטראָגן סנאַריאַדן, וואָס האָבן געהודזשעט און אויסגעפּייפט אַ מין טויט־שרעק אויף אַלעמען. עס איז געוואָרן אומעגלעך זיך צו באַוועגן. אָפּט האָט אויסגעזען, אַז אָט־אָט און — עס איז נאָך אַלעמען...

ווען עס איז פאַר אַ ווייל שטיל געוואָרן, האבן מיר זיך אויפגעשטעלט און אַוועק ווייטער. אָבער באַלד האָט זיך נאָך אַ סנאַריאַד סוויסטשענדיק אַ טראָג געטאָן איבער די קעפּ, אַקוראַט ווי ער וואָלט געזוכט אַ פּלאַץ וואו זיך אַרונטערצולאָזן. אויף גיך זענען מיר ווידער צוגעפאַלן מיט די פּנימער צו דער ערד און שוין אַזוי געבליבן ליגן ווי איינגעגראָבן. בלויז פון צייט צו צייט האָט עמעצער פון אונדז געכאַפּט אַ קוק מיט אַ ווינקל פונעם אויג, קעדיי אויסצוגעפינען צי מען קאָן זיך שוין אַ רוק טאָן פאָרויס, אָדער ניט...

באַלד איז געקומען אַן איבעררייס און מען האָט אויפגעהערט שיסן. מיר — קריכנדיק אויף אַלע פיר — האָבן זיך גענומען גאַנווענען אויף פאָרויס. פון די פּנימער בײַ כעוורע האָבן אַרונטערגעגלאַנצט שווייס־טראָפּנס — צוזאַמענגעמישט מיט ערד, און אַלעמען פאַרמאַסקירט מיט טרויעריק־קאָמישע בלאָטע־מאַסקעס...

ענדלעך האָבן מיר זיך פאָרט דערשלעפּט צו דער אַרטילעריע. די אַרטילעריסטן, — דערזעענדיק אונדזער אָנקומען — האָבן איינציקווייז אויסגעדרייט די קעפּ פון הינטער די שטאָלענע שוץ־ווענט פון די קאַנאָנען און — פאַרכידעשטע — אונדז באַטראַכט. אַן אָפיציר האָט געכאַפּט אַ קוק אויף אונדז דורך זײַנע פעלד־גלעזער און זיך באַלד — אַ גלייכגילטיקער — אָפּגעקערט אויף צוריק. אַ ווייל שפּעטער, ווען די אַרטילעריסטן האָבן דערהערט צוליב וואָס מיר זענען געקומען, זענען זיי גאָר היימיש געוואָרן מיט אונדז. זיי האָבן אונדז אַפילע געקיבעצט און צוגעוואָרפן שפּאַסיקע שטעך־ווערטלעך:

— נו, ווי געפעלט אייך עפּעס, יאַטן, דער דאָזיקער פייערדיקער קאַבאָלעס־פּאָניב?... די טערקן האָבן אייך אויפגענומען מיט פּאַראַד...

— האָט איר זיך כאָטש באַזאָרגט מיט גענוג ריינע אונטערהויזן, אָדער אַ סאַך זייף מיט זיך מיטגעבראַכט, כעוורע?...

מיר האָבן געקוקט אויף די אַרטילעריסטן ווי אויף מעשוגאָאים און בעאיין אויפן ניט געקאָנט באַגרייפן, ווי זיי קאָנען זיך עס גאָר אַזוי לייכטזיניק ווויצלען אין אָנבליק פונעם טויט. זיי האָבן, אַפּאָנים, פאַרשטאַנען אונדזער פאַרלעגנהייט און אונדז גוטמוטיק באַרואיקט.

זיי האָבן געלאַכט, פאַרדרייט ציגייערלעך און גאַנץ געמיטלעך געבלאָזן דעם רויך אַרויפצו, ווי זיי וואָלטן גאָר אויף קיין שלאַכטפעלד

ניט געווען, נאָר ערגעץ אין טיל, אף טרוקענע פעלד־מאַנעווערט. און מאָדנע: וואָס מער זיי האָבן געלאַכט, אַלץ קלאָרער האָט עס געוויזן, אַז זיי ווילן דערמיט פאַריאָגן דעם פיינלעכן שרעק, וואָס האָט זיי — פונקט ווי אונדז — אַזוי אומראַכמאָנעסדיק געשטיקט.

אַ שטיקל צייט איז אינגאַנצן שטיל געווען און מען האָט ניט געשאָסן. עס האָט זיך גענומען דאַכטן, אַז די דאָזיקע שטילקייט איז פאַרצויגן אף מיילן ווייט און איז דאָרט — ווי לעבן אונדז — צעשפרייט פונקט אַזוי שווער און דריקנדיק. מען האָט גאָרניט ניט געהערט. בלויז אַ קליין, יונג ווינטעלע, האָט שטיפעריש אַרומשפּאַצירט איבערן פעלד, געשפרונגען איבער די שטיינער, זיך געוויגט אף די פעלדזן און אויסגעפייפט אף די שטאָלענע שוץ־ווענט פון די קאַנאָנען אַזאַ רואיק און אומשולדיק לידל...

די שרעק האָט זיך מיטאַמאָל עפּעס אַזוי ווי אָפּגעטאָן פון אונדז. מיר האָבן באַקומען מער דרייסטקייט און זיך גענומען אַרומדרייען אַזוי גלייכגילטיק לעבן די אַרטילעריסטן, אַקוראַט ווי עס וואָלט שוין קיין שום געפאַר ניט געווען. מיטאַמאָל, אָבער, האָט איינער פון די אָפיצירן זיך אַ דריי אויס געטאָן צו אונדז און שאַרף אויסגעשריגן:

— וואָס האָט איר זיך גענומען אַרומדרייען, בעהיימעס אַזעלכע? וואַרפט זיך גיך צו דער ערד!...

בליץ־גיך האָבן מיר — וואו מיר זענען געשטאַנען — זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד און געבליבן ליגן איינגעגעבורעט מיט די פּענימער. איבער די קעפּ האָט ווילד אַ הודזשע געטאָן אַ פאַרבייפלי־ענדיקער סנאַריאַד און גלייך אויפגעריסן ערגעץ הינטער אונדז מיט אַ מוירעדיקן קראַך. די ערד אַרום אונדז האָט זיך אַ טרייסל געטאָן ווי פון אַן ערד־ציטערניש. אויס מוירע, האָט זיך קיינער פון אונדז אַפילע קיין באַוועג ניט געטאָן. מען האָט זיך בלויז — ליגנדיק — אַרומגעטאַפּט מיט די הענט, ווי צום איבערצייגן זיך, צי עס האָט אַמאָל ערגעץ ניט פאַרטשעפּעט...

שפּעטער אַ ווייל, ווען אַלץ אַרום איז איינגעשטילט און רואיק געוואָרן, האָט מען ריזיקירט און זיך דאָך אָנגעהויבן אַרומקוקן. אַן אַרטילעריסט האָט פאַרזיכערט, אַז מען מעג זיך שוין אויפהויבן. פאַרזיכטיק און מיט אומגלויבן האָבן מיר זיך צו איינציקווייז אויפ־געזעצט, זיך צעשראָקענע אַרומגעקוקט און נאָך אַלץ אָנגעזען דעם שוועבנדיקן שטויב־וואָלקן, וואָס האָט זיך געטראָגן אינדערהויך, ניט ווייט פון אונדז, פון אַ פריש־אויסגעריסענעם ערד־קראַטער...

*****

**אומבאַוועגלעך** און שטיל זענען מיר געזעסן לעבן די אַרטילעריסטן. די הענט — אָנגעשפּאַרטע אָן דער ערד — האָבן ביי אונדז געציטערט. די קעפּ — אַרונטערהענגנדיקע — האָבן געקוקט מיט שווערע, אויפגעשאַרצטע בליקן, ערגעץ אין דער ווייטער אומבאַשטימטקייט. אין האַרצן האָט געגאָגט אַ ווייטיק. מיטאַמאָל האָט גרישונין, מיט אַ צעפּלאָסן-ביטערן כויזעק, אַ שניט געטאָן:

— און אָט האָסטו דיר די פּאָזיציע, צו אַלדע טייוול!... איצט באַקענט זיך מיט איר, פּאָזשאַלוסטאַ!...

— מויכל אַזאַ באַקענטשאַפט! — האָט טשעריאַק, פּונקט מיט אַזאַ ביטערקייט צוריקגעוואָרפן. — כ׳וואָלט זיך, גלויב מיר, גאַנץ לייכט געקאָנט באַגיין אָן איר...

— אַז עס זאָל זיך כאָטש קיין שראַפּנעל ניט פאַרבענקען אַמאָל נאָך אונדז. — האָט „וויעטער" פון דער זייט אַ זיפץ געטאָן. — ווייל געווויינטלעך קלעפּן זיי זיך צו אַ נאַש בראַט, ווי אַ ווינט צו אַ...

ער האָט ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן, ווי מיטאַמאָל האָט זיך פון הינטער אַ שטיין אַפער, לעבן אונדז, באַוויזן אַ שפּיץ פון אַ קאָפּ, וואָס האָט זיך פּאַמעלעך און פאָרזיכטיק אַרויסגעהויבן פון אַ באַהעלטעניש. דאָס איז געווען באַלטעק:

— וואָס, מען מעג סוין? — האָט ער מיט אַ טאַמעוואַטן פּאָנים זיך אַרומגעקוקט און, אַ צעיאַכמעטער פון שרעק, אַ ווייז געטאָן אף זיין שינעל, — איר סעט, אָט האָט מיך אַ סראַפּנעל סוין געסאָסן!... איר סעט כאָטס די לעכער אין מיין סינעל?!...

גרישונין האָט זיך אַ רוק צו געטאָן צו אים, באַטראַכט די לעכער אין זיין שינעל און, — אַ וואונק טוענדיק מיט אַן אויג צו אונדז, — קלוימערשט גאַנץ ערנסט אַ זאָג געטאָן צו אים:

— לייגסט, ברודער! דאָס איז ניט פון קיין שראַפּנעל! דו זאָג בעסער דעם עמעס: מיסן באַגנעט פון דער ביקס, צי עפּשער גאָר מיט אַ מעסערל האָסטו אָט די לעכער געמאַכט?...

באַלטעק האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר צעווייטיקט-באַליידיקטע אויגן אף אים, גענומען וואַרפן מיט די הענט, פאָרשקען מיט די דיקע ליפּן און שפּריצן מיסן מויל:

— ביסט מעסוגע, צו דו מאַכסט גאָר אַ ספּאַס?...וואָס הייסט מיט אַ מעסער?...אַז אָט, זיי זענען דאָך אַפילע דורכגעבּרענטע...

גרישונין האָט ווידער שפּאַסיק אַ לאַך געטאָן:

— נו, אויב אַזוי, איז מיר שוין קלאָר. האָסטו זיי, די לעבער, הייסט עס, גאָר אויסגעברענט מיט אַ שוועבעלע...

— וואָסערע סוועבעלעך? — האָט יענער שיער ניט געוויינט פון פאַרדראָס. — וואו האָב איך דאָ גענומען סוועבעלעך גאָר?...

גרישונין האָט ווידער אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג צו אונדז און זיך אַזש גענומען שטיקן פון געלעכטער. באַלטעק, וואָס איז בעטעווע געווען אַ גוטמוטיקער און שטילער, האָט זיך אַזש דאָסמאָל צעשאָלטן אף גרישונינען מיט אַ דריי־גאָרנדיקער קלאָלע. גרישונין האָט אים ענדלעך באַרואיקט, אַז ער האָט בלויז געשפּאַסט אַזוי, און געהאָלפן באַלטעקן זיך באַטראַכטן, צי דער שראַפּנעל האָט אים אַמאָל ניט פאַרשעפּעט טיפער ווי דעם שינעל. צום גליק האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז עס האָט אים ניט געשאַדט...

בעווורע האָבן דערווייל געפונען אַ געלעגנהייט צו קיבעצן איינער דעם צווייטן און עס איז אַוועק אַ גאַנג. מען האָט אָנגעהויבן וואַרפן מיט שטעך־ווערטלעך און אַזוי אויסכויזעקן איינס דאָס אַנדערע. עס איז געוואָרן אַ טומל און קריגעריי. אָבער גלייך האָט זיך ווידער אַ טראָג געטאָן איבער די קעפּ אַ פליענדיקער סנאַריאַד מיט אַזאַ הילכיק וואָיעריי, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך געררייצט מיט אונדז:

„אויך מיר העלדן... אָט פאַל איך אף אייך און...״

ווידער האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן מיט די פּענימער איינגע־גראָבן אין דער ערד און געבליבן אַזוי ליגן אומבאַוועגלעך, פּונקט ווי מיר וואָלטן מוירע געהאַט מיט אַ באַוועג צו דערצערענען די ברו־מענדיקע סנאַריאַדן און די פליענדיקע צעגליטע שראַפּנעל־שאָלן. אין די פּלייצעס האָט געביסן, אַזוי ווי לעבעדיקע ווערים וואָלטן געקראָכן איבער אונדז. אַ קאַלטער שווייס האָט די הויט געקיצלט...

*****

**די קאַנאָנאַדע** וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ שטיקל צייט, האָט ענדלעך ווידער אויפגעהערט. און מאָדנע: כאָטש מען איז געווען קימאַט ווי זיכער, אַז זי וועט זיך מיסטאָמע גלייך ווידער אָנהויבן, — איז דאָך בײַ יעדן פון אונדז געשאַפן געוואָרן אַ גלויבן, אַז דאָסמאָל האָט זי זיך שוין אָפּגעשטעלט אף אַן עמעס, און מער קיין שלאַכטן וועלן שוין ניט פּאָרקומען. עס איז געבוירן געוואָרן אַ האָפנונג, אַז עפּשער וועט דאָסמאָל קומען אַ מעלדונג פון שטאַב, אַז די מילכאָמע איז געענדיקט... אָבער נאָך איידער מיר האָבן

באַוויזן צו קומען צו זיך, האָט די קאַנאָנאַדע ווידעראַמאָל זיך אָנגעהויבן, אָבער דערפאַר פיל שטאַרקער און אָפטער ווי פריער...

צום גליק האָט אויך דאָסמאָל דאָס שיסערײַ ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. נאָך אַ צענדליק קנאַלן האָט עס זיך ווידער איבערגעהאַקט אויף עטלעכע מינוטן. אַזוי האָט עס זיך איבערגעכאַזערט קעסיידער און, עס האָט אויסגעזען אַקוראַט ווי איין צאַד וואָלט עס אַזוי געוועקט דעם צווייטן, ער זאָל אַמאָל ניט אַנטשלאָפן ווערן אויף דער פּאָזיציע...עס איז, זעט אויס, יעדן צאַד פּאָשעט געגאַנגען אין לעבן, אַז דער געגנער זאָל צוריקשיסן, קעדיי צו קריגן אַ בעסערן ציל-פּונקט פאַר זײַן ענטפער. יעדעסמאָל, בעאייס דער לעצטער אַרויסגעלאָזטער סנאַריאַד האָט נאָר קוים באַוויזן צו גרייכן דעם אָנגעמערקטן פּלאַץ זײַנעם; ווען דער שטויב-וואָלקן, אינדערווײַטנס, האָט זיך נאָך געהאַלטן אינדערלופטן, האָט זיך שוין בײַ אונדז—פון הינטער אַ שטאָלענער שוץ-וואַנט, ווי פון דער ערד אַרויס—אַרויסגעהויבן אַן אָפיצירס אַ קאָפּ, וואָס האָט מיט פעלד-גלעזער אַ קוק געטאָן אין דער ווײַט, צום סויבעס ליניע, און מיט געבײַזער גענומען שרײַען צום אָנצילער:

— צום טײַוול!... שוין ווידעראַמאָל אַריבערגעשאָסן!...נעענטער צילט און רעכטער, רעכטער שיסט, צו אַלדע טײַוול!...

דער אָנצילער, מיט אַ פאַרדרייט היטל אויפן קאָפּ, האָט נערווירנדיק געדרייט דאָס ציל-הענטל פונעם קאַנאָן אויף הין און צוריק און זשעדנע געקוקט דורך דעם ציל-גלעזל, אינעם אַפּאַראַטל. מיטאַמאָל האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ שאַרפע קלאָלע און אויסגעשריגן:

— עך, אַזעלכע באַמאַכטע טערקן!... דאַכט זיך, אַז איצט איז עס דאָך שוין יאָ געווען אָנגעשטעלט אין ריכטיקן פּונקט און דאָך... דערפאַר וועל איך שוין דאָסמאָל באַ זיי די קישקעס אַרויסזעצן!...

אָבער וויפל ער האָט זיך ניט געפלײַסט, וויפל ער האָט אַלץ ניט געקירעוועט דאָס יעדל און געקוקט דורכן ציל-גלעזל,— די סנאַריאַדן זײַנע האָבן ניט געטראָפן וואוהין ער האָט געצילט. ער איז געוואָרן בייז און אויפגערעגט, האָט מיט רעציכע אַ וואָרף געטאָן זײַן היטל אין דער ערד, ווידער אַ זידל געטאָן און אויסגעשריגן:

— אַן אויסוואורף פון אַ קאַנאָן, דער טײַוול זאָל אים נעמען!... ניט אַנדערש, נאָר די טערקן האָבן מיר הײַנט אַ קישעף אָפּגעטאָן!...

דאָס קעסיידערדיקע קנאַלן פון די קאַנאָנען האָט פיל פון אונדז קראַנק געמאַכט. פון דער שרעק און פונעם אומאויפהערלעכן טראַסקען, האָבן קראַמפּן אונדז באַוועלטיקט און מיר זענען אײנער נאָכן אַנדערן שיער ניט אַוועקגעפאַלן. בעווורע האָבן זיך געקנייטשט אין

ווייטיקן. פיל האָבן זיך פּאָשעט געוואַלגערט אויף דער ערד און זיך באַגאָסן מיט אַנגסטן. קימאַט די גאַנצע קאָמאַנדע איז אייבער נאָכן אַנדערן אַוועקגעקראָכן הינטער אַ דערבייאיקער הויכער סקאַלע...

אויסגעזעצט אין אַ רינג, איינער לעבן צווייטן, איז מען געזעסן און בּאַ קיינעם פון אונדז האָט זיך ניט געפילט דער מינדעסטער באַגריף פון כאַרפּע. מיר, סאָלדאַטן, זענען נאָך פון פרידן־צייט צוגעוואוינט געוואָרן זיך ניט צו שעמען מיט אַזעלכע נאַטירלעכע באַדערפעניש. פאַרקערט: עס האָט טאָמיד געפלעגט אויסזען ווי עפּעס אַ פריילעכער צוזאַמענקומפט, אָדער אַ יאָנטעוו. און ווי אַלעמאָל האָט מען אויך דאָ זיך געוויצלט און געשפּאַסט. עטלעכע האָבן זיך אַפילע געגומען שפּילן אין קאָרטן. אַנדערע האָבן זיך דערציילט מאַיסעס. טשעריאַק האָט קעסיידער געקיבּעצט און יעדעסמאָל, ווען אַ סנאַריאַד איז פאַרבייגעפלויגן איבער די קעפּ, אויסגעצויגן אַ לאַנגן פייף:

— פיו־אַר־הוטש!... די קאַנאָנען האָבן זיך, זעט אויס, גאַנץ נישקאָשעדיק געמוזט איבּערפרעסן, וואָס זיי פליען עס אַזוי...

מיטאַמאָל האָט ער זיך שטאַרק צעלאַכט און אויסגעשריגן:

— איר ווייסט, יאַטן, וואָס מיר איז אייגעפאַלן? איך טראַכט, אַז אויב עס וועט נאָך לאַנג אַזוי אָנהאַלטן, וועלן מיר דאַרפן בעטן טאָפּלטע פּאָרציעס, אַנדערש וועלן מיר אַרומגיין מיט פּוסטע מאָגנס...

— אָ, דאָס איז נאָך גאָרניט! — האָט אַן אַרטילעריסט, וואָס האָט זיך צופעליק צוגעזעצט לעבן אונדז, גלייכגילטיק אַ זאָג געטאָן, — אָט וועט זיך ערשט אָנהויבן אַ גענעראַל־שלאַכט, וועט איר דעמלט שוין אַפילע ניט באַווייזן אַהערצולויפן...

אַלע האָבן אויפגענומען דעם אַרטילעריסטס ווערטער ווי שפּאַס, און געלאַכט. בלויז איין „וויעטער" האָט זיך, אַפּאָנים, יאָ שטאַרק דערשראָקן פון יענעמס באַמערקונג און אַזש אָנגעהויבן צו ציטערן. זיצנדיק אַזוי, האָט ער זיך גענומען ציילעמען און געקרעכצט:

— עך־דו, גאָט מיינער!... דאָס איז דאָך ערגער ווי...

— וואָס דען האָסטו געמיינט? — האָט טשעריאַק מיט כויזעק אים איבּערגעשלאָגן, — דאָס איז דיר דאָ ניט דיין יאַם און דיין פיש־פּאַנג. דאָ קאָן דיר אַזוי אומגעריכט אונטערשפּרינגען אַזאַ סאָרט פיש, וואָס פון בלויזן קוק אויף אים וועלן בעמען פאַלן שטיקער פון דיר!...

טערמאַקאָוו, וועלכער איז געזעסן לעבן טשעריאַקן און אַליין זיך אויך געקניישט אין בויך־קראַמפּן, האָט פונדערזייט צוגעוואָרפן אַ צווייטיקטן בליק אויף אים און געבּרומט:

— גוט, וויצל זיך, „מאַמעליגע", וויצל זיך!... אָבער היט זיך,

פונדעסטוועגן, אַז אַזאַ פויגל זאָל אַמאָל באַ דיר ניט אַרונטערהאַקן אָט דאָס דאָזיקע שטיק...

ער האָט אַ ווייז געטאָן אויף טשעריאַקס קאָפּ און אַ באַצוואונגענער געלאַכט. מיטאַמאָל האָט ער זיך צוריק אַ כאַפּ געטאָן באַם קראַמפּנדיקן בויך, און זיך ווידער גענומען דרייען אין אַנגסטן.

גרישונין האָט אויף גיך צוגעוואָרפן:

— וואָרים באַ טשעריאַקן איז דען אַ כילעק וועלכעס שטיק?... אַז באַ אים איז איינס סיי ווי ניט בעסער פונעם צווייטן...

טשעריאַק האָט בייז אַ זידל געטאָן:

— אַז ניט גוט זאָל אייך ווערן, אויסוואורפן אַזעלכע!...נאָר צו רייצן און ווײ צו טאָן יענעם, דערויף זייט איר בעריעס!...

— זעט נאָר ווער עס רעדט! — האָט גרישונין אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. — און זעט נאָר ווי ער האָט זיך עס אָנגעצונדן, ווען מען האָט אים פאַרטשעפּעט!...

ער האָט זיך אַ דריי אויס געטאָן צו טשעריאַקן:

— אַז מען וואַרפט זיך מיט שטעכלקעס, ברודער, דאַרף מען זיין גרייט צו אַ שטאָך!...

טשעריאַק האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן...

*****

**מיטיקצייט** האָט דער הימל זיך באַצויגן מיט שווערע, געדיכטע כמאַרעס און עס איז טונקל געוואָרן. עס האָט גענומען דונערן און בליצן און אַ רעגן האָט געפּליוכעט. די שלאַכט האָט זיך אויף דאָס ביי צעפלאַקערט. די טערקישע קאַנאָן-שאָסן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די דונערן און די לופט האָט זיך געשפּאָלטן אויף צווייען פון יעדן קראַך. דער גאַנצער באַרג האָט געציטערט און זיך אונטערגעוויגט. סנאַריאַדן האָבן אויפגעריסן שטיקער ערד און זיי צעטראָגן אין שטויב. שראַפּנעלן זענען זיך צעפלויגן אין אַלע זייטן און אָפּגעפּיצלט שטיקער שטיינער. אַפילו אונדזער „זיכער" ווינקל, הינטער דער סקאַלע, איז עטלעכע מאָל באַזוכט געוואָרן פון צופעליק-פאַרבייפליענדיקע סנאַריאַדן, נאָר צום גליק האָט עס נאָך קיינעם פון אונדזערע יאַטן ניט געשאַדט.

אונדזער אַרטילעריע האָט אויך ניט געשוויגן. ווי עס האָט איצט אויסגעזען, האָבן אונדזערע שיסער-טיילן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף עטלעכע הונדערט טריט אין פאָרויס פון דער אַרטילעריע, — זיך

געגרייט צו אַן אַטאַקע און די אַרטילעריע האָט זיי דעריבער איצט אונטערגעהאָלפן מיט פייער...

די אָפיצירן, וואָס זענען געלעגן באַהאַלטן הינטער שטיינער־באַשיצונגען, אַ שפּאַר שטיקל ווייטער פון דער שיסער־ליניע, האָבן קעסיידער געוואָרפן באַפעלן, וועלכע זענען אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון אונטעראָפיצירן, און זיך צעשאָטן איבערן באַרג מיט שניידנדיקע אויסרוף־עכאָס, ווי מיט שאַרפע מעסערס:

— אַריבערלויפן!... איינציקווייז!... פאָרויס!... פייער!...

אינעם טונקעלען אָוונט־שיין האָט זיך פונווייטן געזען ווי די סאָלדאַטן האָבן זיך איינציקווייז אַ הויב געטאָן פון זייערע איינגע־גראָבענע פלעצער, זיך אַ טראָג געטאָן לויפנדיק אין פאָרויס און — נאָך עטלעכע טריט לויפן — זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד. די טערקישע פולעמיאָטן — ווי צערייצטע הינט — זענען אַנטקעגנגע־שפּרונגען מיט אַ ווילדן קוילן־געבריל. אַ האָגל פון פייער האָט זיך געגאָסן איבערן באַרג און פאַרפולט די ערד מיט בליציקע פייערן. און די אָפיצירן, — זיי זענען אָנגעגאַנגען מיט זייערע באַפעלן:

— אין אַטאַקע!... אַלע מיטאַמאָל!... פאָרויס!... הוראַ!...

אַ וואַנט מיט טונקעלע געשטאַלטן האָט זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן און מיט אַ שטורמישן, פיל־מיליקן הוראַ־געשריי, זיך אַ יאָג געטאָן פאָרויס, באַרג אַרונטער. פון דער אַנדערער זייט האָט זיך זיי אַנטקעגנגעטראָגן אַ מעכטיקער פולעמיאָטן־געבריל, וואָס האָט מיט זיין ווילדן טאַראַדאַקען געפּרואווט פאַרדעקן די הוראַ־געשרייען. אַרום האָט אַלץ וויברירט אין צאַפּלדיקער דערוואַרטונג. עפּעס האָט עס אויסגעזען ווי אַ געוועט־קאַמף: ווער־וועמען, דער סאָלדאַט — דעם פולעמיאָט, אָדער פאַרקערט...

די געשרייען מיטן געברילעריי איז געוואָרן אַלץ ווילדער, אַלץ גערינכער און וואָס אַ ווייל — אַלץ ווייטער... פאַר אַ צייט האָט זיך געדאַכט, אַז עס וועט גאָר קיינמאָל שוין ניט אויפהערן. ביסלעכווייז, אָבער, האָט עס זיך פאָרט גענומען איינשטילן. עמעס, ערגעץ וואו אינדערווייט, האָט נאָך צייטנווייז אָפּגעהילכט אַן איינציקער ביקסן־שאָס. דאָס האָט, אָבער, אויסגעזען ווי דער לעצטער קרעכץ פון אַ גויסעסדיקן. דאָס האָט, אַפּאָנים, אַ פאַראַקשנטער געגנער זיך נאָך געפּרואווט אַנטקעגנשטעלן, אָדער אַ צעווילדעוועטער זיגער האָט פון גרויס שרעק אויסגעליידיקט זיין ביקס אינעם קערפּער אַריין פון אַ פאַרלוירענעם באַזיגטן. באַלד איז פאַר אַ מאָמענט איינגאַנצן שטיל געוואָרן. בלויז אַ טויבער געזשום פון קלאַפּנדיק געווער האָט זיך

דערטראָגן צו אונדז. מיטאַמאָל אָבער האָט ווידער זיך אַ טראָג געטאָן איבער דער לופט אַ הילכיק-אויסגעצויגענער הוראַ-געשריי, וואָס האָט אָפּגעהילכט אינדערוויטן מיט צעפּאַלענע עכאָס. ענדלעך, נאָך עטלעכע מינוט שרייען, איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן.

דער טעלעפאָניסט, וועלכער איז די גאַנצע צייט געלעגן אַן אויסגעצויגענער אין דער צעבלאָטיקטער ערד, לעבן זיין קעסטל דראָטן און אינסטרומענטן, און האָט פון דאָרט איבערגעגעבן די דערהאַלטענע באַפעלן פונעם שטאַב צום אַרטילעריע-קאָמאַנדיר — האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעשטעלט. ער האָט זיך אויסגעצויגן ווי פון שלאָף, זיך אַרומגעווישט דאָס אויסגעבלאָטיקטע פּאָנים און טרוקן ראַפּאָרטירט:

— די אַטאַקע איז געלונגען, אייער הויך-געבירטיקייט!... די טערקן טרעטן אָפּ!... דער באַפעל איז: — גלייך זיך פאַרנעמען און איבערגיין אין פאָרויס!...

דער באַטאַרייע-קאָמאַנדיר איז אַרויסגעקראָכן פון זיין באַהעלטעניש, האָט ברייט אַ פורשקע געטאָן מיט די ליפּן ווי אַ פערד, און אַ צופרידענער גענומען פריילעך אַרומשפּאַנען:

— אויסגעצייכנט! — האָט ער אויסגעשריגן. — דאָס איז גוט!... מיר האָבן זיי פיין אַריינגעפּיצקעט!... אַ „געאָרגי קרייץ” איז דאָך ווינציק פאַר אַזאַ שטיקל אַרבעט, ערן וואָרט!...

מיטאַמאָל האָט ער אַ הויב געטאָן די שטימע און באַפוילן:

— נעמט פאַנאַנדער די קאַנאָנען!...

באַ די אַרטילעריסטן איז מיטאַמאָל רירעוודיק געוואָרן. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די קליינע באַרג-קאַנאָנען און זיי פאַנאַנדערגענומען אויף שטיקער. פון אַ זייטיקן באַרג-שפּאַלט האָט מען גלייך אַרויסגעפירט געזאָטלטע פערד, וועלכע זענען דאָרט די גאַנצע צייט געשטאַנען באַהאַלטן. די סאָלדאַטן האָבן גענומען אַרויפלאָדן אויף די אויסטערלישע זאָטלען די צענומענע קאַנאָן-טיילן און סנאַריאַדן-קעסטלעך. אויף איין פערד האָבן זיי אָנגעלאָדן אַ פּאָר רעדער, אויף אַ צווייטן — אַ געשטעל, אויף אַ דריטן — אַ קאַנאָן-רער און אויף אַן אַנדערן — עטלעכע סנאַריאַדן-קעסטלעך. אַלץ איז צוגעגאַנגען באַ זיי אַזוי גיך און אַזוי איילנדיק, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז דער סוינע זאָל זיך אַמאָל ניט באַווייזן פון ערגעץ און כאָלילע נאָך צעשטערן דעם אויפמאַרש אינגאַנצן...

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אַרומגעדרייט אַן אומגעדולדיקער און קעסיידער אונטערגעטריבן:

— רירט זיך צו, קאַנאַליעס!... מאַכט עס לעבעדיקער!... מען

דאַרף אויסנוצן דעם סוינעס פּאַניק און אים אָנרייבן אַ מאָרדע!...
אין עטלעכע מינוטן אַרום איז די אַרטילעריע אַוועק פּאָרויס...
אפן גאַנצן אַרום האָט זיך צעלייגט אַ שווערע שטילקייט...

*****

**שטילקייט** נאָך אַן אַטאַקע איז, דאַכט זיך, ערגער ווי די אַטאַקע גופא. עפּעס שרעקט די דאָזיקע שטילקייט אַזוי מאָדנע, עפּעס איז זי פול מיט אַזאַ מוירעדיקער סוידעסדיקייט וועגן אומדערוואַרטעטע איבעראַשונגען,— אַז מען הייבט אָן טראַכטן, עס וואָלט שוין בעסער געווען צו הערן דעם קאַנאָנען־געקראַך מיטן פּולעמיאָטן־געפּילדער, איידער אויפגעפּרעסן צו ווערן פון אָט דער שווערער, מאָנאָטאָנער שטילקייט...

דערצו נאָך האָט דער רעגן אַזוי שטאַרק געפּליוכעט און אונדז דורכגעווייקט ביז די ביינער, אַז די הענט האָבן זיך ניט געהויבן אָף צו נעמען זיך צו דער אַרבעט. עס איז, אָבער, גענוג געווען, אַז סטעפּאַקין זאָל אונדז דערמאָנען אין אַדיוטאַנטס באַפעל, — אַז מיר זאָלן זיך האַסטיק אַ נעם טאָן דערצו. יעדנפאַלס, האָבן מיר טאַקע געוואָלט וואָס גיכער פאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט, קעדיי זיך צו פאַרנעמען ערגעץ אָף אויסצוטריקענען זיך...

די קאָמאַנדע האָט זיך ווידער צעטיילט אָף צווייען. איין גרופּע האָט זיך אַרונטערגעלאָזט עטוואָס נידעריקער, אין אַ באַרג־שפּאַלט, און דאָרט גענומען גראָבן אַ ברידער־קייווער פאַר די האַרוגים, וואָס זענען געלעגן אַביסל העכער אפן באַרג, שוין עטלעכע טעג, פון זינט דאָרט איז געווען די שיסער־פּאָזיציע. די אַנדערע גרופּע האָט זיך אַרויפגעהויבן און זיך גענומען צוזאַמענצוקלויבן דאָס געווער, וואָס איז — ווי די האַרוגים — געלעגן אַביסל העכער אפן באַרג...

דאָסמאָל איז די דאָזיקע אַרבעט שוין צוגעגאַנגען אַביסל לייכטער ביי אונדז. קיינער האָט שוין אַזוי ניט מוירע געהאַט פאַרן אָנבליק פון די קאַליעטשעטע קערפּערס מיט די געדראָלענע ליפּן און מיט די אויסגעגלעזטע אויגן. אַפּאָנים, אַז אין אָנבליק פון דעם באָר־וואָס דורכגעמאַכטן געפאַר פאַרן אייגענעם לעבן, איז שוין דער טויט פון אַנדערע ניט אויסגעקומען אַזוי שרעקלעך...

מיר האָבן צונויפגעשלעפּט דאָס געווער אין אַ קופּע און אַרונטערגעטראָגן די דורכגעווייקטע טויטע קערפּערס צום קייווער. דאָרט האָבן מיר באַזוכט זייערע קעשענעס און אויסגעליידיקט די דאָקומענטן

מיט די פּאַפּירן, אַזוי ווי מיר האָבן עס געהאַט געטאָן אויפן ערשטן באַרג. דאַסמאָל, אָבער, האָבן מיר שוין — אַ כוץ די דאָקומענטן — קימאַט גאָרניט ניט געפונען. אַפּאָנים, אַז די אַרטילעריסטן האָבן נאָך פריער שוין געהאַט אויסגעליידיקט דעם טאַבאַק מיטן קליינגעלט בײַ זיי, איידער מיר זענען אַפילו אָנגעקומען אַהערצו, אויפן באַרג...

צווישן די האַרוגים האָבן מיר געפונען עטלעכע טערקן, וואָס זענען — פונקט ווי אונדזערע — געלעגן מיט פאַרשטייפטע, צונויפגעדרייטע קערפּערס. מיר האָבן זיי אַרונטערגעטראָגן צום קייווער, אויך צו באַערדיקן זיי צוזאַמען מיט אונדזערע.

טערמאַקאָוו, דער פויער, וועלכער איז געשטאַנען אין גרוב מיט נאָך אַ צאָל יאַטן און דאָרט אויסגעלייגט די קערפּערס, האָט בעת ער דערזען אַ טערקישן מעס, גענומען פּראָטעסטירן קעגן באַערדיקן אים צוזאַמען מיט אונדזערע. אַ צעקאַאַסטער איז ער אַרויסגעשפּרונגען פונעם קייווער און געשריגן:

— איר זייט מעשוגע געוואָרן, צי וואָס?...סאָנים ווילט איר דאָ באַערדיקן צוזאַמען מיט אונדזערע?... איך וועל עס ניט טאָן!...

לעכאַטכילע האָבן מיר אַפילו געמיינט, אַז ער שפּאַסט עס בלויז אַזוי. אַז מיר האָבן אָבער דערזען זיין ערנסטקייט, האָבן מיר זיך ערשט פאַנאַנדערגעלאַכט. גרישונין, אָבער, איז — ווי זיין שטייגער — גלייך אויפגעקאָכט געוואָרן:

— נאַרישער קאָפּ וואָס דו ביסט! — האָט ער געשריגן צו אים — וואָס אַרט דיך, אַז זיי וועלן יאָ ליגן צוזאַמען?... וואָס איז, האָסט עפּשער מוירע, אַז זיי זאָלן זיך דאָרט אַמאָל ניט צעקריגן צווישן זיך און ניט אַרויס אויף מילכאָמע איינער קעגן דעם צווייטן?...

סטעפּאַקין האָט אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע:

— זיי ניט קיין שויטע, טערמאַק, — האָט ער געלאַכט, — די־אָ וועלן שוין קיין מילכאָמעס ניט פירן! זעסט דאָך: מיר גיבן זיי דאָך אַפילו ניט מיט קיין געווער...

טערמאַקאָוו האָט זיך אַלץ געדונגען:

— יאָ, אָבער... נעכריסטן און... סאָנים...

דאַווידאָוו האָט אים אַ קיצל געטאָן אונטער דער מאָרדע:

— נאַרעלע איינער... וואָסערע סאָנים?... אַז זיי האָבן זיך דאָך באַם לעבן איינס דאָס אַנדערע ניט געקענט אַפילו!...

גרישונין האָט שפּאַסיק צוגעוואָרפן:

— אַז מיר לייגן זיי דאָך אָן באַטשאַלסטווע — וועט שוין אַוואַדע זיין פרידן צווישן זיי. זעסטו, ווען מיר וואָלטן צוזאַמען מיט זיי

אַוועקגעלייגט כאַטש אַן איינציק אָפּיצירל, וואָלט עפּשער יאָ געווען אַ געפאַר ער זאָל אָנרייצן איינעם אפן צווישן און... אַזוי אָבער... טערמאַקאָוו האָט זיך אונטערגעגעבן.

די אַרבעט איז פאַרענדיקט געוואָרן גאַנץ שפּעט — אַרום האַלבע נאַכט. קיין ציילעם האָבן מיר דאָסמאָל אין קייוועך ניט אַריינגעשטעלט. די אָבאָז-וועגעלעך, וואָס האָבן געדאַרפט צוברענגען די שפּייז מיטן ציילעם, זענען דאָסמאָל — איבערן רעגן, אָדער עפּשער צוליבן אויפמאַרש — ניט געקומען. מיר האָבן דעריבער, אַזוי גיך ווי מיר זענען נאָר פאַרטיק געוואָרן, זיך פאַרנומען אין פאָרויס, באַרג אַרונטער, אין דער האָפנונג אָנצוקומען אין עפעס אַ דערפל, וואו מיר זאָלן זיך קאָנען אויסטריקענען און עפּשער אויך געפינען עפּעס צום עסן...

ביז ווייט פונעם באַרג-פוס, אין טאָל, זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דערפל, וואָס איז ערשט מיט בלויז עטלעכע שאָ צוריק געווען „קיינעמס לאַנד" — אַ זאָנע, וואָס איז עטלעכע טעג געלעגן פאַרלאָזן צווישן ביידע פיינטלעכע פּאָזיציעס, אינמיטן סאַמע פייער.

דאָרט, אינעם דערפל, האָט אויסגעזען, איז קיין לעבעדיקער נעפעש ניט געווען. עס האָבן זיך אָבער קלאָר אָנגעזען די סימאָנים פון אַ פאַרבייגעגאַנגענער אַרמיי. אומעטום — צעשטערונג, פאַרניכטונג און כורווע. דער רעגן האָט שוין געהאַט אויפגעהערט, נאָר עס איז נאָך אַלץ געווען פאַרוואָלקנט און שטאָק-פינצטער. דאָס דערפל אָבער איז געווען שטאַרק באַלויכטן. דאָס ראָוו הייזלעך זענען געלעגן אין פלאַמען. פון פיל הייזלעך זענען פאַרבליבן ניט מער ווי ברענענדיקע קלעצער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גרויסע שטורקאַצן. פייער-פלאַקערס און רויך-קנוילן האָבן געטאַנצט אַרומגענומען און זיך געהויבן איבער די כאָרעווע הייזלעך. רויטע פלאַם-צונגען האָבן געלעקט דעם שוואַרצן כאָלאָל, זיך געדרייט אין אַ ווירוואַר און פאַרפאַלן געוואָרן ערגעץ אין דער שווערער נאַכט. גרויסע און שוואַרצע שאָטנס האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט אף די אַרומיקע בערג און דאָרט אויסגעמאָלט מאַסן פאַנטאַסטישע שאָטן-שלעסער און פעסטונגען. די פּאָר צוגעסמאַליעטע בוימער, וואָס זענען געשטאַנען אין טאָל, האָבן אויסגעזען ווי באַקעטע, נאָר-וואָס באַרויבטע מענטשן, מיט אַרויפגעהויבענע ציטערדיקע הענט. אַן עלנדער פאַכעד האָט אַרויסגעוויינט פון דער ערד אַרויס...

מיר האָבן שוין גאָרניט געזוכט אַפילע. עס איז קלאָר געווען, אַז ס'איז שוין ניט פאַראַן וואָס דאָרט צו געפינען. אַלץ וואָס די טערקן האָבן — אין זייער אַנטלויפן — פאַרגעסן, אָדער ניט באַוויזן מיט זיך מיטצונעמען, — האָבן אַוואַדע אונדזערע פאַרבייגייענדיקע סאָלדאַטן

צוגענומען אַ טייל דערפון און דאָס איבעריקע איז אַוועק מיטן פייער.

אַנטוישטע און הונגעריקע האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם טייכל, זיך אַרונטערגעלאָזט אף די קניען און גענומען דערפרישן זיך כאָטש מיט אַ טרונק וואַסער. אונדזערע שאָטנס—צענפאַך פאַרגרעסערט — האָבן זיך געיאָגט איבער די אַרומיקע בערג און אויסגעזען עפּעס ווי ווילדע רייטער, וואָס יאָגן זיך נאָך אויסטערלישע כאַיעס...

מיר האָבן אויפגעקאָכט טיי אין אונדזערע קעסעלעך און פאַרביסן מיט פיצלעך סוכאַרעס, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַט פאַרוואַלגערט ביי עטלעכע יאַטן אין די זעק. דערנאָך האָבן מיר צונויפגעשלעפּט עט־לעכע גרויסע ברענענדיקע קלעצער, זיי צונויפגעלייגט איינעם איבערן אַנדערן און זיך אַרומגעלייגט שלאָפן אַרום דעם שייטער.

איינצושלאָפן איז אָבער געווען אומעגלעך. דאָס פייער — פון אין זייט—האָט געגליט אין די זייטן מיט וועלכע מען איז געלעגן צו דעם, און דער ווינט מיט דער קעלט — פון דער צווייטער — האָט געגליווערט יענע זייטן וואָס זענען געווען אַוועק דערפון. מען האָט זיך דעריבער קעסיידער געדרייט אין אומרו... ווי אַ צוגאָב דערצו האָט נאָך דער רויך פון די ברענענדיקע קלעצער מאַמעש אויסגעגעסן שטיקער לונגען ביי אונדז און אונדז געוואָרגן אין די העלדזער. די נאַכט האָט אונדז געמוטשעט אין פיין און אַנגסטן...

*****

**אַ יונגער** פרימאָרגן האָט זיך אַ יאָג גע־טאָן איבער די בערג פון ערגעץ אינדערוויים. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט מיט זיין רויטלעך־בלאַסער ליכט זיך נאָכגעיאָגט נאָך דער אַנטלויפנדיקער נאַכט, וואָס האָט זיך—אין זיין אָנבליק—געאיילט צו באַהאַלטן צווישן די ווייטע, פאַרבאָרגענע בערג־שפּאַלטן. האַסטיק איז דער פרימאָרגן אַריינגעדרינגען אין אַלע ווינקלען און שפּאַרעס, ווי ער וואָלט געזוכט די פינצטערע איבערבלייבעכצן פון דער נאַכט, קעדיי זיי אויסצוראָטן. אפן הימל איז געבליבן הענגען עפּעס אַזאַ אויסגעבלאַסט־פאַרכאַלעשטע לעוואָנע, וועלכע האָט ניט באַוויזן צו אַנטלויפן צוזאַמען מיט דער ביינאַכטיקער פינצטערניש. נעבעכדיק האָט זי אַרונטערגעקוקט פונדערהויך, אַקוראַט ווי זי וואָלט אַכטונג געגעבן, אַז דער אָנקומענדיקער טאָג זאָל קיין שלעכטס ניט טאָן די אַנטלויפנדיקע איבערבלייבעכצן פון איר נאַכטיקער מעמשאָלע...

אַ וואַרעם ווינטעלע האָט כניפעדיק גענומען לאַשטשען און גלעטן

דעם אָנקומענדיקן דעצעמבער־טאָג, ווי צו מאַכן אים פאַרגעסן אין די שווערע פּרעסט, וועלכע ער האָט דערוואַרט, און אָפּציען אים פון שפּיגלען זיך אין די שנייען, וואָס זענען זילבערדיק געלעגן דאָרט, אינדערהויך, אויף די אַרומיקע בערג...

אין טאָל, באַם טייכל, איז געווען וואַרימלעך־פריש. שפּראָצונגען, גרינסן און גראָזן, האָבן זיך אַרויסגעהויבן פון דער ערד און — ווי אין יונגן פרילינג — זיך באַאיוו אַרומגעקוקט. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרלוירענער פרילינג־מאָרגן, וואָס איז אומגעריכט געפונען געוואָרן.

מיר זענען געזעסן און זיך געשטיקט מיט דעם אייגענעם הונגער. די געדאַנקען האָבן ניט איבערגעהערט גרישען דעם מויעך. מען האָט טאַקע געשוויגן, אָבער קלאָר איז געווען, אַז אַלע טראַכטן וועגן איין זאַך: — עסן... איבער אַלעמען האָט זיך צעשפּרייט עפּעס אַזאַ שווערע און דריקנדיקע בענגשאַפט... גרישונין האָט מיטאַמאָל אַ צעפיר געטאָן זיינע הענט אין דער ברייט און עפּעס אַזוי ווי אויסגעגענעצט:

— עך, מאַמעלעך, ס'איז בענגלעך, ס'איז טרויעריק, און ס'איז אַפילו ניטאָ וועמען אין צורע צו פאַרפאָרן!...

— ס'אַ פאַרשאָלטן מאַזל! — האָט טשעריאַק, אין געדריקטקייט, אַ ברום געטאָן, — אַ פאַרשאָלטן מאַזל!...

— געערכט, ברודער, אַ ביטער מאַזל, — האָט גרישונין טרויעריק צוגעשטימט און שטיל גענומען אונטערזינגען:

„עך, דו מאַזל, דו מיין מאַזל,
מאַזל ביטערער, דו מיין!
פאַרוואָס זשע האָסטו, פינצטער מאַזל,
מיך דערפירט אין סיביר אַריין?...

דאָס דאָזיקע ליד — מיטן גאַנצן אומעט, סיי פון די ווערטער און סיי פון דער מעלאָדיע — האָט זיך עפּעס פּונקט אַריינגעפּאַסט אין דער געדריקטער שטימונג, וואָס האָט אַלעמען באַוועלטיקט. בעוורע זענען דעריבער צוגעשטאַנען און פאַרגעזעצט דאָס ליד:

— „ניט פאַר שיקרעס, ניט פאַר געשלעגן,
אויך ניט פאַר קיין רויבעריי;
נאָר בלויז פאַר פרידן וועגן,
אַז דאָס פאָלק זאָל ווערן פריי.
געווען אַמאָל אַ יאָר פון הונגער:
ציבן שווערע האָט מען געהאַט;
און פון פויער ס'לעצטע קיעלע —
בעכאָצע־כינעם האָט מען באַשטאַט..."

דאָס ליד האָט זיך געענדיקט און עס איז געוואָרן שטיל. עפּעס האָט זיך ניט געפילט ווי צו רעדן. גרישונין האָט פאַרלייגט זיינע הענט אפן קאַרק, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און אַ ברום געטאָן:

— עך, מאַמעלעך מיינע, ווי מען האָט עס פאַרפּאַסקודעט אַזאַ פיינע און שיינע וועלט!...

און באַלד צוגעגעבן:

— ווען דאָ וואָלטן געוואַקסן פרישע, פאַרטיקע ברויטלעך!...

אַלע האָבן זיך אומגעדולדיק אַ באַוועג געטאָן. טשעריאַק, וואָס האָט קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט עמעצן אַ קיבעץ צו טאָן, האָט אַ פייבטל געטאָן צו גרישונינען און אריינגעזעצט:

— צי אַ שטיגער, ווען דאָס דאָזיקע טייכל וואָלט געפלאָסן מיט עמעסן בראַנפן, אנשטאָט וואַסער. פינף און זיבעציקער, לעמאָשל... עס וואָלט דאָך פאַר דיר געווען אַ לעבן און...

— און דו אַליין וואָלסט זיך אַוואַדע נעבעך אָפּגעזאָגט אַריינ־צורוקן דיין אייגענעם שניוק אין דעם, האַ?!... — האָט גרישונין מיט כויזעק צוריקגעוואָרפן. — דו האָסט עס דאָך פיינט!...

— וואָרים ווער זאָגט עס דען? איך זאָג נאָר, אַז דו...

— אָ, שווייג שוין מיט דיינע נאַרישע כאָכמעלעך!...

אַלע זענען געזעסן, געהערט און זיך געפונען עפּעס ווי אין אַן אַנדערער וועלט. עס האָט קיינעם ניט גענומען צום שמייכלען.

דער רויטלעך־גרויער פרימאָרגן האָט זיך געביטן אויף אַ ווייסן, ליכטיקן טאָג. מיר זענען נאָך אַלץ געזעסן מיט דער שווערער מאָרע־שכוירע אויף זיך, כאָטש נעמען און זיך דערטרינקען אין דעם טייכל. גודמאַן איז עפּעס געקראָכן אויף אַלע פיר פאַזע ברעג און גענישטערט צווישן די גראָזן. יעדע ווייל האָט ער אויסגעריסן אַן אַנדער גרעזל, דאָס אַרומבאַטראַכט, אַרומגעשמעקט, דאָס גענומען אין מויל אַריין, אַ קיי געטאָן און... באַלד דאָס צוריק אויסגעשפּיגן. מיטאַמאָל האָט ער אַ פּאָכע געטאָן מיט אַ זשמעניע גראָז און פריילעך אויסגעשריגן:

— איך האָב עס, יאַטן!... ערן וואָרט, איך האָב עס!... דאָס־אָ גראָז זעטיקט ווי ברויט... פּונקט ווי ברויט!...

טשעריאַק האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און געלאַכט:

— הער נאָר, גודמאַן, איז דאָס ניט אַמאָל דער מאַן, וואָס דער אידישער גאָט מוישע האָט אייך געקאָרמעט אין דער מידבאָר, ווען איר זייט אַרויסגעטריבן געוואָרן פון יערושאָלאַים?...

— אָ, וואָסער גרויסער ווייסער דו ביסט! — האָט דוקעל אים אומצופרידן איבערגעשלאָגן, — פון יערושאָלאַים גאָר, פּכע!...

— אַ זאָרג האָסטו, — האָט גרישונין אַ לאַך געטאָן, — טו בעסער אַ קוק אױף גודמאַנען. ער קלױבט זיך דאָך װערן אַ גאַט און באַװײַזן ניסים...װעסט זען: ער װעט נאָך שפּאַלטן דאָס טײכל און אָנשיקן אױף אונדז די צען מאַקעס...

טשעריאַק האָט זיך אַ קראַץ געטאָן:

— דאָ, זעסטו, װעט ער שױן האָבן װױנציקער אַרבעט... װאָרים אײן מאַקע האָבן מיר דאָך שױן אױף זיך...

גודמאַן האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק און װײַטער געגריזשעט דאָס גראָז. קוקנדיק אױף אים, האָבן ס'ראָװו יאַטן זיך אױך אַ װאָרף געטאָן, אױסגעריסן אַזעלכע גראָזן און עס גענומען קײַען מיט אַזאַ זשעדנעקײט, װי אױסגעמאָרעטע כאַיעס. אָבער אין אַ װײַל שפּעטער, אַזױ גיך װי זײ האָבן נאָר צעקײַט די ערשטע שטיקלעך, האָבן זײ גליך גענומען שפּײַען און כראַקען. אײן מױל האָט געברענט אַ מין שטאַרקע ביטערקײט; אײן גומען האָט געביסן אַ האַרבקײט און אין די ליפּן האָט געפּײערט אַ געפּעפּערטקײט. אַלע האָבן זיך אַ װאָרף געטאָן צום װאַסער און גענומען אָפּלעשן דאָס ברענונג. װי עס האָט זיך אַרױסגעװיזן, איז דאָס־אָ גראָז געװען עפּעס אַזאַ געמיש פֿון אַ מין װילדן קנאָבל, ציבעלע און שאַרפֿער, פּעפּערדיקער מיאַטע. יאַטן האָבן געשװענקט די מײַלער און געזידלט גודמאַנען. טשעריאַק, — אַז ער האָט זיך שױן געהאַט באַרױיקט, האָט שפּאַסיק אַ פֿײַף געטאָן:

— פֿיו־אָר־הוטש!... אָ, איצט פֿאַרשטײ איך שױן פֿאַרװאָס די אידן עסן אַזױפֿיל ציבעלעס און קנאָבל!... דאָס מוזן זײ אַזױ זוכן דעם פֿאַרצײַטיקן מאַן פֿונעם הימל... אָט, װי גודמאַן...

קײנער האָט דאָסמאָל פֿון טשעריאַקס כאָכמע ניט געלאַכט...

*****

## הונגעריקע

און אַנטױשטע האָבן מיר זיך גענומען קלױבן אַװעקצוגײן, אין דער האָפֿנונג צו געפֿינען עפּעס אױף אָפּצועסן. מיטאַמאָל האָט אונדזער קאַטאַיעװ אַ װײַז געטאָן צו אַ באַרג־שפּאַלט דערבײַ, פֿונװאַנען עס האָט זיך געזען דאָס פֿאַמעלעכע אַרױסקריכן פֿון אַ טראַנספּאָרט מיט באַלאָדענע אישאַקעס*).

— זעט נאָר! — האָט ער געשריגן, — כ'װעט זיך, אַז...

מיט ברײט־צעעפֿנטע אױגן האָבן מיר זיך צוגעקוקט צום אָנקומענדיקן טראַנספּאָרט און אַ האָפֿנונג האָט זיך צעשפּילט בײַ אונדז.

*) קלײנע אײזעלעך.

פאַרשטאַנען האָט זיך, אַז דאָס פירט מען מיסטאָמע פראָוויאַנט מיט שפייז פאַר עפּעס אַ מיליטער-אָפּטייל. די פראַגע איז בלויז געווען, צי וועט אונדז געלינגען עפּעס צו באַקומען. ס'איז געווען שווער צו גלויבן, אַז אימיצער זאָל וועלן אָפּגעבן כאָטש אַן אייניציק ברויטל, וואָס וואָלט סיי ווי קימאַט גאָרניט געמיינט פאַר דער קאָמאַנדע...

דער טראַנספּאָרט האָט זיך אַראָפּגעדרייט פון דער סטעזשקע אין באַרג-שפּאַלט און זיך פאַרנומען פאַזע טייכל, נעענטער צו אונדז.

מיר זענען געוואָרן אומרואיקער און אומגעדולדיקער. פונוויטן האָבן זיך שוין אָנגעזען די קאָנטורן פון קיילעכיקע ברויטן און פון שפּיציקע זייטלעך פלייש, וואָס האָבן זיך דורכגעריסעוועט דורך די פאַרפּעצטע, שמוציקע זעק, וועלכע זענען געווען אַריבערגעוואָרפן איבערביידע זייטן זאָטלען אף די אישאַקלעך...

דער טראַנספּאָרט האָט זיך געשלעפּט פויל און פּאַמעלעך. און, ווי אף צו לעהאַכעס, שוין גאָרניט ווייט פון אונדז, זיך אָפּגעשטעלט אף דער צווייטער זייט פונעם טייכל, וואו די אישאַקלעך האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום וואַסער, זיך אָנצוטרינקען.

גרישונין איז געווען דער אומגעדולדיקסטער פון אַלעמען. ער האָט עטלעכע מאָל אַ פייף געטאָן מיט די פינגער אין מויל, קעדיי דערמיט צורופן דעם אָנטרייבער פונעם טראַנספּאָרט. יענער האָט אונדז טאַקע דערזען, אַ שמייך געטאָן די אישאַקלעך מיט אַ צווייגל און זיך גענומען דערנעענטערן צו אונדז...

גרישונין האָט דערווייל אַ טאַפּ געטאָן באַ זיך דעם רעוואָלווער און געזאָגט, אַז זאָל געשען וואָס עס וויל, און ער וועט מוזן קריגן ברויט פאַר דער קאָמאַנדע. סטעפּאַקין האָט אף אים אַ קוק געטאָן מיט צעשראָקן-בעטנדיקע אויגן און — כאָטש ער אַליין איז אויך געווען שטאַרק אויסגעהונגערט — זיך גענומען בעטן ביי אים:

— פּראַווע דאָ ניט קיין ווילדע קונצן, בער אומגעלומפּערטער... הערסט?... בעט בעסער מיט גוטן, — וועסטו מער אויספירן!...

דער טראַנספּאָרט האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדז. די אישאַק-לעך האָבן זיך ווידער גענומען צום טייכל. גרישונין איז צוגעטראָטן:

— העי, זדראַוואָ, לאַנדסמאַן! — האָט ער אַ געשריי געטאָן צום אָנטרייבער, — וואָס פירסטו עפּעס דאָרט מיט זיך?...

יענער — אַ נידעריק-געפּאַקטער, מיטל-יאָריקער אַרמענער, מיט אַ טונקל פּאָנים און אַ שוואַרץ בערדל, געשוירן ווי אַ לאָפּעטקע — האָט מיט די קליינע, פלינקע אויגעלעך אַ שמייכל געטאָן און אף דעם כאַראַקטעריסטיש-אַרמענישן געבראָכענעם רוסיש אָפּגעענטפערט:

— זדראַזשלאַים, זעגליאַק-בראַט, זדראַסטיטי!...*)

גרישונין האָט זיך גלייך אַ נעם געטאָן צום אייסעק. ער האָט גענומען רעדן מיטן אַרמענער און אים אַלץ פּרובירט דערקלערן וואָס ער וויל. יענער איז געשטאַנען און געקוקט גרישונינען אין מויל אַריין, ווי ער וואָלט אַפילו ניט פאַרשטאַנען וואָס ער וויל פון אים. גרישונין האָט דאַן גענומען רעדן מיט די הענט, אָנגעוויזן אַף די אײ־שאַקעס און אַף די זעק, געמאַכט מיטן מויל, ווי ער וואָלט געקייט עפּעס און זיך געפּלייסט באָכצורעדן אַזוי צעבראָכן ווי יענער:

— דיינס גיב מיינס יאַטן ברויט, דו געפאַרשטייסט?... אָט, מיינס יאַטן ווילסט עסן... נו, וואָס בעשאָמע מיינס, דיינס געזאָגסטו?...

דער אַרמענער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי צו באַווייזן, אַז ער האָט פאַרשטאַנען, אָבער צום סאָף האָט ער גאָר אַ זאָג געטאָן:

— אָ, מיינס? — יאָ...מיינס געקומט פון נאַכעטשיוואַן, עריוואַן גובערניע... מיינס סאָלדאַט איז אין סאַראַקאַמיש... מיינס שיסט ניט... מיינס אין אָבאָזנע, מיט אישאַקס...

גרישונין — האָט מען געזען — האָט געוואָלט לאַכן, אָבער האָט זיך באַהערשט. ער האָט שוין מער ניט גערעדט צום אַרמענער. ער איז בלויז צוגעגאַנגען צו אַן אייזעלע און... גלייכגילטיק גענומען אָפּבינדן אַ זעקל פונעם זאָטל. צו אונדז האָט ער געזאָגט:

— אַז ער פאַרשטייט ניט קיין ווערטער, — וועל איך, ווי עס זעט אויס, מוזן רעדן צו אים מיט מאַיסים...

דער אַרמענער איז — אַ צאַפּלדיקער — גלייך צוגעלאָפן צו גרי־שונינען, אים אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט און גענומען בעטן:

— ניט, נעשאָמע מיינס, ניט טו, פּאַזשאַלעסטווע, ניט טו דאָס. מיינס דאָס אין אַרטילעריע, אין באַטאַריי געדאַרפט געבּרענגען. אין איפּטאָראָי באַטאַריי... אויב מיינס דעם ברויט וועט ניט געברענגען אַהינצו, — באַטאַריי וועט געשיסן מיינס!...

גרישונין האָט אַ שמייכל געטאָן:

— און וואָס, נעשאָמע מיינס, וואָלסטו געטאָן, אויב אַן אישאַק וואָלט באַ דיר געפאַלן אין וועג און געפּייגערט?... וואָלסטו דעמלט דען געשלעפּט די זעק אַף דיינע פּלייצעס?...

דער אַרמענער האָט אַ קוק געטאָן אַף אים מיט אַ פּאָר שטאַרע, אויסגעגלאָצט־טאַמעוואַטע אויגן:

— וואָס דיינס געמיינסטו?... מיינס ניט געפאַרשטייט...

גרישונין האָט געקוקט אַף אים און אַף די אייזלען. דערבּיי האָט

*) ווינטש געזונט, ברודער לאַנדסמאַן. גוט מאָרגן.

ער גלייכגילטיק אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פונעם טעשל און — איידער וואָס־ווען — אַריינגעיאָגט אַ קויל אין אייזלס קאָפּ אַריין.

דער אייזל האָט אַ מאָדנע קוויטש געטאָן און זיך איבערגעקערט. דער אַרמענער — קוקנדיק דערויף — האָט זיך אויך צעקוויטשעט און גענומען אונטערשפּרינגען, אַקוראַט ווי ער אַליין וואָלט גאַר געווען דער געשאָסענער. ווילד האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם קאָפּ מיט זיינע ביידע הענט און גענומען קלאָגן:

— וואַ, האַספּאָד באָך מאָיאַ!...וואָס דיינס געטאָן, זענליאַק?... באַטאַריי איצט וועט מיינס געשיסט מאַכן, אַרעסטירט און...

גרישונין האָט אים גענומען באַרואיקן:

— נו שווייג, נעשאָמע מיינס, שווייג. דיינס וועסט זאָגן, אַז אישאַק איז אַרונטערגעפאַלן פון אַ הויכן באַרג אין אַ טיפן אָפּגרונט אַריין און געהאַרגעט געוואָרן. גוט?...

דער אַרמענער האָט אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ און זיך אַ קראַץ געטאָן אונטערן שוואַרצן בערדל. דערנאָך האָט ער גענומען באַטאַפּן דעם אייזלס פעל, אים געדרייט באַם עק און געריסן באַ די אויערן, ווי ער וואָלט אים דערמיט געוואָלט לעבעדיק מאַכן. דערביי האָט ער אַלץ ניט אויפגעהערט רעווען:

— וואָס מיינס איצט וועט געטאָן מאַכן?...מיינס — באַטאַריי וועט ניט גלויבן...מיינס שוין דריי אישאַקס פאַרלוירן געוואָרן...

גרישונין האָט גוטמוטיק געלאַכט:

— אָ, שוין דריי אישאַקעס, זאָגסטו?...נו, וואו זשע, נעשאָמע מיינע, האָסטו אַהינגעטאָן דעם פּראָוויאַנט, וואָס געהאַט אף זיי?...

— דאָרט גוט מענטשן־סאָלדאַטן געווען. — האָט דער אַרמענער געטרויערט. — דאָרט מיינס פיל געלט באַקומסט פון זיי...

גרישונין האָט צונויפגענומען באַ יעדן פון די יאַטן צו פינף קאָפּיקעס און דאָס גאַנצע געלט איבערגעגעבן דעם אַרמענער. יענער האָט גלייך אויפגעלעבט. ער האָט אויסגעווישט די אויגן, פּאַמעלעך איבערגעציילט דאָס געלט און גיך דאָס אַריינגעלייגט אין אַ גרויסן לעדער־בייטל, וואָס ער האָט געהאַט אף אַ רימענדל אַרום זיין האַלדז, און אין העמדל אַריינגעלאָזט. ער איז מיטאַמאָל געוואָרן באַרעדעוודיק און געזאָגט, אַז אין אַנדערן זעקל איז פאַראַן פלייש און...

— מיינס קאָנסטו דאָס סיי ווי ניט אַוועקטראָגן אין איפּטאָראָי באַטאַריי, — האָט ער זיך ווי געבעטן, — דיינס כעוורע קאָנסט בעסער געמאַכט דערפון אַ גוט געקאָכט מיטיק...

מיר האָבן זיך אָבער איצט ניט געוואָלט פאַרנעמען מיט קיין קאָכן

און זיך אָפּגעזאָגט דערפון. דער אַרמענער האָט דאַן פאַרשנדיק אַ קוק געטאָן אף אונדז און פאַרזיכטיק צוגעגעבן:

— אויב דיינס יאַטן ווילסט רויכערן, האָט מיינס דאָ באַ זיך אַ קרעמל. מיינס האָט טאַבאַק, מאַכאָרקע, פּאַפּיר און שוועבעלעך...

מיר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אף זיין סכוירע, בעאייס ער האָט צעעפנט אַ זעקל פול מיט מאַכאָרקע און אַנדערע זאַכן, און אָפּגע־קויפט ביי אים קימאַט ביזן לעצטן פּעקל. מיר האָבן זיך אַפילע ניט געדונגען מיט אים און באַצאָלט וויפל ער האָט אַליין געבעטן. דער אַרמענער איז געווען צופרידן. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט:

— דיינס יאַטן גוט מענטשן... יעי באָך, גאָר גוט מענטשן!... ספּאַסיבאָטשקאָ און דאַסווידאַניצאַ!...*)

ער האָט אַ שמיץ געטאָן מיטן צווייגל די פאַרבליבענע אייזעלעך און זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיי פּאַזע טייכל, אין באַרג־שפּאַלט אַריין.

*****

**מיר האָבן** צעלייגט פייערן און אַוועקגע־שטעלט די קעסעלעך אויפצוקאָכן וואַסער פאַר טיי. אַליין האָבן מיר זיך דערווייל צעלייגט אַרום די שייטערס, צו וואַרטן ביז די טיי וועט פאַרטיק ווערן. מיר זענען געלעגן שטיל און פאַרטראַכט. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. עמעצער האָט אַפילע געפּרואווט פאַר־ציען עפּעס אַ ליד, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. קיינער האָט עס ניט אונטערגעכאַפּט. אַלע זענען געווען ווי דערשלאָגן. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי איבער אונדז וואָלט געהאנגען אַ פּאַכעד, אַז אויב אימיצער וועט זיך דערוועגן אַ וואָרט אויסצורעדן, וועט דאַן עפּעס שלעכטס געשען מיט אים. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע...

ענדלעך איז די טיי פאַרטיק געוואָרן. מיר האָבן זיך אַ כאַפּ צו געטאָן צו דער פאַררויכערטער טיי און פאַרביסן מיט שטיקער ברויט, וואָס האָט געשמעקט מיט אייזל־פּעל און אייזל־שווייס. מיר האָבן זיך אָבער ניט געמאַכט דערויס און געשלונגען דאָס ברויט ווי געשמאַקן לעקעך. פאַרבענקטע האָבן מיר געקוקט צום ווייטן, ווייסן הימל און געשוויגן. מיטאַמאָל האָט טערמאַקאָוו שטיל אַ מורמל געטאָן:

— עך, מאַמעלעך מיינע, ווערט דאָס זיך אַמאָל, צו אַלדע טייוול, ווען עס איז פאַרענדיקן, אָדער...

דאַווידאָוו — פּונקט ווי די דאָזיקע פראַגע וואָלט אים געשטעלט

*) אַ דאַנק און צום ווידערזען.

געוואָרן צום פאַרענטפערן — האָט בּיטער אַ שמייכל געטאָן:

— פאַרענדיקן? — אָ, ניין, בּרודער מיינער! עס קאָן זיך ניט פאַרענדיקן אַזוי לאַנג ווי עס וועלן נאָר עקזיסטירן די מילכאָמע־פּראָפיטירער. יאָ, סיי אַזעלכע קליינינקע, אָרימע, ווי דער דאָזיקער אַרמענער, וואָס איז נאָר־וואָס אַוועק, און סיי יענע גרויסע מילכאָמע־פּראָפיטירער, וועלכע זיצן זיך ערגעץ אין טיל, אין די גרויסע שטעט, און לעבן פון דער מילכאָמע... זי וועט זיך ניט פאַרענדיקן אַזוי לאַנג עס וועלן זיך נאָר געפינען די פאַרשאָלטענע „פּאָגאָנע־העלדן"*), וואָס זענען גרייט צוליב אַ מעדאַל, אַ שטערנדל, אָדער אַ בּענדל בּאַ זיך אף דער פּאָגאָנע, איינצורעדן יעדן איינעם, אַז פּאַטריאָטיזם מיינט בּלויז, אַז מען מוז דאַווקע געהאַרגעט ווערן אָן אַ פאַרוואָס און אַ פאַרווען אין אַ מילכאָמע. בּאָכמער: זי וועט זיך ניט פאַרענדיקן אַזוי לאַנג, ווי צווישן אונדז וועלן זיך געפינען די מערהייט אַזעלכע, וואָס וועלן עס גלויבּן און...

גרישונין האָט געקוקט דאַווידאָוון אין מויל אַריין מיט זיינע פייערדיק־צעגליטע אויגן. מיט יעדער מינוט איז ער פון דאַווידאָווס רייד געוואָרן אויפגעלעבּטער און פריידיקער. די לעצטע צייט, זינט ער האָט זיך אָנגעהויבּן אויפמערקזאַמער צוהערן צו זיינע רייד, — האָט ער ניט דורכגעלאָזט קיין איינציק וואָרט און מאַמעש געהאַט אַ גרויסע האַנאָע דערפון. די איבּעריקע יאַטן זענען געזעסן שטיל. קיינער האָט דאָסמאָל דאַווידאָוון ניט איבּערגעשלאָגן. אויך סטעפּאַקין, וואָס האָט פּאָשעט געציטערט ווען דאַווידאָוו האָט אָנגעפאַנגען רעדן, האָט זיך דאָסמאָל אויך ניט אַריינגעמישט. מען האָט געפילט, אַז דאַווידאָוו האָט איצט אַרויסגעזאָגט אַזאַ גרויסן עמעס, וואָס ניט ער, סטעפּאַקין, און ניט קיינער פון קאָמאַנדע קאָן בּאַשטרייטן...

און דאַווידאָוו איז דאַווקע ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע רייד. אָבּער נאָך איידער ער האָט בּאַוויזן צו פאַרענדיקן, האָט אין די בּערג, איבּער אונדז, עפּעס אַ קראַך געטאָן. אויסגעקומען איז עס ווי אַ קאַנאָנען־שאָס. דאָס האָט אונדז געכידעשט. געוואוסט האָבּן מיר, אַז די פּאָזיציע איז שוין אַוועק צו ווייט, אַז מען זאָל נאָך דאָ קאָנען הערן שיסערייען. דאָס קנאַלן האָט זיך אָבּער בּאַלד ווידער איבּערגע־כאַזערט און יעדעסמאָל טאַקע בּעענטער און שטאַרקער. עס האָבּן זיך אַ טראָג געטאָן קלאָרע עכאָס פון סנאַריאַד־אויפרייסן. עס האָט זיך אַפילע דערטראָגן צו אונדז דאָס טאַראַראַקען פון פּולעמיאָטן און דאָס קנאַלן פון בּיקסן. מיר האָבּן פאַרכידעשטע געקוקט איינער אפן צווייטן

*) אין רוסישן — אַ וואָרט–שפּיל: „פּאָגאָנניע־פּאָגאָניע".

און בעאַיין אויפן ניט געקאָנט באַגרייפן וואָס דאָס זאָל באַדייטן. מיט אַ געפיל פון כשאַד און מוידע האָבן מיר געקוקט אף די בערג, אָבער קיין זאַך ניט געזען. מיטאַמאָל האָט זיך אינדערוווייטנס באַוויזן עפּעס אַ רייטער. גאַלאָפּירנדיק האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט פון באַרג־שפּאַלט און — דערזעענדיק אונדז — צוגעריטן און אויסגעשריגן:

— העי, איר, וואָס זיצט איר דאָ אַזוי רואיק, וואָס?... פאַרנעמט זיך בעסער וואָס גיכער פון דאַנען, אויב איר ווילט ניט, אַז...

ער האָט ניט פאַרענדיקט די ווערטער זיינע. ער האָט בלויז אַ צייג געטאָן מיט דער האַנט אין וועלכער ריכטונג צו גיין און פונקט אַזוי אין גאַלאָפּ זיך אַ לאָז געטאָן ווייטער.

צעשראָקענע און פאַרכידעשטע האָבן מיר אַ כאַפּ געטאָן אף זיך די ביקסן מיט די קיילים און זיך פאַרנומען דורכן זייטיקן וועג, וואו דער רייטער האָט אָנגעוויזן, אין דער ריכטונג צו אונדזער שטאַב.

אפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן קאָמאַנדעס טעלעפאָניסטן, וואָס האָבן — קימאַט לויפנדיק — צונויפגעוויקלט די צעלייגטע טעלעפאָן־דראָטן פון די בערג. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז די טערקן האָבן אונדז אַרומגערינגלט; אַז מיר טרעטן אָפּ און זיי יאָגן אונדז נאָך...

דאָס דערהערט — האָבן מיר פאַרגיכערט אונדזער גאַנג. הינטער אונדז האָבן זיך אַלץ געהערט שיסערייען און אויפרייסן. אונדזערע אַ באַטאַרייע — האָבן מיר געזען — האָט זיך הינטער אונדז האַסטיק גע־טראָגן איבערן באַרג אין אונדזער ריכטונג. מיטאַמאָל האָט די באַטאַרייע זיך אָפּגעשטעלט. די אַרטילעריסטן האָבן אף גיך אויסגעשפּאַנט די פערד פון די קאַנאָנען, אָנגעשטעלט די רער־פּיסקעס אין דער ריכטונג פונעם סוינע, און אַרויסגעשפּיגן עטלעכע סנאַריאַדן אַהינצו. עטלעכע מינוטן שפּעטער האָבן זיי צוריק איינגעשפּאַנט און די באַטאַרייע — ווי זי וואָלט אונדז נאָכגעיאָגט — האָט זיך גענומען יאָגן אין גאַלאָפּ נעענטער און נעענטער צו אונדז...

פון דער אָנגעיאָגטער שרעק האָבן מיר אַזש גענומען לויפן. די פיס האָבן זיך מאַמעש געבראָכן אונטער זיך. און אין מויעך האָט אָן אויפהער געגרילשעט און געעגבערט איין געדאַנק:

„טייוול, גאָט, מענטש! נאָך וואָס דאַרף מען די דאָזיקע גאַנצע פאַרברעכערישע שפּיל?... צוליב וואָס דאַרף מען אויסשעכטן אַזויפיל אומזיסטיקע קאָרבאָנעס?... פאַר וועמעסוועגן, פאַר וועמעס ברצן?...”

עס האָט זיך געפילט ווי אַוועקצופאַלן מיטן פּאָנים צו דער ערד און זיך צעוויינען פון גרויס פאַרדראָס און ווייטיק...



# קאַפּיטל צוועלף

**א**ונדזער אַרמיי איז אָפּגעטראָטן אין גרויס איילעניש אפן גאַנצן פראָנט. מען האָט דערציילט, אַז די טערקן האָבן אונדז אָפּגעטאָן אף טערקיש: אונדז אַרייַנגענאַרט צו זיך טיף אינעם לאַנד אַריין, מיקלוימערשט קאַפּיטולירט פאַר אונדז, אָפּגעטראָטן און דערוויַיל, בּיגנבֿייווע, אונדז שטילערהייט אַרומגערינגלט און פאַרכאַפּט אין אַ פּאַסטקע אַריין. געמורמלט האָט מען, אַז זיי, די טערקן, זענען שוין הינטער אונדז אַזש אין סאראקאַמיש. אויב דאָס איז עמעס — איז געווען קלאָר — איז עס גאָר אַ מיעסער אייסיק. סאַראַקאַמיש — האָבן מיר געוואוסט — איז געווען דער אייַנציקער אַרויסגאַנג פאַר אונדזער טייל אַרמיי, און פאַרמאַכן אים פאַר אונדז, וואָלט געמיינט, אַז מיר זענען אָפּגעשניטן פון יעדער מעגלעכקייט צו בּאַקומען שפּייז און אַמוניציע. אָבער אף ריכטיק זיך דערוויסן ווי עס האַלט, — איז ניט געווען בּאַ וועמען. יעדער האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש. דעם שטאַב האָבן מיר שוין ניט פאַרכאַפּט אפן פּלאַץ. ווען מיד זענען געקומען אַהינצו, האָט מען אונדז געלאָזט וויסן, אַז ער איז אַוועק פאָרויס, זיך עוואַקואירט אף צוריק, הייסט עס. מיר האָבן זיך דעריבּער גלייך פאַרנומען און זיך געלאָזט יאָגן נאָכן שטאַב...

צוזאַמען מיט אונדז האָבן זיך געצויגן מאַסן אַנדערע מיליטער-טיילן און קאָמאַנדעס. אַלע זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון סאַראַקאַמיש. געגאַנגען זענען מיר דאָסמאָל שוין ניט איבּער די בּערג, ווי אַהינצו, נאָר דורך אַ ביי-געהאַקטן, נאָר-וואָס דורכגעשניטענעם וועג, וואָס אונדזערע סאַפּיאָרן האָבן איבּער דער צייט שוין געהאַט פאַרלייגט. מיר זענען געגאַנגען אין איילעניש און זיך אַפילע ניט אָפּגעשטעלט אפן וועג אין קיין שום דערפל. בּלויז פון צייט צו צייט האָט מען אונדז דערלויבּט זיך אָפּרוען פאַר עטלעכע מינוטן. אָבער איידער וואָס-ווען — האָט מען אונדז שוין געיאָגט ווייטער. ערשט

שפּעט בײַנאַכט האָבן מיר באַקומען אַ לענגערן אָפּרו. דאַן האָבן מיר זיך צוגעזעצט, אָפּגעקילט די צעפּאַרעטע, פֿאַרשוויצטע פּיס, זיך אָנגעטרונקען באַב טײַכל און באַקומען צו ביסלעך געקאָכטע, איבער־געזויערטע שפּײַז, וואָס מען האָט קוים געקאָנט אין מויל נעמען...

די דערפֿלעך וואָס מיר זענען דאָסמאָל פֿאַרבײַגעגאַנגען, זענען פֿאַר אונדז געווען ניט מער ווי נעמען. זיי האָבן אונדז בלויז אָנ־געוויזן וויפֿל וויאָרסט עס איז נאָך פֿאַרבליבן צו לויפֿן אַף צוריק, ביז איבער דער גרענעץ. פֿיל פֿון די דאָזיקע דערפֿלעך זענען געלעגן ווי אײַנגעקוועטשט אין די בערג־בײַכער, אײַנגעהויקערט אין די בערג־רוקנס, אָדער זיך געוואַלגערט לעבן די בערג־פּיס, בײַ עפּעס אַ טײַכל, וואָס האָט זיך, פּונקט ווי מיר, געאײַלט צו דער גרענעץ...

„טשערמוק־סו״, דאָס דאָרף, וואו מיר האָבן מיט אַ קורצער צײַט צוריק געהאַט אַזויפֿיל שפּײַז איבערגעלאָזט, איז געלעגן ערגעץ אין אַ זײַט. און וואָלטן מיר אַפֿילע יאָ פֿאַרבײַגעגאַנגען אָט דאָס דאָרף, וואָלטן מיר זיך סײַ ווי ניט געקאָנט אָפּשטעלן. אונטערן געיעג פֿון די נאָכיאָגנדיקע סנאַריאַדן און פּלאַצנדיקע שראַפּנעלן, — האָבן מיר זיך אַזאַ זאַך ניט געקאָנט פֿאַרגינען.

פֿון צײַט צו צײַט איז אונדזער אַרטילעריע דאָך געלונגען זיך אָפּצושטעלן פֿאַר אַ שטיקל צײַט און אײַנהאַלטן דעם סוינעס נאָכיאָגנ־דיקן אָנגריף. אין אַזעלכע מינוטן האָבן מיר זיך צוגעזעצט לעבן אַ טײַכל און אָפּגעוואַשן די ברענענדיק־שווייסיקע פּיס. אָפּט — אויב דערבײַ איז נאָר געלעגן אַ דערפֿל, האָבן מיר זיך אַפֿילע אַף אַ ווײַל אַרײַנגעכאַפּט אַהינצו און אַ נישטער געטאָן. מען האָט אָבער קימאַט גאָרניט געקאָנט געפֿינען אין זיי. די דערפֿלעך זענען געווען פּוסט און ליידיק — ווי אויסגעשטאָרבן פֿון אַ מאַגייפֿע. אַלע שטיבעלעך — ווי איבערגעקערטע אַף די לינקע זײַטן — מיט די אינגעווייטן אינדרויסן אַרויס. שוין צענדליקער מאָל, אַפּאָנים, זענען זיי אַזוי איבערגעקערט און איבערגענישטערט געוואָרן, זינט מען האָט זיי צום ערשטן מאָל פֿאַרנומען. פֿון אומעטום האָט אַרויסגעקוקט בלויז אַן אָרעמקייט, פּוסטקייט און צעשטערונג...

די גאַנצע אַרמײ איז געגאַנגען אין אומאָרדנונג. געגאַנגען איז מען צעוואָרפֿן און אויסגעמישט. צוזאַמען האָבן געשפּאַנט קאַווקאַזער און טורקעסטאַנער שיסער־פּאָלקן מיט אַלטע דרוזשיניקעס; אַרטילע־ריסטן און קאַוואַלעריסטן; סאַפּיאָרן און פעלד־שפּיטאָלן. אָפֿיצירן — אַף זייערע שווייסיקע פּערד — זענען געריטן אַהין און צוריק, האָבן געפּאָכעט מיט די הענט, געשריגן און געפּאָדערט, אַז יעדע אָפּטײלונג

זאָל זיך האַלטן צוזאַמען; אַז די אָפּגעשטאַנענע זאָלן זיך צואיילן און צושטיין צו זייערע טיילן. אין דער דאָזיקער איילעניש איז דאָס אָבער געווען אומעגלעך. די אָפּגעשטאַנענע האָבן זיך ניט געקאָנט דורכרייסן צו זייערע אָפּטיילונגען און די אָפּטיילונגען האָבן אַוודאי ניט געקאָנט אָפּוואַרטן אויף די אָפּגעשטאַנענע. מען האָט געמוזט קע־סיידער גיין, אָדער לויפן, איבערן בלאָטיק־פאַרשנייעטן וועג...

*****

**וואָס נעענטער** מיר זענען דערגאַנגען צו סאַראַקאַמיש, אַלץ שווערער איז געוואָרן דאָס אָפּטרעטן. דער אָוונט איז צוגעפאַלן און עס איז מיטאַמאָל שטאַרק קאַלט געוואָרן.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן די טערקן נאָך ניט געהאַט פאַרנומען די שטאָט, ווי מען האָט פריער געמורמלט. זיי האָבן זי בלויז געהאַט אַרומגערינגלט פון דרויסן. דאָס טערקישע מיליטער איז געלעגן אויף די בערג, וועלכע האָבן אַרומגעצאַמט די שטאָט ווי אַ קאַסטן, און פון דאָרט טיכטיק און קעסיידער באַשאָסן אונדזערע אַר־מייען. זיי האָבן באַהאַגלט מיט קוילן סיי יענע, וואָס זענען שוין געלעגן באַ די בערג־פיס און געקעמפט מיט זיי אין אַן אומגלייכן קאַמף, און סיי יענע אַרמייען, וואָס האָבן זיך געפּרוּווט אַריינכאַפּן אין שטאָט, צו פאַרנעמען אַ פּאָזיציע אַנטקעגן זיי.

טריט באַ טריט האָבן מיר זיך פונדעסטוועגן געגאַנגען פּאָרויס צו דער שטאָט. דער גאַנג איז געווען שווער און געפערלעך. איבער די קעפּ האָבן זיך געריסן שראַפּנעלן און סנאַריאַדן האָבן אַריבערגע־הודזשעט. אונטער די פיס, איבער דער גאַנצער ברייט פונעם וועג, האָבן זיך געוואַלגערט פיל טויטע קערפּערס פון אונדזערע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אַפּאָנים געהאַט זייערע פּאָזיציעס דאָרט, אין אַ פאַרזוך צוריקצוהאַלטן דעם פלוצימדיקן טערקישן אָנגריף, ביז די גאַנצע אַרמיי וועט זיך צוריקציען. מיר זענען דערגאַנגען צו אַזאַ פּלאַץ אויפן וועג, וואו עס זענען געלעגן אַזויפיל צעוואָרפענע קערפּערס, אַז די אַרטילעריע האָט אַזש ניט געקאָנט ווייטער דורכפאָרן.

דער וועג־קאָמענדאַנט — אַ שטאַב־אָפיציר — איז שוין מער ניט געריטן אויף זיין פערד, נאָר בעגאַנגען באַ זיין זייט, קעדיי הינטער דעם פערדס קערפּער זיך צו שיצן פון די פליענדיקע קוילן. אָבער פון הינטער דעם האָט ער שעפּטשענדיק אַ באַפעל געטאָן:

— העי, איר, סאַניטאַרן, רוימט אַרונטער די קערפּערס פונעם

וועג!...וואַרפט זיי אַרונטער אין די גרובנס!... גיכער, מאַכט וועג פאַר דער אַרטילעריע!...

אינדערגיך האָבן מיר אַרונטערגענומען די באַגנעטן פון אונדזערע ביקסן, זיי אָנגעטשעפּעט פאַרקערט, מיט די שפּיצן אַרונטער, אָנגעהאנגען די ביקסן צו זיך איבער די אַקסלען און זיך צעלייגט אין עטלעכע רייען איבער דער ברייט פונעם פאַרשנייעטן וועג. מיר זענען געקראָכן אף אַלע פיר, איבערגעקייקלט די ליגנדיקע קערפּערס פון איינעם צום צווייטן און זיי, ווי באַפּוילן, אַרונטערגעוואָרפן אין גרובן אַריין. פיל קערפּערס זענען נאָך געווען וואַרעם און האָבן מיט די שטייפע הענט איינגעקלאַמערט זייערע ביקסן צו זיך. מיר האָבן געאַרבעט גיך; אָפּגעראַמט אַ שטיקל וועג און געקראָכן ווייטער. גאַנץ אָפט האָט זיך צווישן די טויטע קערפּערס דערהערט אַ קרעכץ פון אַ גויסעסדיקן. צומאָל האָבן אין דער פינצטער אַ בליץ געטאָן אַ פּאָר בעטנדיקע אויגן און אַ שוואַכע שטימע האָט קוים געשעפּטשעט:

— ראַטעוועט, אַביסעלע וואַסער גיט... ראַ־טע־וועט...

מיר האָבן אויפגעצאַפּלט. קלאָר איז געווען, אַז אַרונטערוואַרפן אַזאַ פאַרוואונדעטן אין גרובן אַריין, וועט מיינען אַ זיכערער טויט פאַר אים. סטעפּאַקין איז צוגעקראָכן צום קאָמענדאַנט, אים געמאָלדן וועגן דעם און געפרעגט וואָס צו טאָן. יענער האָט גאַנץ קאַלט און גלייכגילטיק אַ זאָג געטאָן:

— וואָס פרעגסטו, טיפּעש?... אַרונטערוואַרפן!...אַלעמען!... איצט איז ניט די צייט צו אונטערזוכן ווער עס לעבט און ווער ניט...אָט, מאָרגן, אַז מיר וועלן פאַרטיק ווערן מיט די טערקן, דאַן...

און צוגעגעבן:

— יענע, וואָס זענען ניט בעקויעך זיך אַליין אויפצוהייבן,— זענען פונקט ווי טויטע פאַר אונדז!...

צעפּייניקטע האָבן מיר, ווי באַפּוילן, אַלעמען אַרונטערגעקייקלט פונעם וועג אין גרובן אַריין און זיך ניט אָפּגעשטעלט אף קיין שום קרעכצן און געבעטן. די אַרטילעריע, היגטער אונדז, האָט דערווייל פונדערווייט געשפּיגן מיט פייער אף די בערג אַרויף, וואו די טערקן זענען געלעגן. מיר האָבן זיך ביסלעכווייז גערוקט פאָרויס...

באַלד איז צוגעפאַלן די נאַכט און עס איז שטאַרק פינצטער געוואָרן. דער אומגעדולד באַם קאָמענדאַנט איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט און ער האָט זיך געבייזערט אף אונדז פאַרוואָס עס געדויערט אַזוי לאַנג. מיטאַמאָל האָט ער גאָר אַ באַפעל געטאָן:

— העי, איד, סאַניטאַרן, געגוג זיך אַרומגעשפּילט!...רוקט זיך

אָפּ אָן אַ זייט און לאָזט דורכפאָרן די אַרטילעריע!...

מיר האָבן געהערט, אָבער עפּעס ניט באַגריפט אפן פלאַץ, וואָס ער מיינט. ער האָט איבערגעכאַזערט דעם באַפעל און — נאָך איידער מיר האָבן אף רעכט באַוויזן זיך אָפּצורוקן — האָט די אַרטילעריע — קנאַקנדיק מיט די שווערע רעדער איבערן שטיינערדיקן שאָסיי, — זיך אַ טראָג געטאָן פאַרביי אונדז און איבער די טויטע קערפּערס...

די אינפאַנטעריע-סאָלדאַטן — צעלייגטע אף דער ערד, ליבקס פונעם וועג, — זענען אַוועקגעקראָכן ווי ווערים. מיר זענען אַלץ געלעגן באַ דער זייט פון וועג און — מיט די אויגן פלאַך צו דער ערד — באַכגעקוקט ווי זיי, די סאָלדאַטן, האָבן זיך ביסלעווייז געגאַנוועט צו די בערג און אַזוי, דראַפּענדיק זיך אַלץ העכער און העכער — געשאָסן אַרויפצו, צו די טערקישע פּאָזיציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אויבן, קימאַט דירעקט איבער זייערע קעפּ.

מיר זענען אַוועקגעקראָכן ווייטער און זיך אַלץ אָנגעשטויסן אף מאַסן צעריבענע און צעקוועטשטע קערפּערס. ס'איז שווער געווען צו דערקענען, וועלכער עס איז צעריסן געוואָרן פון אַ טערקישן גראַ־נאַט, און וועלכעס עס איז צעריבן געוואָרן פון אונדזערע אייגענע אַרטילעריע-רעדער. דער ברודיקער שניי איז געווען צעווייקט און דורכגעמישט מיט בלוט און צעריבענע גלידער. אין אונדזער קריכן, האָט זיך דאָס צוגעקלעפּט צו אונדזערע הענט און קליידער, אַז עס האָט אַזש פיינלעך וויי געטאָן. עס איז געוואָרן אַזוי מאָדנע שווער אפן האַרצן, אַז עס האָט אַזש די אָטעמס פאַרכאַפּט ווי צו כאַלעשן.

איבער די קעפּ האָט אַלץ קעסיידער געהודזשעט און געקנאַלט אָן אָן אויפהער. דאָ און דאָרט האָט לעבן אונדז אויפגעריסן אַ גראַנאַט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט-אָט קומט דער סאָף. מיט אַ שווערן געמיט האָבן מיר אַרונטערגעקייקלט די אומגעקומענע און אין מויעך האָט ניט אויפגעהערט עגבערן:

„אָט ווי זיי באַהאַנדלען מענטשן... ווי הינט, ווי כאַיעס...”

גערעדט האָט אָבער קיינער ניט. צו סוף איז געווען ביי אונדז דער ווייטיק, אַז מען זאָל עס קאָנען אויסרעדן. מיטאַמאָל האָט זיך ווי פון אונטער דער ערד אַרויס דערהערט אונדזער דוקעלס עפּעס אַ מאָדנע שלועץ און... ער איז געבליבן ליגן אַ געכאַלעשטער.

עטלעכע יאַטן האָבן זיך צוגערוקט און אים גענומען אָפּמינטערן. צווישן דער קאָמאַנדע האָט זיך דורכגעטראָגן אַ געמורמל:

— אָט אַ פאַרשאָלטן לעבן, צו אַלדע טייוול!...

— שוין בעסער צו זיין דאָרט, מיט דער שיסער-קייט צוזאַמען,

איידער מיט די אייגענע הענט, מיט די אייגענע אויגן...

עמעצער האָט קימאַט צעווילדעוועט אַ רעווע געטאָן:

— וועט זיך דאָס וווּ ען עס איז ענדיקן, אָדער ניט?...

קיינער האָט ניט געענטפערט. געדאַכט האָט זיך בלויז, אַז מען הערט דאַווידאָווס שטילע מורמלען:

„ניין, עס וועט זיך ניט ענדיקן פריער, ביז מיר אַליין, טאַקע מיר אַליין, וועלן עפּעס אָנהויבן...

*****

## פון צווישן

די בערג האָט זיך אַרויסגערוקט אַ לעוואָנע־שפּיצל. אַ גרויע ליכט האָט אַלץ און אַלעמען איינגעהילט אין אַ פאַרנעפּלטקייט. די קאַנאָנאַדע האָט זיך דאָך אַביסל איינגעשטילט. אינדערהויך, אַף די בערג, האָבן זיך צעצונדן אַ מאַסע קליינע שייטערלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ביי אונדז, אונטן, ווי זיי וואָלטן געברענט ערגעץ אינמיטן הימל. די דאָזיקע פייערלעך האָבן געשראָקן נאָך ערגער פון די פליענדיקע שראַפּנעלן און סנאַריאַדן.

צום גליק איז דער וועג־קאָמענדאַנט אינגיכן צוגעקומען און האָט אונדז באַפוילן, זיך גלייך צו פאַרנעמען פונעם וועג און זיך טאַקע אַרונטערלאָזן אין שטעטל אַריין. דאָרט, — האָט ער געזאָגט,— באַם וואקזאַלעכל, וועט איר טרעפן אייער אַדיוטאַנט מיטן קאַפּעלמייסטער און באַקומען ווייטערדיקע אינסטרוקציעס.

מיר האָבן זיך גענומען גאַנוועגען אין שטעטל אַריין, געקראָכן איבער קאַנאַוועס, שטיינער און גריבער און, ענדלעך, דאָך אָנגעקומען צום אָנגעגעבענעם פּלאַץ. דאָרט האָבן מיר טאַקע געטראָפן אונדזער באַטשאַלסטווע און — צוזאַמען מיט זיי — אַוועק ווייטער. אינעם גאַנג האָבן מיר מיט מוירע געקוקט אַף די אַרומיקע בערג, אַף וועלכע די סאָלדאַטן אונדזערע זענען — ווי מאַכנעס קראָען — געלעגן צעשפּרייט אינעם גרויען שניי. אין שטעטל איז געווען שטיל און פינצטער. דער שניי האָט געלויכטן מיט גרויען אומעט. מיר האָבן געשפּאַנט אַף די שפּיצן פינגער און זיך געהיטן, אַז מען זאָל אונדז ניט הערן. פון ווייטן האָט אָפּגעהילכט דאָס קאָלערן זיך פון אַרטילעריע־רעדער און אָבאָז־וועגעלעך. ערגעץ אינדערוויטש האָבן פערד זיך פאַרבענקטערהייט צעהירזשעט אין דער גרויער נאַכט אַריין...

מיר זענען אָנגעקומען אין סאַמע מיטן פון שטאָט, אַף אַן אָפענעם פּלאַץ. צוליב דעם פּיצל לעוואָנע, אָדער איבערן גרויען אויסגעלייגטן

שניי, — האָבן די טערקן, פון זייערע פּאָזיציעס אַף די בערג, אונדז אַפּאָנים דערזען מאַרשירן און — אַקוראַט ווי עס וואָלט זיי אין לעבן געגאַנגען, אַז מיר זאָלן צו אונדזער באַשטימטן פּלאַץ ניט דערגיין — אַ לאָז געטאָן אין גאַנג עטלעכע קאַנאָנען און באַשפּיגן דעם אַרום מיט פייער. עטלעכע שראַפּנעלן האָבן פאַרביי געהודזשעט איבער אונדז און אויפגעריסן ערגעץ אין דער לופטן ניט ווייט פון אונדז. מיר האָבן זיך גלייך צעזייעט און איינציקווייז אַריבערגעלאָפן אין פּאָרויס. באַלד איז אַרום אונדז ווידער שטיל געוואָרן.

עס איז שוין רעכט שפּעט געווען. ס'האָט מיסטאָמע געמוזט זיין אַרום צוועלף און עפּשער נאָך שפּעטער. אַף זיכער האָט עס קיינער, אַפילע דער אַדיוטאַנט, — ניט געוואוסט. דאָס שיסעריי האָט זיך דערווייל מער ניט געהערט. די טערקן האָבן זיך מיסטאָמע דערוואוסט, אַז אונדזערע האָבן באַקומען פאַרשטאַרקונג און זיך אַפּאָנים גענומען גרייטן צו אַ מער אינטענסיווערן קאַמף.

אַרום איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ געדיכטע פינצטערניש. דאָס פּיצל רעפּטעלע לעוואָנע, וואָס איז פריער געהאנגען נידעריק אפן הימל, — איז מיטאַמאָל פאַרפאַלן געוואָרן ערגעץ צווישן די בערג. אין ערגעץ האָט זיך ניט געזען קיין שום לאָמפּ, אָדער אַ סימען פון ליכט. אַלץ האָט אויסגעזען נאָר ווי אָפּגעשטאָרבן. מיר האָבן געטאַפּט אין דער פינצטער און זיך געשאַרט באַ די ווענט, דורך די שמאָלע, פינצטערע געסלעך. ביסלעכווייז זענען אונדזערע קערפּערס דורכגענומען געוואָרן פונעם שווערן, שניידנדיקן סאַראַקאַמישער פּראָסט, וואָס איז אונדז שוין גוט באַקענט געווען נאָך פונעם ערשטן מאָל זיין דאָרט. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואָס איז געווען ווי אַ הויף, פאַרשטעלט פון דריי זייטן מיט קאַזאַרמעס. דער אַדיוטאַנט האָט אונדז באַפוילן זיך דאָרט אָפּצושטעלן.

ער האָט איבערגעגעבן זיין פערד דענשטשיק זיינעם, אָנגענומען סאַוואָראָפן אונטערן אָרעם און אונדז אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז מיר זאָלן זיך פאַרהאַלטן רואיק און זיך ניט דערוועגן אַוועקצוגיין פונעם פּלאַץ, ביז ער וועט קומען צוריק, אָדער ביז ער וועט צושיקן עמעצן צו לאָזן אונדז וויסן וואו צו גיין אַף נאַכטלעגער...

*****

**צעשראָקענע** זענען מיר געבליבן שטיין צווישן די פינצטערע קאַזאַרמעס, וואָס האָבן אונדז פאַרשטעלט פון די

אַרומיקע בערג, אַף וועלכע עס האָבן — ווי שאַקאַלן — געלויערט די טערקישע פּולעמיאָטן און קאַנאָנען. שווייגנדיקע האָבן מיר זיך דאָרט אַרומגעדרייט אַ שטיקל צייט און שיער ניט דערפרוירן געוואָרן פון דעם שאַרפן בייסיקן פראָסט און שניידנדיק־באַרגיקן ווינט, וואָס האָט פריי אַרומגעיאָגט. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגעיאָגט, געקלאַפּט אַ פוס אין אַ פוס און געשפרונגען אַף דער האַרטער, דורכגעפרוירענער ערד. יאַטן האָבן ביגנייווע פאַררויכערט ציגיירלעך מאַכאָרקע, קעדיי אַזויאַרום זיך עטוואָס כאָטש צו דערוואַרעמען. דאָס האָט אָבער קנאַפּ וואָס געהאָלפן. דער פראָסט איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ שאַרפער און אַלץ בייסנדיקער...

טשעריאַק האָט ערגעץ אין דער פינצטער דערטאַפּט אַ הילצערן קעסטל. ער האָט דערויף אַ זעץ געטאָן מיטן שטיוול און דאָס צעזעצט. דערנאָך האָט ער אַרויסגעצויגן דעם טעסאַק און עס צעהאַקט אַף דינע שפּענער. אין אַ מינוט אַרום זענען מיר אַלע שוין געשטאַנען אַרום אַ פלאַקערדיק־ליכטיקן פייער, לעבן אַ וואַנט, און — צוליגנדיק נאָך שטיקלעך האָלץ, וואָס מען האָט געפונען דערלעבן — געוואַרעמט די שטייף־געוואָרענע, דורכגעפרוירענע גלידער.

מיטאַמאָל, איידער מיר האָבן באַוויזן זיך רעכט אָנצוואַרעמען, האָט זיך איבער אונדז, אינדערלופטן, אַ טראָג געטאָן אַ הודזשעריי, וואָס האָט אונדז שיער פאַרטויבט. מיר האָבן זיך גלייך געכאַפּט וואָס דאָס איז און אַף דער גיך זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד. אין דער זעלביקער צייט איז אַ סנאַריאַד אַרונטערגעפאַלן ניט ווייט פון אונדז און אויפגעריסן מיט אַ מוירעדיקן קראַך.

לעכאַטכילע האָבן מיר גערעכנט, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ צופעליק־פאַרבלאָנדזשעטער שאָס. אָבער באַלד איז אפן זעלביקן פלאַץ געפאַלן אַ צווייטער און אַ דריטער סנאַריאַד, און דאָס האָט באַוויזן, אַז עס איז, פאַרקערט, געווען גוט פלאַנירט און געצילט. דאָס שיסעריי איז אַוועק אָן איבעררייס פאַר אַ צייט. די סנאַריאַדן האָבן יעדעסמאָל זיך געריסן אַלץ נעענטער און פינקטלעכער צו אונדז. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז. דערזען דעם ליכט־רעפלעקס, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן פונעם צעלייגטן פייער אַף די אַרומיקע ציגל־ווענט פון די קאַזאַרמעס, און אונדזערע שאָטנס, וואָס האָבן אַרומגעטאַנצט אַף זיי, — האָבן מיר גלייך איינגעזען, אַז דאָס האָט אַוואַדע געגעבן די טערקן אַן אויסגעצייכנטן ציל־פונקט צום שיסן. מיר האָבן דעריבער גלייך צעשאַרט דאָס ברענענדיקע האָלץ, צעטראָטן די האָלאָוועשקעס און אַליין זיך צעשאָטן אין פאַרשידענע זייטן...

דאָס שיסעריי האָט שוין אָבער אַזוי גיך ניט אויפגעהערט. יעדע פּאָר מינוט איז אַן אַנדער סנאַריאַד אַ פּאַל געטאָן לעבן אונדז און אויפגעריסן — נאָר פּאַרטויבט צו ווערן. דערשראָקענע האָבן מיר — קריכנדיק אויף אַלע פיר — זיך גענומען שאַרן באַ די ווענט און אַזש געציטערט. עטלעכע יאָטן זענען אָנגעפאַלן אויף טשעריאַקן מיט טייגעס און אים געזידלט פאַר מאַכן דאָס פייער. ער איז געלעגן אייגעדרייט אין זיך און געבורמעט:

— אָבער צום וואַרעמען זיך זענען זיי אַלע געווען שותפים, צו אַלדע טייוול... באַצאָלן דערפאַר זאָל בלויז אַן אַנדערער...

קיינער האָט אים ניט געענטפערט. אַלע האָבן געשוויגן און זיך געפלייסט איינצוהאַלטן די אָטעמס אַפילע. גלייך אָבער האָט ווידער אַ שראַפּנעל אַ ריס געטאָן לעבן אונדז און, דאָסמאָל שוין אַזוי באָענט און שטאַרק, אַז די ערד אונטער אונדז האָט אַזש אויפגעציטערט... באַלד נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ מאָדנע שווער געבורום, געמישט מיט אַ צעווייטיקט קרעכצעריי...

אינדערפינצטער האָבן מיר זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און ניט געקאָנט באַגרייפן וואָס עס איז געשען. ניט געקוקט אויף דעם געפאַר, האָבן מיר גענומען צוקריכן צום פּלאַץ, פונוואַנען דאָס קרעכצעריי האָט זיך געטראָגן. מיר האָבן געזוכט אַרום און אַרום און — אויף ווי פל דאָס איז מעגלעך געווען אין דער פינצטער — דערזען אויפן שניי, אין דער אָפענער זייט פונעם הויף, דעם אַדיוטאַנטס ברוינע שקאַפע, ליגנדיק אויסגעצויגן מיט אַן אויפגעריסענעם, בלוטנדיקן בויך און אַן אַרויסגעלאָזטן, צעוואָרפענעם אינגעווייד. לעבן דעם פערד, באַ דער זייט, איז געלעגן סיניטשענקאָ, דעם אַדיוטאַנטס דענשטשיק. ער האָט געקוקט אויף אונדז מיט גרויסע, צעווייטיקט-אויסגעשטעלטע און צעשראָקענע אויגן, מיט איבערגעקערטע ווייסלעכער. ניט ווייט פון אים איז געלעגן סאַוויצקי, דער פאַליאַק. ער איז געווען אַן איינגע-קנוילטער, ווי אַ בייגל, און — ווי אַ באַטויבטער — זיך געקאָרטשעט מיט אַ צעקרימטן און צעווייטיקטן פּאָנים...

מיר האָבן געקוקט אויף זיי און ניט געוואוסט צו ווענען פון זיי זיך פריער צו נעמען ראַטעווען. אינסטינקטיוו האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן צו סיניטשענקאָ און אים געוואָלט אויפהויבן. מען האָט אים אָבער ניט געקאָנט קיין ריר טאָן. זיינע קרעכצן און געשרייען זענען געווען שמערצפולע און ער האָט שטאַרק געבלוטיקט. אַ פּוס, האָט עס אויסגעזען, איז ביי אים געווען צעשמעטערט און זיך, אַפּאָנים, בלויז געהאַלטן אויף אַ קליין שטיקל הויט...

איבער דער צייט, וואָס אַ טייל פון אונדז האָט זיך אָפּגעגעבן מיט סיניטשענקאָן, איז אַ צווייטע טייל געווען בײַ סאַוויצקין. מען האָט אַף אים געגאָסן קאַלטע וואַסער פון אַ פלעשל, געריבן אים בײַ די שלייפן און געזוכט וואו ער איז געטראָפן. מיר האָבן צעשניטן די הויזן אַף סיניטשענקאָן, אַף גיך פאַרהאַמעוועט דעם בלוט-אָפּפלוס מיט אַ שטיק אָפּגעריסענעם פאַס פון זיין שינעל, אַרומגעבונדן דעם צעשמעטערטן פוס מיט אַ שטיק ניט-דערברענטן האָלץ, און אים פּרובירט אויפהויבן. ער האָט געקרעכצט ווי אַ גויסעס און געכליפּעט:

— ברידערלעך מײַנע, טייערע, — האָט ער געיאָמערט, — כלאָפּצי האַרציקע, פאַרענדיקט מיך בעסער, איך בעט אײַך!... דערשיסט מיך, אַבי באַפרייט מיך פון די שמערצן... איך... איך קאָן ניט מער...

עס איז אַזוי שווער געווען צו הערן וויינען אָט דעם שטענדיק-פריילעכן און שטיפערישן „מאַלאָרוס", אַז עס האָט אַדש פאַרנומען בײַם האַרצן. קוקנדיק אַף אים, האָבן „וויעטער" און דוקעל זיך מיטאַמאָל צעוויינט און געגנומען אַרומלויפן ווי מעשוגאָאים. דער ערשטער האָט אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און געטײַנעט, אַז ער גייט אַהיים; אַז ער וועט דערשיסן יעדן איינעם, וואָס וועט וואַגן אים צוריקהאַלטן. — זאָל זיין וואָס עס וויל, — האָט ער געשריגן, — אָבער איך וועל דאָ מער ניט פאַרבלייבן!... דער צווייטער, דוקעל, הייסט עס, האָט זיך גאָר אַרומגעדרייט ווי אַ פאַרווירטער. ער האָט זיך געקלאַפּט מיט אַ פויסט איבערן האַרצן און מיט אַ מאָדנעם געוואָי געמורמלט עפּעס אומפאַר־שטענדלעכע ווערטער, ווי ער וואָלט געזאָגט ווידע. גרישונין איז געוואָרן אויפגערייצט פון זייער געוויין. ער איז צוגעגאַנגען צו זיי, אָנגענומען איינעם מיט איין האַנט, דעם צווייטן — מיט דער צווייטער, געקריצט מיט די ציין און געשריגן אַף זיי:

— באַבעס פאַרשאָלטענע, אַז אַ רועך זאָל אײַך אויסדישען!... איר וועט שוויגן היינט, אָדער ניט?...טייוולאָנים באַמאַכטע!...

אַ ווייל שפּעטער האָט ער פלעגמאַטיש צוגעוואָרפן:

— ניט געקאָנט טרעפן אין אײַך בעסער, באַבעס צעקראָכענע?... מיר וואָלטן דאָך איצט פאַרשפּאָרט אומזיסטע צאָרעס...

פון צוויי ביקסן מיט אַן אַריבערגעצויגענעם שינעל אַף זיי, האָבן מיר אימפּראָוויזירט אַ טראַג-בעטל, אַרויפגעלייגט סיניטשענקאָן אַף דעם און אים איבערגעטראָגן צום פלאַץ וואו מיר האָבן פריער געהאַט דאָס פייער. דאָס זעלביקע האָבן מיר געטאָן מיט סאַוויצקין. דערווייל האָט ווידער דאָס בלוט גענומען גיסן פון סיניטשענקאָן און מיר האָבן באָכאַמאָל געדאַרפט פאַרציען דעם טורניקעט אַף אים, קעדיי אים צו

פאַרהיטן פון אַ צו גרויסן בלוט-פאַרלוסט. פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען, אַז אויב מען וועט אים גלייך ניט כאַפּן אין אַ שפּיטאָל אַריין און אים באַלד ניט אַמפּוטירן דעם פוס, וועט ער אַזוי אָפּגיין אין זײַנעם אייגענעם בלוט...

וואוהין צו גיין, אָבער, האָבן מיר ניט געוואוסט. די פינצטער־ניש איז געווען אַזוי געדיכט — נאָר די אויגן צו פאַרלירן. און אין שטאָט זענען מיר געווען ווי פרעמדע: ניט געוואוסט אַפילו וואו זיך אַ קער און אַ ווענד צו טאָן...

*****

**אָפּהענטיקע** זענען מיר געשטאַנען אויפן פּלאַץ, אָן דעם מינדסטן באַגריף וואָס צו טאָן. זאָלן מיר זיך פאַרנעמען אויף רעכטס, קאָן דאָך זיין, — האָבן מיר געטראַכט, — אַז אַ שפּיטאָל זאָל זיך געפינען דאַווקע לינקס. זאָלן מיר זיך ווידער פאַרנעמען לינקס, קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז דער שפּיטאָל איז גאָר הינטער אונדז... מיר זענען געשטאַנען, געטראַכט וואָס צו טאָן און, אומבאַהאָלפענע, געקוקט איינער אויפן צווייטן אין דערוואַרטונג.

מיטאַמאָל האָבן זיך אין דער פינצטער פאַרבייגעשניטן עטלעכע טונקעלע געשטאַלטן. זייערע שוואַרצע סילועטן אויפן גרויען שניי — האָבן אויסגעזען ווי עפּעס מאָדנע פאַנטאַסטישע באַשעפענישן — ניט צו דערקענען, אַז דאָס זענען לעבעדיקע מענטשן. ענדלעך, אַז זיי האָבן זיך דערנעענטערט, האָט מען ערשט — לויט די ביקסן זייערע, וואָס זיי האָבן געהאַט אָנגעהאנגען איבער די אַקסלען, מיט די שפּיזן אַרונטער — דערקענט, אַז דאָס זענען סאָלדאַטן. געשלעפּט האָבן זיי זיך מיט שווערע און מידע טריט. מיר האָבן זיי אָפּגעשטעלט:

— העי, לאַנדסלייט, — האָט עמעצער פון אונדז אַ רוף געטאָן צו זיי, — איז דאָ פאַראַן ערגעץ נאָענט אַ שפּיטאָל?...

איינער פון זיי האָט מיט דער האַנט אַ ווייז געטאָן צו דער טער־קישער פּאָזיציע, אויף איינעם פון די בערג, וואו עס האָבן געצאַנקט קליינינקע פייערלעך, ווי שטערן, און ציניש צוגעוואָרפן:

— אָט דאָרט איז דער סאַראַקאַמישער שפּיטאָל!... אויבן!... גרישונין איז צוגעשפּרונגען:

— העי, איר, טילאָווע שטשורעס! — האָט ער בייז געשריגן, — מען האָט אייך דאָ געפרעגט עפּעס, אָדער ניט?!...

יענע זענען, אָבער, אַפּאַנים, ניט ניספּאָל געוואָרן דערפון און

האָבן זיך גאָר פאַנאַנדערגעלאַכט. איינער פון זיי האָט אַ זאָג געטאָן צו די איבעריקע:

— זעט נאָר, יאַטן, ווער עס רופט אונדז „טילאָווע שטשורעס״! אַזעלכע מוזיקאַנטסקע אַרומשלעפּער!...

די דאָזיקע באַמערקונג האָט אונדז מאַמעש ווי פאַרשמעלעט. עס האָט אונדז געכידעשט, פונוואַנען זיי האָבן עס אַזוי גוט געוואוסט ווער מיר זענען, בעאייס מיר האָבן קיין שום סימאָנים ניט געהאַט אויף זיך אַפילע. דאַווידאָוו איז דאַן צוגעגאַנגען און געבעטן:

— נו, גוט, ברידערלעך. מיר ווילן זיך שוין אַן אַנדערשמאָל אויסטיינען. איר זאָגט אונדז בעסער איצט, וואו עס איז דאָ פאַראַן ערגעץ נאָענט אַ שפּיטאָל און...

— מיר האָבן דאָ צוויי שווער־פאַרוואונדעטע,— איז אַ צווייטער אַריינגעפאַלן מיט אומגעדולד,— און זיי ווילן עס ניט אויסהאַלטן... זיי ווילן שטאַרבן, אויב...

— איז וואָס־זשע? — האָט יענער פונקט אַזוי קאַלטבלוטיק ווי פריער אָפּגעענטפערט מיט אַ פראַגע. — אַז זיי ווילן שטאַרבן, וועט איר זיי באַגראָבן און פאַטער...

גרישונין האָט אַזש געגומען ציטערן פון קאַאַס און זיך אַ כאַפּ געטאָן צו זיין רעוואָלווער:

— הינטישע זין! — האָט ער געשריגן צו זיי און געקריצט מיט די ציין. — ווי אַזוי רעדט איר וועגן פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן? מען וואָלט אייך דערפאַר געדאַרפט אַזוי אָבלערבען, אַז איר זאָלט שוין קיין שפּיטאָל אויך ניט דאַרפן!... אויף פּאָזיציע וואָלט מען אייך...

איינער פון יענע האָט ווידער געלאַסן געענטפערט:

— נאָר ניט געסטראַשעט, ברידערלעך. נאָר ניט געסטראַשעט... מיר האָבן שוין געזען די פּאָזיציע און... אַפילע געשאָסן געוואָרן אויך... ניטאָ מיט וואָס אונדז צו שרעקן...

דאַווידאָוו האָט זיך דערווייל נעענטער צוגעקוקט צו זיי און צו זייערע פּאָגאָנעס, און מיטאַמאָל אויסגערופן צו אונדז:

— הערט נאָר, יאַטן, דאָס זענען דאָך אייגענע מענטשן. פון אונדזער קאָרפּוס. פון אונדזער בריגאַדע אַפילע, און...

— און ניט קיין „טילאָווע שטשורעס״? — האָט איינער פון יענע מיט ניצאָכן אַ לאַך געטאָן.

די אָנגעצויגנקייט איז גלייך פאַרשוואונדן און מיר האָבן זיך דערפילט פריינטלעכער צווישן זיך, מיר האָבן זיי נאָכאַמאָל געבעטן וועגן שפּיטאָל און דאַן האָט איינער פון זיי אַ זאָג געטאָן:

— אַז מיר האָבן פריער אויך ניט געשפּאַסט, ווען מיר האָבן אייך אָנגעוויזן אַהינצו, צום באַרג. דאָרט איז דער גאַנצער שפּיטאָל, ערן וואָרט!... אָט,— האָט ער, אָנווייזנדיק אַף זיין גרופּע, פאָרגעזעצט,— אָט זענען מיר דאָך טאַקע — פאַרוואונדעטע — געלעגן אין שפּיטאָל און געלאַטעט אונדזערע לעבער, נו, האָט דער טייוול אַזוי ווי פּלוצלונג אָנגעטראָגן די פאַרדאַמטע טערקן און אין איין מינוט איז דאָס גאַנצע שטעטל פאַרפלייצט געוואָרן פון זייערע קוילן און סנאַריאַדן. עס האָט זיך געדאַכט — אַן עמעסע ערד-ציטערניש. קיין מיליטער איז דאַן דאָ, אין שטעטל, קימאַט ווי ניט געווען, כוץ אַ קליינע צאָל אָבאָז-לייט, עטלעכע ראָטעס מיט אַלטע, איינגעהויקערטע דרוזשיניקעס, וואָס האָבן דאָ געדינט פאַר פּאָליציאַנטן, און מיר — קראַנקע אין די שפּיטאָלן. נו, האָט מען אונדז אַלעמען גלייך אַ נעם געטאָן, דערלאַנגט ביקסן אין די הענט אַריין און — אַזוי ווי איר זעט — אַ טייל פון אונדז אַפילע אין די שפּיטאָל-כאַלאַטן,— אַרויסגעשיקט צום באַרג, איינצוהאַלטן די טערקן ביז די רעגולערע אַרמיי וועט אָנקומען. איצטער-אָ גייען מיר עס טאַקע צוריק און... איר פרעגט וועגן שפּיטאָלן...

— און מאָלט אייך,— האָט אַ צווייטער, ווי עס וואָלט אים אין לעבן געגאַנגען, צוגעגעבן,— דאָסמאָל האָט דער צאַר אַליין געראַטעוועט די לאַגע, כאָטש ער אַליין האָט עס אַוואַדע ניט געוואוסט...

די דאָזיקע פּאָר ווערטער האָבן אונדז אַזוי פאַראינטריגירט, אַז מיר — פאַרגעסנדיק אַפילע אין אונדזערע פאַרוואונדעטע — האָבן זיך מיט נייגיר איינגעהערט אין דעם דערציילן, כאָטש מיר האָבן לעכאַטכילע ניט באַגרייפט אַפילע וואָס ער מיינט דערמיט.

— איר טראַכט, אַוואַדע, אַז איך שפּאַס,— האָט יענער ערנסט אַ זאָג געטאָן,— ערן וואָרט, אַז עס איז עמעס...איר פאַרשטייט, — האָט ער זיך ווי צעוואַרעמט,— בעאייס זיי, די טערקן, האָבן אַרומגערינגלט סאַראַקאַמיש, איז דער צאַר פונקט דאַן געווען אין שטעטל. לעקאָוועד זיין קומען האָט מען, פאַרשטייט זיך, צוזאַמענגענומען דעם גאַרניזאָן און דורכגעפידט אַ פּאַראַד. מען האָט פאַרקלונגען דאָס שטעטל מיט הוראַ-געשרייען און באַגריסונגען. מיר, אינעם שפּיטאָל, האָבן אַפילע גערעכנט, אַז עס איז שוין אויס מילכאָמע און געוואַרט, אַז אָט-אָט וועט מען קומען אונדז אָנזאָגן וועגן דעם. זיי, די טערקן, זייענדיק שוין אַף יענע זייטן פון די בערג, האָבן איבער די דאָזיקע געשרייען אַוואַדע געגלויבט, אַז אין שטעטל איז פאַראַן אַ גרויסער גאַרניזאָן און דעריבער, זעט אויס, ניט געוואַגט אָנצוהויבן...

— אָבער, גאָט מיינער! — איז גרישונין מיטאַמאָל אומרואיק

געוואָרן, — דאָס האָט דאָך גאָרניט צו טאָן מיט אונדזער פראַגע וועגן שפּיטאָל... זאָגט אונדז בעסער וואו דער שפּיטאָל איז...

ענדלעך האָבן עטלעכע פון קאָמאַנדע פאַרנומען די צוויי טראָג־בעטלעך מיט די פאַרוואונדעטע און — צוזאַמען מיט די אָנגעגאַנגענע סאָלדאַטן — זיך אַוועקגעלאָזט אין דער שוואַרצער, אומבאַשטימטער נאַכט אַריין. מיר זענען געשטאַנען און נאָכגעקוקט אין דער פינצטער. עס איז מיטאַמאָל געוואָרן עפּעס אַזוי מאָדנע שווער אפן האַרצן, ווי דאָרט וואָלט זיך עפּעס אָפּגעריסן. דערצו נאָך האָט אין מויעך געהאַקט אַ מוירע איבער דעם, וואָס דער אַדיוטאַנט וועט זאָגן נאָכדעם ווי ער וועט צוריקקומען און אויסגעפינען, וואָס עס איז געשען. אַז יעדער פון אונדז האָט געטראַכט וועגן דעם, איז קלאָר געווען דערפון, וואָס מיר האָבן טאַקע גלייך גענומען באַשמועסן וואָס צו טאָן און — אונטער אַ שוואוע — באַשלאָסן, בעשום אויפן ניט אויסצוזאָגן דעם אַדיוטאַנט וועגן דעם פייער וואָס מיר האָבן געהאַט צעפירט.

מיר זענען געווען צעבראָכן, מיד און דורכגעפרוירן, און זיך אַזש קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען פון פאַרדראָס. איין גרופּע איז געזעסן אָן אַ זייט, לעבן אַ וואַנט, און אַזויאַרום זיך געפּרואווט צו שיצן פונעם קאַלטן ווינט און פראָסט. אַנדערע זענען אַזוי געזעסן איינגעהויקערט אונטער זייערע שינעלן און אונטערגעדרימלט. ערשט אַרום פאַרטאָג, באַם גרויען זון־אָפּשיין, איז דער אַדיוטאַנט ענדלעך געקומען. סטעפּאַקין האָט אים דאַן גלייך ראַפּאָרטירט, אַז אַ ווילדער שראַפּנעל האָט דערהאַרגעט זיין פערד, פאַרוואונדעט סיניטשענקאָן מיט סאַוויצקין און אַז מיר האָבן זיי אַוועקגענומען אין שפּיטאָל אַריין. דער אַדיוטאַנט — ווי דערוואַרט — איז געוואָרן אַ צעווילדעוועטער. ער האָט געכאַפּט אַ זייטיקן קוק אפן צעפּראַלטן, טויטן פערד, וואָס איז געלעגן דערלעבן און גענומען גוואַלדעווען אף אונדז:

— קאַנאַליעס!... נעווייִלעס!... הינטישע עקן!... איך וועל זיך מיט אייך אָפּרעכענען דערפאַר!... אין אַרעסטאַנטסקע ראָטעס וועל איך אייך אַלעמען פאַרשיקן!... איבערגעבן צום פעלד־געריכט!... נו, אַזאַ באַנדע אויסוואורפן, און ניט געקאָנט אָפּהיטן דאָס פערד!...

ער האָט מיטאַמאָל פאַרדריקט אַ פויסט און אויסגעזידלט:

— אין אייערע מאַמעס אַריין, סוואָלאָטשעס!...

מיר האָבן געשוויגן. עס איז ניט קלאָר געווען וועמען ער האָט געמיינט מיט דער לעצטער קלאָלע: אונדז, אָדער די טערקן. קיינער פון אונדז האָט ניט געוואַגט קיין וואָרט אויסצורעדן, ווייסנדיק וואָס ער קאָן דערוואַרטן פון אַדיוטאַנט. נאָך מער: מען האָט געוואוסט,

אַז צו מאַכן איצט די מינדסטע באַוועגונג אַפּילו, — וועט עס מיינען אַ שווערע שטראָף. איז מען טאַקע געשטאַנען און אַפּילו מיט קיין אויג קיין פינטל ניט געטאָן. דער אַדיוטאַנט, אַז ער האָט אונדז געהאַט שוין גוט אויסגעזידלט, האָט זיך מיטאַמאָל אַ דריי אַוועק געטאָן פון דעם פערד און צעיושעט אַ געשריי געטאָן צו אונדז:

— וואָס שטייט איר דאָ און באַטראַכט מיך?...מאַרש, מאַרש אין קאַזאַרמע אַריין, הינטישע צויע!... כ'וועל זיך שוין שפּעטער מיט אייך אָפּרעכענען דערפאַר!...

מיר האָבן גענומען גיין, אָבער ניט געוואוסט וואוהין אַפּילו, אין וועלכער קאַזאַרמע אַריין. פרעגן — האָט מען ניט געוואַגט. ער אַליין האָט זיך אָבער אַ כאַפּ געטאָן און געשריגן צו סטעפּאַקינען:

— פיר אַריין די כאַזיירים אין קאַזאַרמע נומער פיר, אָט דאָרט, און נעם זיי גיכער צו פון מיינע אויגן!...

צופרידענע, וואָס מיר זענען כאָטש אָף אַ ווייל באַפרייט געוואָרן פון אַדיוטאַנטס פּאַסקודנעם פּיסק, — האָבן מיר זיך איילנדיק אַ לאָז געטאָן צו דער אָנגעוויזענער קאַזאַרמע. דער אַדיוטאַנט איז נאָך אַלץ געשטאַנען, זיך געהוידעט אָף די ספּרונזשינע-פיס און נאָכגעשריגן:

— הער, עלטסטער, אַז וועסט פּאַרטיק ווערן מיט באַלייגן דיינע באַבעס, זאָלסטו גלייך אַריינקומען צו מיר, אין מיין צייטווייליקער קאַנצעלאַריע, אין דער קאַזאַרמע נומער איינס!...

*****

**די קאַזאַרמע** אין וועלכער מיר זענען אַריין, איז געווען גרויס און פּוסט. אינעווייניק האָט געהערשט אַ קעלט פּונקט ווי אינדרויסן, אָבער דערפאַר שוין אָן דעם שניידנדיקן ווינט. מיר האָבן אַרונטערגעשמיסן פון זיך די זעקלעך מיט די טעסאַקעס און גראַב-קיילים, אַוועקגעשטעלט די ביקסן צו דער וואַנט און אַליין — ווי איבערגעקאָכטע — מידע צוגעפאַלן צום הוילן, שטיין-געפלאַסטערטן דיל און זיך אויסגעצויגן...דער הונגער, וואָס האָט אונדז שוין געהאַט געפּייניקט די לעצטע פּאָר טעג, האָט מיטאַמאָל דערוואַכט מיט פרישן אימפּעט. עס האָט געדריקט אונטערן האַרצן. מיט זשעדנע אויגן האָט יעדער גענומען זוכן באַ זיך אין זאַק, אָבער ניט געפונען אַפּילו קיין פּיצל צוקער מיט וואָס די נעשאָמע צו דערהאַלטן...

ווי באַפוילן, איז סטעפּאַקין אַוועק צום אַדיוטאַנט, און אין איין וועג אויסצוגעפינען וועגן עסן. באַלד איז ער צוריקגעקומען און —

מיט סימכע אונדז געזאָגט, אַז מיר זאָלן גלייך נעמען די קעסעלעך און אַרונטערגיין צו דער דערבייאיקער באַטאַרייע־קיך נאָך שפּייז.

איילנדיק האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן מיט אונדזערע קעסעלעך און זיך זשעדנע צוגעכאַפּט צום וואַסערדיקן, זויערן באָרשט, וואָס איז — מאַשמאָעס — שוין אַ פּאָר טעג געשטאַנען אינעם קעסל. מיר האָבן עס אָבער געשלונגען ווי אַ טייער מאַיכל און אַביסל אויפגעלעבט...

עס איז געשטאַנען אַ שיינער, טרוקענער ווינטער־טאָג. די זון — כאָטש אַ קאַלטע — האָט בלענדנדיק געלויכטן. מיר זענען געשטאַנען אינדרויסן, לעבן דער קאַזאַרמע, און צוגעקוקט ווי די באַטאַרייע, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָט אָנגעפירט די פאַרטיידיקונג. די קאַנאָנען — צעשטעלטע הינטער אַ הילצערנעם פּלויט, קעדיי זיך צו פאַרדעקן פון טערקישער באַאָבאַכטונג — האָבן קעסיידער אַריבערגע־וואָרפן זייערע סנאַריאַדן אַריבער, צום באַרג, וואו די טערקישע פּאָזיציע איז געווען. די פראָנט־ליניע איז געווען גאַנץ נאָענט און מיר האָבן די קלאָר געזען פון פלאַץ וואו מיר זענען געשטאַנען. אָפט האָט זיך געמערקט ווי די סנאַריאַדן — באַם אַרונטערפאַלן אויפן באַרג — האָבן אָנגעמאַכט אַ כורבן... טיילמאָל האָט אַ קנויל ערד זיך אַ הויב געטאָן אינדערהויך און מיטגעשלעפּט מיט זיך מענטשלעכע קערפּערס אין דער לופטן...

נאָך יעדן אַרויסגעלאָזענעם סנאַריאַד, האָט קאַפּיטאַן פּירסאַקאָוו, דער געזונטער און הויכער אַרטילעריע־קאָמאַנדיר, געכאַפּט אַ בליק דורך פעלד־גלעזער צום באַרג. ער האָט זיך דערביי אַרונטערגעבויגן, אַקוראַט ווי ער וואָלט מוירע געהאַט פאַר אַן אומגעריכטן קלאַפּ פון ערגעץ, זיך צוריק אויפגעשטעלט און — קימאַט אונטערטאַנצנדיק — אַ ברום געטאָן מיט פריידיקער האַנאָע:

— דאָס איז שוין איינמאָל געווען אַ שאָס!... אָט, נאָך עטלעכע אַזעלכע און... מיר זענען פאַרטיק מיט די אויסוואורפן!...

די יונגערע אָפיצירלעך האָבן זיך געכאַפּט צו אים און מיט שמאַלציקע שטימעלעך צוגעוואָרפן:

— יאָ, קאַפּיטאַן. אַז מיר וועלן זיגן, וועט עס זיין בלויז אייך אַליין צו פאַרדאַנקען, ערן וואָרט!...

— ווי עס זעט אויס, אַרקאַדי וואַסיליטש, מעגן מיר אייך שוין באַגריסן מיט אַ נייעם ראַנג... יאָ, מיר וואָלטן אַפילו שוין געמעגט אויסטרינקען לעקאָוועד דעם קומענדיקן פּאָלקאָווניק פּירסאַקאָוו!...

ער האָט ניט געענטפערט, נאָר בלויז צופרידן צוגעשמייכלט.

מיטאַמאָל, אין סאַמע ברען פון דער שלאַכט, האָט זיך אפּן שפּיץ

באַרג, אין דער טערקישער פראָנט-ליניע, באַוויזן אַ גרויסע ווייסע פאָן. דאָס שיסעריי האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך עפּעס דערפילט אַ צוזאָגנדיקע דערלייכטערונג. די אָפיצירן, לעבן אונדז, האָבן זיך גענומען איבערקוקן, געפּרואווט טרעפן וואָס עס איז געשען און געהאַלטן אין איין קוקן צום באַרג. פונעם פּלאַץ וואו די פאָן איז אַרויסגעהויבן געוואָרן, האָבן זיך באַוויזן צוויי פיגורן און זיי — צוזאַמען מיט דער פאָן — האָבן זיך גענומען אַרונטערלאָזן צו אונדזערע פּאָזיציעס, וואָס זענען געלעגן עטוואָס נידעריקער, אַרום אַ הונדערט טריט בלויז פון די טערקישע...

מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס און אויסגעשפּיצטע אויגן האָבן אַלע געקוקט אַרויפצו, צום באַרג, וואו די צוויי פיגורן האָבן זיך געהאַט אָפּגעשטעלט. באַלד האָבן זיך פון עטוואָס נידעריקער, פון דאָרט וואו אונדזער שיסער-קייט איז געלעגן, אַרויסגעהויבן בייע צוויי פיגורן, מאַשמאָעס אָפיצירן, און זענען אַנטקעגנגעגאַנגען דער ווייסער פאָן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן, סאַלוטירט צו די אָנגעקומענע, געשטאַנען אַ ווייל אַזוי און דערביי עפּעס אָנגעוויזן מיט די הענט אויף אַרונטער. באַלד האָבן זיך אַלע פיר גענומען אַרונטערלאָזן נידעריקער און זיך פאַרקירעוועט ערגעץ אָן אַ זייט.

די שטימונג איז געוועז אַן אָנגעצויגענע. אונדזערע הערצער האָבן אָנגעהויבן ציטערן מיט אַן אומבאַשטימטער פרייד... עפּעס אַזאַ מאָדנע האָפענונגספולער געפיל האָט אָנגעהויבן אונטערוואַרעמען דעם מויעך... עמעצער האָט אַפילו פרום אַ מורמל געטאָן:

— און עפשער איז שוין, דאַנקען גאָט, אַ סאָף געקומען?!...

פּירסאַקאָוו, — אַקוראַט ווי ער וואָלט טאַקע דערהערט וואָס יענער האָט געזאָגט, — האָט זיך מיטאַמאָל ברייט פאַנאַנדערגעלאַכט:

— און איך וועל גאָרניט זיין איבערראַשט, הערן אָפיצירן, אַז די טערקישע אויסוואורפן זענען גאָר געקומען אונדז פאָרלייגן, אַז מיר זאָלן קאַפּיטולירן פאַר זיי און...

— עס קאָן טאַקע זיין, אַז איר האָט רעכט, קאַפּיטאַן. — האָט אַ יונגער פאָרוטשיק, וואָס לעבן אים, מיט כניפע אָפּגעענטפערט. — איר פאַרמאָגט דאָך אַלעמאָל אַ גוטן קוק...

פּירסאַקאָוו, מיט אַ טאָן פון גלויבן אין זיך, האָט מיט אַ ציניש געלעכטערל אים אָפּגעענטפערט:

— וועלן מיר זיי אָבער דערלאַנגען אַזאַ קאַפּיטולאַציע, אַז זיי וועלן דאַרפן גיין קלויבן זייערע קישקעס אויף די בערג, די דאָזיקע מאַכמעדאַנישע אויסוואורפן!...

ער האָט אַ וואונק געטאָן צו זיין געהילף און אים אָוועקגעשיקט אין דערבייאיקן שטאַב אויסצוגעפינען, וואָס אַזעלכעס ס׳איז דאָרט, אף דער פּאָזיציע, פאָרגעקומען. יענער איז אַוועק. אין אַ ווייל אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַן ענטפער:

— זיי פאָדערן טאַקע, אַז מיר זאָלן זיך אונטערגעבן,— האָט ער ראַפּאָרטירט,— אַנדערש, דראָען זיי כאָרעוו צו מאַכן די שטאָט...

דאָס דערהערט, איז פירסאַקאָוו געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. ער איז צוגעלאָפן צו אַ קאַנאָן, געכאַפּט אַ קוק דורכן ציל־אַפּאַראַטל און גענומען דרייען דאָס קירעווע־הענטל. יעדע ווייל האָט ער געוואָרפן אַ בליק צום באַרג, צו דער פלאַטערנדיקער ווייסער פאָן און — מיט קאַאָס, צווישן די ציין — אַ ברום געטאָן:

— נעמט שוין צו אַמאָל די ווייסע שמאַטע!... די הענט קיצלען דאָך באַ מיר, אייך צו באַווייזן ווי אַזוי מיר קאַפּיטולירן!...

די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן אַ צען מינוט און זיך אָפּגעענדיקט מיט גאָרנישט. די טערקישע פּאַרלאַמענטאַרן האָבן זיך — איינגעבויגענע — גענומען צוריק אַרויפהויבן אפן באַרג, צו זייער פאָזיציע, און — ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז מען זאָל זיי אַמאָל פון הינטן ניט באַכשיסן — קעסיידער געפּאַכעט מיט דער פאָן. באַלד זענען זיי פאַרשוואונדן ווי אין דער ערד אַריין, אָבער די פאָן האָט דערווייל נאָך אַלץ געפלאַטערט אפן זעלבן פלאַץ. אַזוי גיך ווי די פאָן איז פאַרשוואונדן, האָט פירסאַקאָוו — אַן אומגעדולדיקער — גענומען הייזעריק קאָמאַנדעווען:

— באַטאַרייע, אויפמערקזאַם!... קאַנאָנען — נומער איינס, דריי און פינף — פייער!...

דריי שטורעם־קלעפּ האָבן אַ דונער געטאָן.

— קאַנאָנען — צוויי, פיר און זעקס, — האָט פירסאַקאָוו גליך נאָכדעם, ווי אין איין אָטעם, נאָכאַמאָל אויסגעשריגן,— פייער!...

עס איז אַוועק אַ בעהאָלעדיק דונערייַ פון קאַנאָנען. באַלד האָבן פונוויַיטן אונטערגעכאַפּט די פולעמיאָטן און עס איז אַזוי אַוועק קימאַט אָן אַן אויפהער פאַר פולע דריי טעג נאָכאַנאַנד...

*****

**שווערע** דריי טעג זענען פאַרביי אין אַ דורכאויסיקער קאַנאָנאַדע. דערצו נאָך האָט צוויי טעג געשנייט און געשאַפן אַ פיינלעכע שטימונג. אינעם שניי האָט עס אויסגעזען, ווי

דאָס שיסעריי וואָלט געוואָרפן געוואָרן ערגעץ גלאַט אין דער לופט. עס איז אומעגלעך געווען צו זען אַף צען טריט פון זיך. ערשט אַפן דריטן טאָג איז געוואָרן שיין און וואַרימלעך. די לופט איז געווען קלאָר און דורכזיכטיק. עס האָט זיך אַפילע געקאָנט אויסדאַכטן, אַזוי ווי ס'וואָלט גאָר בּיכלאַל קיין לופט ניט געווען. מען האָט געקאָנט זען אַף מיילן פון זיך, אַזוי גוט ווי בּאַ זיך אַף דער האַנט. דאָס שטיקל שעטעך פון דער פּאָזיציע ביז צו אונדז, האָט אויסגעזען אַזוי נאָענט, אַז מען האָט געקאָנט מיינען, מען קאָן מיט צען שפּרייזן אַהינגרייכן. מען האָט פּאָשעט געקאָנט זען יעדן בּאַוועג און יעדן ריר, וואָס מען האָט זיך געטאָן אויבן, אַף דער פּאָזיציע...

דאָס שיסעריי איז אָנגעגאַנגען קימאַט אָן האַפּסאָקעס. אַף יעדן סנאַריאַד וואָס אונדזער אַרטילעריע האָט אַרויפגעשאָסן אַפן בּאַרג, צו די טערקן, איז געקומען אַ טאָפּלטער ענטפער...

מיטאַמאָל האָט פּירסאַקאָוו אַ קוק געטאָן אַף זיין זייגער, געהייסן אָפּשטעלן דאָס פייער און גענומען קוקן בּאַרג אַרויף. ווי עס האָט אויסגעזען, איז געקומען אַ בּאַפעל פון שטאַב אָנצוהייבן אַן אַטאַקע. און ווירקלעך: אַזוי גיך ווי די אַרטילעריע איז אַנטשטומט געוואָרן, האָבּן אונדזערע סאָלדאַטן זיך אַ הויב געטאָן מיט אַ הוראַ-געשריי. גלייך האָבּן זיך אויך די טערקן אַ הויב געטאָן פון זייער ליניע און זיך אַ יאָג געטאָן אַנטקעגן אונדזערע. אַ מאָדנער מישמאַש פון „הוראַ” און „אַללאַ” געשרייען האָט פאַרטויבּט דעם גאַנצן קאַסטן-אַרטיקן טאָל און צעשפּאָלטן די לופט אינעם שטעטל.

די קאַנאָנען און פּולעמיאָטן האָבּן געשוויגן, אָבּער די ליאַרעמס און געשרייען האָבּן זיך געשטאַרקט. מיר האָבּן פּונווייטן צוגעקוקט זיך צום בלוטיקן האַנט-געפּעכט, וואָס איז אָנגעגאַנגען; געזען דעם ווילדן טאַנץ פון די בּיקסן און שפּיזן; צוגעזען דאָס האַקן פון די קאָלבּעס איבּער קערפּערס און קעפּ, און... עס האָט אונדז צעפּייניקט. סאָלדאַטן זענען געפאַלן פון ביידע זייטן... מאַסנווייז האָבּן זיי זיך געקייקלט בּאַרג-אַרונטער, ביז אַ קערפּער האָט זיך פאַרהאַלטן ערגעץ אין אַ שטיין, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון דער ערד, און געבּליבּן דאָרט ליגן בּאַוועגלאָז אייבּער אַפן צווייטן — ווי אַ קופּע מיסט...

עס איז געווען שווער און פּיינלעך. ס'האָט זיך געפילט נאָר ווי צו וויינען. עס האָט זיך געוואָלט אויסשרייען מיטן גאַנצן קויעך אַ מעכטיקן „גענוג!”... אָבּער אינדערהויך האָבּן זיך אַלע ווייל בּאַוויזן נייע רייען סאָלדאַטן, וואָס האָבּן זיך אַרויסגערוקט פון ערגעץ און זיך גלייך פאַרפלאָכטן אינעם בלוטיקן געפּעכט...

פאַר אַ מינוט האָט זיך געשטאַרקט איין צאַד און עס האָט אויסגעזען, אַז באַלד וועט נעמען אַ סאָף. אָבער גלייך איז צום אַנדערן צאַד אָנגעקומען אַ פאַרשטאַרקונג און ער האָט באַקומען די איבערהאַנט. עס האָט אויסגעזען ווי אַ שפּיל פאַרן טייוול — אָן אַ סאָף און אָן אַן עק. דער צאַאַר און ווייטיק האָט געברענט אין האַרצן און ביסלעכווייז געזויגן דעם מאַרך פון די ביינער. די פיס האָבן זיך געבויגן. יעדע מינוט האָט אויסגעזען ווי אַן אייביקייט, וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. און זיי, אויבן, האָבן מאַסנווייז אַרויסגעלאָזט די ביקסן פון די הענט און — זיך גענומען קייקלען באַרג אַרונטער...

ענדלעך איז געקומען אַן איבערברוך. די טערקן האָבן גענומען וואַרפן זייער געווער צו דער ערד און אויפגעהויבן זייערע ליידיקע הענט איבערדערהויך, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן געוואַרט אף בעסעד. אפן האַרצן איז מיטאַמאָל אַזוי לייכטער געוואָרן און אין מויעך האָט זיך ווידער צעשפּילט אַ האָפנונג, אַז עפשער וועט דאָס־אָ שוין זיין דער סאָף פון דער מילכאָמע ביכלאַל...

אונדזערע סאָלדאַטן, אויבן, האָבן גלייך אַרומגערינגלט די טערקן און ווידער איז אויסגעבראָכן אַ הוראַ־געשריי. עס האָט ניט גענומען לאַנג און פונעם באַרג האָבן זיך אָנגעהויבן אַרונטערלאָזן שוואַרצע, לאַנגע און צעצויגענע רייען, וואָס האָבן אין זייער זיגזאַגיש קרומען גאַנג — אויסגעזען ווי לאַנגע, שוואַרצע שלאַנגען...

אַרום האָט געהערשט אַן אומרואיקייט. אין דערוואַרטונג האָבן אַלע געגאַפט צום באַרג, פונוואַנען דאָס מיליטער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט. ביסלעכווייז האָט דער באַרג זיך אָנגעהויבן אָפליידיקן...

די פאַרנומענע געפאַנגענע האָט מען אַרונטערגעפירט אין טאָל און צוגעבראַכט צו די קאַזאַרמעס, וואָס לעבן דער, וואו מיר האָבן זיך געפונען. בא די קאַזאַרמע־טירן האָט מען אַוועקגעשטעלט טישלעך מיט שטולן, און שטאַב־שרייבער האָבן זיך אַוועקגעזעצט — גרייטע צו פאַרשרייבן די געפאַנגענע אין גרויסע ביכער אַריין.

דער גאַנצער פלאַץ לעבן די קאַזאַרמעס איז געווען געפאַקט מיט טויזנטער געפאַנגענע. די מערסטע זענען געווען אין אָפּגעטראָגענע און צעריסענע מיליטער־קליידער. אַנדערע פון זיי האָבן דאָס אויך ניט געהאַט. איבערגעדעקטע מיט זעק, אַלטע קאָלדרעס, שטיקער פון טעפּיכער און סטאַם שמאַטעס — זענען זיי געשטאַנען און געציטערט פון קעלט און שרעק. מאַסנווייז האָבן זיי זיך צעלייגט אף דער הויילער ערד און פון זייערע אויגן האָט אַרויסגעשיינט אַ פרייד, אַפאָנים דערפון, וואָס זיי זענען שוין די גרעסטע געפאַר איבערגעקומען...

אַנדערע זענען פונדעסטוועגן נאָך געווען אומרואיק און געקוקט אַף אונדז מיט צעשראָקענע און אומצוטרויליכע בליקן, טאַקע נאָר ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז עפּעס וועט נאָך געשען מיט זיי. זיי האָבן זיך באַצויגן מיט כשאַד צו יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט רעדן צו זיי און געשטאַנען מיט שווערע, אַרונטערגעלאָזענע קעפּ...

די שטאַב־שרייבער האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. איינציק־ווייז האָט מען די טערקן צוגעלאָזט צו די טישלעך, וואו מען האָט זיי אויסגעפרעגט די נעמען, געבורט־פּלעצער און ווי לאַנג אין דער אַרמיי. די טערקן האָבן געענטפערט אומגערן און מיט אַ באַהאַלטענער מוירע. ערשט שפּעטער, אַז מען האָט זיי גענומען אַריינלאָזן אין די קאַזאַרמעס אַריין און זיי האָבן דערזען, אַז מען טוט זיי גאָרניט, זענען זיי געוואָרן אויפגעלעבטער און געלאָזט רעדן צו זיך.

אַ צאָל פון אונדזערע יאַטן האָבן זיך אַריינגעדרייט צווישן זיי און זיך גענומען דורכרעדן מיט זיי אַף שטום־לאָשן. גודמאַן, פּאַלטעק, קאַטאַיעוו און אַראַמיאַנץ האָבן אַפילע פאַרפירט אַ האַנדל מיט זיי. פאַר שטיקלעך ברויט, צוקער, שטיין־זאַלץ און סוכאַרעס, האָבן זיי פון די אויסגעמאָרעטע טערקן באַקומען זייגערס, קייטלעך, רינגלעך און נאָך אַנדערע ווערטפולע כפייצים. די טערקן זענען געווען אַזוי אויסגע־הונגערט, אַז זיי האָבן זיך גערן געביטן. מיט פאַרגעניגן האָבן זיי אַוועקגעגעבן אַ גאָלדענעם זייגער, אָדער אַ שווערע גאָלדענע קייט, פאַר אַ פּאָשעטן זעלנערישן לאַבן ברויט.

יענע געפאַנגענע, וועלכע האָבן ניט פאַרמאָגט — ניט קיין געלט און ניט קיין ווערטפולע זאַכן, האָבן מיט קינע און טרויעריקע בליקן געקוקט אַף די אַנדערע און דערביי אַרויסגעדליבעט פון זייערע קע־שענעס אַרויס פאַרוואַלגערטע געברוינטע ווייץ־קערנער. יענע ווידער, וואָס האָבן קיין קערנער אויך ניט געהאַט, האָבן געלעקט די סלוניע פון זייערע ליפּן. עטלעכע טערקן האָבן זיך צוגעכאַפּט צו עפּעס אַן עמער מיט ווייסן פּוידער, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער טיר פון קאַזאַרמע און — מיינענדיק, אַז דאָס איז מעל — זשמעניעסווייז דאָס גענומען שטופּן צו זיך אין די מיילער. אין עטלעכע מינוטן אַרום איז אויסגעבראָכן אַ יעלאָלע. עס האָט זיי גענומען ברענען אין די קישקעס און זיי האָבן זיך גענומען דרייען אין ווייטיקדיקע קראַמפּן. אַ טייל האָט זיך געוואָרפן אַף דער ערד אין יעסודים און געבראָכן מיט דער גרינער גאַל. מען האָט אַרויסגערופן אַ דאָקטאָר און — ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז אין עמער געווען פּאָשעטער קאַלך, וואָס איז שוין, צום גליק, געווען אָפּגעלאָשן און אויסגעוועפּט. מען האָט

די עטלעכע קראַנקע טערקן אַוועקגענומען אין אַ שפּיטאָל אַריין און עס איז צוריק שטיל געוואָרן.

מיר האָבן געבראַכט פּעסלעך וואַסער פאַר די געפאַנגענע און זיי פאַרזיכערט, אַז עס וועט צוגעגרייט פאַר זיי אַ געקאָכטער מיטיק און אַז באַלד וועלן זיי באַקומען צו עסן. זיי, ווי שטומע, קראַנקע כאַיעס, האָבן לאַשטשענדיק אונדז געקוקט אין די אויגן אַריין און — מאַמעש מיט טרערן — אונדז שטומערהייט באַדאַנקט פאַר דער פריינטלעכקייט.

זייער אומבאַהאָלפנקייט האָט אונדז שטאַרק גערירט, אַזוי, — אַז מיר האָבן געזוכט זיי וואָס מער צו העלפן. די טערקן זענען געוואָרן צוגעלאָזענער און גענומען זיך דורכרעדן מיט אונדז.

איינער פון די געפאַנגענע, וואָס האָט — ווי ער האָט אונדז דערציילט — אַמאָל געוואוינט אין רוסלאַנד און דעריבער גערעדט אַביסל רוסיש, האָט איינגעטיינעט מיט זיינע כאַווירים אף זייער שפּראַך און דערביי געוואָרפן מיט די הענט. מיטאַמאָל, — זיך אויסדרייענדיק צו אונדז — האָט ער אף אַ פאַרשטענדלעכן רוסיש גענומען רעדן:

— איך האָב זיי אָבער טאָמיד געזאָגט, אַז עס איז אַ ליגן, וואָס מען דערציילט אין טערקיי וועגן אייך. יאָ, איך האָב זיי געזאָגט, אַז איר, רוסן, זייט פּונקט אַזעלכע מענטשן ווי מיר, גוטע, פריינטלעכע און... זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט גלויבן, ווייל מען האָט די אַזוי שטאַרק אָנגעשראָקן... איצט אָבער זעען זיי שוין אַליין, אַז...

ער האָט אַ בענקלעכן זיפץ געטאָן און צוגעגעבן:

— יאָ, ברידער, מען האָט אונדז פיין אַריינגענאַרט... געזאָגט, אַז איר זייט פאַכדאָנים סאָלדאַטן און אַז איינער פון אונדז וועט זיך לייכט קאָנען ספּראַווען מיט צען אייעריקע. גאַנצע העלדן זענען זיי געווען מיט די פּיסקעס. איצט אָבער...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, פּונקט ווי ער וואָלט מוירע געהאַט צו פאַרענדיקן דעם געדאַנק וואָס ער האָט אָנגעהויבן. גרישונין איז אָבער צוגעשטאַנען און געבעטן ער זאָל ווייטער רעדן.

— איצט אָבער, — האָט ער דאַן פאַרגעזעצט, — אַז עס איז זיי ענג געוואָרן, האָבן זיי די קוילן געלאָזט פאַלן אף אונדז, פּאָשעטע סאָלדאַטן, און אַליין זענען זיי אַנטלאָפן. אָט, — האָט ער זיך מיט פאַרזיכט אַרומגעקוקט, — אַפילע ער אַליין, קעמאַל־פּאַשאַ... ער איז אַנטלאָפן פון פראָנט פאַרשטעלט פאַר אַ פרוי... גרויסע העלדן...

דאַווידאָוו, וועלכער האָט זיך צוזאַמען מיט די איבעריקע יאַטן איינגעהערט אין דעם טערקס רייד, האָט זיך מיטאַמאָל אַ ווענד געטאָן צו דער קאָמאַנדע:

— ווי מאָדנע דאָס איז. זיי רעדן טאַקע אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אויף טערקיש, אָבער די רייד זענען די זעלביקע וואָס מיר רעדן... יאָ, אַפּאָנים, אַז דאָס אָרימע פאָלק, די אַרבעטער און די פּויערים, סיי פון אונדזער לאַנד און סיי פון אַנדערע לענדער, האָבן אויסצושטיין די זעלביקע סאָרטן צאָרעס פון זייערע באַהערשער, די קאַפּיטאַליסטן...

*****

## פּאַרטרויערטע און דערשלאָגענע זענען

מיר אַוועק צוריק צו זיך אין קאַזאַרמע. צוליב דעם אומגליקלעכן און צעפּייניקטן אויסזען פון די געפאַנגענע, האָבן מיר פּאָשעט ניט געקאָנט קומען צו זיך. דאַווידאָוו האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און גערעדט צו גרישונינען און נאָך אַ פּאָר יאַטן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. ער האָט געזאָגט:

— נו, איצט זעט איר שוין, אַז איך בין גערעכט געווען, ווען איך האָב אייך דערציילט, אַז פּונקט ווי מען רעדט אונדז איין, אַז זיי זענען ווילדע, אַזוי זאָגט מען זיי, אַז מיר, רוסן, זענען פּאָשעטע מענטשן-פרעסער. איצט קאָנט איר שוין אַליין זען, אַז דאָס ווערט איינמיסטן געטאָן, קעדיי... אָבער נאָך וואָס איבערכאַזערן, אַז איר האָט אַליין די געלעגנהייט זיך איצט צו איבערצייגן אין דעם...

אַלע האָבן געשוויגן. גרישונין האָט געקריצט מיט די ציין:

— אַז די כאָלערע זאָל זיי אויסדיישען! — האָט ער געברומט, — בעקיוון אויסצוטראַכטן אַזעלכע זאַכן, איז דאָך ערגער ווי...

טערמאַקאָוו האָט אים איבערגעשלאָגן:

— אָבער ווי אַזוי קאָנען זיי גאָר גלויבן אַזעלכע ווילדע זאַכן אויף אונדז?... ווייסן זיי דען ניט, אַז מיר, רעכטגלויביקע...

דאַווידאָוו האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געלאַכט:

— עך, נאַר איינער, און דו אויף זיי גלויבסט דען ניט?...

— יאָ, — האָט טערמאַקאָוו זיך געדונגען, — אָבער זיי זענען דאָך ניט קיין קריסטן, קיין רעכט-גלויביקע. זיי זענען דאָך בלויז ווילדע מאַכמעדאַנער און אויף זיי קאָן מען אַלצדינג גלויבן...

דאַווידאָוו איז רעכט בייז געוואָרן:

— שוויטע! — האָט ער אַ געשריי געטאָן אויף טערמאַקאָוון, — אָט האָסטו דיר... דאַכט זיך, איך האָב נאָר-וואָס דערקלערט, אַז פּונקט ווי דו זאָגסט: ווייל יענער איז ניט קיין קריסט, דערפאַר גלויבסטו — אַזוי זאָגט יענער, ווייל דו ביסט ניט קיין מאַכמעדאַנער — דעריבער...

יאָ־יאָ, מען האָט דיך גאַנץ פֿײַן באַאַרבעט... פֿאַרשטייסט?... נו, און זיי?... זיי האָבן אויך ווער עס זאָל זיי אַזעלכע מאַיסעס דערציילן. יאָ, זיי האָבן זייער אייגנס אַן אַבדול־האַמיד, אַ קעמאַל־פּאַשאַ און נאָך אַנדערע שלעק, אַקוראַט ווי ביי אונדז...

גרישונין — פּונקט ווי פֿון אַן אַנדערער וועלט — האָט אַ פֿאַר־טראַכטער אַ ברום געטאָן:

— ווען איך דערטאַפּ אין מײַנע הענט אַריין דעם קעמאַל־פּאַשאַ זייערן, וואָלט איך, ביי גאָט, אים פּאָשעט מיט די אייגענע פֿינגער מיינע געוועזן דערשטיקט...

דאַווידאָוו האָט פֿאָרשנדיק אַ קוק געטאָן אויף אים און אים אין אַ מיקלוימערשט־טאַמעוואַטן טאָן אַ פֿרעג געטאָן:

— און וואָס, יאַטעלע, וואָלסטו געטאָן ווען דו דערטאַפּסט טאַקע אַזוי עפּעס אַן אייגענעם קעמאַל־פּאַשאַ, אַ רוסישן, מיין איך?...

גרישונין האָט פֿאַרשעמט אַרונטערגעלאָזט די אויגן:

— זעסטו, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — וועגן דעם האָב איך דאָך גאָרניט געטראַכט אַפֿילע...

עס איז שטיל געוואָרן. דער אָוונט איז צוגעפֿאַלן און עס האָט אָנגעהויבן טונקלען. מיר זענען געזעסן אַרום די ווענט און געשוויגן... עס איז ביכלאַל ניט געווען פֿון וואָס צו רעדן און עס האָט זיך עפּעס סטאַם געוואָלט זיצן אַזוי שטיל און שווייגן. עס האָט אויסגעזען, אַז יעדער פֿון אונדז האָט זיך געפֿילט פֿאַרלוירן און צעבראָכן. עמעצער האָט אַפֿילע יאָ געפּרובירט פֿאַרציען עפּעס אַ ליד, אָבער עס האָט זיך ניט אָנגענומען. קיינער האָט דאָס ליד ניט אונטערגעכאַפּט און עס איז — ווי אַן אויסגעברענט לעכט — פֿון זיך אַליין אויסגעגאַנגען. אַ שווערע מעלאַנכאָלישע שטימונג האָט אונדז אַלעמען איינגעהילט, ווי עפּעס אַ שווערע, גראָבע קאָלדרע...

דאַווידאָוו האָט געקוקט פֿאָרויס פֿון זיך מיט שטאַרע אויגן. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז ער זעט ניט קיינעם אַרום זיך. מיטאַמאָל האָט ער שטיל אָפּגעזיפֿצט און, ווי צו זיך, גענומען רעדן:

— יאָ, אַזוי איז עס... מען האָט אונדז נאָר צוגעוואוינט צו זען זאַכן, וואָס טוען זיך דאָרט, בײַ פֿרעמדע, קעדיי מיר זאָלן נײַ זיך, אונטער דער אייגענער נאָז, ניט זען ווי מען באַגאַנוועט אונדז... מען האָט אונדז איינגעוויקלט אין אַ טומאַן פֿון פֿאַלשן פּאַטריאָטיזם, רעליגיע און נאָך אַזעלכע זאַכן, און דערווייל האָט מען אונדז פֿאַר־שקלאַפֿט און אונטערדריקט. די אָפֿיצירן, די פּריצים, די גאַלאָכים, — זיי אַלע האָבן אונדז איינגערעדט, אַז די גאַנצע וועלט אַרום אונדז

באַשטייט פון בלויז סאָנים, וואָס ווילן נאָר אָנפאַלן אויף אונדזער לאַנד. און מיר, טיפּשים, האָבן אַפילו ניט אַ טראַכט געטאָן, צי איז עס עמעס; מיר האָבן זיך אַפילו ניט אַ פרעג געטאָן, צי איז עס ביכלאַל אונדזער לאַנד... און בעעמעס טאַקע: פאַרמאָגן מיר דען עפּעס?...קלאָר, — אַז ניין...דאָס לאַנד געהערט צו די פריצים, צו די זעלביקע, וואָס האָבן אונדז אינדערהיים געהאַלטן געבונדן און פאַרשקלאַפט, און דערנאָך אונדז אַהערגעשיקט, קעדיי זיי זאָלן פון דער מילכאָמע נאָך רייכער ווערן; קעדיי צו פאַרכאַפּן בא די טערקישע און דייטשישע הערשער זייערע שקלאַפן און אַליין אויסזויגן בא זיי דאָס בלוט זייערס מיט דער פראַצע, אַזוי ווי זיי זויגן עס איצט אויס ביי אונדז...

דאַווידאָוו איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך עפּעס אַרומגעקוקט, ווי אין פאַרלעגנהייט געשמייכלט און פאַרגעזעצט:

— איר ווייסט, יאַטן, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך טראַכט, אַז איר וועט מיך עפּשער פיינט קריגן פאַר מיינע רייד. עס קאָן אויך זיין, אַז צווישן אייך וועט זיך געפינען אַזאַ, וואָס וועט מיך, אָדער פאַרמאַסערן פאַר נאַטשאַלסטווע, אָדער מיך גאָר מיט די אייגענע הענט דערשיסן ערגעץ אין אַ ווינקל, אומגעריכטערהייט... אָבער איך קאָן זיך ניט העלפן. איך מוז אייך זאָגן דאָס, וואָס איך ווייס און האָב געלערנט... יאָ, ברידער מיינע, די רייכע לייט, יענע וואָס האָבן די מאַכט און די מעלוכע, האָבן געהעצט און גערייצט קעגן די אַלע, וואָס רעדן עמעסדיקע רייד... יאָ־יאָ, ביז ווינציק אַזעלכע ווי איך זענען שוין דערשאָסן און געהאנגען געוואָרן פאַר די דאָזיקע רייד. אָבער דאָס האָט אַלץ ניט אָפּגעשראָקן די עמעסדיקע פאָלקס-פריינט, ווייטער אָנצוגיין מיט זייער אויפקלערונג... עמעס, אייך האָט מען איינגערעדט, אַז די דאָזיקע מענטשן זענען סאָנים פונעם פאָלק און פאַרעטער פון לאַנד. אָבער פאַרשטייט איר דען ניט, אַז דאָס איז בעקיוון געטאָן געוואָרן, קעדיי זיי צו פאַרמיעסן ביי אייך אין די אויגן; קעדיי איר זאָלט ניט וועלן זיך צוהערן וואָס זיי האָבן אייך צו זאָגן...יאָ, אָבער אַזוי איז דאָס שוין...אַזוי איז עס געווען און אַזוי וועט עס מיסטאָמע זיין, ביז... יאָ, ביז דאָס גאַנצע פאָלק וועט עס פאַרשטיין און איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ געשריי טאָן: „ניין! מער וועלן מיר זיך שוין ניט לאָזן נאַרן און פאַרפירן!"... דער פאַרדראָס איז בלויז, וואָס דערצו דאַרף נאָך נעמען אַ צייט לאַנג און וואָס ביז דאַן וועט נאָך דאַרפן פיל אומזיסטיק בלוט פונעם פאָלק פאַרגאָסן ווערן און...

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און צוגעגעבן:

— איך טראַכט איצט, אַז שפּעטער, ווען איר וועט עס שוין יאָ

אַמאָל באַגרייפן, וועט עס אייך דאַן פאַרדריסן. עס וועט דאָך אייך דאַן ווי טאָן, פאַרוואָס איר האָט זיך אַזוי לאַנג געלאָזט נאַרן...

דאַווידאָוו איז שטיל געבליבן. ער האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפ און געקוקט אַרום זיך, אף דעם פינצטערן דיל... די קאָמאַנדע איז געזעסן אַרום די ווענט פון קאַזאַרמע און אויך געשוויגן... קיינער האָט ניט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורעדן. יעדער אייגער האָט, ווייזט אויס, געוואַרט, אַז דאַווידאָוו זאָל ווייטער רעדן. עס האָט אויסגעזען, ווי זיינע רייד וואָלטן אַלעמען אַרייַנגעפירט אין עפּעס אַ בייער וועלט און דאָרט געלאָזט שטיין מיט אָפענע מיילער און פאַרגאַפטע אויגן...

אינמיטן דעם האָט זיך די טיר שטיל אָן עפן געטאָן. סטעפּאַקין האָט זיך לייכט און שטיל אַרייַנגערוקט. אף זיין פּאָנים איז געווען אויסגעגאָסן אַ מאָדנע טרויער און פאַרדראָס. די קאָמאַנדע האָט זיך פאַשעט דערשראָקן פאַר זיין אויסזען. ער האָט עטלעכע מאָל געלאַסן שפּאַצירט איבער דער ברייט פון קאַזאַרמע און, עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס זאָגן, נאָר קאָן עס ניט. מיטאַמאָל האָט ער זיך דאָך אָפּגעשטעלט, אַ וויש געטאָן מיט דער האַנט איבערן שטערן און פּאָנים, און שטיל, ווי שטאַמלדיק, אַ זאָג געטאָן:

— סינישעווקאָ...ער...ער איז... אויסגעגאַנגען...

דערשלאָגענע און צעוויינטע פון דער דערהאַלטענער בשורה,— צעטומלטע און אויפגערעגטע פון דאַווידאָווס רייד,— האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט פון דער ערד, אין שוויגענדיש אַרונטערגענומען די היטלען און זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַרונטערגעבויגענע קעפּ צו דער ערד. דראַבולקין האָט שטיל און טרויעריק פאַרצויגן:

„אָטשע נאַש, איזשע יעסי נאַ נעבעסאַך...״ *)

דאַווידאָוו איז געשטאַנען צווישן טשעריאַקן און גרישונינען. ער האָט זיי ביידן געהאַלטן באַ די הענט און קימאַט געוויינט פון צאַאַר. מיט שטיקעניש אין דער שטימע האָט ער געמורמלט צו זיי:

— ניין, ברידער מיינע, ניט מיט קיין טפילעס קאָן מען איצט אויסדריקן אונדזער טיפן פיין... ניין, ניט מיט גאָט בעטן קאָן מען טרייערן אף אומזיסט-געפאַלענע... ניין, עפּעס אַנדערש דאַרף געטאָן ווערן... עפּעס אַנדערש...עפּעס אַזעלכעס, וואָס...

ער איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן. עס איז קלאָר געווען, אַז עפּעס האָט אים געשטיקט. גרישונין און טשעריאַק האָבן זיך אָפּאָנים פאַרשעמט פון דאַווידאָווס רייד און איבערגעהאַקט די טפילע. אַזוי־אָ זענען זיי אַלע דריי געשטאַנען ביז די קאָמאַנדע האָט פאַרענדיקט די

*) אונדזער פאָטער, וואָס איז אין די הימלען.

טפילע. דערנאָך האָבן זיך אַלע צוריק אַוועקגעזעצט אף דער ערד און פאַר עטלעכע מינוטן ווי פאַראַקשנט געשוויגן.

מיטאַמאָל האָט זיך אין אָט דער דאָזיקער שטילקייט דערהערט אַ שעפטשענדיק-צעצויגן און אומאַנטשלאָסן געזאַנג. צום אָנהויב — בלויז אַ שטילע מעלאָדיע, פון וועלכער עס האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען אויסשיילן טרויעריקע ווערטער, וואָס אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט:

„געשטאָרבן דער אָרימער אין שפּיטאָל מיליטערישן, —
לאַנג האָט דער לייבלעכער געליטן.
אַ פינצטערע קויל פון דעם סוינע דעם טערקישן, —
האָט זיין יונג לעבן פאַרשניטן...
געוועזן איז ער ביי אונדז ווי אין מישפּאָכע —
אַזוי ווי אַ האַרבסטיק-צאַרטע בלימל,
דערצו נאָך אַ פריילעכער צו דער מאַראָכע,
זיין געלעכטער — לויטער ווי דער הימל...
זיין קייווער וועט זיין ניט אף קיין בעסוילעם;
די באַגראַבער — ווילד-פרעמדע לייט.
צו אַ זעלנערס לעוואַיע דער אייגענער אוילעם
פאַרגיסט בלויז אַ טרער פון דער וייט...
שלאָף זשע דו כאַווער, גוט-ברודער דו ליבער,
ליידן וועסטו שוין ניט מער...
געדענקען וועלן מיר דיך אין אונדזערע לידער —
פאַרגיסן אַ שטילינקע טרער...”

דאָס דאָזיקע ליד, צו וועלכן טשעריאַק האָט צוגעפּאַסט אייגענע ווערטער, האָט אף אַלעמען אויסגעגאָסן אַזאַ שווערן טרויער און אַזאַ געדריקטקייט, אַז עס טרערן האָבן זיך באַ פיל פון אונדזערע יאַטן אַ שטעל געטאָן אין די אויגן און אין די העלדזער געשטיקט. מיטאַמאָל האָט עמעצער פון קאָמאַנדע אַזוי ווי אַ כליפּע געטאָן אינדערפינצטער און זיך גענומען שטיקן מיט געוויין. דאָס ליד האָט זיך גלייך איי־בערגעריסן און איז שוין געבליבן אַזוי, ניט פאַרענדיקט. ביי אונדז האָט שוין יענעם אָוונט קיינער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט...



# קאַפּיטל דרייצן

**א** **ונדזער** אַרמיי האָט געהאַט אַ פולשטענדיקן זיג איבער די טערקן. ראָס באַלאַגערן און אַרומרינגלען פון שטעטל סאַראַקאַמיש, איז געפּלאַצט. די טערקישע אַרמייען, — אויסער יענע סאָלדאַטן, וואָס זענען געפאַלן אף די בערג, אָדער פאַרנומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, — זענען אָפּגעטראָטן אין איילעניש. אונדזערע שטאַב-אָפיצירן זענען געווען מאָלע-סימכע. זיי האָבן דורכגעפירט אַ גרויסן באַל אין שטעטל, געהוליעט און געלאַכט באַרימעריש. יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט צו דערציילן וועגן זיין כיילעק אויפטו אין די שלאַכטן, ניט דערמאנענדיק מיט קיין איינציקן וואָרט אַפילע וועגן דער גרויסער צאָל קאָרבאָנעס, וואָס די פּאָשעטע סאָלדאַטן האָבן באַצאָלט פאַרן דאָזיקן זיג. די אָפיצירן האָבן קאָמפּלימענטירט איינער דעם צווייטן און זיך געהאַלטן אין איין באַגריסן. אונדזערע-גרונט-אַרמייען, — די אינפאַנטעריע-פּאָלקן און אַרטילעריע,— זענען אַוועק פאָרויס, נאָך די אָפּטרעטנדיקע טערקן. אין שטאַב האָט מען געזאָגט:

— מען מוז אויסנוצן דעם סוינעס פּאַניק און אים נאָכיאָגן ביז צו סאַמע קאָנסטאַנטינאָפּאָל...

צוליב דעם דאָזיקן זיג, און עפּשער אויך דערפאַר, וואָס עס איז געווען ערעוו ניי-יאָר, האָט מען אונדז, שטאַב-סאָלדאַטן, אַרויסגעגעבן מאַטאָנעס—זעקלעך מיט פאַרשידענע קלייניקייטן. יעדער איינער פון דער קאָמאַנדע האָט אויך באַקומען אַזאַ מין זעקעלע, אין וועלכן עס האָט זיך געוויינטלעך געפונען צו פּעקלעך מאַכאָרקע, אַ קלעצל פּאַדים, אַ ביכעלע רויכער-פּאַפּיר, עטלעכע נאָדלען, אַ פּאָר ניס מיט עטלעכע ביליקע צוקערקעס און נאָך אַנדערע קלייניקייטן. אין אַ טייל זעקלעך האָבן זיך געפונען בריוולעך פון די צושיקער. אַלע זענען זיי געווען געשריבן מיט קינדערשע הענט און אין אַ באַאיוון טאָן. און אַלע — קימאַט אין זעלביקן נוסעך:

— זעלנערל, טייערער, דערהאַרגע דעם סוינע. קום אַהיים וועל איך דיר אַ קוש טאָן...

— שיק מיר, אָדלער, אַ מאַטאָנע פון בערלין, ווען דו וועסט אַריין אין דייטשלאַנד...

אָדער:

— איך בעט גאָט אַלע נאַכט פאַר אַלע סאָלדאַטעלעך. שרייב מיר אַ בריוו מיט דיין נאָמען, וועל איך בעטן גאָט ספּעציעל פאַר דיר...

— פאַרטיליק די „נעכריסטן”, די אומגלויביקע!... דער ליבער האַר גאָט וועט זיין מיט דיר...

— זאָל געאָרגי, דער זיגן-טרעגער, דיך באַהיטן און באַשיצן...

דאַווידאָוו האָט גענומען זיין בריוועלע אין האַנט, אָנגעוויזן די יאַטן דערויף און — צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ — געזאָגט:

— אָט אַזוי פאַרסאַמט מען די מויכעס פון אונדזערע יונגינקע קינדער!... אָט אַזוי ציט מען זיי יונגערהייט אַריין אין דער דאָזיקער בלוטיקער מילכאָמע-שפּיל!...

גרישונקין האָט בייז אַ זעץ געטאָן זיין זעקעלע אָן דער ערד און אויסגעבראָמט:

— דאָרט ווערן זיי רייך פון אונדזערע לעבנס און אונדז שיקן זיי צו גראָשנדיקע מאַטאָנעס מיט נאַרישע בראָכעס, אַז געהאַרגעט זאָל עס ווערן!...

און אין אַ ווייל שפּעטער צוגעגעבן:

— איך האָב טאָמיד פיינט געהאַט צראוואונטשונגען. איך האַלט, אַז זיי זענען פאַלש. אַנשטאָט אַליין צו פאַרקאַטשען די אַרבל און העלפן ווען נויטיק, שיקט מען אָפּ צו גאָט, ער זאָל העלפן און...

דאַווידאָוו האָט אַ שמייכל געטאָן:

— דאָס איז ריכטיק, ברודער... אַ בראָכע: „גאָט זאָל העלפן” — קאָסט ביליקער און איז לייכטער ווי אַליין העלפן...

די קאָמאַנדע האָט זיך געקליבן דורכפירן אַ שטיקל הוליאַנקע לעקאָוועד ניי-יאָר, אָבער דאָס איז צו נישט געוואָרן. איינמיטן סאַמע צוגרייטן דערצו, איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון שטאַב, אַז מיר זאָלן זיך שוין פאַרנעמען אין וועג אַריין.

פאַרדראָסיקע און אויפגערעגטע האָבן מיר זיך פאַרנומען און — צעוויי טיקטע — זיך געלאָזט אין וועג. דער גאַנג איז דאָסמאָל באַזונדער שווער געפאַלן אָף אונדז. די מאַסע פון אָנגעהאַנגענעם געוועהר און פריש-אָנגעפּאַקטע אַמוניציע-זעק, האָט מאַמעש צו דער ערד געבויגן און געמאַכט די טריט שווער און האַמעטנע. מער פון אַלעם האָבן

געמוטשעט די טעסאַקעס און לאָפּעטקעס, וואָס האָבן זיך געבאָמבלט ביי אונדז אף די פּאַסקעס און געהאַקט אין די פיס אַריין, ווי זיי וואָלטן בעקיוון געגעבן געוואָרן, קעדיי אונדז אונטערצוזיאָגן...

די אַרמיי איז געלאָפן פאָרויס. מיר, די קאָמאַנדע, האָבן זיך אָפּגעשטעלט ערגעץ אין אַ קליין פאַרלאָזן דערפל, וואָס האָט זיך גע־וואַלגערט אפן סאַמע שפּיץ פון אַ גאָר הויכן באַרג. דאָרט האָט מען אונדז געגעבן אַ גרויסע ליידיקע שטאַל, וואָס האָט געשמעקט מיט פערד און פערד־מיסט. מיר האָבן צונויפגעשלעפּט פון די אַרומיקע פעלדער שטרוי מיט היי און אויסגעבעט פאַר זיך געלעגערס אַרום די ווענט. די זעק האָבן מיר אויפגעהאנגען צוקאָפּנס, יעדער באַ זיין שלאָף־פּלאַץ; די ביקסן האָבן מיר צעשטעלט אין טורעמלעך, אַרום וועלכע עס האָבן געהאַלטן וואַכטע אַ דעזשורנע מיט צוויי דניעוואַלנעס.

מען האָט אונדז אַרויסגעשיקט אף אַרבעט: צעלייגן רעלסן פאַר אַ קליינער, צייטווייליקער פערד־באַן, וואָס זאָל פירן פּאַרוואונדעטע פון פראָנט צו דער באַן, אף צעפירן זיי אין די שטעט און, איבערהויפּט,— צוליב אַ בעסערן צושטעל פון פּראָוויאַנט און אַמוניציע צום פראָנט.

געאַרבעט האָבן מיר אונטערן אויפזיכט פון אַ סאַפּיאָרן־קאָמאַנדע. זיי האָבן געלייגט די שפּאַלעס מיט די רעלסן, און מיר האָבן בלויז געדאַרפט צו האַנט דערלאַנגען: שלעפּן די שפּאַלעס און רעלסן, גראָבן און האַקן די ערד, פירן טאַטשקעס מיט שטיינדלעך אף אונטערצושיטן און אויסצוגלייכן די נידעריקערע טיילן און גריבער. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און אויסמוטשענדיקע. מיר זענען אָבער געווען זייער צופרידן דערפון. קלאָר, אַז ווי שווער אָט די אַרבעט זאָל ניט האָבן געווען, איז עס אַלץ ניט געווען צו פאַרגלייכן צו דער אַרבעט פון שלעפּן טויסנע און צעקאַליעטשעטע קערפּערס אף די בערג, הינטער דער פּאָזיציע און אָפּט—אונטערן האָגל פון קוילן און שראַפּנעלן. דערצו נאָך האָבן מיר טאַקע דאָ באַקומען אָפּצועסן רעגלמעסיקער און אָפטער, ווי דאָרט, אף דער פּאָזיציע.

טעג האָבן זיך געצויגן קאַלטע, לאַנגע און מאָנאָטאָן־שווערע. די אָוונטן — מאָרע־שכוירעדיקע — זענען, ווי געווײנטלעך, געוואָרן דורכגעטריבן מיט קאָרטן־שפּיל, אָדער מיט דערציילן מאַיסעס. אין די פרייע מינוטן האָט מען גערעדט, אָדער געבענקט, אָדער געכאָלעמט ווען שאָלעם.

זינט מיר זענען אַרויס אפן פראָנט, האָבן מיר דאָ, אין שטאַל, צום ערשטן מאָל באַקומען בריוו. עס זענען אָנגעקומען אַ מאַסע פּעק מיט בריוו, וואָס האָבן זיך פאַר כאַדאָשים לאַנג געוואַלגערט אין וועג. קימאַט יעדער אייבציקער פון קאָמאַנדע האָט באַקומען צו עטלעכע

בריוו מיטאַמאָל. דאָס האָט אַביסל אויפגעהייטערט און דערמונטערט. יאָטן זעבען געזעסן אף די געלעגערס, צו צענדליק און מער מאָל געלייענט די בריוו באַ דער שיין פון אַ לעכטל און זיך דערביי פאַר־טראַכט וועגן די ווייטע היימען און באַקאַנטע מענטשן...

בעאייס לייענען די בריוו איז ביי אונדז אין שטאַל שטיל געווען. מען האָט געקאָנט הערן דאָס אָטעמען פון אייגענעם האַרץ. קיינער האָט קיינעם ניט געשטערט. מיטאַמאָל, איבמיטן דער שטילקייט, איז אין אַ ווינקל אויסגעבראָכן אַ יעלאָלע. אַלע האָבן זיך מיט שרעק אומגעקוקט און דערזען, ווי טערמאַקאָוו, דער פויער, האָט — זיצנדיק באַ זיך אפן געלעגער — געבראָכן די הענט, געריסן די האָר אין פאַרצווייפלונג און דאָס באַגלייט מיט אַ פיינלעכן געוואָי. זיין שטימע — ווי דער אָטעם וואָלט אים פאַרכאַפט — האָט געציטערט. ער האָט זיך געוואָרפן אפן געלעגער און — אַ כליפּענדיקער — זיך געבורעט מיטן פּאָנים איבעם שטרוי. מיר האָבן פּרובירט רעדן צו אים, אָבער ער האָט ניט געענט־פערט. קלאָר איז געווען, אַז דאָס האָט ער אַוואַדע באַקומען אַ שלעכטע ידיעה פונדערהיים. גרישונקין האָט דאַן אַרויסגענומען פון טערמאַקאָווס לוידער האַנט דעם בריוו, איבערגעלייענט און אויסגעפונען, אַז זיין, טערמאַקאָווס, ברודער איז געהאַרגעט געוואָרן ערגעץ אפן עראָפּעאישן פראָנט און אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבן פון טיפוס. די ווייב, טער־מאַקאָווס, האָט געשריבן, אַז זי אַליין איז קראַנק און אויסגעצערט; אַז די טוואוע פון לעצטן יאָר איז ניט אַרונטערגענומען געוואָרן פונעם פיצל פעלד און אַז איצט איז אַפילע ניטאָ ווער עס זאָל עס אין צייט באַאַרבעטן פאַרן קומענדיקן גערעטעניש. עס וועט איר דעריבער, האָט זי צוגעגעבן, אויסקומען צו שטאַרבן פון הונגער, צוזאַמען מיט אירע צוויי קינדער און מיט זיין אַלטער, קראַנקער מאַמען...

מיר האָבן זיך געפונען אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע. טרייסטן טערמאַקאָוון — האָבן מיר ניט געהאַט מיט וואָס. באַרואיקן אים — איז אויך געווען אומזיסט. ער איז געלעגן איינגעגראָבן מיטן פּאָנים איבעם שטרוי, געבורעט דעם קאָפּ און געדעוועט מיט אַ פיינלעך געוואָי:

— אָ, גאָט מייבער, גאָט מיינער! ווער וועט איצטער שפּייזן מיין מאַמען, מיינע קינדער, מיין ווייב?...אָ־אָ־אָ, גאָט מיינער, אָ־אָ־אָ...

מיר האָבן זיך אָפּגעקערט פון אים און — דערשלאָגענע — זיך צודיקגעזעצט לייענען אונדזערע בריוו. יעדער האָט זיך ווידער פאַר־טיפט אין זיין אייגענעם וועלטל און עס האָט אויסגעזען, אַז קיינער טראַכט שוין מער ניט וועגן דעם צווייטן. ס'איז ווידער שטיל געוואָרן. איין דראַבולקין, אָבער, וועלכער האָט דערהאַלטן בלויז צוויי בריוו און

זיך געמוטשעט זילבע נאָך זילבע זיי איבערצולייענען — האָט גאָר גענומען לייענען מיט אַ ניגן פון עפּעס אַ מיליטערישער טפילע און ציישנווייז איבערגעריסן דאָס לייענען מיט אַ הילכיקער קלאָלע:

— אָט אַ סטערווע, אין איר מאַמעס נעשאָמע אַריין!...אָט אַזאַ מין פאַרשיווע צויג!... זיך פאַרבונדן מיט אַן עסטרייכישן געפאַנגענעם, אַ כאָלערע אין איר קורווישן בויך אַריין!...

ווי פיינלעך דאָס איז ניט אויסגעקומען פאַר אונדז צו הערן, — האָבן מיר זיך דאָך פאַנאַנדערגעלאַכט פון זיינע קלאָלעס. גרישונין האָט שפּאַסיק און מיט אַ קיבעץ אים גענומען אויסרעדן:

— כ'מיין, צווישן אונדז גערעדט, קאָנסטו דאָך ניט פאַרלאַנגען פון אַ יונגער ווייבל, אַז זי זאָל די גאַנצע צייט וואָס דו ביסט אַוועק פון איר און געפינסט זיך דאָ, אפן פראָנט, זיך אָפּזאָגן פונעם לעבן, נאָר אויסגיין אין ליידן...דיר איז עפּעס גוט צו לעבן אַזוי?...

טשעריאַק האָט אויך צושטייער געגעבן דאָס זייניקע. מיט אַ מין קאָלטן לונג און לעבער, ווי זיין שטייגער, האָט ער — מיקלוימערשט באַאיור, אָבער גענוג סאַרקאַסטיש — אַ פרעג געטאָן דראַבולקינען:

— דער איקער, דראַבולע, זאָג אונדז, צו זי איז טאַקע ווערט, אַז דו זאָלסט זיך אַזוי אַרויסקברענגען פאַר איר... איך מיין: האָט ער זיך כאָטש ניט געבאַרט דאָרט, דער עסטרייכער?...זאָג דעם עמעס: עפּעס אַ לייטישע באַבע האָסטו אים דאָרט איבערגעלאָזט?...

דראַבולקין האָט זיך געמאַכט ווי ער וואָלט מיקלוימערשט גאָרניט געהערט וואָס מען האָט גערעדט צו אים און געשוויגן. טשעריאַק האָט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג צו אונדז און אָנגעגאַנגען:

— וואָס דאַרפסטו קלאָגן און וויינען, דו שויטע איינער?!... איך מיין — פאַרקערט: דאַרפסט גאָר זיין צופרידן. וועסט האָבן ווער עס זאָל דאָרט דערווייל באַאַרבעטן דאָס שטיקל פעלד דיינס, ניט ווי באַטערמאַקאָרון, און... אַז וועסט אַהיימקומען, וועסטו שוין אָן שום קאָפּ־דרייעניש געפינען אַ פאַרטיקע גערעטעניש אין ביידע וועגן...

דראַבולקין איז אויפגעשפרונגען און אַן אויפגערעגטער זיך אַ וואָרף געטאָן אַנטקעגן טשעריאַקן:

— פאַרמאַך דעם פיסק, דו הינטישער זון, וואָס דו ביסט! — האָט ער געשריגן, דראָענדיק מיט אַ פויסט גלייך אף זיין פּאָנים. — איך וואָלט דיר איצט, ביי גאָט, געדאַרפט אַזאַ פאַרפאָר טאָן אין אָט דער פאַרשיווער צורע דיינער, אַז דו זאָלסט מיך האָבן צו געדענקען, דו הינטישע נאַפקע, וואָס דו ביסט!...

ער האָט זיך אָפּגעקערט פון טשעריאַקן, גענומען קנאַקן מיט דער

פויסט אין זיין אייגענער ברוסט אַריין און פּאַטעטיש געשריגן:

— אָבער נישקאָשע, איך וועל זיך דאָס אָפּנעמען!... ביי גאָט, אַז מיט פּראָצענט וועל איך זיך דאָס אָפּנעמען!...

יאַטן האָבן געקוקט אויף אים און זיך געשטיקט פון געלעכטער... דראַבולקין האָט זיך געמאַכט האַרץ, אָבער מען האָט געקאָנט באַמערקן גרויסע טרערן ביי אים אין די אויגן. ער האָט אַלץ געשריגן:

— זאָל איך קראַפּירן ווי אַ הונט, אויב איך האַלט ניט וואָרט!... דערטאַפּ איך ערגעץ אַ טערקישע באַבע, וועל איך טאָן דאָס זעלבע וואָס דער עסטרייכער!... נישקאָשע, איך וועל איר דאָס ניט שענקען!...

ער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיין פּאָנים אַן אָנשטעל פון רואיקייט און גלייכגילטיקייט, אָבער דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אַ ווייל שפּעטער איז ער שוין ווידער געלעגן אויף זיין געלעגער, געלייענט דעם בריוו און זיך ווידער פאַרגאַנגען מיט קלאָלעס...

*****

**אינדערפרי**, איידער מיר זענען אַרויס צו דער אַרבעט, האָט אַ סאָלדאַט פונעם קאָמענדאַנטס קאַנצעלאַריע אין איילעניש אַריינגערוקט זיין קאָפּ צו אונדז דורך דער שטאַל-טיר און פונקט אַזוי גיך אַ וואָרף צו געטאָן:

— דער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן אויסצורייניקן די שטאַל דאָ און זיך אַרומפּוצן. גענעראַל פּזשעוואַלסקי, דער ביירער קאָמאַנדיר פון דער קאַווקאַזער אַרמיי, קומט היינט אַהער צום באַטראַכטן דעם ביי-אויסגעהאַקטן וועג און פאַר איין וועג — באַקוקן די סאָלדאַטן!...

מיר האָבן זיך גלייך אַ נעם געטאָן צום „אויסרייניקן" די שטאַל. דערנאָך האָבן מיר געריבן די ביקסן, געפּוצט די טעסאַקעס, געשייערט די מעשענע קנעפּ און די פּאַסיק-שנאָלן, אָבער בעשום-אופן אַפילע ניט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי נאַטשאַלסטווע קאָן גאָר איינפאַלן אַזאַ נאַרישקייט אין קאָפּ אַריין, צו באַפעלן אַזוי זיך אויסצופּוצן קימאַט אונטער דער סאַמע נאָז פונעם סוינע.

צוליב דער דערוואַרטונג אויפן גענעראַלס אָנקומען, איז אונדזער שטימונג דעם גאַנצן טאָג געווען אַ געדריקטע און אַן אומגעדולדיקע. מיר האָבן עס שוין געוואָלט וואָס גיכער איבערקומען. סאָלדאַטן, וואָס זענען געקומען פונעם הינטערלאַנד, האָבן דערציילט, אַז אומעטום, אין יעדן פּלאַץ, וואו דער גענעראַל האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אויף אַ באַזוך, האָט ער זיך געטשעפּעט צו דער קלענסטער אומפּינקטלעכקייט

און געזידלט די סאָלדאַטן מיט די געמיינסטע זידל־ווערטער.

די דאָזיקע בייעס האָט אונדז געשראָקן און נערווירט. דעם גאַנצן טאָג זענען מיר געשטאַנען — אויסגעסטראָיעטע — אין פאָרנט פון דער שטאַל און, מיט קלאַפּנדיקע הערצער, געוואַרט אַפן קאָמאַנדירס קומען. דער טאָג איז פאַרביי, דער אָוונט איז צוגעפאַלן, אָבער דער גענעראַל איז אַלץ ניט געקומען. דער קאָמענדאַנט פונעם דאָרף איז געווען זיכער, אַז דער גענעראַל וועט שוין אַוודאי דעם טאָג ניט קומען און ער האָט אונדז דעריבער פאַנאַנדערגעלאָזט.

מיר זענען צוריק אַריינגעגאַנגען אין אונדזער שטאַל, זיך אויס־געטאָן און זיך אַוועקגעלייגט רוען. ערשט שפּעט אין אָוונט, נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגעטרונקען טיי און פיל יאָטן האָבן זיך שוין געלייגט אף די געלעגערס און אַפילע געדרימלט, איז גאָר דער קאָמענדאַנט, מיט אַ לאַמטערן אין האַנט, מיטאַמאָל האַסטיק אַריינגע־לאָפן צו אונדז און — סאָפּענדיק — אַ שריי אויס געטאָן:

— קאָ־מאַנ־דע, — שטעלט זיך אויס!...

מיר זענען גיך אויפגעשפרונגען און — אף וויפל דאָס איז נאָר מעגלעך געווען אין איין מאָמענט — פאַרקנעפּלט אף זיך די געכאַפּטע שינעלן, זיך אַ שטעל געטאָן אין אַ לאַנגער ריי איבער דער לענג פון דער שטאַל און — אָנגעצויגענע — געוואַרט.

עס האָבן זיך דערהערט טריט. דער קאָמענדאַנט האָט ווידער אפן קאָל אַ וואָרף צו געטאָן אַ באַפעל:

— קאָ־מאַנ־דע, — אַכ־טונג!...

אין טיר איז אַריין דער גענעראַל מיט נאָך עפּעס אַן אָפיציר. דאָס פּאָנים, דעם גענעראַלס, האָט זיך — איבער דער פינצטערניש — ניט געקאָנט זען. בלויז זיין גאַנץ קליינע, איינגעבויגענע פיגור, האָט זיך — צוליבן אומרואיקן וואַקלען פון דער לאַמטערנע אין דעם קאָמענדאַנטס האַנט — הויקערדיק געשאָטנט אף די גרויע שטאַל־ווענט און ציטערדיק געטאַנצט אף דעם געבויגענעם באַלקן. אַ פּיינלעכע דערוואַרטונג האָט אַלעמען געפרעסן. מיר אַלע זענען געשטאַנען מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס און אויסגעגלאָצטע אויגן.

דער גענעראַל האָט געסאָפּעט ווי אַ מיד פערד, געצויגן מיט דער נאָז ווי אַ יעגערישער שפּיר־הונט און מיט גרינגשעצונג צוגעוואָרפן:

— געגריסט, כאַזיירים!...

ווי אַ באָמבע וואָלט פּלוצלונג און אומגעריכט אויפגעריסן אין דער שטאַל, אַזוי האָט עס אונדז צעטומלט פון גענעראַלס גראָבע און אומדערוואַרטעטע „באַגריסונג”. מיר האָבן מאַמעש ניט געוואוסט וואָס צו

טאָן. איבער דער גאַנצער צייט פון מיליטער־דינסט איז אונדז אָפּט אויסגעקומען צו הערן פאַרשידענע באַליידיקונגען פון אָפיצירן און אונטעראָפיצירן, וואָס האָט אונדז ביז איבעראַשט. אָבער אַזוי מיעס באַליידיקט צו ווערן פון אַזאַ הויכן אָפיציר, פון אַ הויפּט־קאָמאַנדיר — האָבן מיר זיך ניט גערינכט. עס האָט זיך פּאָשעט ניט געוואָלט גלויבן, אַז מען האָט עס ריכטיק געהערט. מיר זענען געווען צע־ווייטיקט און דערשלאָגן. די צונגען — ווי זיי וואָלטן מיטאַמאָל ביי אונדז אָפּגענומען געוואָרן — האָבן זיך ניט געקאָנט באַוועגן אף צו אָפּענטפערן דעם געוויינטלעכן ענטפער. אין די געדאַנקען האָט זיך גאָר געריסן אַ פּאַרלאַנג, אים אָפּצוענטפערן לויט זיין באַגריסונג... סטעפּאַקין, האָט זיך געמערקט, איז געשטאַנען אַ ציטערנדיקער. די הענט זיינע האָבן זיך ביי אים עפּעס אַזוי פאַרלוירן נאָכגעבאָמבלט און די ליפּן האָבן מאָדנע געצוקט. דער קאָמענדאַנט, וועלכער איז גע־שטאַנען הינטערן גענעראַלס פּלייצעס און איז, אַפּאָנים, אויך געווען איבעראַשט פון גענעראַלס מאָדנע באַגריסונג, — האָט געוואונקען צו אונדז מיט די אויגן, געשאָקלט מיט אַ האַנט און, מאַשמאָעס, אָנגעוויזן, אַז מיר זאָלן ענטפערן ווי געהעריק. דאָס אַלץ האָט געדויערט בלויז אַ רעגע און עפּשער נאָך ווייניקער. די קאָמאַנדע, האָט זיך געפילט, האָט זיך אָנגעשטרענגט און — געהאַקט, אָבער דערפאַר אָן שום כיישיק און אָן פייער — אָפּגעענטפערט ווי עס האָט זיך געפאָדערט:

— „זדראַ־זשלאַי, וואַש, סאָק, פריסט־וואָ!...”

דער גענעראַל איז פאַרביי די אויסגעשטעלטע ריי מיט זיין אויס־געקרומטן קאָפּ אף די געהויקערטע אַקסלען. דערביי האָט ער געשטאָכן מיט זיינע שפּיציקע אויגן יעדן אין פּאָנים אַריין און געצוקט מיט זיינע גערונצלטע בלויע ליפּן. עפּעס האָט ער איצט, מיט זיין גאַנצן אויסזען, דערמאָנט אין אַן אַלטן ענגלישן מאָפּס אין אַ הייסן טאָג. שפּעטער, אַז ער האָט שוין אונדז אַלעמען געהאַט דורכגעפּרעסן מיט זיינע קליינע, שפּיציק־שאַרפע אויגן, האָט ער אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט און איז שווייגנדיק אַרויסגעגאַנגען.

מיר האָבן פריי אָפּגעאָטעמט און געקוקט איינער אפן צווייטן מיט כאַרפּע און ווייטיק. מיר האָבן זיך געפילט אַזוי דערנידעריקט און געפאַלן, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן נאָך־וואָס באַגאַנגען עפּעס אַ גרויסע נאַרישקייט. קיינער פון אונדז האָט פאַר אַ צייט ניט געקאָנט געפינען קיין וואָרט אף אויסצודריקן די צעווייטיקטע געפילן זיינע. גרישונין איז אַרומגעלאָפן איבער דער שטאַל מיט אויפגעבלאָזענע ליפּן. ער האָט געקוקט צו סטעפּאַקינען און צו דאַווידאָוון, ווי ער וואָלט פון זיי

דערוואַרט אַן ענטפער אף זיין ווייטיק. מיטאַמאָל האָט ער גענומען זיך קלאַפּן מיט די פויסטן איבער דער ברוסט און אויסגערעוועט:

— אַ מיעסע פּעגירע איז זיין צעפוילטן האַרצן אַריין!... נו, און אָט פאַר אַזעלכע הינט הייסט מען דאָס אונדז אַוועקלייגן די קעפּ מיט די לעבנס אונדזערע?...אַז פּלאַצן זאָלן זיי!...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. קיינער האָט ניט געענטפערט. בלויז איין טערמאַקאָוו — נאָך פריש אונטערן צעפייניקטן איינדרוק פון די שלעכטע נייעס פון דער היים — איז געזעסן ווי עפּעס אַ צעדולטער אף זיין געלעגער און געברומט:

— גענעראַלן, פּאָלקאָווניקעס, — פּיאַוקעס, טפוי...

טשעריאַק — אַפּאָניב אינספּירירט פון אָט דער באַמערקונג — האָט ווי פאַר זיך מיטאַמאָל גענומען אונטערזינגען:

„גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס, לעבן זיך אַ גוטן טאָג, —
אָבער אונדזערע יאַטן, אָרימע סאָלדאַטן,
טיילן זיי איין אַ לעבן פון פּלאָג...

דער דאָזיקער פערז, ווייל טשעריאַק האָט אים געזונגען מיט אַזאַ טיפן, איבערצייגנדיקן צאַאַר, האָט גלייך צעוואַרעמט די קאָמאַנדע און קימאַט אַלע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין געזאַנג. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ניט קיין ליד איז עס, נאָר גאָר אַן אויסגעשריי פון פאַרדראָס און אויפּרודערונג. יעדער ווייטערדיקער פערז איז פאַרגעזעצט געוואָרן אַלץ שטאַרקער און מיט מער אויסגעשפּראָכענעם צאָרן:

„גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס, באַקומען קאָוועד און רעכט,—
אָבער אונדזערע יאַטן, אָרימע סאָלדאַטן,
באַהאַנדלען זיי ערגער פון שלעכט...

„גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס, פּרעסן די טייערסטע שפּייז,—
אָבער אונדזערע יאַטן, אָרימע סאָלדאַטן,
ווערן צעפרעסן פון לייז...

„גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס, באַקומען פון אַלדאָס גוטס,—
אָבער אונדזערע יאַטן, אָרימע סאָלדאַטן,
לאָזט מען זיך וואַלגערן אין שמוץ...

„גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס, מיט שיינע פרויען זיך קוויקן,—
אָבער אונדזערע יאַטן, אָרימע סאָלדאַטן,
דאַרפן זיך צעפייניקטע שטיקן...

„גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס, זויפן בראַנפן און וויין, —
אָבער אונדזערע יאַטן, אָרימע סאָלדאַטן,
שעלטן זיי אין דער מאַמען אַריין...

דאָס ליד האָט זיך פאַרענדיקט און אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן. די געדריקטקייט האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן. מיטאַמאָל האָט דראַבאָלקין, — אַקוראַט ווי ער וואָלט געזוכט אַן ענטפער, — אַ קוק געטאָן מיט אַ ראַכמאָנעס-פּאָנים אף דאַווידאָוון און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס פאַרשוויגט מען דאָס?... מען דאַרף דאָס דערלייגן אין שטאַב און... מען מוז זיך קלאָגן אף אים און...

דאַווידאָוו האָט זיך אומגעדולדיק אַ דריי אויס געטאָן צו אים, געצוקט מיט די ליפּן און מיט ביטערן כויזעק אַ ברום געטאָן:

— עך, צום טייוול! ווען וועלן שוין די דאָזיקע מענטשן אַמאָל אָנהויבן פאַרשטיין, אַז אפן טייוול קאָן מען זיך ניט קלאָגן?... ווען וועלן זיי שוין אַמאָל צום סייכל קומען?...

און צו דראַבאָלקינען האָט ער מיט ווייכקייט צוגעוואָרפן:

— און צו וועמען, אַ שטייגער, דו נאַר איינער, וועסטו זיך דאָס קלאָגן?... שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס ער איז דער סאַמע גרעסטער, איז דען ווער פון זיי בעסער פון אים?... און ווער פון זיי וועט דען אונדז גערעכט געבן, אָדער אַפילע גלויבן?... אָט, זעסטו, ווען מיר אַליין וואָלטן געווען מענטשן...

דראַבאָלקין האָט זיך ווי פאַרשעמט צוריקגעלייגט אפן געלעגער און געשוויגן. גרישונין, אָבער, וואָס האָט זיך געהאַט צוגעזעצט אף עפּעס אַ ליידיקן סנאַריאַדן-קעסטל, לעבן דער צוגעמאַכטער טיר, און — בעאייסן זינגען — צעווייטיקט געקוקט צום פינצטערן באַלקן, האָט — באַם דערהערן דאַווידאָווס לעצטע באַמערקונג — זיך מיטאַמאָל אַ דריי אויס געטאָן און מיט פייער אויסגעשריגן:

— און איצט, צו אַלדע טייוול, וואָס זענען מיר, האַ?...

ער האָט געביסן זיינע פויסטן מיט קאַאַס און שווער געסאָפּעט. מיטאַמאָל האָט ער זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן פון זיין פּלאַץ, איז צוגעגאַנגען צו דאַווידאָוון, טיף אים אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין און קימאַט מיט טרערן אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, דאַווידושקע, וואָס אַ טאָג ווייטער, אַלץ מער זע איך, אַז דו ביסט גערעכט... ביי גאָט! עס איז דאָך אַזוי ריכטיק וואָס דו האָסט געזאָגט: אינדערהיים — האָרעווע און שאַף רייכטימער פאַר זיי. דאָ — לייג אָן מיטן קאָפּ און שאַף פאַר זיי ראַנגען און אויסצייכענונגען... און זיי... זיי שפּייען אף אונדז און צאַפּן אונדזער בלוט... יאָ, ביסט טאַקע גערעכט: ווען מיר זאָלן זיין מענטשן!... און בעעמעס: וויפל זענען מיר און וויפל — זיי?... אַז דער טייוול זאָל עס בעמען!...

*****

**אין דאָרף** ביי אונדז, האָט זיך צווישן די סאָלדאַטן מיטאַמאָל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט מען ביישן אונדזער אַרמיי. געזאָגט האָט מען, אַז מיר, די באַרימטע טורקעסטאַנער שיסער־בריגאַדעס, וועלן אַריבערגעשיקט ווערן אפן עראָפּעאישן פראָנט און אַז אף אונדזער פּלאַץ וועלן אַהערקומען אַנדערע, פּאָשעטע איינפאַנטעריע־פּאָלקן.

דאָס ראָוו פון קאָמאַנדע איז געווען געקרענקט פון דער דאָזיקער ידיעה. געוואוסט האָט מען, אַז דאָרט, אפן עראָפּעאישן פראָנט, איז גאַנץ אַנדערש ווי דאָ; אַז דאָרט גייט עס ניט צו אַזוי לייכט ווי ביי אונדז. געהערט האָט מען, אַז דאָרט גייען אָן אַזעלכע שלאַכטן, פון וועלכע עס איז זעלטן מעגלעך אַרויסצוקומען אַ לעבעדיקער, אָדער לעכאָל־האַפּאָכעס מיט גאַנצע איינוועריים. ניט געקוקט, אָבער, דערויף, האָבן זיך פונדעסטוועגן ביי אונדז אין קאָמאַנדע געפונען אויך אַזעלכע, וואָס זענען פון דער דאָזיקער מעגלעכקייט יאָ צופרידן געווען, און געהאָפט, עס זאָל זיין עמעס און אַז מען זאָל טאַקע וואָס גיכער אַריבערפאָרן. דאָס זענען געווען די פּאָליאַקן פון קאָמאַנדע און די עטלעכע פּוילישע אידן. זיי האָבן מאַמעש געטאַנצט פון סימכע, ווען מען האָט גערעדט וועגן דער דאָזיקער מעגלעכקייט.

ראָזנקראַנץ — אַ לאָדזשער איד, איז פּאָשעט אַן אַנדערער מענטש געוואָרן. ער — געוויינטלעך אַ שווייגנדיקער און צוריקגעהאַלטענער, וועמען מען האָט זעלטן געהערט אַ וואָרט אויסרעדן, פּאָשעט דערפאַר, וואָס ער האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט רעדן קיין רוסיש — דער דאָזיקער ראָזנקראַנץ, איז מיט פרייד צוגעלאָפן צו דוקלען און האָפּנונגספול זיך אַזש פריילעך צעזונגען:

— הערסטו, טאַטעלע, אַזוי שנעל ווי מיר קומען נאָר אָן קיין פּוילן, אַזוי גאַנווע איך זיך אַריבער נאָך לאָדזש, שלייך זיך אַריין אַהיים צו מיין פרוי און... יאָ, עס מעג מיך אַפילע קאָסטן אַכצן און דרייצן, נעם איך זיך אָפּ פאַר דער גאַנצער צייט...

באַלטעק און דוקעל, ווידער, האָבן בלויז געוואָלט וויסן, צי מען וועט פאַרבייגיין לובלינער גובערניע. ווייל ווי אַ זאַך מאַכט זיך, — האָבן זיי געזאָגט, — איז גלייכער צו זיין אינדערהיים...

זשעלינסקי, דער פּאָליאַק, האָט עס גאָר געמאַכט טראַגיש. מיט אַ מין דעקלאַמאַטאָרישקייט האָט ער גערעדט צו זיינע לאַנדסלייט:

— אויב שוין יאָ געהאַרגעט ווערן, — טאָ זאָל עס כאָטש זיין

אף אייגענער, אף פוילישער ערד... און ניט באַ די טערקן, אָדער גאָר באַ די מאָסקאַלן, אין זייערע פאַרפלוכטע לענדער...

די פרייד זייערע איז אָבער געווען אַן אומזיסטיקע. פון די אַלע קלאַנגען וועגן בייטן,— איז גאָרניט געוואָרן. מיר זענען געבליבן אין דער אייגענער שטאָל, כאָטש דער אייזנבאַן-וועג איז שוין לאַנג פאַרטיק געווען. מיר האָבן איצט אָבער באַקומען אַן אַנדערע אַרבעט: באַדינען די פאַרוואונדעטע, וועלכע זענען — אויסגעמאַרעטע און אָפגעשוואַכטע — מאַסנווייז געבראַכט געוואָרן אף סאַניטאַר-וועגעלעך און פערד-טראַגעס, פון דער פּאָזיציע. יענע, וואָס האָבן נאָך געקאָנט אַליין עסן, האָבן מיר צוגעטראָגן צו גלעזער טיי מיט שטיקלעך סוכאַרעס. די אַנדערע, אָבער,— יענע, וואָס האָבן שוין ניט געקאָנט קייען אַפילו,— האָבן מיר אין זייערע מיילער אַריינגעקוועטשט צו פיצלעך צעווייקטע סוכאַרעס און צו טראָפּנס מילך. נאָכן אָנשפּייזן די פאַרוואונדעטע, האָבן מיר זיי ערשט אויפגעלאָדן אף די קלייניקע וואַגאָנעטקעלעך פון דער פערד-באַן און זיי אַרונטערגעפירט פונעם באַרג, אין זייער ווייטערדיקער רייזע צו אַ שפּיטאָל.

די דאָזיקע אַרבעט איז, עמעס, געווען ניט קיין שווערע, אָבער דערפאַר ביז גאָר אַ ריזיקאַלישע. דאָס אַרונטערפירן אַ וואַגאָנעטקע פונעם באַרג איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַר, סיי פאַר די קראַנקע און סיי פאַר זיך אַליין. באַשטאַנען איז די געפאַר איבערהויפּט אין דעם, וואָס בעאייסן אַרונטערפירן די וואַגאָנדלעך, זענען די פערד אויסגעשפּאַנט געוואָרן און זיי, די וואַגאָנדלעך, זענען אַרונטערגעלאָפן מיטן אייגענעם אימפּעט דורך די געדרייטע זיגזאַג-וועגן אינעם באַרג-אַרונטער. באַ יעדן שאַרפן קער האָבן זיי זיך לייכט געקאָנט איבערקערן, אַרונטערפליען, ביי אַן אָפּריס, פון דער ריזיקער הויך און... מיר האָבן דעריבער געמוזט מיט אָנגעצויגענע נערוון און מיט אייזערנע הענט פאַרזיכטיק קאָנטראָלירן די פאַרהאַמעווער, קעדיי ווי ניט איז איינצוהאַלטן דעם אימפּעטדיקן געלויף פון די וואַגאָנעטקעס. מען האָט געמוזט מאַנעווורירן געשיקט און פּינקטלעך, און ניט צופיל איינהאַמעווען, ווייל עס איז געווען אַ געפאַר, אַז דאָס איינגעהאַלטענע וואַגאָנדל זאָל זיך אינגאַנצן אָפּשטעלן אף אַ ביט-איבעריק-שיפּן קער, וואָס באַ די שאַרפע פאַרקירוואונגען. אויב דאָס וואָלט געשען, וואָלטן דאַן די אַנדערע וואַגאָנדלעך — אין זייער האַסטיקן געלויף הינטער דעם — גלייך אָנגעיאָגט, וואָלטן זיך מיט דער גאַנצער אימפּעטדיקער קראַפט אַריינגעשניטן אינעם ערשטן און... עס וואָלט אַוואַדע געווען אַ קאַטאַסטראָפע מיט מענטשלעכע קאָרבאָנעס...

די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך סיי ווי סיי אינגיכן פאַרענדיקט. די שלאַכטן אַפן פראָנט האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ שטיקל צייט און קיין פאַרוואונדעטע זענען ניט געווען. מיטן פירן פראָוויאַנט אַרויפצו אַפן באַרג אַרויף, האָבן זיך פאַרנומען די אַבאַז־לייט פון טאָל. מיר האָבן זיך דעריבער אַרומגעדרייט קימאַט אָן שום אַרבעט.

ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן אַ גיכן שאָלעם. מיר אָבער האָבן זיך שוין באַצויגן סקעפּטיש צו די דאָזיקע אַלע סאָרטן קלאַנגען. בלויז איין סטעפּאַקין האָט געהאַלטן דערפון:

— פאַרוואָס זאָל מען עס ניט גלויבן? — האָט ער איינגעטייטשט מיט די יאַטן פון קאָמאַנדע,— דייטשלאַנד איז דאָך שוין צעקלאַפּט. די טערקן — אַוואַדע. היינט־מאָרגן וועלן זיי זיכער זיך בעטן ביי אונדז פאַר אַ שאָלעם און... איר וועט זען...

דאַווידאָוו האָט מיט שניידנדיקן סאַרקאַזם אים אויסגעלאַכט:

— הערסטו, סטעפּאַקין, וואָלסט, כ׳לעבן, גאָר געמעגט באַקומען אַ מעדאַל פון גענעראַל־שטאַב פאַר דיין געניאַלקייט!...

און צו דער קאָמאַנדע האָט ער שוין אָן געלעכטער צוגעגעבן:

— איך זאָג אייך, ברידער מיינע, אַז די מילכאָמע וועט זיך ניט ענדיקן פריער, ווי מיר אַליין וועלן אָנהויבן אַ מילכאָמע קעגן די, וואָס האָבן די מילכאָמע אָנגעהויבן. דאָס איז גילטיק היינט — פונקט ווי נעכטן און ווי מאָרגן, אַזוי לאַנג ווי עס וועלן זיין מילכאָמעס...

אַ גרופּע יאַטן האָבן צוגעשטימט צו דאַווידאָווס רייד. אַנדערע זענען אָבער פּאָשעט ווי אָנגעצונדן געוואָרן דערפון. עס האָט זיך פאַרפירט אַ קריגעריי צווישןביידע גרופּעס און עס איז שיער צווישן זיי געקומען צו אַן עמעס געשלעג. צום גליק איז אינמיטן דעם סאַמע טומל אָנגעלאָפן אַ שטאַפעט פונעם קאָמענדאַנט און האָט איבערגעגעבן סטעפּאַקינען אַ באַפעל פון אַדיוטאַנט, אַז מיר זאָלן זיך גלייך פאַר־נעמען אין וועג אַריין, פאָרויס, צו אונדזער שטאַב צו.

פאַרטאָג האָבן מיר אַרויסמאַרשירט. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געגאַנגען דורך געדרייטע וועגן און איבער שמאָלע, קוים דורכגאַנגבאַ־רע האָזן־שטעגלעך. שפּעטער, אַז די נאַכט איז — ווי געווינטלעך אין בערגיקע געגנט — ראַפּטאָוונע צוגעפאַלן, האָבן מיר איבערגענעכטיקט אַף דער זייט פונעם וועג, אינעם באַרג־שפּאַלט. צומאָרגנס, ווען מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען אין דאָרף וואו דער שטאַב האָט געזאָלט זיין, האָט מען אונדז געלאָזט וויסן, אַז ער איז ערשט ניט לאַנג איבערגע־גאַנגען אין אַ צווייט דערפל, ערגעץ אַפן לינקן פלאַנג...

*****

**אינדרויסן** זענען שוין געשטאַנען פרישע פרילינג-טעג. די בערג אַרום האָבן זיך צעשפּילט מיט קאָלירפולע שאַטירונגען פון פאַרבן, און פונדערווײַטנס אויסגעזען ווי באַדעקט מיט קאָלירטע, געהאָפטענע טעפּיכער. אײנזאַם-צעוואָרפענע בוימער האָבן מיט זײערע יונגע בליענדיקע צווײַגן באַצירט די צווײַגן. די זון איז געשטאַנען אַן אויסגעשפּרייטע איבערן הימל, האָט געצערטלט דאָס פלאַכלאַנד מיט אַ ליבלעכער וואַרעמקייט און מיט צאַרטקייט גע-גלעט די פרישע גראָזן און שפּראָצונגען, וואָס האָבן זיך — ווי ביי-געבוירן — געהויבן פון דער ערד. בלויז פון די בערג-שפּאַלטן, וואו די זון האָט נאָך ניט באַוויזן אַרייַנצודרינגען מיט אירע שטראַלן, — האָבן פאַרבליבענע זילבערנע שניי-פלאַכטעס שעמעוודיק אַרויסגעקוקט. אין טאָל און אויף די בוימער האָבן מאַסן זינג-פויגעלעך זיך פריידיק צעצווײַטשערט און הילכיק אויסגעזונגען זײערע פרילינג-לידער. עס האָט זיך דערפילט אַ ביי לעבן אַרום. עס איז געווען פרילינג אין זײנע פראַכטפולסטע פרילינג-טעג. בלויז די מאַכנעס גרויע און שוואַרצע קראָען, וואָס האָבן באַלאַגערט די בערג און זיך צעקראַקעט מיט זײער דערווידערדיקן קראַקערײַ, — האָבן אַרײַנגעטראָגן אַ מין צעשטערנדיקן דעזאַנאַנס אין דער אויפלעבנדיקער פרילינג-פרייד.

לויט אַ באַפעל פונעם אַדיוטאַנט האָבן מיר צעשטעלט אונדזערע וועג-פּלאַטקעס אויף דעם פעלד לעבן סאַמע וועג, וואָס איז געלעגן אַנטקעגן די הײַזלעך פונעם שטאַב, און דאָרט געוואַרט אויף באַפעלן.

צוויי טעג זענען פאַרבײַ און מיר האָבן נאָך אַלץ קיין באַשטימטע אַרבעט, אָדער באַפעל, ניט באַקומען. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט איבערן וועג און מיט אַ קאַלטער גלייכגילטיקייט באַטראַכט די פאַר-וואונדעטע און געפאַנגענע, וואָס זענען פאַרבײַגעגאַנגען. מיר האָבן קיינעם פון זיי ניט אָפּגעשטעלט, מיט קיינעם פון זיי ניט פאַרפירט קיין שמועס און קיינעם גאָרניט אויסגעפרעגט.

ווי אויף צו לעהאַכעס אונדז, וואָס מיר זענען געשטאַנען אין די פּלאַטקעס, האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן גיסן אַ גרויסער רעגן. דעם ערשטן טאָג האָט נאָך געררעגנט מיט אונטערברעכונגען, אָבער דעם צווייטן טאָג האָט מאַמעש געפּליוכעט ווי אַ מאַבל. עס האָט געדונערט און געבליצט. די וואָלקנס זענען געלעגן אַזוי נידעריק, אַז זיי האָבן ווי איבערגעשניטן די בערג אין צוויי העלפטן. דער טאָל האָט אויסגעזען ווי אַ מאָדנע ריזיקע שיסל אונטער אַ גרויער דעק. עס

איז געווען שטיקנדיק, גרוי, נאַס און בלאָטיק...

דער רעגן, כוץ וואָס ער האָט געפּליוכעט פונעם הימל, האָט אָן אויפהער אויך געשטראָמט און גערונען פון די בערג־שפּאַלטן. אַלע גריבער און נידעריקע פּלעצער איבעם טאָל, זענען פאַרגאָסן געוואָרן מיט וואַסער. באַלד איז דער גאַנצער אויבערפלאַך מאַמעש פאַרפלייצט געוואָרן און באַקומען דעם אויסזען פון אַ ריזיקער סאַזשלקע. אפילע אינעווייניק, אין די פּאַלאַטקעס, וואָס זענען געשטאַנען אף אַ העכערן פּלאַץ און אַרום וועלכע מיר האָבן אויסגעגראָבן טיפע גראָבנס, — אף אָפּצוציען דאָס וואַסער,— איז אויך געווען נאַס. מיר האָבן פּאָשעט ניט געהאַט וואו זיך אויסצובאַהאַלטן פון דער נעץ. אַרויסצוגיין פון די פּאַלאַטקעס איז אינגאַנצן אומעגלעך געווען. מיר זענען דעריבער געלעגן אינעווייניק דורכגעווייקטע און נאַסע, אַז די הויט אף די הענט איז אַזש געראונצלט געוואָרן. מיר האָבן דערשטיקט אין זיך די פאַרלאַנגען נאָך עסן און אַנדערע באַדערפענישן, און מיט טרויער זיך צוגעקוקט ווי דאָס וואַסער אַרום אונדז האָט זיך געהאַלטן אין הייבן.

פון די אַרומיקע בערג האָבן די שטראָמיקע וואַסערן אַרונטערגעשווענקט מיט זיך מאַסן האַלב־צעפרעסענע און פון קראָען און וועלף־צעפרעסענע קערפּערס, וועלכע זענען, ווייזט אויס, געבליבן ליגן פון די פריערדיקע שלאַכטן. די קערפּערס האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן שטיינער, זיך פאַרטשעפּעט, זיך ווידער אָפּגעריסן, זיך געדרייט אינעם וואַסער און געבליבן ליגן אין טאָל, ניט ווייט פון אונדזערע פּאַלאַטקעס.

אפן וועג איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ טויטע שטילקייט. קיין לעבעדיקע באַשעפעניש איז ניט דורכגעגאַנגען. אַלץ האָט אויסגעזען ווי אָפּגעשטאָרבן. מען האָט אַפילע קיין שאָרך פון קיינעם ניט געהערט. בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך פון עמעצן אין איינער פון די פּאַלאַטקעס דערהערט אַ שטילער קרעכץ, אָדער אַ קלאָלע. „וויעטער״, וועלכער איז געלעגן אין אַ פּאַלאַטקע דערלעבן, האָט מיט אַ צעצויגן־טרויעריקער שטימע גאַלאָכיש אויסגעבלעקעצט:

— גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן איבער אונדז, זינדיקע באַשעפענישן!... גאָטס צאָרן!...

— פאַרמאַך דעם אידיאָטישן שניוק דיינעם! — האָט טשעריאַק מיט כויזעק און קאַאַס צוגעוואָרפן,— וואָסער צאָרן און וואָסער זינד?... אַז איך האָב דיין גאָט אַפילע ניט געזען און אַוואַדע קיין שלעכטס ניט געטאָן. הייבט פאַרוואָס זשע זאָל ער עס מיך מיטאַמאָל גאָר וועלן באַנעצן?... סיידן ער וויל זיך אָפּרעכענען מיט אונדז פאַר דער זינד פון נאַטשאַלסטווע, וואָס האָבן געמאַכט די מילכאָמע...

כעוורע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. אינעם געלעכטער אָבער האָט זיך געפילט אַ שווערער פאַרדראָס, וואָס האָט אַלעמען געדריקט.

אפן פערטן טאָג האָט דער רעגן אַביסל באַכגעלאָזט. עס האָט זיך דערפילט אַ קליין ווינטעלע. די וואָלקנס — אונטערגעטריבענע פונעם ווינטל — האָבן זיך גענומען יאָגן ערגעץ. עס איז געוואָרן פרישער און לופטיקער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסזען די בערג-שפּיצן און טיילווייז אויך פּיצלעך הימל. אינמיטן טאָג האָט זיך באַוויזן די זון, וואָס האָט ווי פאַרכידעשט אַרונטערגעקוקט און ווי מיט באַדויער געשמייכלט צו דער נאַסער, דורכגעווייקטער ערד.

אַ פרייד האָט אונדז אַלעמען באַהערשט. האַלב-נאַקעטע האָבן מיר זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן דער זון, אויפגעהאנגען אונדזערע נאַסע קליידער אף די פּאַלאַטקעס און שטריק, קעדיי אויסצוציען די נעץ פון די קערפּערס און קליידער. שפּעטער האָבן מיר איבערגעטראָגן די פּאַלאַטקעס און זיי אַוועקגעשטעלט אף די אויסגעטרוקנטע פּלעצער.

פון הינטערלאַנד זענען אָנגעקומען מאַסן נייע מיליטער-טיילן, אף זייער וועג צו דער פּאָזיציע. די דאָזיקע פּאָלקן האָבן אויסגעזען גאַנץ אַנדערשדיק ווי די אַמאָליקע. די סאָלדאַטן — פון אַ גאַנץ אַנ־דערן צוזאַמענשטעל. שוין מער ניט געווען צו זען די אַמאָליקע און געוויינטלעכע איינהייטלעכקייט פון געקליבענע, איינהייכיקע מענטשן אין אַ ראָטע. מענטשן מיט גרויע בערד, איינגעבויגענע רוקנס און צעפּאַלדעוועטע פּענימער, זענען געגאַנגען צוזאַמענגעמישט מיט יונגע, זעכצן-יעריקע, אומאַנטוויקלטע קינדער, — אַזעלכע, וואָס האָבן אין די סאָלדאַטישע קליידער אויסגעזען ווי פאַרלוירענע.

קוקנדיק אף די דאָזיקע סאָלדאַטן, האָט גרישונין באַמערקט:

—צווישן אונדז גערעדט, איז צו וואָס טאַקע איבערקלויבן, ווען די פּולעמיאָטן און קאַנאָנען זענען ניט איבערקלייבעריש?!...

*****

**פון שטאַב** האָבן מיר ווידער באַקומען אַ באַפעל אַוועקצוגיין צו דער פּאָזיציע. שלאַכטן — האָט מען געשמועסט, — האָבן זיך ווידער געשטעלט שטורעמדיקע.

צו דער פּאָזיציע איז געווען אַ קנאַפּע צוויי טעג גאַנג, און מיר האָבן געמוזט זיך אָפּשטעלן אינמיטן וועג אף נאַכטלעגער. די נאַכט זענען מיר געשלאָפן אין אַ פאַרלאָזענעם דאָרפישן „מעטשעט״*), וואָס

*) מאַכמעדאַנישע קירך.

איז געשטאַנען מיט ברייט־אויפגעפראַלטע טירן, אינמיטן אַן אויסגע־ליידיקטן, פאַרלאָזענעם דאָרף. די פוסטקייט און באַקעטקייט פונעם „מעטשעט" האָט געוואָרפן פון זיך מיט אַ מין שרעקעוודיק־אוראַלטער סוידעסדיקייט. רויע עבאָס האָבן זיך געטראָגן איבער דער גרויסער פוסטקייט און אָפּגעקלונגען אף די באַקעטע ווענט פון יעדן קלענצטן שאָרך. אַ שווערע איימע האָט געשוועבט איבער און אַרום אונדז. מיר האָבן זיך צעוואַלגערט אין די שטויביק־שמוציקע, שוין אויסגעריבענע טעפּיכער אף דער ערד און געבליבן ליגן איינגעהילט אין אַ דעק פון שווערער, שוואַרצער פינצטערניש.

אינמיטן דער נאַכט האָט זיך מיטאַמאָל צו אונדז דערטראָגן אַזאַ מאָדנע שווער געבּרום פון ערגעץ אין דאָרף. מיר האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן. דאָס געבּרומעריי — אַן אויסטערלישס — האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט געקומען פון עפּעס אַ מאָדנע גיגאַנטישן גויסעס.

דאָס ברומען האָט אַזוי אינטריגירט און אויפגערעגט, אַז מען האָט ניט געקאָנט איינליגן. אַ צענדליק יאַטן האָבן מיר זיך דאַן אַרויסגעלאָזט איבערן דאָרף, אף אויסצוגעפינען וואָס דאָס איז. מיר זענען געגאַנגען לויטן אויער און אינדערפינצטער געטאַפּט דעם וועג באַ די ווענט. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צו עפּעס אַ שטאַל, פונוואַנען דאָס געבּרום, האָט אויסגעזען, האָט זיך געטראָגן. מיר האָבן צעעפנט די טיר, אַריינגעגאַנגען און אָנגעצונדן אַ לעכט, וואָס גודמאַן האָט געהאַט מיטגענומען מיט זיך. מיר האָבן דערזען:

אינעווייניק, אינמיטן דער שטאַל, איז — אין אַ קאַלודשע בלוט און אף צעפּוילטן שטרוי — געלעגן אַן אויסגעדאַרט־קרענקלעכע קו. אַן אויסגעמאַטערטע האָט זי געקוקט אף אונדז מיט אירע גרויסע, בעהיימיש־טאַמעוואַטע אויגן און געמואוקעט, ווי זי וואָלט זיך געבעטן ביי אונדז, אַז מיר זאָלן איר העלפן.

פון איר הינטערשטן טייל קערפּער האָט זיך פאַמעלעכערהייט גע־האַלטן אין אַרויסרוקן אַ קיילעכיק־נאַסע פאָרם פון אַ קעלבל. מיט אַ צאַפּלדיקער אָנשטרענגונג האָט עס זיך געצויגן פאָרויס, קעדיי זיך גיכער צו באַפרייען פון דער מוטערס לייב. מיר זענען געשטאַנען ווי פאַרגאַפטע און אָפּהענטיקע. העלפן האָבן מיר איר ניט געקאָנט.

די קו — שוין אַן אויסגעמאַטערטע און אָפּגעשוואַכטע — האָט שטייף אָנגעצויגן דעם קאָפּ, אַז די פעל אף איר האַלדז האָט שוין אַזש אויסגעזען ווי אַ פּויק. זי האָט געפּרואווט זיך אַ באַוועג טאָן, ווי צו העלפן אַרויסוואַרפן דאָס קעלבל פון זיך, אָבער ניט געקאָנט זיך רירן. זי האָט געבּרומט און זיך געצאַפּלט און געדריגעט מיט די

פיס. ענדלעך איז דאָס נייע באַשעפעניש אַרויס. די קו האָט אָפּגעאָטעמט. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, געוואָלט אָנכאַפּן מיט די ליפּן באַ דער קישקע, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָכן ניי־געבוירענעם קעלבל, קעדיי דאָס איבערצובייסן, אָבער עס ניט געקאָנט דערגרייכן. דאָס קעלבל — אַ צעשראָקנס — איז געשטאַנען פונוויטן, געציטערט און, מיט דער שפּיציק־נאַסער צונג, אַרומגעלעקט דעם אייגענעם נאָך וואַרעמען קערפּער. עס האָט געדריגעט מיט אַ פּיסל, ווי אָפּצוטשעפּען דאָס נאָכהענגענדיקע שטיקל קישקע, אָבער זיך גליך פאַרפּלאָנטערט אין דעם. טערמאַקאָוו האָט דאַן אַ כאַפּ געטאָן זיין מעסערל פון דער קעשענע, איבערגעשניטן דעם נאָכשלעפּנדיקן נאָפּל און פאַרקנופּט דאָס איבערגעבליבענע שטיקל. דאָס מעסער האָט ער דערנאָך אָפּגעווישט אינעם קעלבלס גלאַנציק־נאַסער פעל. דערווייל האָט דראַבולקין פון ערגעץ געבראַכט צו טראָגן צוויי קעסעלעך וואַסער און דאָס אינגאַנצן אַריינגעגאָסן אינעם האַלב־צעעפנטן פּיסק פון דער פאַרכאַלעשטער קו. עס איז קלאָר געווען, אַז זי האָט שוין פון אַ צייט לאַנג ניט געהאַט געגעסן. דאָס וואַסער האָט זי טאַקע עטוואָס דערפרישט, אָבער זי איז נאָך אַלץ געלעגן אַ פאַרשמאַכטע. זי האָט קוים באַוועגט מיטן קאָפּ, באַלעקט די מאָרדע מיט דער לאַנגער, סלונעדיקער צונג און אָן אַן אויפהער שוואַך געוויינט.

דאָס קעלבל האָט זיך — אַ שרעקעוודיקס — אַרומגעדרייט איבער דער שטאַל. עטלעכע מאָל האָט עס זיך אַ לאָז געטאָן מיט די דאַרע, צעשפּרייטע פיסלעך צו דער מוטער און געפּרואווט נעמען זויגן פון אירע איינגעדאַרט־טרוקענע ברוסט־וואָרצלען, אָבער יעדעסמאָל, ווען זי האָט גאָרניט געקאָנט אַרויסבאַקומען, האָט זי זיך אָפּגעקערט מיט אַ פּישטשענדיק געוויין און מיט טרויער אין די קעלבערנע אויגן.

דוקעל איז געשטאַנען גאָר אַ דערשלאָגענער. ער — אַ גרויס־שטאָטישער, וואָס האָט זיכער קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געזען אַזאַ זאַך — איז געווען צעווייטיקט מער פון אַלעמען. מיט אַ נערוועזער, ציטערדיקער שטימע, האָט ער — ווי צו זיך — גענומען מורמלען:

— דאָס באַוויינט זי אַזוי מיסטאָמע איר קינד... זי ווייסט אַוואַדע, אַז סאָף־קאָל־סאָף וועט עמעצער עס צונעמען ביי איר און...

ער האָט אַ וויש געטאָן די אויגן און צוגעגעבן:

— מיין מאַמע האָט זיכער אויך געוויינט, ווען זי האָט געהערט, אַז מען שיקט מיך אַוועק אפן פראָנט... זי האָט אַוואַדע געפילט, אַז דאָס וועט שוין זיין מיין שביטע...

זיינע רייד האָבן אַלעמען צעווייטיקט. מען האָט ניט געקאָנט קיין

וואָרט אויסרעדן. עס האָט אויסגעזען, ווי ער, דוקעל, וואָלט איצט, מיט זיינע רייד, אַריינגעוואָרפן אַזאַ שווערן שטיין, וואָס קיינער קאָן ניט אַרויסנעמען. עס איז געוואָרן אַזוי שווער, אַזוי אומבאַקוועם...

מיט צעווייטיקטע פּנימער און געדריקטע הערצער זענען מיר אַוועק צוריק אין „מעטשעט״. מיר האָבן מער ניט געקאָנט צוּרוקן דעם פּיין און צאַר; מער ניט געקאָנט צוהערן דאָס געוויין פון דער קו, בעאייס זי האָט ניט געקאָנט אָנזעטיקן איר ביי־געבוירן קעלבל; מיר האָבן ניט געקאָנט איבערטראָגן דעם קעלבלס טרויעריק־פייכטע אויגן, וואָס האָבן אַזוי שטום געבעטן, אַז מיר זאָלן עס העלפן...

אינדערפרי, איידער מיר זענען אַרויס פּ״נעם דאָרף, זענען מיר ווידעראַמאָל צוגעגאַנגען צו דער שטאַל אַ קוק טאָן. עפּעס האָט אונדז אַזוי שטאַרק געצויגן אַהינצו...

די קו איז שוין איצט געלעגן אַ רואיקע און שטילע. זי האָט שוין מער ניט געוויינט. די אָפענע, אַרויסגעשטאַרטשטע אויגן זענען ביי איר געווען טאַמעוואַטע פאַרגלאָצט. דאָס קעלבל האָט זיך נאָך אַלץ יעדע ווייל אַוועקגעלייגט צום אייטער, געפּרוּווט אַ זויג צו טאָן פון דער מוטערס צעיוירענער ברוסט און — ניט קאָנענדיק אַרויסבאַקומען גאָר — אויפגעהויבן די מאָרדע, זיך אַרומגעלעקט מיט דער פייכטער צונג און צעווייטיקט געגומען ברומען:

— מו־או־או, מו־או...

אַ שווערער צאַאַר האָט אונדז אַרומגענומען. קלאָר איז געווען, אַז דאָס קעלבל וועט איצט אַוואַדע אויסגיין פון הונגער...

מיר זענען געשטאַנען, געקוקט אפן קעלבל און געטראַכט וואָס צו טאָן דערמיט. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אָפּאָנים, אַז יעדער האָט זיך ווי געשעמט אַרויסצוזאָגן זיינע געדאַנקען פאַרן צווייטן. מיטאַמאָל האָט יערמישין אומדרייסט אַ זאָג געטאָן:

— עפשער וואָלט בעסער געווען, אַז מיר... כ׳מיין...

און ניט וואַרטנדיק אף קיין ענטפער פון קיינעם, האָט ער זיך גלייך אַ נעם געטאָן צום קאַלב מיט זיין שאַרפן מעסער. אַ פּאָר יאַטן האָבן אים צוגעהאָלפן און אין עטלעכע מינוטן אַרום איז עס שוין געווען פאַרטיק: די פעל אַרומגעשונדן און דאָס וואַרעם־פרישע פלייש צעשניטן אף כאַלאָקים. ווי ווילדע האָבן מיר צעכאַפּט די פיצלעך פלייש מיט די ביינדלעך און דאָס אַריינגעלייגט צו זיך אין אונדזערע קעסעלעך אַריין, קעדיי שפּעטער, ביי אַן אָפּשטעל אין וועג, אָפּצוקאָכן דערפון אַ מיטיק פאַר זיך. מיר האָבן זיך פאַרנומען אין וועג אַריין...

*****

**דאָסמאָל** זענען מיר געגאַנגען אַף אַ זייער שמאָלינקער סטעזשקע, אין אַ שפּאַלט צווישן הויכע בערג, און לעבן אַ ברעג פון אַ קליין, אָבער גאָר האַסטיק טייכל. פונוויסן האָבן זיך שוין דערטראָגן צו אונדז די הוילע און טויבע אָפּקלאַנגען פון אויפרייסנדיקע סנאַריאַדן, וואָס זענען געפאַלן ערגעץ פאָרויס, אין די בערג. ביסלעכווייז, וואָס העכער מיר זענען אַרויף, אַלץ אָפטער און נעענטער האָט עס זיך געהערט. אינגיכן זענען מיר דערגאַנגען אַזוי נאָענט צו דער פּאָזיציע, אַז מיר האָבן שוין אָנגעפאַנגען זען די שלאַכט. שראַפּנעלן זענען געפלויגן איבערן באַרג-הויקער, זיך אויפגעריסן און זיך צעפלויגן. סנאַריאַדן — האָט זיך געזען — האָבן זיך אונטערגעטונקען צו דער ערד און צוריק אַרויפגעהויבן ריזיקע שטויב-וואָלקנס, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט אין דער לופטן. די שלאַכט, האָט אויסגעזען, איז געווען אינטענסיווער ווי אין סאַראַקאַמיש אַפילע.

מיר זענען צוגעקומען צום פוס פונעם באַרג, וואו אונדזערס אַן אַרטילעריע-באַטאַרייע איז געשטאַנען און — פון דאָרט — מיט אַקשאָנעס געשאָסן צו די טערקן. מיר זענען פאַרבייגעקראָכן די אַרטילעריע און זיך גענומען אַרויפדראַפּען העכער אפן באַרג, צום פּלאַץ, וואו ערשט מיט אַ שאָ צוריק איז נאָך געווען די פּאָזיציע פון אונדזער אינפאַנטעריע און וואו — נאָך זייער אַריבערגיין אין פאָרויס — עס זענען פאַרבליבן ליגן טויטע און פאַרוואונדעטע. מיר זענען געקראָכן אַף אַלע פיר, קעדיי זיך צו שיצן פונעם פליענדיקן טויט. ענדלעך זענען מיר דערקראָכן צום פּלאַץ, וואו די קערפּערס זענען געלעגן. פון דאָרטן האָבן מיר שוין גאַנץ קלאָר געקאָנט זען אונדזער פראָנט-ליניע, אפן צווייטן, העכערן הויקער, פון זעלביקן באַרג, וואו אונדזערע סאָלדאַטן — פּלאַץ-אויסגעצויגענע — זענען געלעגן אונטערן שוץ פון צופעליקע שטיינער, אינגאַנצן עפּשער אַ טויזנט טריט בלויז אין פאָרויס פון אונדז.

דאָס שיסעריי איז אָנגעגאַנגען קעסיידער. די סנאַריאַדן האָבן באַזייעט דעם גאַנצן באַרג. און כאָטש עס האָט אויסגעזען אומעגלעך פאַר אונדז צו טאָן עפּעס, האָבן מיר זיך פונדעסטוועגן גליך גענומען נעמען צו דער אַרבעט. דער באַפעל איז געווען:

„אונטער אַלע אומשטענדן אָפּרוימען אַלע פאַרוואונדעטע פונעם באַרג און זיי אַרונטערטראָגן צום איבערבינדונג-פּונקט!...״

קריכנדיק אַף אַלע פיר, האָבן מיר זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט אין

דער ברייט פונעם באַרג. מיר האָבן זיך גענורעט צווישן די מאַסן צעוואָרפענע קערפּערס, זיך איינגעהערט אין זיי און — אַזוי גיך ווי מיר האָבן נאָר ערגעץ דערפילט עפּעס אַ פּיצל לעבעדיקן אָטעם, אָדער דערזען אַ באַוועגלעך זשיפּען, — האָבן מיר זיך גלייך אַ נעם געטאָן מיט אַלע קויכעס יענעם צו ראַטעווען. אַזעלכע האָבן מיר דערמונטערט מיט אַביסל וואַסער פון אַ פּליאַגע, פאַרבונדן די וואונד און — אַזוי, ליגנדיק אויסגעצויגן מיט די פּנימער פלאַך איינגעגראָבן אין דער ערד — אים אָנגענומען ביי אַ האַנט, אָדער אַ פוס, און אַזויאַרום אים אַרונטערגעשלעפּט באַרג־אַרונטער, צום פעלד־איבערבינדונג־פּונקט.

די פּולעמיאָט־קוילן האָבן געזשומעט און געפייפט אַרום אונדז. די סנאַריאַדן האָבן געברומט און געדונערט הינטער אונדז. און די שראַפּנעלן האָבן געוואָיעט און געקנאַלט איבער אונדזערע קעפּ. ערגעץ הינטער די פּלייצעס האָט אַ סנאַריאַד אויפגעריסן ווי אַ דונער. אין אַ ווייל שפּעטער האָט אַ שראַפּנעל אַ זעץ געטאָן פּאָרויס פון אונדז און אונדז אַזש פון די פּלעצער אונטערגעהויבן. מיר זענען דערפאַר געבליבן ליגן שטיל און ניט באַוועגט מיט קיין אייווער, ביז דאָס שיסערייַ האָט זיך ענדלעך אַביסל איינגעשטילט.

ניט לאַנג, אָבער, האָט די שטילקייט אָנגעהאַלטן. באַלד האָט זיך ווידער אַ שראַפּנעל אויפגעריסן לעבן אונדז. אָפּט זענען געפאַלן צוויי און אַפילע דריי פּאַראַמאַל. דער געזשום אין קאָפּ האָט אַלץ ניט אויפגעהערט. די שראַפּנעלן, סנאַריאַדן און גראַנאַטן האָבן געריסן רעכטס און לינקס, פאָרויס און הינטער אונדז. עס איז מאַמעש ניט געווען וואו זיך אויסצובאַהאַלטן און שיצן פון זיי.

אין דער ערשטער האַלבער שאָ, זינט מיר זענען אָנגעקומען אפן באַרג און אָנגעפאַנגען אונדזער אַרבעט, — זענען געפאַלן אַזויפיל סנאַדריאַדן און שראַפּנעלן, אַז מיר האָבן פאַרלוירן דעם רעכנונג אַפילע. די מערסטע צייט זענען מיר געלעגן מיט פלאַך־איינגעגראָבענע פּנימער צו דער ערד און דערביי געפילט, ווי די שטיקער פליענדיקע ערד האָבן געהאָגלט איבער די פּלייצעס. אָפּט האָט די שרעק איבער דעם אַרויסגערופן אַזאַ סקרוך און קעלט אינעם לייב, אַזש די בלוטן אין די אָדערן האָבן גענומען גליווערן...

*****

**צווישן** די מאַסן סנאַריאַדן, וואָס זענען געפאַלן אַרום און הינטער אונדז, — איז איינער אויך געפאַלן אפן

סאַמע מיטן פּלאַץ, צווישן אונדז. און נאָך איידער דער שטורעם פון דעם קנאַל האָט זיך איינגעשטילט, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ הילכיק־אָפּגעהאַקטער אויסגעשריי, וואָס איז זיך גלייך פאַרגאַנגען אין אַ שטילן קרעכץ. אין האַרצן האָט זיך עפּעס אַזוי ווי אָפּגעריסן. עס האָט אויסגעזען, אַז עמעצער פון אונדז איז געטראָפן געוואָרן. נאָר איבערן שווערן געזשום, פונקט ווי צוליב דער באַוועלטיקטער שרעק, — האָט מען אַפילו ניט געקאָנט באַשטימען וועמעס קרעכץ דאָס איז געווען. אומקוקן זיך — האָט מען אויך ניט געקאָנט, איבער דעם שוואַרצן שטויב־וואָלקן, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן אין דער לופט. צוהערן זיך — האָט מען אויך מוירע געהאַט, טאָמער וועט מען פאַרטויבט ווערן פון אַן אויפרייס. מען איז דעריבער געלעגן מיט די פינגער אין די אויערן פאַרשטופּט און געוואַרט. אַ ווייל שפּעטער, ווען דער שטויב האָט זיך ענדלעך געהאַט אַביסל פאַנאַנדערגעשפּרייט האָבן מיר ביסלעכווייז און פאָרזיכטיק אויפגעהויבן די קעפּ, זייטיק זיך אַרומגעקוקט איבערן פּלאַץ און דערזען:

ניט ווייט פון אונדז איז פונעם נאָר־וואָס געפאַלענעם סנאַריאַד געווען אַ פריש־אויפגעריסענער גרוב. באַם סאַמע ברעג זיינעם, אַ צוויי־דריי טריט אַוועק, איז אױף די קני — ווי צום דאַווענען — געשטאַנען סאַוויצקי, דער פּאָליאַק, וועלכער איז פון זינט דער קאָנטוזיע אין סאַראַקאַמיש פאַרבליבן טויבלעך אױף די אויערן. לעבן אים, אױף דער ערד, איז געלעגן אַ פאַרוואונדעטער. ווי ס׳האָט אויסגעזען, האָט סאַוויצקי זיך געהאַט פאַרנומען יענעם צו העלפן און איז דערביי אַליין געטראָפן געוואָרן. געשטאַנען איז ער, סאַוויצקי, מיט זיין אַרויפגעהויבענער לינקער האַנט, פון וועלכער עס האָבן זיך נאָכגע־באַמבלט עטלעכע אָפּגעריסענע, נאָכהענגענדיקע פינגער, טריפנדיק מיט דיקע שטראָמעלעך בלוט, ווי פון צאַפּנס. מיט ווילד־פאַרלאָפענע אויגן האָט ער געקוקט אױף דער צעשמעטערטער האַנט און — קרעכצנדיק — זיך געדרייט אין ווייטיקן. מיטאַמאָל, נאָך איידער עמעצער פון אונדז האָט אַפילו באַוויזן צוצוקריכן צו אים, קעדיי אים צו העלפן און זיך דערוויסן ווי און וואָס עס איז געשען, — האָט ער, סאַוויצקי, ווילד אַ ריס געטאָן מיט דער צווייטער האַנט די עטלעכע נאָכהענגענדיקע פינגער און — ווי זיי וואָלטן געווען איינגעזויגענע פּיאַווקעס — מיט אימפּעט זיי אַ שמיץ אַוועק געטאָן פון זיך. דערנאָך האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם עטוואָס־צעוויקלטן באַנדאַזש, וואָס ער האָט אָפּאָנים געהאַט צוגעגרייט פאַרן ליגנדיקן פאַרוואונדעטן, גיך און אומגעלומפּערט גענומען אַרומוויקלען זיין פאַרוואונדעטע האַנט און דערביי געקריצט

מיט די ציין פון ווייטיק. דער באַנדאַזש איז גלייך געוואָרן רויט און דורכגעווייקט פונעם רינענדיקן בלוט. סאַוויצקי — קוקנדיק דערויף — האָט געהאַלטן אין איין קרעכצן און ברומען:

— אָ־אָ־אָ, יעזוס־מאַריאַ!... יע־ע־זוס מאַ־אַ־אַריאַ!...

מיט ווילד־אויפגעלאָפענע אויגן האָט ער זיך שטאַר איינגעקוקט אינעם דורכגעבלוטיקט באַנדאַזש און זיך נאָך שטאַרקער צעיאָמערט. עטלעכע יאַטן האָבן אים מיט גוואַלד אַוועקגעלייגט פלאַך צו דער ערד, מיטן פּאָנים אַרויף, און גענומען איינקרעמפּעווען זיין אָרעם, עטוואָס העכער פון דער האַנט, קעדיי ווי ניט איז איינצוהאַמעווען דאָס בלוט, וואָס האָט שטאַרק געפלאָסן. פאַר אַ ווייל איז ער שטיל געווען. באַלד אָבער האָט ער ווידער פאַרקרימט זיין מויל, פאַרביסן די ליפּן זיינע מיט די ציין און גענומען ווידעראַמאָל וואָיען:

— אי־הי־הי... אי־הי־הי...

זיין געוויין האָט געשניטן אין מויעך. רעדן האָט ער ניט גע־לאָזט צו זיך. צוויי יאַטן האָבן אים אַ נעם געטאָן בּאַ די פיס און — רוקנדיק זיך אף הינטערווילעכץ — אים גענומען אַרונטערשלעפּן פונעם באַרג, צום איבערבינדונג־פּונקט...

מיר, די איבעריקע, האָבן אים נאָכגעקוקט מיט צעווייטיקטע און שטומע בליקן, ביז ער איז פאַרשוואונדן ערגעץ נידעריקער אין דעם באַרג־שפּאַלט. פונדערווייטן האָט זיך נאָך אַלץ געטראָגן זיין מאָדנע שווערער און פיינלעכער געוויין:

— אי־הי־הי... יעזוס־מאַריאַ... אי־הי־אי!...

אַ ווייל איז שטיל געווען אַרום. מען האָט ניט געשאָסן. דאָס האָט מען, אַפּאָנים, געלאָדן די קאַנאָנען און זיך געגרייט פאַר אַ נייער באָמבאַרדירונג. בלויז ערגעץ אינדערווייט, אפן רעכטן פלאַנג, האָט אַן איינזאַמער פולעמיאָט נאָך געטראַסקעט. באַלד, אָבער,—נאָך איידער דער געזשום פון דער פריערדיקער באָמבאַרדירונג איז ביי אונדז פון די אויערן אויסגערונען — האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ קאַנאָנאַדע. סנאַריאַדן האָבן זיך ווידער אַ יאָג געטאָן איבער די קעפּ און מיר זענען ווידער געלעגן איינגעגראָבן מיט די פּענימער אין דער ערד, אָן באַוועגונג. עס האָט אויסגעזען, ווי די טערקן וואָלטן זיך פאַרנומען ניט צו דערלאָזן אָפּרוימען די פאַרוואונדעטע.

נאָך עטלעכע מינוטן שיסן, איז פאַר אַ ווייל ווידעראַמאָל שטיל געוואָרן. איצט זענען מיר שוין געווען צוגעוואוינט דערצו און זיך דערוואוסט, אַז אַזאַ איבעררייס דויערט געווינטלעך פון דריי ביז פינף מינוט, ביז מען לאָדט אָן די קאַנאָנען. מיר האָבן זיך, דעריבער,

איבער דער איבעררייס-צייט שוין דרייסטער אויפגעזעצט און — אין איילעניש — זיך אַ נעם געטאָן צו די פאַרוואונדעטע...

דאָ האָט איינער פון אונדזערע יאַטן געגומען מונטערן אַ פאַרכאַ-לעשטן. דאָרט האָט אַ צווייטער אויסגעוואַשן אַ וואונד. אין אַ דריטן פּלאַץ האָבן צוויי יאַטן אַרומגעבונדן אַ פּאַלאַטקע-שטעקעלע צו אַ פוס פון אַ פאַרוואונדעטן, קעדיי אים לייכטער צו קאָנען אַרונטערשלעפּן פונעם באַרג. אַביסל ווייטער האָבן אַנדערע צוויי יאַטן שוין געשלעפּט אַ מענטשן באַ די פיס. מיר אַלע האָבן געאַרבעט אָנגעשטרענגט און גיך, קעדיי וואָס מער אַריינצוכאַפּן אין די עטלעכע מינוטן.

פּלוצלונג האָט אַ סנאַריאַד אומגעריכט ווידער אַ זשוזשע געטאָן און — נאָך איידער מיר האָבן באַוויזן זיך אַוועקצולייגן פלאַך צו דער ערד, האָט אַ מוירעדיקער קנאַל מיט אימפּעט אונדז אומגעוואָרפן. אין זעלבן מאָמענט האָט זיך דורכגעשניטן אַ פיינלעך געשריי:

— אָ, „מאַיקאַ מיאָ, מאַיקאַ מיאָ!...״ *)

און שטיל. אומקוקן זיך האָבן מיר ווידער ניט געקאָנט. קלאָר איז געווען, אַז דאָס געשריי איז פון אונדזער מאָלדאַוואַן קוציאַק... עס איז אָבער געווען שווער צו באַשטימען, צי איז דאָס געווען פון שרעק איבערן אומגעריכטן קנאַל, אָדער עפּשער גאָר...

מיר זענען געלעגן מיט ברענענדיקן אומגעדולד און געוואַרט אַף דער קומענדיקער האַפּסאָקע.

און דאָס, פאַר וועלכן עס האָט געשראָקן, איז געווען ערגער ווי מען האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַפילע. ווען מען האָט זיך ענדלעך אַרומגעקוקט, האָט מען דערזען: קוציאַק, דער מאָלדאַוואַן, איז גע-לעגן צווישן אונדז אַן איינגעקאָרטשעטער און צונויפגעדרייטער. ער איז געווען שטיל — ווי פאַרכאַלעשט. זיין פּאָנים — שוואַרץ אַזוי ווי קויל. די אויגן — פאַרגליווערט. די ליפּן — צעדרייט פון פּיין און ווייטיק. דער אונטערשטער טייל פון זיינע קליידער איז געווען ווי אינמיסטן אַרונטערגעריסן פון אים און עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גרויסע, בלוטיקע וואונד צווישן די מיט בלוט-פאַרגאָסענע פּאַכוועס פון זיינע פאַנאַנדערגעשפּרייטע פיס...

צעווייטיקטע האָבן מיר זיך איבערגעקוקט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. מיר האָבן אים געוואָלט העלפן, אָבער ניט געוואוסט ווי און וואָס. מיר זענען אָבער צוגעקראָכן, קוידעם-קאָל אים אָפּגעמונטערט מיט אַביסל וואַסער און — מיט אַ געפּיל פון כאַרפּע — איבערגעדעקט דאָס וואונדיקע פּלאַץ מיט אַ שינעל. צוויי יאַטן האָבן אים גלייך אַ

*) אָ, מאַמע מיינע, מאַמע מיינע.

נעם געשטאַן און — אַ קרעכצנדיקן — אים געגומען אַרונטערשלעפּן פונעם באַרג, צום איבערבינדונג־פּונקט.

דערשלאָגענע פון ווייטיק און צאַאַר, זענען מיר ווייטער אָנגע־גאַנגען מיט אונדזער אַרבעט און זיך אַזוי אָפּגעמוטשעט ביזן אָוונט אין אומגעדולד. קיין נייע פאַרוואונדעטע זענען שוין טאַקע מער ניט צוגעקומען, אָבער דער געדאַנק פון די פריערדיקע, האָט אונדז דאָס לעבן פאַראומערט. פאַרנאַכט, איידער עס איז רעכט טונקל געוואָרן, האָט די פראָנט־ליניע זיך אַ רוק געטאָן אף עטלעכע טויזנט טריט אין פאָרויס, צום פוס פון אַ צווייטן באַרג. אונדזער אַרטילעריע איז אויך איבערגעגאַנגען און זיך אָפּגעשטעלט דאָרט, וואו די אינפאַנטעריע־ליניע איז פריער געווען. מיר זענען אַזויאַרום פאַרבליבן אף עטוואָס הינטערן פראָנט. קיין שיסעריי איז שוין מער ניט פאָרגעקומען און מיר — פאַרטיק מיט די פאַרוואונדעטע — האָבן זיך געקליבן אַרונטער־צוגיין פונעם באַרג. מיטאַמאָל האָט דוקעל, פון ערגעץ אין אַ זייט, אַ היסטערישן קוויטש געטאָן. מיר האָבן זיך אומגעקוקט. ער האָט נערוועז געוואָרפן מיט די הענט און געשריגן צו אונדז:

— אוי, קומט באַר אַהער, זעט באַר!...

מיר האָבן זיך אַ לאָז צו געטאָן צום פּלאַץ וואו ער האָט אונדז אָנגעוויזן מיט זיין ציטערדיקער האַנט און...עס איז אונדז מאַמעש פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן:

צוויי פון אונדזערע יאַטן, איינער לעבן צווייטן, זענען געלעגן אויסגעצויגן אף דער ערד — טויט. דער ערשטער — דער טרובע־שפּילער גרינשטיין, — אַ מוזיקאַנט פונדערהיים, וואָס איז אָנגעקומען צו אונדז אין קאָמאַנדע ערשט מיט בלויז עטלעכע וואָכן צוריק — ער איז קימאַט ניט געווען צו דערקענען. דאָס גאַנצע פּאָנים זיינס איז געווען צעשמעטערט און האָט אויסגעזען ווי אַ געדיכטע, צעריבענע בלוטיקע־מאַסע. דער צווייטער — דער געשטופּלטער פּאָליאַק סאָטסקי, וואָס מיטן פּיצעלע פאַסאָלקע־נעזל, — איז געלעגן מיט אַן אויפגע־ריסענעם בויך, מיטן אינגעווייד אינדרויסן אַרויס. ביידע זענען זיי שוין געווען קאַלטע; מיט שטייפע גלידער און אויסגעלאָשענע, מאַטע אויגן. עס איז קלאָר געווען, אַז זיי זענען געפאַלן נאָך מיט אַ צייט פריער, איידער דוקעל האָט זיי דערזען. מיר האָבן געקוקט אף זיי און בעאיין אויפן ניט געקאָנט באַגרייפן, פאַרוואָס מיר האָבן ניט געהערט קיין אויסגעשריי פון זיי בעאייס עס האָט זיי געטראָפן.

מיר זענען געשטאַנען מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ און צעווייי־טיקטע געמיטער. אין זייער אומקום האָבן מיר דערפילט דעם אָנהויב

פון אונדזער אייגענעם סאָף. „וויעטער”, דוקעל, אַרטיאָמאָוו און נאָך עטלעכע יאַטן האָבן זיך טאַקע פאַנאַנדערגעווייגט. טשעריאַק האָט טיף אָפּגעזיפצט און פילאָזאָפיש אַ זאָג געטאָן:

— מען זאָגט, אַז בלויז דער אָנהויב איז שווער. איצט אָבער, אַז דער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרן...

ער האָט ניט פאַרענדיקט זיינע ווערטער. די טרערן האָבן אים אַ שטיק געטאָן. ער האָט בלויז שטום אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט, ווי צו ציינן, אַז דאָס איבעריקע איז זעלבסטפאַרשטענדלעך...

מיר האָבן די צוויי אומגעקומענע כאַווירים צוגעדעקט מיט זייערע אייגענע פאַלאַטקעס, זיי אַרונטערגעטראָגן פונעם באַרג, און דאָרט, באַם סאַמע באַרג-פוס, זיי באַערדיקט צוזאַמען אין אַ ברידער-קייווער...

*****

**אף נאַכטלעגער** האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אין אַ הייזל, ניט ווייט פונעם איבערבינדונג-פונקט. אַזוי גיך ווי מיר האָבן באָר אַוועקגעשטעלט אונדזערע זאַכן — זענען מיר, דאָס ראָוו פון קאָמאַנדע, גלייך אַוועק אין פונקט, קעדיי אַ קוק צו טאָן וואָס אונדזער אומגליקלעכער כאַווער קוציאַק מאַכט.

ער, קוציאַק, — אַן אָפּגעשוואַכטער און אויסגעמוטשעטער פונעם בלוט-פאַרלוסט און פון דער דורכגעפירטער אָפּעראַציע, איז — צוזאַמען מיט נאָך פאַרוואונדעטע — געלעגן אף דער מיט שטרוי-אויסגעבעטער ערד. געזאָגט האָט מען אונדז, אַז דאָס וואַרט מען אף טראָג-בעטלעך, וואָס דאַרפן אָנקומען און זיי אָפּפירן צו אַן עוואַקואיר-פונקט און — פון דאָרט — צו אַ שפּיטאָל. ווען ער, קוציאַק, האָט געעפנט די אויגן און אונדז דערזען שטיין אַרום אים, האָט ער זיך, אַפּאָניב, דערמאַנט אין זיין אומגליק און גענומען וויינען:

— „אָ, מאַיקאַ מיאָ, וואָי טשע אָמאַר מי עסטע!...וואָס וועט איצט זיין מיט מיר?...וואָס וועל איך איצט טאָן?...אַמאָרע מי אַמאָר!...” *)

ער האָט אַ צעפּייניקטער געקוקט אף אונדז און — ווי ער וואָלט אונדז פאָרגעוואָרפן — ווייטער געכליפּעט:

— פאַרוואָס מיר בעסער דעם קאָפּ ניט אָפּגעשאָסן?!... פאַרוואָס מיר הענט ניט אָפּגעריסן?!...וואָס איך איצט טאָן?!...

ער האָט צוריק פאַרמאַכט די אויגן און געכליפּעט עפּעס שטיל אף מאָלדאַוואַניש. מיר האָבן טרויעריקע געקוקט אף אים און געשוויגן...

*) אָ, מאַמע מיינע, ביטער איז מיר. ביטער איז מיר, ביטער.

עס האָט זיך ניט געלאָזט גלויבן, אַז דאָס איז טאַקע דער זעלביקער קוציאַק, דער געזונטער, שוואַרצער באָכערעץ, וועלכער האָט געקאָנט בוימער פון דער ערד אַרויסרייסן. עס האָט זיך ניט געקאָנט גלויבן, אַז דאָס איז טאַקע דער אייגענער, וועלכער פלעגט אַלעמאָל, אין די פרייע אָוונטן, שפּילן פאַר אונדז זיינע היימישע מאָלדאַוואַנישע פאָלקס־לידער און דוינעס, אף זיין צעקנייטשטן, פון דער היים נאָך מיטגע־בראַכטן קאָרנעט, וואָס האָט אונטער זיינע ליפּן געזונגען מאַמעש ווי אַ מענטשלעכע פרויען־שטימע. עס איז ניט מעגלעך געווען אים צו דערקענען. ער איז געלעגן אַן אָפּגעשוואַכטער, אַ פאַרשמאַכטער, און זיך געקאָרטשעט אין שווערע יעסורים.

ווי מיר האָבן אויסגעפונען, האָט עס אים געטראָפן, בעאייס ער האָט אויבן, אפן באַרג, — זיך אומפאָרזיכטיק געהאַט אויפגעשטעלט, קעדיי איבערצוקערן אַ פאַרוואונדעטן, וואָס איז געלעגן מיטן פּאָנים אַרונטער, און אים געוואָלט העלפן. דאַן האָט ער מיטאַמאָל דערפילט אַ שטאַרקן בריי, ווי מיט אַ געגליטן אייזן, אינעם נידעריקן טייל פון קערפּער, צווישן די פיס, און איז גלייך געפאַלן אין כאַלאָשעס...

קוציאַק האָט ווידער אומרואיק געעפנט די אויגן, שטום געקוקט אף אונדז און געטראַכט וועגן עפּעס. מיטאַמאָל, האָט מען געזען, האָט ער זיך אָנגעשטרענגט, עטוואָס אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק גע־טאָן אף זיין צעבלוטיקט־פאַרבאַנדאַזשירטן קערפּער און ווידעראַמאָל אויסגעבראָכן אין פאַרצווייפלטן געיאָמער:

— „אַמאָרע מיאַ, פראַצירירע מיאַ!“ *) האָט ראַכמאָנעס אף מיר! „טע־ראָג, דראַגו מיאַ, אימפּושקא מיאַ!“ **) ווי אַזוי וועל איך איצט לעבן?... ווי אַזוי וועל איך עס קאָנען אַהיימקומען צו מיין ווייב?!...

דער דאָקטאָר פון איבערבינדונג־פּונקט, — אַז ער האָט דערהערט קוציאַקס געשריי, — איז צוגעגאַנגען צו אים, אַ קוק געטאָן אף אים און אים גענומען באַרואיקן:

— טאָרסט זיך אַזוי ניט אָפּלאָזן, ברודערל. וועסט נאָך געזונט ווערן... יאָ־יאָ, איך... איך אַליין האָב שוין געזונט געמאַכט געפער־לעכערע מענטשן און זיי זענען פאַרבליבן פונקט אַזעלכע נאָרמאַלע יונגעלייט ווי אַלע אַנדערע... דער איקער — זיך ניט אָפּלאָזן!...

מיר האָבן געקוקט אפן דאָקטאָר און געפילט, אַז דאָס האָט ער איינמיסטן אַזוי געזאָגט קוציאַקן, קעדיי אים צו באַרואיקן און מאַכן אים פאַרגעסן אין זיין אומגליק. עס איז קלאָר געווען, אַז קוציאַק איז אַ פאַרפאַלענער. מיר האָבן אָפּגעקערט אונדזערע בליקן פון אים און

*) דערהאַרגעט מיך, ברידער. **) איך בעט אייך, טייערע, דערשיסט מיך.

בלויז זייטיק זיך צוגעקוקט. קוציאַק האָט אַפּאָנים אויך פאַרשטאַנען זיין אומגליקלעכע צוקונפט. ער איז געלעגן, זיך געווישט דאָס פּון פּיין-צעווייטיקטע פּאָניב זיינס מיטן צעבלוטיקט-שמוציקן אַרבל פון זיין העמדל און זיך פאַנאַנדערגעוויינט. מיר האָבן געשוויגן. אָבער אונדזער שווייגן איז געוועזן נאָך פּיינלעכער ווי מיר וואָלטן גערעדט. עס האָט געוואָרגן אין האַלדז. עס האָט אויסגעזען, אַז יעדער פון אונדז האָט געפילט, אַז מען דאַרף אים, קוציאַקן, עפּעס זאָגן, אים טרייסטן און אַפילו אָפּנאַרן ווי דער דאָקטאָר האָט עס געטאָן, קעדיי אים עטוואָס צו באַרואיקן. אָבער אַזוי גיך ווי עמעצער פון אונדז האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו רעדן, — האָבן זיך די ווערטער ביי אים גלייך אָפּגעהאַקט און אויסגעשעפּט. עס האָט זיך געפילט, אַז די ווערטער זענען גאָר קיין ווערטער ניט; אַז די טרייסט איז קיין טרייסט ניט און...דאָס שטיין אַרום אים, — האָט זיך געפילט, — איז געוואָרן אַן אָפּקומעניש סיי פאַר אונדז און סיי פאַר אים...

מיר האָבן זיך געפּרואווט ביגבייווע אַרויסרוקן, אָבער קוציאַק האָט אונדז איינגעהאַלטן מיט זיינע שטאַר-צעווייטיקטע בליקן. מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט און מיט ציטערדיק-פּלאַטערנדיקע ליפּן האָט ער גענומען קלאָגן:

— לאָזט מיך דאָ ניט איבער אַליין, איך בעט אייך!... לאָזט מיך ניט איבער!...איך שרעק זיך אַזוי שטאַרק...איך...

מען האָט אים אַוועקגעפירט. מיר אַלע זענען אַרומגעגאַנגען ווי דערשלאָגענע. קיינעם האָט זיך ניט געוואָלט קיין וואָרט אויסרעדן. געפילט האָט זיך, אַז רעדן וועט שוין בעמיילע גאָרניט העלפן. עס האָט זיך בלויז געריסן אַ פאַרלאַנג צו שרייען. שרייען אַזוי הויך, אַז דער הימל זאָל צו דער ערד אַרונטערפאַלן...

— העי, מערדער, שטעלט דאָס אָפּ!... שטעלט דאָס אָפּ!...

דער קאַאַס, דער ווייטיק, האָט אַזוי שטאַרק געגליט אין האַרצן, אַזוי געדריקט אין מויעך, אַז עס האָט זיך געוואָלט, די גאַנצע וועלט זאָל מאַמעש כאָרעוו ווערן...



# קאַפּיטל פּערצן

די טעג האָבן זיך געצויגן אַלצאייניק־מאָנאָטאָנע. טעג פון פּיין און פון קלויבן געהאַרגעטע און פאַרוואונדעטע פון די בערג. טעג — וואָס האָבן זיך אַרייַנגעקייטלט אייַנער אין אַנדערן מיט צאַאַר און פאַרדראָס. טעג — אין וועלכע עס איז פאַר אונדז פאַרלוירן געגאַנגען דער רעכנונג וואָסער טאָג עס איז...

יעדער טאָג איז געווען ענלעך צום צווייטן. יעדער מאָנטיק איז געווען פּונקט ווי דער פאַרגאַנגענער זונטיק. יעדער שאַבעס און זונטיק האָט געבראַכט מיט זיך פּונקט אַזויפיל טויט און פאַרוויסטונג — ווי יעדער געוויינטלעכער וואָכעדיקער טאָג. אַלע זענען זיי געפּיירט געוואָרן ווי אויסטערליש־ווילדע יאָמים־טויווים: מיט קאַנאָן־סנאַריאַדן און פּולעמיאָט־קוילן; מיט מאַסן אָפּשניצלעך פון פייערדיק־צעגליטע שראַפּנעל־שאָלעכץ און צעגאָסענעם הייסן בליי מיט פלאַמיקן פּולווער. די טעג זענען באַגלייט געוואָרן מיט גסיסעדיקע געשרייען און מיט ספּאַזמאַטישע יעלאָלעס פון אָפּשטאַרבנדיקע לעבנס און מיט שמערצלעך־פאַרטויבנדיקע גוואַלדן פון פאַרוואונדעטע און קאַליעטשעטע. יעדער טאָג האָט געבראַכט מיט זיך נייע מאַסן געהאַרגעטע, פאַרוואונדעטע און צעקריפּלטע און... וואָס נאָך ערגער — פון זינען־געווירטע און צעווילדעוועטע מעשוגאָאים...

דער הויפּט־אומגליק איז געווען דאָס, וואָס פיל, די גרעסטע צאָל מעשוגאָאים האָט מען ביכלאַל זעלטן געקאָנט אונטערשיידן פון די קלאָרע. געוויינטלעך האָבן זיי זיך געהאַלטן צוזאַמען מיטן גאַנצן איבעריקן מיליטער. זיי זענען אַפילו מיטגעגאַנגען אין די שלאַכטן פּונקט ווי אַלע אַנדערע סאָלדאַטן און האָבן אָן ווידערשפּעניקונגען אויסגעפאָלגט די באַפעלן פון זייערע קאָמאַנדירן. בלויז די ווילדערע פון זיי זענען צומאָל געבליבן הינטערשטעליק פון זייערע אָפּטיילונגען און האָבן זיך — איינזאַמע און בלאָנדזשענדיקע — אַרומגעוואַלגערט

אין די בערג, צווישן די געהאַרגעטע און פאַרוואונדעטע.

אין די פאַרנאַכטן, ווען מען האָט אויפגעהערט שיסן, האָבן זיך איבער די בערג, צווישן די שטיינער, געהערט יאָמערלעכע געשרייען און געוויינען, וואָס האָבן אויסגעזען ווי דאָס געוויין פון הונגעריקע שאַקאַלן. צומאָל האָבן זיך געטראָגן ווילדע געלעכטערס און געזאַנגען. טיילמאָל, ווען מיר האָבן זיך פאַרשפּעטיקט אַפן באַרג און פאַרבליבן אינעם טונקעלן אָוונט, האָט זיך אומגעריכט פון צווישן די שטיינער אַ באַווייז געטאָן אַ צעדולטער סאָלדאַט מיט אַן אויסגעשטעלטער ביקס קעגן אונדז און מיט ביטערקייט געשריגן, אַז מיר זענען סאָנים און מען דאַרף אונדז פאַרטיליקן...

מיר זענען דעריבער שטענדיק געווען אין אַ געפאַר אומצוקומען פון אַזאַ צעדולטן. בלויז אַ דאַנק אונדזער געשיקטער און כיטרער האַנדלונג און אָפט אַפילו איבערן ניט פינקטלעכן צילן פון מעשוגע-נעם, — איז אונדז געלונגען ניצל צו ווערן פון זיכערן טויט.

אָבער ווי שטאַרק מיר האָבן זיך ניט געהיטן, איז אונדז דאָך אַמאָל אויסגעקומען זיך אָנצושטויסן אַף אַזאַ מין אומגעריכטן גאַסט. יעדער איינער פון קאָמאַנדע האָט געהאַט צו דערציילן וועגן אַזעלכע עטלעכע אומגעריכטע באַגעגענישן.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, בעאייס איך — קימאַט דער לעצטער אַפן באַרג — האָב געהאַט אויפגעהויבן אַ פאַרוואונדעטן, אים אַריבערגע-לייגט אַף די אַקסלען און גענומען אַראָפּנידערן צום איבערבינדונג-פונקט, איז פון ערגעץ אומגעריכט אָנגעלאָפן אַ סאָלדאַט און — פרע-סנדיק מיך מיט זיינע שטאַרע בליקן — אַ געשריי געטאָן:

— העי, דו, גיב מיר אַהער דעם קראַנקן!... איך בין אַ דאָקטאָר און איך וועל שוין אַליין מאַכן די אָפּעראַציע איבער אים!...אָט האָב איך נאָר-וואָס טאַקע, כי-כי-כי...

איך האָב זיך גענומען אָפּרוקן פון אים. ער, אָבער, האָט דאַן אַ שטעל געטאָן זיין ביקס קעגן מיר און צעווילדעוועט געשריגן:

— לאָז אים דאָ, זאָג איך דיר!...לאָז אים דאָ!... איך באַפעל!... איך בין דער צאַר פון די פאַרוואונדעטע, כי-כי-כי!...

איך האָב אַפילו טכילעס פּרובירט אַנטלויפן פון אים, אָבער יענער איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג און איך — דערזעענדיק זיינע ווילד-אויסגעגלאָצטע אויגן און דעם אויסגעשטעלטן באַגנעט אַנטקעגן מיין ברוסט — האָב איך פאַרזיכטיק אַנידערגעלייגט דעם פאַרוואונדעטן אַף דער ערד און אַליין זיך אַ לאָז געטאָן לויפן צו דער קאָמאַנדע נאָך הילף. אין אַ ווייל שפּעטער, ווען איך — צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע

יאָסן — בין צוריקגעקומען צום פּלאַץ, איז שוין יענער מיטן קראַנקן ניט געווען. מיר האָבן אים קוים פאַרכאַפּט ערגעץ אין אַ זייטיקן באַרג־שפּאַלט, אין דער זעלביקער רעגע, ווען ער האָט אַ הויב געטאָן זיין האַנט מיט דער ביקס און מיט דער שאַרפער שפּיז אַנטקעגן דער באַקעט־צעעפנטער וואונד פון פאַרוואונדעטן, וועמען ער האָט געהאַט אַריבערגעלייגט איבער אַ גרויסער, באַקעטער סקאַלע...

עס איז געווען אַ שווערער איניען איבערצושלאָגן דעם דאָזיקן צעדולטנס טאָט. אַ געפּאַר איז געווען, אַז דער מינדסטער געשריי, אָדער אויסרוף, קאָן נאָך אַרויסרופן אַ שטאַרקערע צעווילדעוועטקייט באַ דעם מעשוגענעם און ער זאָל דעריבער טאָקע אַרייניאָגן אָט דעם שאַרפן באַגנעט אין דער אָפענער וואונד פון דעם אומגליקלעכן. מיר זענען געשטאַנען ווי פאַרווירט. צום גליק איז טשעריאַקן איינגע־פאַלן אַ געדאַנק און מיר— ווי ער האָט אָנגעוויזן — האָבן זיך אַלע אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן, גענומען זינגען און פראַווען מעשוגענע שטיק צווישן זיך. דערמיט האָבן מיר אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמ־קייט פון מעשוגענעם און אַזויאַרום ענדלעך צוגענומען פון אונטער זיינע הענט דעם פאַרוואונדעטן...

איבער דעם דאָזיקן צופאַל האָבן מיר באַשלאָסן מער ניט צו גיין איינציקווייז, נאָר אין גרופּעס. אָבער אָט האָבן מיר, אַ גרופּע, — בעאייס מיר האָבן געהאַלטן אין צוזאַמענקלויבן דאָס אָנגעוואָרפענע געווער פונעם באַרג, — זיך אָנגעשטויסן אף אַזאַ מין בילד:

אין אַ ווינקל, צווישן שטיינער, איז געזעסן אַ יונגער באָכערל. לעבן אים, פון איין זייט, איז — האַלב־זיצנדיק — געלעגן אַ געהאַר־געטער און, אין דער צווייטער, — אַ פאַרכאַלעשטער פאַרוואונדעטער. דער באָכערל — אפן אויסזען אַ געוויינטלעכער סאָלדאַט — האָט, — זינגענדיק אַ לידל — אַרומגעטייטלט מיט אַ פינגער פון איינעם צום אַנדערן, אויסגעציילט זילבעסווייז די ווערטער, ווי קינדער בעאייס אַ שפּיל און זיך אונטערגעהאָצקעט באַ יעדער זילבע:

— „איינס און צוויי און דריי און פיר,
ס'האָט קיינער ניט געלערנט מיר
ווי צו לעזן, ווי צו שרייבן,
און וויפל 1 פון 2 וועט בלייבן...“

ווען מיר זענען צוגעגאַנגען און צוגענומען דעם פאַרוואונדעטן ביי אים, האָט ער, דער באָכערל, זיך צעכליפּעט נאָר ווי אַ קינד באַ וועמען מען נעמט צו אַ שפּילכל, איז אונדז נאָכגעלאָפן און געבעטן:

— גיט מיר אָפּ מיין כאַוור!...מיר שפּילן זיך דאָ אַזוי שיין...

אומעטום, וואו מען האָט זיך נאָר געקערט און געווענדט, האָט זיך געזען דאָס צעפאַלן ווערן פון מענטשן; די צעשטערונג פון דעם לעבן, אָדער פון דעם גייסט. עפּעס האָט עס זיך אויסגעהויכט, ווי פּאַרע, אין כאָלאָל אַריין און איבערגעלאָזט נאָך זיך בלויז טרויער און געוויין. און געווייינט האָבן ניט נאָר די גערירטע פון זינען,— נאָר אויך אַזעלכע, וואָס זענען נאָך באַטראַכט געוואָרן פאַר קלאָרע. און כאָטש מען האָט עס ניט אויף אַלעמען געקאָנט אַזוי לייכט מערקן, האָט מען עס אָבער בוילעט געקאָנט דערפילן. די יונגע, די ניי-אָנגעקומענע סאָלדאַטן, האָבן מיט אַ קינדערשער בענקשאַפט און מיט טויט-שרעק אין די אויגן געווישט די טרערן און זיך געצאַפּלט אין פיינלעכע אַנגסטן. די עלטערע, ווידער, די צוגעוואוינטע, האָבן— קוקנדיק אויף זיי— צוגעשאָקלט מיט די שווערע, פאַרטרויערטע קעפּ. גערעדט האָט אָבער קיינער ניט. אַלע, אַלע האָבן זיי געשוויגן...

דערפאַר האָט שוין דאַווידאָוו ניט אויפגעהערט רעדן. נאָך יעדער געלעגנהייט האָט ער אין אויפרעגונג געמורמלט:

— אָט וואָס די הינט האָבן געמאַכט פון מענטשן!...אָט צו וואָס זיי האָבן עס די וועלט דערפירט!...

גרישונין, אַז ער האָט דאָס דערהערט, האָט צוזאַמענגעדריקט די פויסטן און געבומען קריצן מיט די ציין:

— יאָ, דאַווידושקע, און ווי די הינט, אין זייערע פאַרפלוכטע הינטישע נעשאָמעס אַריין, וועט מען זיי דאַרפן אָפּצאָלן דערפאַר, ווען די צייט וועט קומען!... קיין שום ראַכמאָנעס ניט, ווי זיי האָבן קיין ראַכמאָנעס ניט געהאַט... באַצאָלן...פאַר אַלעם... מיט פּראָצענט!...

*****

עטלעכע טעג קעסיידער איז געווען אַן איבעררייס און מען האָט קימאַט ניט געשאָסן. מיר האָבן שוין אָבער גאַנץ גוט געוואוסט, אַז נאָך אַזאַ שטילשטאַנד וועט זיכער אָנקומען אַן עמעסער שטורעם. דערווייל האָבן די פראָנט-ליניעדיקע סאָלדאַטן איבערגעכאַפּט די אָטעמס, ווער מיט אַ ביסל שלאָף — זיצנדיקערהייט, אין גרוב, און ווער — מיט אַ שפּיצעלע פון אַ מאַכאָרקע-ציגייערל, וואָס ער האָט פון אַ צווייטן כאַווער אויסגעבעטן...

מיר האָבן זיך געפונען לעבן דער אינפאַנטעריע. צוואָרפענע זענען מיר געלעגן אויף דער ערד, הינטער דער שיסער-קייט, און זיך צוגעקוקט. אין אַ באָוויגע האָט מען אַרויסגעגעבן געקאָכטע שפּייז.

אף די קני, מיט די קעסעלעך אָנגעהאנגען אין די מיילער, ווי הינט, זענען יאַטן צוגעקראָכן צו דער קיך, וואָס האָט זיך געפונען עטלעכע הונדערט טריט נידעריקער, און אַזוי — מיט פולע קעסעלעך בײַ זיך אין די מיילער — צוריקגעקראָכן. הונגעריקע האָבן די סאָלדאַטן זשעדנע זיך צוגעכאַפּט צום עסן. מיט בלאָטיקע מיילער האָבן זיי געזופּט דעם שיטערן, איבערגעזויערטן און קאַלט-געוואָרענעם באָרשט, און מיט צעשפּאָלטענע ליפּן געקייט די שטיקער ליימיקע און זאַמדיקע ברויט.

אָפּגעזונדערט פון אַלעמען זענען געזעסן צוויי סאָלדאַטן. זייער אָפּגעזונדערטקייט און זייער ענלעכקייט, האָט אַרויסגערופן אַ מין באַזונדערע צוציאונג. איינער פון זיי — שוין אין די מיטעלע יאָרן, און דער צווייטער — נאָך אין די סאַמע בעסטע יונגע בליאונג-יאָרן. ביידע — מיט שווערע, פאַרנאַכלעסיקטע קערפּערס און מיט אַפּאַטיש-אָפּגעלאָזענע, ווילד-באַוואַקסענע פּעניםער. דער אָנבליק זייערער — אַ טאַטע מיט אַ זון. האַלב-ליגנדיק זענען זיי ביידע געזעסן אָנגע-לענט איינער אין אַנדערנס פּלייצעס, מיט די ביקסן אף די קניען.

פּונקט ווי אַלע אַנדערע סאָלדאַטן האָבן אויך זיי מיד און פויל געקייעט דאָס עסן און יעדע ווייל זיך אומגעקוקט איינער אפן צווייטן מיט צעווייטיקט-טרויעריקע, אָבער געפילפולע בליקן. אַז זיי האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן, האָט דער עלטערער זיך מיטאַמאָל אומגעקערט צום יונגערן און — מיט ווייכקייט — אים אַ פרעג געטאָן:

— וואַניאַ, אַ וואַניאַ, האָסטו כאָטש, זונעלע, גענוג געהאַט?...

יענער האָט שטום אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

דער עלטערער האָט באַזאָרגט אַ זיפץ געטאָן און, אַפּאָנים, ניט געוואָלט גלויבן. ער האָט גענומען שפּאַרן אין יענעמס האַנט אַריין אַ שטיק ברויט און געבעטן:

— נעם, וואַניאַ, זונעלע, נעם!...דו דאַרפסט עס דאָך האָבן מער פון מיר!... דו ביסט נאָך יונג און...איך...איך קאָן זיך גיכער באַגיין. אָט, איך וועל פאַרבייסן מיט אַ ציגײַערל און...

דער אינגל האָט ניט באַוויזן צוצונעמען דאָס שטיקל ברויט פון יענעמס האַנט, ווי עס האָט זיך מיטאַמאָל אַ טראָג געטאָן אַ שיסערײַ פון דער טערקישער זייט. די פּולעמיאָטן האָבן פּלוצלונג אָנגעהויבן צו טאַראַטאַקעווען, פליענדיקע קוילן האָבן גענומען סווישטשען אין אַלע זייטן און אַלע זענען געצוואונגען געווען זיך גלייך אַנידערצו-וואַרפן פלאַך צו דער ערד. אין דער לופט האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ דראָענדיק-טויטלעכער אַרויסרוף, וואָס איז גלייך אָפּגעענטפערט געוואָרן פון אונדזער זייט. די אָפיצירן האָבן גלייך צוגעוואָרפן אַ

באַפעל צו עפענען פייער אף צוריק, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עמעסע מעהומע. פון ערגעץ אינדערוויש, פון סאַמע עק ליניע, האָט זיך יעדע ווייל איבערגעגאָסן פון מויל צו מויל באַ די סאָלדאַטן אַ דערהאַלטענער באַפעל:

— פייער!... אָנהויבן פון רעכטן פלאַנג און קעסיידער!...

— פולעמיאָטן, — אַלע מיטאַמאָל, אָן איבעררייס!...

און אָט איז אָנגעקומען אַ נייער באַפעל:

— גרייט זיך אַריבערצולויפן!...אָנהויבן פון לינקן פלאַנג!...

— איינציקווייז, אין פאָרויס!...אונטערהאַלטן מיט פייער!...

ווי מייז פון די נאָרעס, אַזוי האָבן די סאָלדאַטן, איינער נאָכן אַנדערן, פאָרזיכטיק אַרויסגעהויבן זייערע קעפּ פון הינטער די שטיי-נער. דאָ און דאָרט האָט זיך איינער מיטאַמאָל ראַפּטאָוונע אַ שטעל געטאָן אף די פיס און זיך אַ לאָז געטאָן לויפן. באַלד ווי יענער האָט זיך אַוועקגעלייגט, איז געלאָפן אַ צווייטער, אַ דריטער און...

זיי האָבן זיך געוואָרפן אפן אָפענעם, אומבאַשיצטן פעלד און גלייך געעפנט אַ שיסעריי, קעדיי דערמיט דערמעגלעכן פאַר די איבעריקע, וואָס זענען נאָך געבליבן פון הינטן, אויך אַריבערצולויפן...

אינגאַנצן אַרום צוויי הונדערט טריט איז געווען צו לויפן ביז צו דער אָנגעמערקטער ליניע. נאָר דערלויפן פאַראַמאָל — אונטער די פליענדיקע פולעמיאָטן-קוילן, וואָס האָבן געשניטן איבער די פיס, געזעגט איבער די בייכער און געהאָגלט איבער די קעפּ, — איז דאָס געווען אַ צו ווייטער מעהאַלעך. שוין אין די ערשטע עטלעכע טריט, האָבן די סאָלדאַטן — אינמיטן דעם לויפן — זיך געמוזט ראַפּטאָוונע אַוועקוואַרפן, קעדיי זיך צו ראַטעווען פונעם אַנטקעגנקומענדיקן פייער. מאַסן סאָלדאַטן האָבן אַפילע די דאָזיקע עטלעכע טריט ניט באַוויזן צו מאַכן. אינמיטן לויפן האָבן פיל פון זיי מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן די הענט אינדערהויך, אַרויסגעלאָזט די ביקס און, מיט אַן אויסטערלישן קוויטש, אומגעפאַלן הינטער זיך, ווי אונטערגעהאַקטע בוימער...

מיר, די סאַניטאַרן, זענען געלעגן באַהאַלטן הינטער אַ בערגל. דאָרט האָבן מיר ווי ניט איז געהאַט אַ מעגלעכקייט צו שיצן אונדזערע קעפּ פון די פליענדיקע קוילן און דערביי, פונדערווייט, פאָרזיכטיק זיך צוקוקן צום גאַנג פונעם איבערלויף. מיר האָבן געזען:

דער עלטערער מאַן, בעאייס ער איז געלאָפן פאָרויס, האָט זיך פלוצלונג אָפּגעשטעלט אינמיטן, ווי ער וואָלט עפּעס געהאַט פאַרגעסן הינטער זיך. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט באַ דער ברוסט און איז גלייך מיט אַ הייזעריקן קוויטש אַ פאַל אום

געטאָן צו דער ערד. באַלד נאָך אים איז געלאָפן דער אינגל וואַניאַ. ער — אַז ער האָט דערזען ווי דער אַלטער איז אומגעפאַלן — האָט אַפּאָנים פאַרגעסן אין דער לויערנדיקער געפאַר, איז געבליבן שטיין לעבן אים און פאַטעטיש גענומען שרייען:

— ניט!... ניטע!... ניט שטאַרב!... ניט שטאַרב!...

גלייך האָט זיך פון הינטער אַ שטיין אַפער אַרויסגעהויבן אַ האַנט מיט אַ רעוואָלווער און אַ דיקע שטימע פון אַן אומגעזעען מויל האָט פון ערגעץ בייז און באַפעלעריש אויסגעשריגן צו אים:

— בעהיימע, וואָס האָסטו זיך אָפּגעשטעלט דאָרט?!... לויף!... לויף ווייטער, דו אויסוואורף, איידער איך...

דער אינגל, האָט זיך געזען, האָט געוואָלט אויספאָלגן. ער האָט שוין אַפילע געהאַט אויפגעהויבן אַ פוס און, ווייזט אויס, געקליבן זיך אַ יאָג טאָן פאָרויס. מיטאַמאָל אָבער האָט ער אַזאַ קאָנוואולסיוון ציטער געטאָן, אַרויסגעלאָזן אַ היסטערישן קוויטש און זיך גענומען אַרונטערלאָזן ווי אַף איבערגעהאַקטע קניען.

שפּעטער, נאָכדעם ווי דער אַריבערלויף איז פאַרענדיקט געוואָרן; ווען דאָס שיסעריי און די געשרייען זענען אַנטשטומט געוואָרן און די שלאַכט האָט אויפגעהערט, — האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט איבערן פעלד צוזאַמענצוקלויבן די פאַרוואונדעטע. דעם אינגל האָבן מיר געפונען אַן אַריבערגעוואָרפענעם איבערן אַלטנס קערפער. ער איז געווען קימאַט ווי איבערגעזעגט אין דער העלפט. שטיקער פאַרטרוקנטע בלוט האָבן זיך געוירן אַרום זיין פאַסיק און... אפן קאַרק... מיר האָבן זיי ביידן — אים און דעם אַלטן — באַערדיקט צוזאַמען אין אַ ספּעציעל־אויסגעגראָבענעם קייווער, איינעם לעבן דעם צווייטן...

*****

**דער פראָנט** האָט זיך מיטאיינמאָל אַ רוק געטאָן אַף אַ צענדליק ווי־אָרסט אין פאָרויס. די טערקן זענען געלאָפן אין פאַניק און אונדזערע האָבן זיי נאָכגעיאָגט. נאָכן אָפּשטעלן זיך אַף די נייע פּאָזיציעס, האָט מען אונדז איבערגעלאָזט אונטן, אינעם איבערבינדונג־פונקט, וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַ דערפעלע, נאָענט פון דער פּאָזיציע. מיר האָבן באַקומען אַן אויפגאַבע אויפצופאַסן אַף די פאַרוואונדעטע, וואָס מען וועט אַרונטערברענגען.

דער פונקט איז געווען אין אַ געוויינטלעכן טערקישן הייזל. אין די שטיבלעך — ווי אין ס'ראָוו טערקישע שטיבלעך — איז ניט געווען

קיין סימען פון קיין פענצטער. אַביסעלע ליכט און לופט איז צו אונדז אַרייַנגעקומען בלויז דורך די לעכער, וואָס אין די באַלקנס. אַרום די ווענט, אף דער ערד, האָבן מיר אויסגעשפּרייט שטרוי, און דערויף אַוועקגעלייגט די פאַרוואונדעטע, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּערירט, אָדער אָפּגעשיקט ווערן צו אַ ווייטערדיקן עוואַקואיר-פּונקט. אין אַ צווייטן, מער-פינצטערן שטיבל, האָבן מיר אַוועקגעלייגט די, וואָס האָבן שוין קיין אָפּעראַציעס ניט געדאַרפט מער, נאָר געוואַרט בלויז אף אויס-צעהויכן זייערע לעצטע אָטעמס. אינעם לעצטן שטיבל — אָן שטרוי שוין — האָבן מיר געלייגט יענע, וואָס זענען שוין אַלץ איבערגע-קומען און בלויז געדאַרפט באַערדיקט ווערן...

די אַרבעט אונדזערע אינעם פּונקט איז געווען אַ שווערע. מיר האָבן געדאַרפט אַרומרייניקן און אַרומוואַשן די וואונדן באַ די נאָר-וואָס אַרונטערגעבראַכטע פאַרוואונדעטע, און זיי גרייט צו מאַכן פאַרן דאָקטאָר. אָפט איז אונדז אַפילע אויסגעקומען אַליין צו באַנדאַזשירן לייכטע וואונדן באַ פאַרוואונדעטע און צוהעלפן דעם דאָקטאָר באַ די אָפּעראַציעס. מיר האָבן צוגעגרייט די מאַכשירים, זיי אויסגעקאָכט אין אַ קעסעלע, דערלאַנגט צו דער האַנט און צוגעהאַלטן די פאַר-וואונדעטע, אַז זיי זאָלן זיך — בעאייס די אָפּעראַציעס — אַמאָל ניט אַרונטערגליטשן פונעם קאָסטן-טיש, וואו מען האָט זיי אַוועקגעלייגט. גאַנץ אָפט האָבן מיר דערביי געכאַפּט אַ זעץ פון אַ פאַרוואונדעטן, וואָס האָט זיך — אין זייַנע גרויסע ווייטיקן — צעווילדעוועט...

אויך האָבן מיר געדאַרפט אָפּמונטערן די פאַרכאַלעשטע און אָנ-קאָרמען די פאַרהונגערטע. דאָס עסן זייערס איז אָבער באַשטאַנען נאָר פון אַביסל געקאָכטע וואַסער מיט אייַנגעבראָקטע סוכאַרעס. יענע, וואָס האָבן שוין קיין עסן ניט געקאָנט פאַרנעמען, האָבן מיר בלויז מיט אַן אייַנגענעצטן פינגער אַ פּיר געטאָן איבער די טרוקן-צעפּלאַצטע ליפּן, קעדיי זיי כאָטש באַך אף אַ ווייל באַם לעבן צו דערהאַלטן...

עמעס, די דאָזיקע אַרבעט איז ניט געווען אַזוי ריזיקאַליש און שווער ווי אף די בערג, אָבער דערפאַר פיל שמערצלעכער און אַפילע אויפּרעגנדיקער. פאַר אונדז, אומדערפאַרענע און ניט-צוגעוואוינטע, איז געווען פייַנלעך צו שטיין באַ די אָפּעראַציעס און צוקוקן זיך ווי דער דאָקטאָר מינסקי, אַ מאָבילידירטער יונגערמאַן מיט אַ שפּיציק בערדל, האָט זיי דורכגעפירט. עפּעס איז אויסגעקומען פאַר אונדז, אַז ער טוט עס מיט אַזאַ קאַלטן געמיט — נאָר ווי אַ גאַזלען. ס'איז געווען מאָדנע צו זען, ווי ער האָט אַזוי גלייַכגילטיק געטאָפּטשעט מיט די ווייכע, געפּאַסטע שטיוועלעך אין דער צעליאַפּעט-בלאָטיקער ערד, אינדרויסן,

לעבן דעם פּונקט, און נעמט זיך דאַרט פּאָרקען מיט זיינע גלאַנציקע מעסערלעך, שפּיזעלעך און זעגעלעך, אַרויסצודליבען ביי אַ מענטשן אַן איינגעגראָבענע קויל, אָפּט צוזאַמען מיט שטיקלעך פּאַרבלוטיקטע פליייש, פון אַ פּאַרוואונדעטנס קערפּער אַרויס...

דערצו נאָך האָבן מאַסן אָפּגעשניטענע מענטשלעכע איירוועריים זיך אַרומגעוואַלגערט קימאַט אונטער די פיס און ביי אונדז דעם מאַרך פון די געהירן אויסגעזויגן. אַ סאַך ערגער איז געווען, ווען מיר האָבן געדאַרפט די דאָזיקע איירוועריים צונויפקלייבן, קעדיי זיי צו באַערדיקן. דעמלט האָט זיך פּאָשעט געפילט ווי צו אַנטלויפן פונעם פונקט. יאָ, אַפילע צוריקגיין צום געפערלעכן שלאַכט־פעלד, אַבי ניט שטיין און צוקוקן ווי דאָקטאָר מינסקי שניידט לעבעדיקע, ליידנדיקע מענטשן. אָפט איז אין מויעך פאַרבייגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז עס וואָלט עפשער פיל בעסער געווען צו לאָזן די דאָזיקע שווער־פּאַרוואונדעטע מענטשן איינגאַנצן אויסגיין, איידער זיי נאָכאַמאָל אַזוי צו פּייניקן...

אָבער דאָס, וואָס קיינער פון אונדז האָט אַפילע ניט געוואַגט אפן מויל צו ברענגען, האָט אונדזער „וויעטער" יאָ געטאָן:

— איך וואָלט בלויז וועלן וויסן, — האָט ער איינמאָל נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע אַ זאָג געטאָן,— נאָך וואָס דאַרף מען אַזוי שטאַרק ראַטעווען די פּאַרוואונדעטע? וואָלט דען ניט בעסער געווען, אַז מען זאָל זיי לאָזן אומקומען, אָדער לעכאַטכילע זיי אינגאַנצן ניט אַרויפ־שיקן אף דער פּאָזיציע און זיי פּאַרשפּאָרן צו ראַטעווען?!...

דערויף האָט טשעריאַק מיט ביטערער איראָניע אָפּגעענטפערט:

— נאַרעלע. וואָס הייסט, מען זאָל ניט אַרויפשיקן? נו, ווי אַזוי וועלן דאַן די גרויסהאַרציקע מענטשן קאָנען באַווייזן פאַר דער וועלט, אַז זיי פּאַרמאָגן יוישער און ראַכמאָנעס?... אָט, אַז מען שיקט אַרויף מענטשן און מען צעשיסט זיי, איז דאָ וועמען צו ראַטעווען און...

— גערעכט, טשעריאַק! — האָט דאַן דאַווידאָוו מיט ביטערקייט צוגעוואָרפן. — דאָס האָסטו טאַקע גוט געזאָגט. אָבער דאָסמאָל איז דאָס ראַטעווען — ניט קעדיי צו ווייזן, אַז זיי האָבן ראַכמאָנעס, נאָר קעדיי זיי דערנאָך ווידעראַמאָל קאָנען נוצן פאַר קאַנאָנען־פליייש...

גרישונין האָט צעקאַאַסט אַ ברום געטאָן:

— וואָס איז דער כיילעק צוליב וואָס זיי טוען עס?... איין זאַך איז קלאָר: זיי האָבן אונדז אַלעמען טיף אין דער ערד און באַמאַכן אונדז נאָך צו ביסלעך, דער טייוול זאָל זיי אויסשטיקן!...

דער דאָקטאָר מינסקי, וואָס האָט אונדז קיינמאָל ניט געשטערט אין אונדזערע רייד, האָט זיך דאָסמאָל יאָ אויסגעדרייט צו אונדז. ער

האָט צוגעוואָרפן אַ לייכטן, גוטמוטיקן שמייכל און — מיט אַ געמאַכטער שטרענגקייט — מיקלוימערשט אַ דראָע געטאָן מיט אַ פינגער:

— העי, יאַטעלעך, אַזוי טאָר מען דאָך ניט רעדן... דאָס איז דאָך פּאָשעט קעגן געזעץ!...

זיינע רייד, — אַרויסגעזאָגט מיט ווייכקייט, אָבער דערביי מיט אַ קלאָרער איראָניע, — האָבן אונדז אַלעמען איבעראַשט. מיר האָבן אין אים מיטאַמאָל דערפילט אַ נאָענטן מענטשן און זיך אויפגעהערט צו היטן פאַר אים. ער, דער דאָקטאָר, כאָטש ער האָט קיינמאָל ניט גענומען קיין דירעקטן אָנטייל אין אונדזערע רייד, — האָט אָבער גאַנץ אָפט פונווייטן צוגעשמייכלט און — גוטמוטיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דערפאַר איז ער אָבער געווען גאַנץ שטרענג אין זיינע פאָדערונגען בײַ דער אַרבעט. דאָרט האָט ער פון אונדז געפאָדערט פולע אויפמערקזאַמקייט און גוטע באַציאונג צו די אומגליקלעכע. אַליין האָט ער זיך אויך אַזוי באַצויגן צו זיי, — אַ זאַך, וואָס איז ביכלאַל געווען אַ זעלטנהייט צווישן מיליטערישע דאָקטוירים. דאָס האָט זיך אַוואַדע געקאָנט דערקלערן דערמיט, וואָס ער איז געווען אַ מאָבילי־זירטער און ניט צעפרעסן פון דער באַוואוסטער ווערעמדיקייט אין דער אָפיצירישער סוויווע. כוץ דעם, וואָס ער האָט געאַרבעט פלינק און איבערגעגעבן, האָט ער נאָך טאָמיד באַרואיקט און געלאַסטשעט די פאַרוואונדעטע, בעאייסן דורכפירן אַן אָפּעראַציע. ער האָט געטאָן אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, קעדיי אייננצושפּאָרן בײַ עמעצן איבעריקע ווייטיקן. בעכיבעם — ווען עס איז נאָר געווען די מינדעסטע מעג־לעכקייט צו שפּאָרן אַן אייווער — האָט ער ניט אַמפּוטירט. ער האָט דורכגעפירט אַזעלכע קינסטלעכע אָפּעראַציעס, וואָס עס איז גאָר שווער געווען צו גלויבן, אַז עס זאָל מעגלעך זיין אין אַזעלכע אומגינסטי־קע באַדינגונגען, אפן פעלד הינטער דער סאַמע פּאָזיציע. ניט איינער פון די פאַרוואונדעטע האָט אים מאַמעש געהאַט צו פאַרדאַנקען פאַרן אָפּראַטעווען אַ גליד און אָפטמאָל אַפילע דאָס לעבן...

אונדזערע יאַטן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן באַוואונדערן דעם דאָקטאָר מינסקי פאַר זיין פלינקער און געראָטענער אַרבעט, און אים פּאָשעט ליב געקראָגן פאַר זיין מענטשלעכער באַציאונג. אָפט האָט מען וועגן אים גערעדט צווישן זיך און — כאָטש די אַרבעט איבעם פונקט איז ניט געווען פון די לייכטע און באַקוועמע — האָבן זיך דאָך אַלע געוואונטשן צו בלייבן אַרבעטן אונטערן דאָקטאָר מינסקי...

אָף ווי ווייט די באַוואונדערונג פאַרן דאָקטאָר מינסקין איז ביי אונדז אין קאָמאַנדע דערגאַנגען, איז געווען צו זען דערפון:

איינמאָל, נאָך אַ באַזונדערס שווערער און געלונגענער אָפּעראַציע, האָט אַרטיאָמאָוו פלעגמאַטיש אַ זאָג געטאָן צו דאַווידאָוון:

— אַבי מען האָט געזאָגט, אַז די אידן זענען ניט געטריי... אָט, דער דאָקטאָר מינסקי — אַ איד און דאָך... זע, ווי ער ראַטעוועט דאָס אונדזערע פראַוואָסלאַוונע מענטשן...

און מאָדנע: כאָטש פאַר אַלעמען איז געווען באַוואוסט, אַז בלויז ער, דאָקטאָר מינסקי, איז עס דער וואָס טוט די דאָזיקע געראָטענע אַרבעט, — איז פונדעסטוועגן אַלץ געגאַנגען אפן רעכנונג און אפן נאָמען פון אונדזער שטענדיקן בריגאַדע־דאָקטאָר, דעם פאָלקאָווניק אָרלאָוו. ער, אָרלאָוו, — אַ הויכער, געזונטער פאַרשוין, מיט גלאַטיק־גלאַנציקע אויגן, ווי ביי אַ שיקער, און מיט גרויסע, אַרויפגעקאַמטע וואָנצעס, וואָס האָבן איס געגעבן דעם אויסזען פון אַ דייטשישן אָפי־ציר, — האָט זיך אַליין גאָר זעלטן געפונען אינעם פונקט. די גאַנצע צייט איז ער אָפּגעלעגן אין שטאַב און אָפט אַפילו ווייטער. אַהערצו, אין איבערבינדונג־פונקט, פלעגט ער צוקומען בלויז איינמאָל, אָדער — העכסטנס — צוויי מאָל אין כוידעש. און דאָס ראָוו בלויז דעמלט, ווען מען האָט זיך געריכט אף עפעס אַן אַרמיי־קאָמאַנדיר, וואָס האָט געזאָלט באַטראַכטן ווי די אַרבעט דערגייט אף דער פאָזיציע. אָרלאָוו איז דאַן אָנגעקומען אַביסל פריער, צוזאַמען מיט זיינע צוויי גרויסע שלאַנקע יאַגט־הינט, וועלכע זענען אַרומגעלאָפן איבער דעם פונקט, געלעקט די פון בלוט־דורכגעווייקטע ערד און אונדז אַלעמען אַרומ־געשמעקט מיט זייערע שפיציק־פייכטע נעז. אָרלאָוו אַליין האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ ווייסן פאַרטעך, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט, און אַרויסגעגעבן מעשונעדיקע באַפעלן. שפעטער, בעאייס ער האָט אַרומגעפירט דעם אָנגעקומענעם גאַסט, האָט ער אים ראַפּאָרטירט וועגן דער גרויסער צאָל געראַטעוועטע; וועגן דעם קליינעם פראָצענט פון אומגעקומענע אונטערן מעסער און באַרימעריש צוגעגעבן:

— אָט ווי מיר מאַכן עס דאָ, עקסעלענץ. ציפערן ליגן ניט!...

ער האָט פאָרגעשטעלט דאָקטאָר מינסקין ווי זיין געהילף און — באַם באַגלייטן יענעם צום פערד — שטיל אַ זאָג געטאָן:

— אייער עקסעלענץ ווייסט דאָך אַוואַדע ווי די אידן זענען גע־ווייניטלעך, אָבער דער דאָזיקער אידל איז גאַנץ אַנדערש... ער באַציט זיך ערנסט צו דער אַרבעט און... ער איז ווערט אַ באַלוינונג. איך האָף אַז אונטער מיין האַנט וועט ער נאָך ווערן אַ גרויסער כידורג...

איינמאָל האָט דאָקטאָר מינסקי אויפגעכאַפּט די דאָזיקע רייד, נאָר זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק. ווי שטענדיק איז ער ווייטער אָנגעגאַנגען

מיט זיין אַרבעט און בלויז שטילערהייט אונטערגעשמייכלט. ווען ער האָט באַמערקט אונדזער פאַרדראָס דערויף, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— וואָס דאַרפט איר זיך ערגערן? אַזוי איז עס שוין טאָמיד באַ דער דאָזיקער כעווררע. זיי נעמען שטענדיק אַוועק די פּרוכטן פון פרעמדער אַרבעט, אַקוראַט ווי זיי נעמען צו די לעבנס פון טויזנטער מענטשן פאַר זייערע פּערזענלעכע און גייציקע צוועקן...

דערנאָך האָט ער זיך צוגעבויגן און נאָך שטילער צוגעגעבן:

— דאָס וועט אָבער דויערן בלויז אַזוי לאַנג, ביז דאָס פאָלק וועט אַרויס פון געדולד און סאָף-קאָל-סאָף אַ געשריי טאָן: „גענוג"!...

דאָקטאָר מינסקיס רייד זענען שוין פאַר קיינעם אין קאָמאַנדע מער ניט געווען קיין איבעראַשונג. אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז ער איז אַן אויסגעצייכנט-וואוילער מענטש. גרישונין האָט אַפילו אייגמאָל אין שפּאַס אַ פרעג געטאָן דאַווידאָוון:

— הער נאָר, דאַווידושקע, איז דאָקטאָר מינסקי ניט אַמאָל פון דייַנע כעוורע-לייט?...

דאַווידאָוו האָט דערויף קיין דירעקטן ענטפער ניט געגעבן. מען האָט אים אָבער גאַנץ אָפט געזען זיך סוידען מיטן דאָקטאָר און גאַנץ אָפט אַוועקשפּאַצירן מיט אים ערגעץ אויסערן דאָרף...

*****

**שלאַכטן** האָבן זיך ווידער אָנגעפאַנגען און מען האָט ווידער געגומען אַרונטערברענגען מאַסן פאַרוואונדעטע צו אונדז אין איבערבינדונג-פּונקט. אין איין טאָג זענען דורכגעגאַנגען אַזויפיל פאַרוואונדעטע און אַזעלכע פאַרשידנאַרטיקע, וואָס מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן. עס זענען געווען סאָלדאַטן מיט די לייכטסטע וואונדן אף אַ פינגער און אַזעלכע, וואָס זענען געווען איין גאַנצע גרויסע וואונד און זיך געהאַלטן אף אַ האָר באַם לעבן. און אַלע האָבן זיי באַקומען דאָקטאָר מינסקיס אויפמערקזאַמקייט...

אָט האָט מען אַרונטערגעבראַכט אַ יונגן באָכערל, באַ וועמען די קויל האָט דורכגעלעכערט דעם שטערן, אַביסל העכער פון די אויגן. דאָקטאָר מינסקי האָט אַ קוק געטאָן אף אים, גענומען מעסטן דעם קאָפּ מיט אַ שטאָלענעם צאָל-שטאָק און עפּעס נאָך אַזאַ מאָדנע אינסטרומענט און גליך אַ זאָג געטאָן צו אונדז:

— אַ פאַטאַלע וואונד, יאַטן. קומט, לאָמיר זיך גיכער אַ נעם טאָן צו אים און דען וואָס מיר קאָנען טאָן פאַרן אומגליקלעכן! איך

האָף בלויז, אַז די קויל איז ניט דערגאַנגען צו די געהירן און...

מיר האָבן זיך אַ נעם געטאָן צוגרייטן די אינסטרומענטן פאַר דער אָפּעראַציע. דער דאָקטאָר האָט זיך דערווייל אַרומגעדרייט אַ נער־וועזער, געביסן אַ נאָגל און — אַזוי גיך ווי מיר זענען נאָר פאַרטיק געוואָרן — זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט קוידעם־קאָל מיט אַ קליין, שאַרף מעסערל, אויפגעשניטן די הויט פונעם קאָפּ באַ דעם באָכערל, דורכגעלעכערט דעם שאַרבן און — מיט שפּיציקע זילבערנע צווענגלעך און שפּיזעלעך — פאַרזיכטיק גענומען אַרויסדליבען די קויל, וועלכע איז — ווי ער האָט אונדז שפּעטער דערקלערט — אַזש געלעגן אפן סאַמע הייטל פון די געהירן.

די אָפּעראַציע איז גיך פאַרענדיקט געוואָרן און האָט אויסגעזען צו זיין געלונגען. דעם אינגל האָבן מיר גלייך אַוועקגעלייגט אף דער מיט שטרוי־אויסגעבעטער ערד, אַז ער זאָל צו זיך קומען. ער האָט אויסגעזען בלאַס און שוואַך. מיר האָבן אים לייכט אַרומגעוואַשן דאָס פּאָנים און ער האָט עבדלעך געעפנט די אויגן. ער האָט גענומען זיך ציען מיט זיינע אָפּגעשוואַכטע הענט, ווי אַ פאַרווירטער, ערגעץ אין פאָרויס פון זיך און, מיט אַ ציטערדיק געזאַנג, גענומען רופן:

— מאַ־אַ־אַ־מע־ע־ע... וואַ־אַ־אַ־סע־ע־ער...

דאָקטאָר מינסקי איז געשטאַנען אַריבערגעבויגן איבערן באָכערל. יעדע וויל האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן־לעדלעך און אַריינגע־קוקט אין זיינע אויגן. מיטאַמאָל איז דער דאָקטאָר, אַ צעווייטיקטער, אָפּגעשפּרונגען פונעם קראַנקן און פאַרצווייפלט אַ מורמל געטאָן:

— און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז...

אפן אינגלס ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ ווייסע שוים. ער האָט אָנגעהויבן מאָדנע צו ציטערן און זיך גלייך גענומען וואַרפן אין אַ קאָנוואולסיע. די אויגן זענען ביי אים מיטאַמאָל געוואָרן אויפגעלאָפן און פאַרוואָלקנט. ער האָט אָפּגעשוואַכט געקרעכצט:

— מאַם־וואַס... מאַם־וואַס... מאַם־וואַס...

שפּעטער האָבן מיר אים איבערגעטראָגן אין דער לעצטער, פּינצ־טערער שטוב אַריין און איבערגעדעקט זיין פּאָנים מיט אַ פּאַלאַטקע...

דער דאָקטאָר איז אַרומגעגאַנגען אַ צעבראָכענער און — פּונקט ווי ער וואָלט אַן אייגענעם זון פאַרלוירן — געבורמעט:

— נאָך אַ יונג, אומשולדיק לעבן אף דעם מיזבייעך פון זייער נידערטרעכטיקער, געמיינער אַוואַנטיורע...

אונדזערע הערצער האָבן מאַמעש מיטגעוויינט...

*****

**איידער** דער דאָקטאָר מינסקי האָט באַוויזן פאַרטיק צו ווערן מיט איין גרופּע פאַרוואונדעטע, האָט מען פונעם באַרג אַרונטערגעבראַכט אַ צווייטע. עס האָט ניט גענומען קיין צען מינוט אַפילו באַכדעם ווי דער אינגל איז אויסגעגאַנגען, — איז דער דאָקטאָר שוין געשטאַנען און געאַרבעט איבער אַ צווייטן. יענער — אַ גרויסער, פעסטער סאָלדאַט, האָט געהאַט אַ צעשמעטערטן פוס פון אַ שראַפּנעל-שפּליטער. דער דאָזיקער פאַרוואונדעטער איז, זעט אויס, לאַנג געבליבן ליגן אויפן באַרג, אונטערן פייער, איידער די סאַניטאַרן האָבן געקאָנט צוקומען צו אים און אים אַרונטערטראָגן. ער וואָלט זיכער אויסגעגאַנגען פונעם בלויזן בלוט-פאַרלוסט, ווען דער דאָקטאָר וואָלט זיך ניט גלייך גענומען צו אים.

קיין איינציקע רגע איז ניט פאַרלוירן געגאַנגען. באַלד ווי מיר האָבן אים נאָר געהאַט אויפן טיש, וואָס מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט פון ליידיקע פּאַטראָנען-קעסטלעך, איז דאָקטאָר מינסקי שוין געווען לעבן אים. איינעם פון אונדז האָט ער דערלאַנגט אַ שטיק וואַטע, — איינגעטונקט אין כלאָראָפאָרם, אָף איינצושלעפערן דעם פאַרוואונדעטן און אַליין האָט ער דערווייל אַרומגערייניקט דעם פוס מיט יאָדינע און אַנדערע שטאַרקע פליסיקייטן. דערנאָך האָט ער גענומען אַ בלאַנקנדיק-שאַרף מעסער, וואָס האָט געגלאַנצט ווי זילבער, דערמיט פלינק אַ דריי געטאָן אַרום דעם פוס, עטוואָס העכער פון דעם צעשמעטערטן פלאַץ, אַרומגעשניטן די הויט און זי אַרויפגעקאַשעט, ווי מען פאַרקאַשעט געווייגטלעך אַ זאָק. נאָך דעם האָט ער איינגעשניטן דאָס פלייש ביז צום ביין און, מיט אַ קליינער, בלאַנקער זעג, גענומען איבערזעגן דעם ביין. דעם אָפּגעשניטענעם טייל פוס האָט ער פלינק אָפּגעוואָרפן אָן אַ זייט און זיך גלייך גענומען צו די אָדערן. ער האָט זיי עפּעס אַזוי ווי איבערגעקנופּט און איבערגעבונדן און זיי פאַרשטייפּט אין לייב אַריין. די אָפענע וואונד האָט ער אַריבערגעדעקט מיטן פלייש, אַריבערגעצויגן די הויט איבער דעם און — מיט עפּעס אַזאַ מאָדנער האַלב-רונדער נאָדל — זי צוגעייפּגענייט. דערנאָך האָט ער דעם גאַנצן פאַרבליבענעם טייל פוס אַרומגעלייגט מיט גאַזע און וואַטע און דאָס פעסט אַרומבאַנדאַזשירט...

די דאָזיקע אָפּעראַציע האָט איינגאַנצן געדויערט עפּשער אַ צען מינוט בלויז. די אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט און דער פאַרוואונ-דעטער — געראַטעוועט. מיר האָבן אים פאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט אויפן

שטרוי און — אַזוי גיך ווי ער איז נאָר געקומען צו זיך — אים אַרויפגעלייגט אַף אַ הענג-בעטל, וואָס צוויי פערד האָבן אַף דרענגער געטראָגן, און אים אָפּגעשיקט צו אַ ווייטערדיקן עוואַקואיר-פּונקט.

ווען די שלאַכטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און קיין פאַרוואונדעטע זענען ניט צוגעקומען, האָט דאָקטאָר מינסקי אונדז געלערנט ווי אַזוי אַרומצוגיין אַרום פאַרוואונדעטע און ביכלאַל ערשטע הילף. איינמאָל האָט ער פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן צו אונדז:

— אַ נו, יאַטעלעך, לאָמיר נאָר אַרונטערוואַרפן די העמדעלעך פון זיך און אַ קוק טאָן וואָס מיר אַליין מאַכן מיטן געזונט!...

לעכאַטכילע האָבן מיר אַפילע געמיינט, אַז ער שפּאַסט עס אַזוי. זעענדיק אָבער, אַז ער שטייט שוין מיטן אויער-טרייבל און העמדל און וואַרט אַף אונדז, האָבן מיר ערשט אַריבערגעוואָרפן די העמדלעך איבער די הויזן, צוגעגאַנגען און זיך געשטעלט אין אַ ריי.

— דאָס אייגענע געזונט און דאָס לעבן, ברידערלעך, — האָט ער געזאָגט בעאייסן באַטראַכטן אונדז, — איז דאָס איינציקע און טייערסטע וואָס מיר פאַרמאָגן. די צאָרע איז בלויז דאָס, וואָס עס ווערט פאַרנוצט פאַר פרעמדע, טייוולישע אינטערעסן. עס וועט אָבער קומען אַ צייט, ווען דאָס וועט מער ניט גענוצט ווערן אַף אונטערצודריקן און אַף צו מאָרדן מענטשן, נאָר צום העלפן זיי...

אָפט, אין פרייע טעג, האָט דאָקטאָר מינסקי אונדז צונויפגענומען און דערציילט פאַרשידענע מאַיסעלעך וועגן גאַנץ ווייטע און פרעמדע לענדער און אומבאַקאַנטע מענטשן; וועגן אַלטע צייטן און אַמאָליקע הערשער; וועגן אונטעריאָכטע שקלאַפן און העראָאישע אויפשטאַנדן. ער האָט דערציילט וועגן דעם קאַמף פון די ספּאַרטאַקן און דאָס פאַלן פון רוים; וועגן דעם געבורט פון רוסלאַנד און איר לאַנג-יעריקער אַנטוויקלונג. אונדזערע יאַטן האָבן זיך צוגעהערט מיט אָפענע מיילער.

אין די אָוונטן, ווען ער האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן, איז ער געזעסן באַ זיך, איבעם טערקישן שטיבל, ניט ווייט פון דעם פּונקט, און דאָרט פאַרבראַכט מיט צוויי סאָלדאַטן פון דער סאַפּיאָרן-קאָמאַנדע, וואָס איז אין דאָרף געשטאַנען. אַמאָל פלעגט אויך דאַווידאָוו צו אים אַרייַנגיין. וועגן וואָס זיי האָבן דאָרט גערעדט, האָט קיינער פון דער קאָמאַנדע ניט געוואוסט. גערעדט האָבן יאַטן צווישן זיך, אַז אַוואַדע שפּילן זיי דאָרט אין קאָרטן, כאָטש זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז ער, דאַווידאָוו, שפּילט ביכלאַל ניט. דאַווידאָוו אַליין האָט געשוויגן.

אָבער אַפּאָנים, אַז דאָס וואָס די קאָמאַנדע האָט זיך ניט געקאָנט דערוויסן, האָט באַטשאַלסטווע אינעם ווייטן שטאַב זיך יאָ דערוואוסט.

איינמאָל, אין אַ פּאַשעטן טאָג, זענען פונעם שטאַב אָנגעקומען דער אַדיוטאַנט מיטן דאָקטאָר אָרלאָוו. זיי האָבן אַרויסגערופן דעם דאָקטאָר מינסקי פונעם פונקט אַרויס, היציק גערעדט מיט אים און דערביי עפּעס זייער שטאַרק געוואָרפן מיט די הענט. נאָך דעם איבעררעדן זיך האָט דער אַדיוטאַנט געהייסן דעם דאָקטאָר מינסקין פאַרנעמען זיינע אַלע זאַכן און אים מיטגענומען מיט זיך אין שטאַב אַריין.

מער האָבן מיר שוין דעם דאָקטאָר מינסקין ניט געזען. אויפן דריטן טאָג נאָך זיין אַוועקגיין, איז צו אונדז אינעם איבערבינדונג-פּונקט אָנגעקומען אַ צווייטער דאָקטאָר. דאָסמאָל — שוין אַן עמעס-מיליטער-רישער, — אַ קאַפּיטאַן. אין פּונקט האָט זיך גלייך דערפילט אַ שווערע אָנגעצויגנקייט. דער נייער דאָקטאָר האָט קעסיידער געשריגן און זיך געבייזערט. עס איז אים קיינמאָל ניט געפעלן געוואָרן וואָס און ווי מיר האָבן געטאָן. פאַר דער קלענצטער אומפּינקטלעכקייט האָט ער זיך געזידלט ווי אַ פעלדפעבעל. זיין באַליבסטע קלאָלע איז געווען:

— לייז מעאובערעסע, אין אייערע מאַמעס נעשאָמעס אַריין, אַז די בייכער זאָלן אייך פּלאַצן!...

אינעם איבערבינדונג-פּונקט ביי אונדז איז דעריבער געוואָרן שווערער מיט יעדן טאָג. ניט נאָר צו אונדז, סאַניטאַרן, איז דער נייער דאָקטאָר געווען ווי אַ גאַזלען, נאָר אַפילו די שווער-פאַרוואונדעטע זענען פון אים ניט בעסער באַהאַנדלט געוואָרן. אָפט, ווען מען האָט אַרונטערגעבראַכט אַ ניט זייער געפערלעך-פאַרוואונדעטן, האָט ער אים אַזוי גענומען זידלען און דערגיין די יאָרן, אַקוראַט ווי יענער וואָלט שולדיק געווען אין זיין אייגענעם אומגליק. די גאָר לייכט-פאַרוואונדעטע האָט ער אַפילו פאַרגעוואָרפן, אַז דאָס האָבן זיי זיך אַליין צעקאַליעטשעט, קעדיי זיך אַרויסצודרייען פון דער פּאָזיציע, און זיי געדראָעט איבערצוגעבן צום פעלד-געריכט.

צו אונדזער גליק זענען מיר אויף לאַנג ניט פאַרבליבן דאָרטן. עטלעכע וואָכן נאָך דעם דאָזיקן דאָקטאָרס אָנקומען, האָבן מיר ענדלעך דערהאַלטן אַ באַפעל פונעם שטאַב, אַז מיר זאָלן גלייך זיך פאַרנעמען פונעם פּונקט און זיך מעלדן אין שטאַב.

מיט פרייד האָבן מיר צונויפגענומען אונדזערע זאַכן און — מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג — זיך געלאָזן אין וועג אַריין...



# קאַפּיטל פּופצן

פּאַריס!... דאָס מיליטער האָט זיך געיאָגט פּאַריס מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, באַכציאָגן די אָפּטרעטנדיקע, צע־קלאַפּטע טערקישע אַרמיי. מען האָט אַזוי אונטערגעאײַלט אונדזערע סאָלדאַטן, אַז זיי האָבן אַפילו ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט פּאַר אַ ווײַל זיך אָפּצורוען אין די פאַרבײַגעגאַנגענע דערפלעך און עפּעס געניסן אין זיי. דערפאַר איז עס אָבער פאַר אונדז און די אַנדערע שטאַב־סאָלדאַטן געווען נאָך מער ווי געוואונטשן. האָבן מיר זיך נאָך אַרײַנגעכאַפּט ערגעץ אין אַ דערפל, אויף אונדזער וועג פּאַריס, האָבן מיר דאָרט געהאַט צו פאַרנעמען מאַמעש מיט דער פולער האַנט און וויפל מען האָט נאָר געקאָנט אַוועקטראָגן.

אויף אַ בערגל, לעבן אַ פאַרלאָזן דאָרף, וואָס מיר זענען פאַרבײַ־געגאַנגען, האָבן מיר דערזען אַ סטאַדע בעהיימעס זיך פּאַשען און מיר זענען אַרויפגעגאַנגען. דער פּאַסטעך — אַן אַלטיטשקער, שטאַרק־געקנייטשטער טערק מיט קימאַט־אויסגערונענע טראַכאָמע־אויגן, האָט אונדז באַטראַכט מיט צעשראָקענער איבעראַשונג. עס האָט אויסגעזען, ער גלויבט זיך ניט, אַז ער זעט בעעמעס אַזויפיל פרעמדע סאָלדאַטן אַרום זיך. אַ ציטערדיקער האָט ער אונדז דערציילט, אַז בעאייס ער איז אַוועק מיט דער סטאַדע פאַר פּאַשע אויפן באַרג, איז די טערקישע אַרמיי נאָך געשטאַנען זייער ווייט אַוועק און ס׳האָט זיך קיינעם ניט געכאָלעמט, אַז מיר, די רוסן, זאָלן זיך קאָנען דורכרייסן. ער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער, ווי פון אַן איבערגעוועקטן, זיסן כאָלעם. מיט טרערנדיקע אויגן האָט ער צוגעקוקט, ווי מיר האָבן פאַרנומען די בעהיימעס, און דערבײַ עפּעס געפּלאַפּלט אויף זיין שפּראַך.

מיר זענען אָנגעקומען אין אַ דערפל, וואו אונדזער שטאַב האָט געדאַרפט אָנקומען זיך צו באַזעצן. עס איז געווען פאַרנאַכט. די זון — אַ רויטע און גרויסע — האָט זיך געהאַלטן אין זעצן אונטער אַ

פּורפּור-קאָלירטן, באַוואָלקנטן האָריזאָנט. די אַרומיקע געגנט האָט זיך צעצונדן אין רויט און אויסגעזען ווי אין אַ ריזיקער סרייפע. די בערג האָבן מאַמעש געגליט. די ערד האָט געבלוטיקט. דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך געטונקען אין אַ יאַם פון פאַנטאַסטישע קאָלירן. די גרינע און געלע געוויקסן אף די אַרומיקע פעלדער, האָבן געפלאַקערט. די גראָזן פון פיל שאַטירונגען, און די ראַשיקע, קאָלירפולע בלומען אף די לאָנקעס, האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די צעוואָרפענע זון-שטראַלן, וואָס האָבן זיך געשפילט אין אַלע זייטן און אָנגענומען די פאַנטאַסטישסטע באַפאַרבונגען. עס איז געווען אַזוי בלענדנדיק-שיין און אַזוי ליבלעך-אנגענעם, אַז עס האָט זיך שיער פאַרגעסן אין דער מילכאָמע און עס האָט זיך געוואָלט אַזוי שטיין און קוקן אף דער דאָזיקער לעבהאַפטער קאָלירן-שפּיל. אָבער דאָס האָט ניט לאַנג אָנ-געהאַלטן. די זון האָט באַגראָבן איר לעצט ביסל רויטקייט אונטער אַ שווערן, גרויען וואָלקן, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן באַם סאַמע האָריזאָנט, און אויסגעזען ווי עפּעס אַן אויסטערליש-גרויסע כאַיע, מיט אַ בייזן, אָפענעם פּיסק — גרייט איינצושלינגען אַלץ אַרום זיך. עס איז געוואָרן גרוי און עס האָט אָנגעהויבן צו טונקלען...

מיר, וואָס האָבן שוין פון לאַנג ניט געהאַט פאַרזוכט דעם טאַאַם פון אַ שטיקל פליש, האָבן זיך גלייך גענומען צערעכט מאַכן איינע פון די פאַרנומענע בעהיימעס. אונדזער אומגעדולד און פאַרלאַנג צו עסן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן — ווי ווילדע שוואַטים אַרום געפאַנגענעם רויב — זיך אַרומגעדרייט אַרום דער געשאָכטענער בעהיימע און אַרום די יאַטן, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט אַרום איר. אַפילע אָפּקאָכן דאָס פליש האָבן מיר קיין געדולד ניט געהאַט. בלויז שטיקערווייז האָבן מיר אַרויפגעשטאָכן אונדזערע כאַלאָקים אף די ביקס-שאָמפּאָלן און דאָס געפּרעגלט אף גרויסע שייטערס. און אַזוי, האַלב-רוי, אָן זאַלץ און אָן ברויט, דאָס זשעדנע געפרעסן און פאַר-טרונקען מיט אויפגעקאָכטער וואַסער, קעדיי אַרונטערצושווענקען ווי ניט איז דעם ביטערן באַכטאַאַם פון דער פעטקייט. דערנאָך, אַז מיר האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעזעטיקט, האָבן מיר זיך צעוואַליעט אף דער הוילער ערד און פעסט איינגעשלאָפן...

דער שטאַב איז אָנגעקומען אינמיטן נאַכט. דער אַדיוטאַנט האָט גלייך צוגעשיקט אַ שטאַפעט און אונדז געלאָזט וויסן, אַז פאַרטאָגצו רירן מיר זיך ווידער אַרויס אין וועג, פאָרויס, — שוין צוזאַמען מיט אים. מיר זענען שוין דערפאַר יענע נאַכט קימאַט ניט געשלאָפן...

*****

**געגאַנגען** זענען מיר דאָסמאָל איבער אַ באָר-וואָס אויסגעהאַקטן וועג. מאַסן שפּיציקע שטיינדלעך האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פּיס. געהאנגען איז דער דאָזיקער וועג אף די רוקנס פון די בערג, אינדערהויך, און זיך געדרייט און געצויגן, אַריבערקוקנדיק איבער אַ האַסטיק-לויפנדיקן באַרג-טייך, וואָס האָט אונטן, מיט זיינע רוישיק-קלאָרע וואַסערן, אָן אויפהער געוואַשן די ברוינע פעלדזן-פיס פון די הויכע בערג.

פונוויטן, פון יענער זייט בערג, האָבן זיך — אף אַ גרונט פון גלאַט-קאָלירטן און רואיקן בלוי — אַרויסגעריסעוועט פאַנטאַסטישע שפּיצן פון אַ טערקישער שטאָט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אויסגעמאָלט מיט קישעפדיקע רעגנבויגן-פאַרבן. אַרויפצו, צו דער הויך, האָבן זיך געצויגן מאַסן פאַרשפּיציקט-קיילעכיקע קעפּ פון „מינאַרעטן"1), מיט מאַסיווע שטיינערנע גאַניקעס אַרום זייערע העלדזער. נידעריקער האָבן זיך מיט אַ באַלעבאַטישער רואיקייט צעלייגט רונד-בייכיקע, ברייטלעכע דעכער פון סאָלידע „מעטשעטן"2), וואָס האָבן אויסגעזען עפּעס אַזוי מיזרעכדיק-פויל, ווי אַלע אַרומיקע בערג. דאָ און דאָרט האָבן אין טאָל געהויערט געזעטיקט-צופרידענע, רייך-קאָלירטע „מאָשייען"3), וואָס האָבן זיך בוילעט אַרויסגעשניטן פון צווישן די מאַסן קליינע, אין אומאָרדנונג-צעוואָרפענע, אָרימע און אַלטע הייזלעך. מיטאַמאָל אָבער, וואָס בעענטער מיר זענען דערגאַנגען, איז אַלץ ווי דורך אַ קישעף פאַרשוואונדן. עס האָט אויסגעקוקט, ווי די פּאַנאָראַמע וואָלט זיך דערשראָקן פאַר אונדז און זיך באַגראָבן ערגעץ אונטער דער ערד.

דער אַדיוטאַנט האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען קוקן דורך זיינע פעלד-גלעזער אין דער ווייטקייט אַריין. אַן אומרואיקייט האָט זיך צעגאָסן איבער זיין פּאָנים. ער האָט צוגערופן סטעפּאַקינען צו זיך און אים באַפוילן אַרונטערצושיקן צוויי מענטשן, אַז זיי זאָלן אויסגעפינען, צי דאָס איז טאַקע די שטאָט, וואָס ער האָט געוואָלט, און צי עס איז גענוג זיכער דאָרט פאַר אונדז אַריינצוגיין.

יערמישין און קאַטאַיעוו האָבן אַרונטערגענידערט פונעם באַרג און מיר, די גאַנצע קאָמאַנדע, האָבן זיך דערווייל צוגעזעצט אַביסל אָפּרוען. מיר זענען געזעסן און אונטערגעשמייכלט. דער איניען פון אַרונטערשיקן מעראַגלים איז אונדז אויסגעקומען גאָר מאָדנע. מיר האָבן זיך איבערגעוואונקען צווישן זיך און טשעריאַק האָט שטיל, —

1) קלויסטער–טורעם. 2) מאַכמעדאַנישע קירך. 3) פּאַלאַצלעך.

אַז דער אַדיוטאַנט זאָל ניט הערן — אַ שעפּטשע געטאָן:
— איר וועט זען, יאַטן, אַז ער וועט אונדז נאָך פאַרפירן ערגעץ אין אַ טערקישער שוויץ-באָד אַריין...
— יאָ, — האָט גרישונין צוגעשטימט, — וואָס-וואָס, אָבער מיט קאַלטס און הייס וועט ער אונדז שוין באַזאָרגן...
כעוורע האָבן זיך געשטיקט פון געלעכטער.
מיר זענען געזעסן אָנגעלענט אָן אַ פעלדז און האָבן צו ביסלעך אונטערגעדרימלט. עטלעכע יאַטן האָבן דערוויל פאַרדריכערט, אַז דער אַדיוטאַנט זאָל ניט זען. באַלד זענען אָנגעקומען עטלעכע רייטער, וואָס האָבן זיך נאָר-וואָס געהאַט אַרויסגעהויבן פונעם טאָל, פון דעם שטעטל אַרויס, און געהאַלטן באַם פאַרביירייטן אונדז. דער אַדיוטאַנט האָט זיי אָפּגעשטעלט און אויסגעפרעגט. זיי האָבן דערציילט, אַז אין שטעטל אונטן איז ניט פאַראַן קיין שום רוסיש מיליטער און אַז עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז ערגעץ אין די הייזלעך, אף די זייטיקע געסלעך, זאָלן זיך אַמאָל ניט האָבן באַהאַלטן קיין טערקישע סאָלדאַטן, — איבערגעבליבענע פון דער אָפּגעטראָטענער טערקישער אַרמיי.
דער אַדיוטאַנט האָט זיך געמערקט, איז געוואָרן געל און גרין און זיך פאַרלוירן. געזאָגט האָט ער אָבער גאָרניט.
באַלד האָבן זיך אונדזערע צוויי מעראַגלים באַוויזן אונטן, באַם פוס פונעם באַרג און — מיט האַנט-צייכנס אונדז סיגנאַליזירט, אַז מיר קאָנען זיך זיכער אַרונטערלאָזן, ווייל אין שטעטל איז רואיק.
דער אַדיוטאַנט האָט זיך צוריק אַרויפגעכאַפּט אפן פערד, געגעבן דעם באַפעל און מיר האָבן זיך גענומען אַרונטערלאָזן.
מיר זענען צוגעקומען צום אַריינגאַנג פון „בייבורט“, — וואָס איז ביכלאַל געווען די ערשטע גרעסערע שטאָט וועלכע אונדז איז אויס-געקומען אָנצוגעגענען און אָקופירן, זינט אונדזער לאַנגן וועג, פון סאַמע אָנהויב מילכאָמע אָן...
*****

## דער אַריינגאַנג אין שטאָט, נאָכדעם ווי

מיר זענען דורכגעגאַנגען אַ גרויסע, באַבוימטע טראַסע, איז — ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך און דערפלעך אין טערקיי — געווען באַוואָרפן מיט מאַסן אָרימע, האַלב-כאָרעווע ערד-הייזלעך, וואָס זענען געלעגן ווי צוזאַמענגעטוליעט איינס אינעם אַנדערן. מען האָט ניט געקאָנט וויסן וואו עס איז דער אָנהויב פון איינעם און וואו עס איז דער סאָף פון

אַ צווייטן. מען האָט אַפילע ניט געקאָנט אָנזען קיין טיר, אָדער גאָר אַ וועלכן ניט איז אַריינגאַנג צו די דאָזיקע הייזלעך.

מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין שטעטל מיט אַ מאָדנעם נייגיר. אַ שרעק־געפיל האָט אונדז מיטאַמאָל באַוועלטיקט. די מעגלעכקייט, אַז דאָרט קאָנען נאָך ערגעץ זיין באַהאַלטן באַוואָפנטע טערקישע סאָלדאַטן, האָט אונדז געפּייניקט. מיר האָבן געשפּאַנט איבער די ענגע, שמאָלע און געדרייטע געסלעך און דערביי זיך געהאַלטן אין איין אַרומקוקן, צי עס באַווייזט זיך אַמאָל ניט פון ערגעץ אַ שפּיץ פון אַ ביקס, צי אַן אַנדער געווער. אונדזער שרעק איז אָבער געווען אומזיסט. פון אַלעם אַף אונדזער וועג האָט אַרונטערגעווייעט אַזאַ טויטע שטילקייט און אַזאַ מאָדנע פּיינלעכע געדריקטקייט.

דאָ און דאָרט האָבן מיר אָנגעטראָפן פאַרבייגייענדיקע שטילע און דערשלאָגענע טערקישע איינוואוינער. אַ מוירע און צאַאַר איז געווען אָפּגעשטעמפּלט אַף זייערע צעקנייטשטע און צעפּייניקטע פּנימער. דער גאַנג זייערער — אַ לייכטער — אַקוראַט ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט מיט די פיס אָנצוטרעטן די ערד אונטער זיך. זיי אַלע זענען עפּעס פאַרבייגעגאַנגען אַזוי שווייגנדיק, מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ, האָבן אויסגעמיטן אַ בליק צו טאָן אַף אונדז און זיך געשאַרט באַ די ווענט, אַזוי ווי שאָטנס פון געוועזענע מענטשן. און טאָמער האָט עמעצער פון זיי שוין יאָ געוואַגט אַ קוק צו טאָן אַף אונדז, איז זיין בליק געווען מיט אַזאַ טיפן אָפּשיי און דערעך־ערעץ, אַז עס האָט פּאָשעט פאַרקלעמט באַם האַרצן פון זייער געפּאַלנקייט.

עס איז בעעמעס שווער געווען צו קוקן אַף די דאָזיקע מענטשן. זיי, דאָס ראָוו אַלטע לייט, האָבן געטראָגן אַזאַ צעשראָקענעם טרויער אין זייערע אויגן, וואָס האָט זיי געמאַכט אויסקוקן נאָר ווי שאָטנס. דאַווידאָוו האָט אָנגעוויזן אַף אַזעלכן און שטיל אַ מורמל געטאָן:

— עך, וואָס מען האָט געמאַכט פון לעבעדיקע מענטשן!...

דערפאַר זענען שוין אָבער די טערקישע קינדער גאָר לעבעדיק געווען. פאַר זיי, וועלכע האָבן נאָך אַוואַדע ניט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאָר, איז אונדזער אָנקומען געווען ווי עפּעס אַ נייער יאָנטעוו. אויסגעצערטע און ראַכיטישע, זענען זיי — קימאַט נאַקעטע, מיט גע־גאָלטע קעפּלעך, ברודיק־ברוינע לייבער און שפּיציק־אויפגעבלאָזענע בייכלעך — מאַסנווייז אָנגעלאָפן מיט געבויגענע, באָרוועסע־פיסלעך און אונדז מאַמעש באַלאַגערט פון אַלע זייטן. נאָכלויפנדיק האָבן זיי אויסגעשטרעקט די ביינערדיקע הענטלעך און — זינגענדיק מיט טרויעריקע מעלאָדיעס — געהאַלטן אין איין בעטן:

— „מאָסקאָבי, — לאַוואַש!"...1)
— „כאַרדאַש, — שוקרו!"...2)
— „עפּענדי, — ביר פּיאַסטער!"...3)
— „שען יאַכשי, כאַרדאַש!"...4)

זייער זינגענדיק געבעט איז געווען אַזוי טרויעריק, זיי האָבן אונדז אַזוי שטאַרק פאַרפאָלגט, — אַז צי מיר האָבן עס יאָ געוואָלט, אָדער ניט, — באַר קעדיי וואָס גיכער פּאָטער צו ווערן פון זיי, האָבן מיר געמוזט אַריינקריכן אין די קעשענעס און אַרויסוואַרפן פאַר זיי צו עטלעכע מאַטבייעס.

דאָס קליינוואַרג האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אף די מאַטבייעס מיט זשעדנעקייט און דערביי געוואָרפן איינס דאָס אַנדערע צו דער ערד. זיי האָבן זיך געדרייט און געשפּרונגען, זיך געריסן איינער מיטן אַנדערן, זיך געשלאָגן און פול געמאַכט די געסלעך מיט טומלדיקע קינדערשע קוילעס. ווען עמעצן פון זיי איז געלונגען אויפצוהויבן אַ מאַטבייע פון דער ערד, האָבן די איבעריקע זיך אַ וואָרף געטאָן אף אים און מיט גוואַלד דאָס אַרויסגעריסן פון זיינע הענט. דאָס געוויין פון די באַרויבטע איז פאַרדעקט געוואָרן מיטן פריידיקן יובל-געשריי פון די זיגרייכע „רויבער"...

מיר האָבן זיך געשלעפּט דורך די שמאָלינקע לאַבירינט-געסלעך, וואָס האָבן זיך אָפּט געענדיקט אָן אַרויסגאַנגען, ווי פאַרמאַכטע הויפן. דאָ און דאָרט האָבן דורך אַ ווינקל פון די פאַרהאַקטע און פינצטערע טירן-לעכער פאַרגאַנוועטערהייט אַרויסגעקוקט צעשראָקענע פּענימער פון אומצוטרויִלעכע מענטשן. זייערע בליקן — שפּיזלדיקע — ווי באַ צום טויט-פאַרמישפּעטע, — האָבן געפינקלט מיט אַ שטילער, קוים-אָנזעבאַרער פאַראַכטונג און האַס צו אונדז, פאַרביימאַרשירנדיקע.

באַלד זענען מיר אַריינגעקומען אין די ווייטערדיקע, אינעוויי-ניקסטע גאַסן. עס האָט פאַרשמעקט מיט שטאָט. עס האָבן זיך שוין געזען פאַרשידנאַרטיקע, אָפּגעזונדערטע הייזער. וואו ניט וואו אַפילע — אַ צוויי-שטאָקיקע מויער, וואָס האָט זיך גאַדלעסדיק אַרויסגעהויבן פון צווישן די אַנדערע, די נידעריקע און האַלב-כאָרעווע. די דאָזיקע הייזער האָבן שוין געהאַט גלאָז-שויבן אף זיך, — אַ זאַך, וואָס איז אין טערקיי געווען אַ זעלטנקייט. ווייל — ווי מען האָט אונדז געזאָגט — איז אין לאַנד געווען אַ שטייער אף גלאָז-שויבן, און דעריבער האָבן די טערקן, וואָס זענען דאָס ראָוו אָרימע, דאָס אויסגעמיטן צו

1) מאָסקווער — ברויט. 2) ברודער — צוקער.
3) האַר — איין פּיאַסטער. 4) דו ביסט אַ גוטער, ברודער.

באַנוצן. דאָ, אינמיטן שטאָט, האָבן מיר שוין אַפילו אָנגעגעגנט עט־לעכע ברוקירטע גאַסן, וואָס זענען געווען אויסגעזעצט מיט שאַרפע, שפּיציקע קיזל־שטיינער, אויף וועלכע עס איז געווען פּיינלעך־שווער צו טרעטן. אַלע גאַסן, אָבער,— סיי די אינעווייניקסטע, פּונקט ווי באַם עק שטאָט,— זענען געווען שמאָלע, ענגע און געדרייטע...

ענדלעך זענען מיר אַרויס אויף אַ גאַנץ ברייטער גאַס, וועלכע — ווי עס האָט אויסגעזען,— איז פריער געווען די הויפּט מאַרק־גאַס פון שטאָט. איצט איז זי אָבער געווען ליידיק. די טירן און פענצטער פון די קראָמען — אויסגעזעצטע — זענען געווען פאַרהאַקט מיט אַלטע ברעטער, טירן, אָדער אַזוי שטיקער האָלץ. דער גאַנצער צעבראָכענער און נעבעכדיקער אויסזען פון אַלעם האָט איידעס געזאָגט, אַז אויף דער דאָזיקער גאַס האָט אונדזער מיליטער — בעאייסן פאַרבייגיין — זיך פאַרהאַלטן אויף אַ ווייל און זיך דערביי אַן עמעסן „שפּיל“ געטאָן...

אין די קראָמען זענען די סכוירעס געווען פאַנאַנדערגעוואָרפן, צעבראָכן און צעריסן. אַ מאַסע סכוירע איז גאָר אינגאַנצן געווען אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס אַרויס און זיך צעטראָטענערהייט געוואַל־גערט אינדרויסן. אפן ברוק, אינמיטן פון דער גאַס, זענען געלעגן פאַרשידענע נייע, בעקיוון צעבראָכענע זאַכן. אויף איין אָרט האָבן מיר זיך מיט די פיס אָנגעשטויסן אויף אַ צעשמעטערטן וועלאָסיפּעד, שוין אָן פּעדאַלן און אָן אַ געזעס. אַביסל ווייטער איז געלעגן אַ צעבראָכן קעסטל פון אַ פּאָנאָגראַף. די צעפּלאָנטערטע שטאָלענע ספּרוזשינעס — זיך וואַלגערנדיק לעבן דעם — האָבן אויסגעזען ווי אַרויסגעלאָזטע קישקעס פון עפּעס אַ מאָדנע לעבעדיק באַשעפעניש. אַביסל ווייטער, אין אַ ווינקל, איז געלעגן די טרובע — אַ צעקנייטשטע און צעפּלאַ־טשיקטע, ווי מען וואָלט בעקיוון געטאַנצט אויף איר...אָנגעלעגנט ביי אַ וואַנט, איז — האַלב־ליגנדיק — געשטאַנען נאָך אַ נייע „זינגער“ ניי־מאַשין, אויף אַ הינקעדיק טישל, פון וועלכן איין פיסל איז געווען אַרונטערגעבראָכן. אַ שטיק פונעם מאַשין־קאָפּ איז געווען אַרונטער־געהאַקט און פון אינעווייניק האָבן זיך אַרויסגעזען די פאַרשידענע שטאַנגען, רעדלעך און האָקנס. אויף דער ערד, דערלעבן, איז געלעגן דאָס געשטעל־ראָד — אַרויפגעשטעלט אויף עפּעס אַ קיילעכיק־געשניצט העלצל. דערביי האָט זיך געוואַלגערט אַ דרענג־מאַשינקע, שוין אָן די גומענע וואַליקעס און אָן אַ דייטל... אַ מישמאַש פון צעריסענע שטיקער לייוונט, קאָלירטן סיטץ און געבלומטע טאַפּעטן־פּאַפּיר, איז געלעגן אָנגעוואָרפן אין אַ קופּע און מיר האָבן דאָס געמוזט אַריבער־שפּרייזן. קוקנדיק אויף די דאָזיקע מאַסן אומנוציק־צעבראָכענע און

בעקיוון קאַליע-געמאַכטע אַרטיקלען,— האָט זיך געדאַכט מען זעט אַן אונטערגייענדיקע וועלט. אַ מאָדנע שווער געפיל האָט באַוועלטיקט.

מיר זענען פאַרביי אַ צעשמעטערטע אַפּטייק-קראָם. די פענצטער און טירן פונעם אַלטן, הילצערנעם הויז זענען געווען אויסגעבראָכן און אָפן, און האָבן אויסגעזען ווי אויסגעלאָשענע אויגן ביי אַ בלינדן. אפן ברייטן, אָנגעוואָרפענעם פענצטער-ברעט, זענען נאָך אַלץ געשטאַנען די געווײנטלעכע צוויי גרויסע בייכיקע סלאָיען, אָנגעפילטע — איינער מיט רויטלעכן, און דער צווייטער — מיט גרינלעך-באַפאַרבטן וואַסער. עטלעכע שפּיזלען פון פאַרבייגייענדיקע זון-שטראַלן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף זיי, זיך אַ שפּיגל געטאָן און זיך איינגעטונקען אין זיי. פון אינעווייניק, פון דער קראָם אַרויס, האָט דורך דער צעבראָכענער טיר דורכגעזעצט שאַרף-בייסנדיקע רייכעס פון מאָדנע געמישטע כעמישע און מעדיצינישע שטאָפן, פון האַרבע עסיק-עסענצן, זויער-שטאָפן און מיאַטעס, וואָס האָבן געביסן אין דער נאָז און געבריט אינעם גומען. אַביסל ווייטער, אין פראָנט פון אַ פאַרבן-קראָם, זענען די ברוק-שטיינער געווען פאַרשאָטן מיט אַ געמיש פון פאַרשידנקאָלירטע טרוקענע פאַרבן, און פון אינעווייניק האָט געטראָגן מיט שאַרפע רייכעס פון לאַקירן, טערפּענטינען און צעגאָסענעם אויל...

זעענדיק די אַלע צעבראָכענע און אַרויסגעוואָרפענע סכוירעס און זאַכן, איז ערשט קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס די איינוואוינער פון דעם שטעטל האָבן געטראָגן אַזאַ טויט-שרעק אין זייערע אויגן. דעמלט, אין אָנזיכט פון אָט דעם אַלעמען, איז פאַרשטענדלעך געוואָרן די סיבע פון זייער פאַראַכטונג, וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן באַ זיי אויף די צעשראָקענע און נידערגעשלאָגענע פּענימער. מען האָט קלאָר געקאָנט דערקענען, אויף ווי ווייט אונדזערע סאָלדאַטן האָבן זיך דאָרט, בעאייס זייער פאַרבייגיין דאָס שטעטל, אַ „שפּיל" געטאָן...

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אָפּרוען אויף אַ ווייל. דער אַדיוטאַנט האָט גלייכגילטיק געקוקט אויף די אָנגעוואָרפענע סכוירעס און דערביי אונטערגעשמייכלט. ער האָט גאַנץ קאַלטבלוטיק געדרייט אַ וואָנצע און זיך מיטאַמאָל סאַרקאַסטיש פאַנאַנדערגעלאַכט:

— די וואָס קומען פריער, האָבן, זעט אויס, טאַקע מער מאַזל... ניט אַזוי ווי איר, מוזיקאַנטסקע פייפקעס!...

זיינע רייד זענען געווען ווי אַ סיגנאַל פאַר עטלעכע יאָטן פון אונדזער קאָמאַנדע. „ווייעטער", דראַבולקין, יערמישין, באַלטשעק און קאַסאַיעוו, האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ צייכן, אַז זיי מעגן, און זיי האָבן זיך טאַקע איינער נאָכן צווייטן אַרויסגערוקט פון דער גרופּע.

זיי זענען זיך צעלאָפן איבער די קראָמען און אין עטלעכע מינוטן שפּעטער זיך אומגעקערט, שלעפנדיק מיט זיך וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. איינער פון זיי האָט געבראַכט צו טראָגן אַ פלייש-מאַשינקע, אַ צווייטער — עפּעס אַן אַלטן, צעבראָכענעם קעראָסין-לאָמפּ, און די איבעריקע — נאָך אַנדערע אומנוציקע פאַר זיי כאַפּייצים. פריידיקע האָבן זיי זיך געטראָגן מיט זייערע טראָפייען, כאָטש עס איז געווען קלאָר, אַז זיי אַליין האָבן ניט געוואוסט נאָך וואָס זיי דאַרפן אָט די דאָזיקע זאַכן, און צי זיי וועלן ווען עס איז זיי ביכלאַל קאָנען נוצן.

דאַווידאָוו, אַז ער האָט דערזען די אָנגעראַבירטע זאַכן, האָט גענומען שטאַרק קריצן מיט די ציין. ער האָט אָנגענומען גרישוניכען באַ דער האַנט און צעווייטיקט גענומען רעדן:

— זעסט, גרישונין, אַזוי, דאַכט זיך, קאָן עס דאָך נאָך עפּשער אויסקוקן ווי אַ באַרישקייט, ווי אַ קליינקייט... נו, וואָס איז דאָרט, אַז מען האָט צעראַבירט עטלעכע קראָמען?... וואָס איז דען, אַז מען האָט צעכאַפּט אַביסל צעבראָכענע און אומנוציקע זאַכן?... אַ קוק צו טאָן אָבער עטוואָס טיפער אין דעם איניען, קאָן מען ערשט זען, אַז דאָס איז אויך אַזאַ מיטל בלויז אונדז, סאָלדאַטן, צו פאַרשפּילן; אונדז אַזוי צו פאַרנאַרן, אַז מיר זאָלן אַפילע ניט פאַרשטיין ווי מען נאַרט אונדז, און זיך ניט כאַפּן אַפן שווינדל...

גרישונין האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט פאַרשטאַנען.

דער אַדיוטאַנט איז, ווייזט אויס, געווען צופרידן פון עפּעס. ער האָט — אַ שמייכלענדיקער — זיך צוריק אַרויפגעזעצט אפן פערד און גוטמוטיק באַפוילן אָנצופאַנגען גיין ווייטער. אינמיטן גאַנג האָט דאַווידאָוו — נאָך אַלץ אַן אויפגעקאָכטער — זיך אַ ווענד געטאָן צו אַ פּאָר יאַטן, וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך די טראָפייען:

— אויסוואורפן וואָס איר זענט!... טיפּשים אַזעלכע!... איר האָט זיך אַזוי לייכט געלאָזט אויפרייצן מיט אַ וואָרט און, אויך גענומען ראַבעווען. איר — אַליין באַראַבעוועטע!...נו-יאָ, אַ גדולע האָט אייך געטראָפן: באַקומען עפּעס אַ נייע נוצלאָזע שמאַטע צו שלעפן מיט זיך, קעדיי צו האָבן וואָס שפּעטער אַרויסצוואַרפן... און גלויבט מיר, אַז וואָלט איך נאָר געהאַט מאַכט, וואָלט איך אייך דערפאַר...

עס האָט אָבער אויסגעזען, אַז קיינער פון די יאַטן האָט אים ניט געהערט. זיינע רייד זענען ביכלאַל ווי פאַרטרונקען געוואָרן אונטערן געזשום פון דער קאָמאַנדעס שטיול-געקלאַפּ.

מיר זענען צוגעקומען צו אַ קליין, הילצערן בריקל, געמאַכט פון נייעם געהילץ, און אַריבערגעוואָרפן איבער אַ רוישיקן טייכל. ווי

עס האָט אויסגעזען, האָבן די טערקן — בעאייס זייער אָפּטרעטן פון דער שטאָט — אויפגעריסן די אַלטע בריק, פון וועלכער עס זענען בלויז געבליבן די צעשמעטערטע פיס און שטיקער אייזן. אונדזערע סאַפּיאָרן האָבן פאַרוואָרפן דאָס צייטווייליקע בריקל, קעדיי אונדזער אַרמיי זאָל דערווייל קאָנען אַריבערגיין, ביז זיי וועלן אויפבויען אַ נייע, אַ פעסטערע. דערפאַר וואָס דאָס דאָזיקע בריקל איז געווען אַ שוואַכס און האָט זיך אונטערגעוויגט אונטער די פיס באַם אַריבערגיין, — איז די קאָמאַנדע געווען געצוואונגען דאָס אַריבערצוגיין קימאַט ווי איינציקווייז, אף דער צווייטער זייט פון אָט דעם דאָזיקן טייכל האָט דער אַדיוטאַנט אונדז באַפוילן זיך אָפּצושטעלן.

פאַר די אויגן האָט זיך געשפּרייט אַ ברייט, פלאַך פעלד, וואָס האָט זיך איינגעטיילט אין טעראַסעס. די ערשטע, נידעריקסטע טעראַסע, האָט זיך אָנגעהויבן באַם סאַמע ברעג טייך און — אַ באַוואַקסענע מיט געדיכטע גראָזן און קוסטעס — זיך געצויגן צו אַ צווייטער און צו אַ דריטער, ביז צו דער העכסטער, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט באַם סאַמע פוס פון אַ באַרג, איינדערוויטנס. הויכע, שלאַנקע טאָפּאָל-בוימער האָבן באַצוימט דעם ברעג פונעם טייך, געבאָדן זייערע פיס-וואָרצלען אינעם בלאַנקנדיק-קלאָרן וואַסער און געשפּיגלט זייערע הויכע און שלאַנקע קעפּ אינעם איילנדיקן שטראָם.

דער אַדיוטאַנט האָט מיט די אויגן געמאָסטן דאָס פלאַץ, האָט דאָס אַרומגעקוקט און, ענדלעך, אונדז געהייסן צעשטעלן דעם לאַגער אף דער דאָזיקער טעראַסע, באַם סאַמע ברעג טייך.

מיר האָבן צוזאַמענגעטשעפּעט אונדזערע פּאַלאַטקעס פון צו זעקס איינצל-טיילן און זיי צעשטעלט אין צוויי רייען, לענג אויס פונעם ברעג. דאָסמאָל האָבן מיר געמאַכט גרעסערע פּאַלאַטקעס ווי טאָמיד, פאַר זעקס מענטשן אין יעדער, אָנשטאָט פאַר פיר. דאָס האָבן מיר געטאָן דערפאַר, ווייל אף צו שטיין אַ לענגערע צייט — ווי מיר האָבן זיך גערעכנט — און פאַר זומער-צייט ביפראַט, איז בעסער, באַקוועמער און טאַקע גראַמער אויך, צו מאַכן גרעסערע פּאַלאַטקעס. אין אָט אַזאַ פּאַלאַטקע האָבן בלויז זעקס מענטשן פאַרנומען דעם זעלביקן שעטעך פלאַץ, וואָס אין צוויי קלענערע, צו פיר אין יעדער, וואָלטן געווען פאַרנומען גאַנצע אַכט מענטשן.

שפּעטער, אַז מיר זענען פאַרטיק געוואָרן מיטן איינאָרדנען זיך, האָבן מיר געגעבן באַם אַדיוטאַנט אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין איבערן שטעטל אף „געיעג״, צו זוכן עפּעס אף צום עסן. און מאָדנע: דער אַדיוטאַנט האָט דאָסמאָל גלייך באַוויליקט אונדזער באַקאָשע. ער האָט

אונדז אָבער דערביי גאַנץ שטרענג אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך זען היטן עס זאָלן ניט אָנקומען קיין באַכקלאָגענישן אַף אונדז, סיי פון די איינוואוינער און סיי מיצאַד דער אייגענער באַטשאַלסטווע, וואָס קאָן זיך מעגלעך געפינען אינעם שטעטל...

*****

אַ צאָל יאַטן, קימאַט די גאַנצע קאָמאַנדע, אויסער דעם דעזשורנע, צוויי דנעוואַלנעס און נאָך עטלעכע יאַטן, וואָס האָבן זיך פאָשעט געפוילט, — האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט. מיר זענען געגאַנגען איבער די גאַסן און געסלעך און גענישטערט אין אַלע ווינקלען און שפּאַרעס, אין דער האָפנונג צו געפינען עפּעס אַף צום עסן. קיין ברויט האָבן מיר שוין פון עטלעכע טעג ניט געהאַט און עס האָט זיך אונדז מאַמעש געבענקט נאָך דעם. אונדזער זוכן איז אָבער געווען אומזיסט. ניט געווען אין ערגעץ קיין צייכן, קיין אָנדייט, אָדער אַפילע אַ שפּור אַף וואָסער ניט איז שפּייז. עס איז קלאָר געווען, אַז אַלץ וואָס איז נאָר פאַרבליבן אין שטאָט נאָכן אַוועקגיין פון דער טערקישער אַרמיי, האָבן עס פאַרנומען אונדזערע ערשט-פלאַנגיקע, פאַרבייגייענדיקע סאָלדאַטן, אָדער גאָר די דורכרייטנדיקע אויסשפּיר-קאָזאַקן...

מיר האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט אַנטוישטע און הונגעריקע, און שוין אַפילע געהאַט באַשלאָסן זיך אומצוקערן צוריק צום לאַגער.

מיטאַמאָל, שוין אַפן וועג צוריק, האָט גרישונין באַמערקט עפּעס אַזעלכעס וואָס האָט אים אויסגעזען צו זיין פאַרדעכטיק און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אַ צייג געטאָן אַף אַ צוויי-שטאָקעדיקער, אַלטער און קימאַט-איינגעפאַלענער הילצערנער הויז, וואָס איז דאָרט געשטאַנען אַריבערגעבויגן אין געסל אַריין. דאָס הויז האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אָט-אָט וועט עס זיך גאָר אויסציען איבער דער גאַנצער ברייט פון גאַס און זיך צעפאַלן אַף פּיצלעך...

מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום אַריינגאַנג. די הילצערנע טיר איז געווען פאַרמאַכט. אַן אייזערנער פּרענט איז געווען אַריבערגעוואָרפן איבער דער גאַנצער ברייט טיר, פאַרשלאָסן מיט אַ הענגנדיקן שלאָס און פאַרזיגלט מיט אַ טערקיש-מיליטערישן טריף-וואַקס-זיגל.

איבער דער טיר איז געהאנגען אַ קליין אַלט-אָפּגעריבן שילדל, אַף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן עפּעס אַף טערקיש. קיינער פון אונדז האָט עס ניט געקאָנט איבערלייענען.

מיר האָבן אָפּגעשטעלט אַ פאַרבייגייענדיקן אַלטן טערק, זיך באַגריסט מיט אים, צוליבגנדיק די הענט צום שטערן און — אויף פּאָשעטן רוסיש — געמישט מיט עטלעכע טערקישע ווערטער, וועלכע מיר האָבן שוין באַוויזן זיך אויסצולערנען — אים אַ פרעג געטאָן:

— „סאַליאַם אַליעקום, אָסמאַן!"*) זאָג, וואָס פאַר אַ הויז איז דאָס־אָ?... וואָס געפינט זיך אינעווייניק?...

דער טערק האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, געציטערט מיט זיינע פּייכטע ליפּן, געפלאַפּלט עפּעס אומפאַרשטענדלעכס און געדרייט מיט זיינע אָדערדיקע הענט. ער האָט באַוויזן פאַרשידענע סימאָנים, גע־טייטלט מיט די פינגער ערגעץ אינדערוויט, צו די בערג, געטאָפּטשעט מיט די פיס, ווי ער וואָלט מאַרשירט, און אונדז געפּרוווט קלאָר מאַכן וואָס ער מיינט. מיר האָבן געקוקט אויף אים, געפּאָרשט די אַלע באַוועגונגען זיינע, אָבער גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. ער האָט די זעל־ביקע סימאָנים איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל און — זעענדיק — אַז מיר האָבן זיך אַלץ ניט געכאַפּט וואָס ער מיינט, האָט ער צוגעמאַכט איין אויג, אויסגעצויגן די הענט אַקוראַט ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ ביקס צום שיסן, און דערביי גענומען צוקנאַקן מיט זיינע פּייכטע, צעקנייטשטע ליפּן:

— „אָסמאַן — פּיף־פּוף... אָסמאַן — פּיף־פּאַף!..."

מיר האָבן זיך געכאַפּט, אַז ער מוז מיינען אַ געווער־סקלאַד...

אַ ווייל זענען מיר געשטאַנען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. מיר האָבן זיך ניט געקאָנט באַשליסן, צי עס לוינט אויפצוברעכן די טיר פונעם דאָזיקן סקלאַד, אָדער ניט.

די גרעסערע צאָל יאַטן האָבן געהאַלטן, אַז עס לוינט ניט און אַז באַטשאַלסטווע וועט זיכער באַשטראָפן דערפאַר. גרישונין אָבער, איז באַשטאַנען, אַז מען זאָל יאָ עפענען און אַ קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. ער האָט זיך געדונגען:

— אַז עס איז אַ מיליטער־סקלאַד, קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז עס זאָל זיך אינעווייניק געפינען עפּעס אַנדערש אויך, און ניט נאָר ביקסן. יעדנפאַלס, וואָס איז פאַראַן דאָ וואָס איינצושטעלן?...

מיר האָבן זיך ווידער גענומען אישעוון וואָס צו טאָן. אָבער נאָך איידער מיר האָבן באַוויזן צו באַשליסן, יאָ, אָדער ניין, — איז שוין גרישונין געשטאַנען לעבן דער טיר און זיך ערנסט גענומען צו דער אַרבעט. לעבן אים, ווי טאָמיד, איז מיטאַמאָל, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסן דער קליינער, פלינקער קאַטאַיעוו, און גענומען

*) זייט געגריסט, טערק.

צוהעלפן. ביידע האָבן זיי געדליבעט מיט זייערע טעסאַקעס דאָס האָלץ אַרום דעם שלאָס, געהאַקט, געבראָכן און געטעסעט פון אַלע זייטן. דער שלאָס האָט זיך אָבער פון אָרט ניט גערירט. דאָס האָלץ פון דער טיר — כאָטש אפן אויסזען אַלט און צעפוילט — האָט זיך אָבער נאָך גאַנץ סאָליד געהאַלטן. גרישונין איז געוואָרן אויפגערעגט און ביים פאַרוואָס דער שלאָס גיט זיך ניט אונטער אַזוי גיך, און דערפאַר זיך ערשט מיט מער אַקשאָנעס אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. מיט האַסט האָט ער גענומען שפּאַלטן די טיר אָף צווייען און דערביי געשאָלטן מיט טוישע קלאָלעס. סאָף קאָל סאָף איז דער שלאָס — אַ גאַנצער — אַריינגעפאַלן צו אים אין די הענט און די טיר איז געווען אָפן...

*****

**קימאַט** אַלע מיטאַמאָל האָבן מיר זיך אַ שטופּ אַריין געטאָן דורך דער צעעפנטער טיר און — גלייך באַם אַריינגאַנג געטראָפן געוואָרן פון דער אינעווייניקסטער שווערער פינצטערניש און שטיקעניש. פאַרזיכטיק האָט גרישונין גענומען רייבן שוועבעלעך, אויס מוירע פאַר אַ מעגלעכן אויפרייס. באַ דער שוואַכער שיין פון די צאַנקענדיקע פלעמלעך, האָבן מיר דערזען פאַר זיך אַ גאָר ריזיקן צימער, וואָס איז געווען באַהאַנגען מיט טערקישע מיליטער־שינעלן, אָנגעוואָרפן מיט זעלנערישע לעדערנע אַמוניציע־זעק און רימענס. מיר האָבן אַלץ אַרומבאַטראַכט און די לעדערנע אַמוניציע־זעק זענען אונדז שטאַרק געפעלן געוואָרן. זיי האָבן אויסגעקוקט פיל בעסער און פראַקטישער ווי אונדזערע אייגענע ברעזענטענע זעק, וואָס זענען שוין געווען אָפּגעטראָגן און טיילווייז אַפילע צעריסן. יעדער איינער פון אונדז האָט דעריבער געכאַפּט אַ זאַק, אים אָנגעהאַנגען אָף זיך, גענומען אַ רימען און זיך געלאָזט ווייטער זוכן...

אויסער די דאָזיקע זאַכן — האָט אויסגעזען — איז דאָרט גאָרניט געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס מיר וואָלטן געקאָנט ברויכן. די שינעלן — כאָטש ווי גוט זיי זענען געווען — האָבן מיר ניט געקאָנט נעמען. עס איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אונדזער באַטשאַלסטווע וועט ניט דערלאָזן טראָגן קיין טערקישע אוניפאָרמען. מיר האָבן געקוקט אָף זיי, באַדויערט און — אַנטוישטע — זיך געקליבן אַוועקצוגיין.

מיטאַמאָל האָט קאַטאַיעוו, — וועלכער איז טאָמיד אויסגעוואַקסן דאָרט, וואו מען האָט אים צום ווינציקסטן דערוואַרט, — פון ערגעץ אַן אומגעזעענעם פּלאַץ אינעם הויז, פּלוצלונג אַ געשריי געטאָן:

— העי, יאַטן, — האָט זיך זיין קאָל געטראָגן פון אַ פינצטערן ווינקל, ערגעץ איבער אונדזערע קעפּ, — קומט נאָר אַהערצו!... זעט נאָר וואָס איך האָב דאָ געפונען!... אַ מעציע, זאָג איך אייך!... יאָ, אַ טייערע מעציע: זייף!... עמעס-גוטע זייף!...

מיר האָבן זיך אומגעקוקט און גענומען זוכן פונוואַנען ער האָט עס געשריגן, אָבער גאָרניט געקאָנט זען. זיין געשריי האָט זיך באַלד איבערגעכאַזערט און מיר האָבן זיך פאַרנומען זוכן לויט דער ריכטונג פון זיין שטימע, אָבער קיין שום אַרויפגאַנג ניט געקאָנט געפינען. מיר האָבן ווידער גענומען רייבן שוועבעלעך, אַרומגעזוכט, און קוים זיך אָנגעשלאָגן אף עפּעס אַ שמאָל זייטיק טירל, וואָס האָט געפירט צו פינצטערע און געדרייטע שרויף-טרעפּ. איינציקווייז זענען מיר אַרויפגעקראָכן און זיך ענדלעך אַריינגעשפּאַרט אין אַ נייעם גרויסן האַלב-טונקעלען צימער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בוידים. אַרום די ווענט, פון אויבן ביז אַרונטער, זענען געשטאַנען אָנגעשטעלט מאַסן פּאַרהאַקטע קעסטלעך פון ווייסן האָלץ. קאַטאַיעוו — אַ שיינענ-דיקער — איז געשטאַנען לעבן אַ צעעפנטן קאַסטן, געהאַלטן אין דער האַנט עפּעס אַ פיר-עקיק פּעקעלע און אונטערגעטאַנצט:

— זייף! — האָט ער גאַדלעסדיק אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער דער ברייט פון צימער און אָנגעוויזן אף די קאַסטנס, — דאָס האָט איר מיר צו פאַרדאַנקען... דאָס איז אַן עמעסער אוצער... איצט וועלן מיר כאָטש קאָנען אַביסל אַרומוואַשן די לייז פון זיך...

פאַר אַ ווייל זענען מיר געבליבן שטיין ווי געפּלעפטע און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. קלאָר איז געווען, אַז יעדער איינער פון אונדז וואָלט זיך פיל מער געפרייט, אויב מען וואָלט דאָ געפונען אַ פּאָשעט שטיקל דאַרע ברויט, אָדער סוכאַרעס, איידער מיט אָט דער דאָזיקער מעציע. פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך גענומען אויפרייסן די קאַסטנס און אָנגעשטופּט אין אונדזערע זעק אַריין אַזויפיל פּעקלעך וויפל עס איז נאָר אַריין אין זיי.

פונקט ווי אַלע אַנדערע יאַטן, אַזוי האָב איך זיך אויך גענומען צו אַ קאַסטן. איך האָב אים אויפגעבראָכן מיט מיין טעסאַק און זיך גענומען אָנפילן מיין זאַק מיט די פּעקלעך. מיטאַמאָל האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און גענומען באַטראַכטן דאָס היל-פּאַפּירל פונעם פּעקל. אַן אויפשריפט אין אַלט-גאָטישע, דייטשישע בוכשטאַבן דערויף, האָט דערוועקט אין מיר אַ כשאַד, אַז דאָס איז גאָרניט קיין זייף אַפילע. איך האָב גענומען לייענען און מיט שוועריקייט ווי ניט איז קוים באַוויזן צוזאַמענצושטעלן די ווערטער:

„אירבסטען מיט רייס"...

פון גרויס איבעראַשונג האָב איך אפן מאָמענט בעאיין אויפן ניט געקאָנט כאַפּן דעם באַדייט פון די איבערגעלייענטע דריי ווערטער. עפּעס האָבן זיי מיר געקלונגען אַזוי ווייט און פרעמד... איך האָב פּרובירט נעמען לייענען די איבעריקע שורעס, וואָס וואָלטן עפּשער מיר יאָ געגעבן עפּעס אַן אָנדייט, אָבער זיי זענען געווען געדרוקט מיט אַזעלכע פּיצ'ינקע בוכשטאַבן, וואָס אויב עס וואָלט אַפילע געווען אין רוסיש, וואָלט איך זיי איבער דער טיפער טונקלקייט אינעם צימער, וואָס איז געקומען פון די פּאַרהאַקטע לאָדנס — אַוואַדע אויך ניט געקאָנט איבערלייענען. איך האָב זיך דעריבער גלייך אַרויסגע־כאַפּט אינדרויסן, אף דער גאַס אַרויס. דאָרט, אינעם טאָג־ליכט, — האָב איך גענומען איבערלייענען די קלייניקע ווערטערלעך וואָס אפן היל־פּאַפּירל, און זיך גלייך געכאַפּט, אַז אין דעם איז גאָר פּאַראַן עפּעס אַזאַ מין דייטש־געמאַכטע שפּייז, וועלכע מען דאַרף אויפקאָכן מיט פּאָשעטע וואַסער און — ווי פּאַרשפּראָכן אינעם אויפשריפט, — דאַרף זיין אַ געשמאַקע קאַשע פאַר צוויי פּערזאָן...

אַליין ניט־וויסנדיק פּאַרוואָס, האָב איך אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק לאַכן, אַז איך האָב ניט געקאָנט אויסרעדן קיין איינציק וואָרט אַפילע. כעוורע האָבן מיך מיט שטוינונג אַרומגערינגלט און מיך אָנגעקוקט, אַקוראַט ווי איך וואָלט מיטאַמאָל פון זינען אַראָפּ:

— וואָס איז עס דאָרט פּלוצלונג געשען מיט דיר? — האָבן מיך עטלעכע יאַטן פּאַראַמאָל אַ פרעג געטאָן, — וואָס האָסטו זיך עט אַזוי מיטאַמאָל צעכיכיקעט?...

איך האָב נאָך שטאַרקער געלאַכט און אָנגעוויזן אפן פּעקל:

— וואָס זשע איז געשען אַזעלכעס? — האָט גרישונין, מיט נעבייזער, אַ געשריי געטאָן צו מיר, — זאָג שוין אַמאָל!...

— ס'איז ניט קיין זייף! — האָב איך ספּאַזמאַטיש אויסגעשאָסן און ווידער געלאַכט. — ס'איז...ניט...קיין...זייף...

— ער איז מעשוגע! — האָט קאַטאַיעוו באַליידיקט צוגעוואָרפן, — הערט אַ מאַיסע: ניט קיין זייף... וואָס דען איז עס?...

— אַז עס איז פּאָרט ניט קיין זייף! — האָב איך, שוין עטוואָס אַ באַרואיקטער, נאָך אַלץ געשלוכצעט.

— ווער האָט עס דיר אַזאַ מאַיסע דערציילט?! — איז קאַטאַיעוו ניט אָפּגעטראָטן.

— אַזוי איז אויפגעשריבן. — האָב איך אָנגעוויזן אפן פּעקל, — אָט, נעמט און לייענט אַליין איבער...

— טאָ וואָס זשע איז עס פּאָרט? — האָט גרישונין, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר יאַטן געגומען שרייען צו מיר פון אַלע זייטן, — איז עס כאָטש אַ בעסערע, אָדער גאָר אַן ערגערע זאַך ווי זייף?... נו, זאָג שוין אַמאָל, צו אַלדע רוכעס!...רעד אַ וואָרט!...

איך האָב געהויבן מיט די פּלייצעס:

— ווער ווייסט?...לויט דעם ווי עס שרייבט זיך דאָ, דאַרף עס זיין אַ בעסערע זאַך. אָבער... דער טייוול ווייסט זיי, די דייטשן...

— אַ דייטשישע זאַך גאָר?! — האָבן אַלע אויסגעשטעלט מויל און אויערן. — וואָס זשע זאָגן זיי איז עס?... זאָג שוין היינט!...

— אירבסטען, — האָב איך אַ ברום געטאָן, פאַרגעסנדיק דערביי אַפילע, אַז קיינער פאַרשטייט דאָ ניט קיין דייטש, — אירבסטען מיט רייס... אַזוי, יעדנפאַלס, איז דאָ אויפגעשריבן...

— וואָס? — האָבן כעוורע געשריגן, — וואָס זשע אַזעלכעס איז עס, אָט-דאָס-אָ, וואָס דו רופסט „אירבסטען"?...

— אירבסטען, — האָב איך געגומען דערקלערן, — איז פּאָשעט: אַרבעס. נו, און רייס — איז פּאָשעטע רייז... דאָ שרייבט זיך, אַז עס איז אַזאַ מין געשמאַקע קאַשע און...

כעוורע האָבן מיך באַטראַכט מיט אומצוטרוי, טראַכטנדיק אַוואַדע, אַז איך מאַך שפּאַס פון זיי. גרישונין האָט אף דער גיך אַרונטערגעריסן דאָס פּאַק-פּאַפּירל פון אַ פּעקל, אַ לעק געטאָן מיט דער צונג די אינעווייניקסטע גרויע מאַסע, זיך פאַרקרימט מיט אַ מאָדנע צורע און — אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט צו מיר — צוגעוואָרפן:

— קאָנסט עס עפּשער איינרעדן דער עלטער-באַבען דיינער, נאָר ניט מיר. נו, — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו די איבעריקע, — האָט איר שוין אַמאָל געזען, אַז אַ קאַשע זאָל האָבן דעם זעלביקן טאַאַם ווי פּאָשעטע זייף?...

יענע האָבן געגומען לאַכן. עמעצער פון זיי האָט אַפילע אַ דריי געטאָן מיט אַ פינגער באַ זיך אפן שטערן, — אַ צייכן, אַז איך בין מיסטאָמע געווירט פון זינען.

איך בין שוין רעכט בייז געוואָרן:

— אַז איר ווילט ניט גלויבן, — האָב איך געזאָגט, — דאַרף מען ניט. קיינער צווינגט אייך ניט. אויב איר ווילט, — קאָנט איר אַפילע גיין וואַשן אייערע לייז דערמיט. איך, אָבער, וועל עס פּאָרט אָפּקאָכן אַזוי ווי עס איז דאָ, אפן פּעקעלע, אָנגעגעבן און דאַן...

— און דאַן, — האָבן כעוורע מיט געלעכטער אונטערגעכאַפּט, — דאַן וועסטו האָבן ריינע, אויסגעוואַשענע קישקעס און...

גרישונין, אַז ער האָט געהערט מײַנע זיכערע רייד און געזען מיין פעסטקייט, האָט זיך גענומען פאַרלירן קראַצן אין קאָרק און פלעגמאַטיש אַ זאָג געטאָן:

— אייגנטלעך...ווייסט זיי דער רוער, די דייטשן. אף זיי איז אַלץ צו גלויבן...עס קאָן גריילעך זיין, אַז עס איז טאַקע אַזאַ סאָרט דייטשישע קאַשע...כ׳ווייס... עפשער...

זיינע רייד האָבן שוין אַריינגעוואָרפן די איבעריקע יאַטן אין צווייפל און זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן. מען האָט באַשלאָסן דאָס אויסצופּרובירן און אויסגעפינען.

דערווייל האָבן מיר איבערן הויז איבערגעלאָזט צוויי יאַטן פאַר אַ וואַך, זיי זאָלן אַכטונג געבן, אַז מען זאָל די קאַסטנס ניט צע־שלעפּן, ביז מיר וועלן ניט פעסטשטעלן וואָס דאָס איז אַזעלכעס. פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען, אַז אויב דאָס איז טאָקע אַ קאַשע — אַזוי ווי איך האָב פאַרזיכערט — איז עס אַ צו ווערטפולע מעציע, אַז מען זאָל עס לאָזן עמעצן צונעמען פון אונדז. אַ מעציע, — וואָס וואָלט געטסייעט פאַר דער קאָמאַנדע אף אַ לאַנגער צייט...

מיר זענען אַוועק צו זיך אין לאַגער. אפן וועג איז באַשטימט געוואָרן, אַז איך זאָל אויפקאָכן אַ קעסעלע מיט דער דאָזיקער, ווי איך האָב געטיינעט, שפייז. יאַטן זענען באַשטאַנען, אַז איך זאָל עס טאָקע דער ערשטער פאַרזוכן און ערשט דערנאָך, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן צו זיין עפּעס גוטס צום עסן, זאָל מען ערשט דעמלט די קאַסטנס אַריבערטראָגן צו זיך אין קאָמאַנדע אַריין...

*****

**די צוגרייטונג** צום קאָכן איז געווען ביי אונדז ווי אַן עמעסער ערעוו־יאָנטעוו. אַלע האָבן זיך אַרומגעפּאָרעט. איינער האָט צעלייגט אַ פייער, אַ צווייטער האָט געבראַכט צו טראָגן וואַסער פון אַ קוואַל און איך אַליין האָב דערווייל ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל זייער פאָרזיכטיק און אויפמערקזאַם איבערגעלייענט די אָנ־ווייזונגען אפן פּעקעלע. איך האָב איינשטודירט יעדע קלייניקייט, אַז איך זאָל קיין טאָעס ניט האָבן און מאַכן ווי עס איז געווען אָנגעוויזן. כעוורע זענען געזעסן אַרום מיר און — מיט אויסגעגלאָצטע אויגן — געקוקט זשעדנע און מיט אומגלויבן. זיי האָבן מיר געקוקט אין די הענט אַריין און געהיטן יעדן באַוועג מיינעם, פּונקט ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז איך זאָל זיי דאָ אַמאָל ניט אָפּטאָן עפּעס אַ שטיקל

שוואַרץ-קינצלעריי, און דערביי מיך געהאַלטן אין איין קיבעצן:

— שווייגט, לאָזט אים מאַכן די דייטשישע מאַרצעפּאַנעס...

— אָ, עס וועט שוין זיין איינמאָל אַ מאַיכל...

— אַז ער וועט אויפעסן אַזאַ פּאָרציע, זאָג איך אייך, וועט ער גלייך ווערן אַ לייט. איר וועט זען...

— און איך וועל גאָרניט זיין איבעראַשט, אַז עס וועט זיך גאָר אַרויסווייזן צו זיין אַ פּאַשטעטער סאַם, — האָט קאַטאַיעוו, ווי ניט אים מיינט מען, מיט אַ שטעכלקע אַריינגעוואָרפן.

— און נאָך וואָס פאַר אַ סאַם! — האָט עמעצער צוגעזאָלצן, — פון אַן איינציקן לעפל און... קאַפּוט...

— שפּילסט זיך עפּעס מיט די דייטשן?! — האָט טשעריאַק, ווי זיין געוואוינשאַפט, מיט אַ געלעכטער צוגעגעבן, — זיי האָבן אַוואַדע אינמיטן געמאַכט אַזאַ אויפשריפט דערויף, קעדיי מען זאָל זיך וואָס גיכער צוכאַפּן דערצו און אַזויאַרום...

— אַז עס זאָל נאָר אַמאָל ניט זיין דער בייער גאַז זייערער. — האָט גרישונין, ווי אין ערנסט, מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן, — יענער גאַז, מיין איך, וואָס זיי נוצן איצט אויף אייראָפּעאישן פראָנט...

די לעצטע באַמערקונג, גרישונינס, האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַן עמעסע ציטערניש. איך האָב זיך גענומען קווענקלען און אַפילו שוין געוואָלט אויפגעבן דעם גאַנצן פּרואוו. דערמאַנט האָב איך זיך וואָס מען האָט די לעצטע צייט אָנגעהויבן שמועסן ביי אונדז, אַז די דייטשן האָבן עפּעס אַ נייעם סאָרט גאַז, וואָס דערהאַרגעט שטיל און אינגאַנצן אומגעריכט. מען האָט אַפילו געזאָגט, אַז די קאָרבאָנעס פונעם דאָזיקן גאַז בלייבן זיצן פאַרשטייפט אין די זעלביקע פּאָזיציעס, אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען בעאייס דער גאַז האָט זיי אָנגעגריפן... איך האָב אָבער פאַרביסן מיינע ליפּן מיט די ציין, זיך אָנגעשטייפט און זיך ניט אונטערגעגעבן. איך האָב ווידער געכאַפּט אַ קוק אויפן פּעקעלע, אָבער קיין שום פאַרדעכטיקס ניט באַמערקט. פאַר איין זאַך האָב איך פונדעסטוועגן יאָ מוירע געהאַט. איך האָב געטראַכט, אַז אויב דאָס איז אַפילו יאָ אַ קאַשע, איז נאָך ערשט אַ פראַגע, צי זי וועט זיין גוט, געשמאַק און צי זי וועט ביכלאַל געפעלן ווערן. איך האָב דעריבער זיך געאײשעוועט, צי זאָל איך פונדעסטוועגן עפּעס צוגעבן: צוזאַלצן, אָדער באַצוקערן. אינעם אויפשריפט אויפן פּעקעלע איז אָבער געווען קלאָר אָנגעוויזן, אַז מען דאַרף גאָרניט און אַז אַלץ איז פאַרטיק צום עסן, אַזוי גיך ווי עס וועט זיך דורכקאָכן עטלעכע מינוטן.

אַ צעטראָגענער בין איך געזעסן לעבן דעם קאָכנדיקן קעסעלע,

געמישט מיט מיין לעפל און אין גרויס אומגעדולד געוואַרט, אַז עס זאָל שוין אַמאָל פאַרטיק ווערן. דערביי האָב איך קעסיידער געהאַלטן אין איין פלעגמאַטישן אָפּשלאָגן די געלעכטערס און שפּאַסן, וועלכע האָבן זיך געשאָטן אף מיר אָן אויפהער פון אַלע זייטן, און בײַ זיך, אין האַרצן, האָב איך געציטערט:

— אוי, מאַמע מיינע געטרייע, זאָל עס מיר כאָטש געראָטן דאָ. זאָל אָט די קאַשע כאָטש געפעלן ווערן און... זאָל עס...

טשעריאַק און קאַטאַיעוו זענען געווען צודרינגלעכער פון יעדן איינעם. זיי האָבן צונויפגענומען אַ צאָל יאַטן, אָרגאַניזירט מיט זיי אַ קאַפּעליע און גענומען זינגען דאָס לידל וועגן טיי. טשעריאַק האָט געזונגען די פערזן און קאַטאַיעוו מיט די יאַטן — דעם צוזינג:

— „פון יאַריד מיין באַלעבעסל,
אַהיימגעבראַכט האָט עפּעס ניי:
אַ קעסטעלע, געפּאַקט אין זילבער,
אַזש פון כינע אַ פונטל טיי...

— עך, טיי, דו מיין טיי, דריי און מיש, און מיש און דריי!...
„גיט ער מיר דאָס פּעקל איבער
און באַפעלט: „קאָך אָפּ די טיי!"
אָבער איך ווייס נעבעך גאָרניט,
טיי צו קאָכן ווי אַזוי...

— עך, טיי, דו מיין טיי, דריי און מיש, און מיש און דריי!...
„ווייק איך אויס די בלעטלעך, שווענק זיי,
שטעל זיי קאָכן אין אַ טאָפּ, —
גיב צום טאַם צו: זאַלץ און פעפער,
אַ שטיקל מייער, אַ קנאָבל־קאָפּ...

— עך, טיי, דו מיין טיי, דריי און מיש, און מיש און דריי!...
„און איך מיש דאָס מאַכל, דריי עס,
און איך פרעגל עס אף אויל, —
אָט אַזוי אַ שאָ, אַ צווייטע,
ביז ס'ווערט פאַרטיק — פיין און וואויל...

— עך, טיי, דו מיין טיי, דריי און מיש, און מיש און דריי!...
„וואָסער מאַכל ס'איז געוואָרן? —
פרעגט שוין גאָרניט, ליבע פריינט,
כ'האָב צו זינגען און צו זאָגן,
פון דעמלט אָן, אַזש ביזקל היינט...

— עך, טיי, דו מיין טיי, דריי און מיש, און מיש און דריי!..."

אינגיכן האָט זיך אַרום אונדז גענומען שפּרייטן אַן אנגענעם־שמעקעדיקער רייעך פונעם קאָכנדיקן קעסעלע, אַז עס האָט אַזש די אָטעמס פאַרכאַפּט. די יאַטן האָבן אַריינגעצויגן מיט די נעזער דעם באַטאַמטן גערוך אין זיך אַריין, און דערביי נאָך שאַרפער גענומען מיר קוקן אין די הענט אַריין. ענדלעך, אַז די מאַסע אינעם קעסעלע האָט אויפגעקאָכט, האָב איך דערפון אָנגענומען אַביסל מיט מיין לעפל און געוואָלט פאַרזוכן. אָבער צוליב דער גאָר שטאַרקער היץ איז עס געווען אומעגלעך צום מויל צו נעמען. עס האָט געבריט מאַמעש ווי הייסע סמאָלע. כעוורע — מיינענדיק, אַז איך האָב דאָס אָפּגעשטויסן פון זיך ווייל עס האָט טאַקע, ווי זיי האָבן גערעכנט, אַ שלעכטן טאַאַם, אָדער ווייל עס איז גאָר עפּעס אַ ביטערער סאַם, — האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. איך האָב אַלץ געבלאָזן אפן הייסן לעפל און — פאַרזיכטיק פאַרזוכט, דערביי זיך גאַנץ גוט אָפּגעבריט די צונג, אָבער סאָף־קאָל־סאָף דאָך זיגעריש אויסגעשריגן:

— נו, יאַטן, איך האָב שוין פאַרזוכט דאָס מייניקע. איז ווער זשע פון אייך איז איצט וויליק צו ריזיקירן און פאַרזוכן אַביסעלע פונעם דאָזיקן גיפטיקן גאַז?...

אַלע האָבן זיי געשוויגן. קיינער פון זיי האָט זיך קיין באַוועג ניט געטאָן. בלויז איין גרישונין האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און צוגעטראָגן אַ לעפל מיט קאַשע צו זיינע ליפּן. דערביי אָבער, האָט ער פאָרשנדיק אַ קוק געטאָן אף מיר, ווי צו איבערצייגן זיך, צי עס האָט מיר טאַקע ניט פאַרשאַט און צי לעב איך נאָך, און — ענדלעך דאָס פאָרזיכטיק אַ לעק געטאָן מיט דער צונג:

— יעי־יעי! — האָט ער, באַלד ווי ער האָט נאָר דאָס ערשטע ביסל אַרונטערגעשלונגען, אַ באַגייסטערטער אויסגערופן, — דאָס איז דאָך עפּעס, ערן וואָרט, אַן עמעסע קונץ פון דייטש גאַנעוו!... הערט נאָר, הערט, — האָט ער גענומען פריילעך אַרומשפּרינגען, — דאַכט זיך, אַז אפן אויסקוק איז עס — זייף... צום סאָף...

ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר און, צוזאַמען מיט מיר, זיך גענומען צום עסן. כעוורע האָבן זיך אָבער נאָך אַלץ ניט געוואָלט גלויבן און אַלץ געמיינט אַז מיר נאַרן זיי. ערשט ווען מיר ביידע, איך און גרישונין, האָבן שוין געהאַט אויסגעליידיקט דאָס גאַנצע קעסעלע, האָבן זיי זיך ערשט אָנגעהויבן אונטערצוגעבן און — אין צווייען — אויך גענומען צעלייגן פייערן אף אָפּצוקאָכן פּאָרציעס קאַשע פאַר זיך. אין עטלעכע מינוטן שפּעטער איז דאָס גאַנצע פּלאַץ אַרום אונדז פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ שמעקעדיקן רייעך, וואָס האָט זיך

מעכאַיעדיק געטראָגן פון די אַריבער דרייסיק קעסעלעך.

די נייעס איז גלייך דערגאַנגען צו אונדזער אַדיוטאַנט. ער האָט מיך אַריינגערופן צו זיך אין פּאַלאַטקע, אויסגעפרעגט וואָס און ווי אַזוי, און מיר באַפוילן אָפּצוקאָכן פאַר אים אַביסל אף צום פאַרזוכן. זיין דענשטשיק האָט אָנגעצונדן די קעראָסין־מאַשינקע און איך האָב מיט גרויס פאָרזיכט אָפּגעקאָכט די קאַשע און צוגעטראָגן. ער האָט פאַרזוכט און עס איז אים זייער געפעלן געוואָרן. ער האָט דעריבער גלייך באַפוילן אַריבערצוברענגען אַהער אַלע קאַסטנס פונעם טערקישן טשעכהאַוז און — מיר מיט קאַטאַיעוון, פאַר אונדזער אַנטדעקונג — געהייסן אַרויסגעבן צו טאָפּלטע פּאָרציעס, ווי לאַנג ס׳וועט סטייען.

צוליב דער דאָזיקער מעציע, איז די קאָמאַנדע געווען באַוואָרנט מיט שפּייז פאַר אַ לאַנגער צייט. עס האָט אונדז שוין אַפילו גאָרניט איבעראַשט, ווען אונדזער אָבאָז איז אָנגעקומען און מען האָט אונדז אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן ברויט און שפּייז פונעם קעסל. די פּראָסטע קאָנסערווירטע דייטשישע קאַשע האָט אונדז פּאָשעט בעסער געשמעקט ווי די פרישע שפּייז פונעם אייגענעם קעסל.

אויסער די קאַסטנס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער קאָמאַנדע, אונטער סטעפּאַקינס רעשוס, און פון וועלכע מיר האָבן באַקומען ווען מיר האָבן נאָר געוואָלט, — האָט יעדער איינער דערצו נאָך געהאַט באַ זיך אין זאַק צו עטלעכע צענדליק פּעקלעך. מערסטנס האָבן יאַטן דאָס געקאָכט אין די אָוונטן און אין די זונטיקס, אָדער ווען עס פלעגט צו עמעצן קומען אַ גאַסט פון אַ דערביי־שטייענדיקן אָפּטייל. צומאָל האָט מען מיט אַזאַ פּעקלעלע מעכאַבעד געווען אַ גוטן פריינט פון אַן אַנדער פּאָלק אָדער קאָמאַנדע, און דאָס איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר דער בעסטער מאַטאָנע. אַלע זענען אונדז דערמיט מעקאַנע געווען. מיר אַליין זענען אויך געווען זאַט און צופרידן. די איינציקע זאַך, וואָס איז אונדז ניט איינגעגאַנגען, איז געווען די ידיעה, אַז אונדזער קאַפּעלמייסטער, סאָוואָראָף, דאַרף איבגיכן אָנקומען צו אונדז; אַז מיר וועלן צוריק אַרויסקריגן די אינסטרומענטן און אף דאָס נײַ זיך ווידער אָנהויבן פאַרנעמען מיט מוזיקאַלישע איבונגען...

*****

**אַ שטיק** צייט איז די קאָמאַנדע געבליבן שטיין אין די פּאַלאַטקעס, אַפן זעלביקן פּלאַץ. קיין ספּעציעלע אַרבעט האָבן מיר ניט געהאַט, האָבן מיר זיך אַרומגעשלעפּט איבערן שטעטל

און אַריינגעקוקט אין די צעשמעטערטע פענצטער פון די ליידיקע קראָמען. צומאָל האָבן אונדזערע יאַטן אף אַ זייטיק געסל פאַרטשעפּעט אַ פאַרבייגייענדיקע פרויען־פיגור, ניט וויסנדיק אַפילע דערביי, צי יענע איז אַ יונגע מיידל, אָדער גאָר שוין אַן עלטערע פרוי. זיי — פאַרשלייערטע — האָבן זיך סוידעסדיק פאַרבייגעשלייכט, רייצנדיק די געמיטער מיט זייערע רונדיקע פּאָנים־קאָנטורן, וועלכע האָבן זיך קוים־קוים דורכגעצייכנט דורך די געדיכטע שוואַרצע „יאַמשאַקן"*). און ווייל אַזוי, האָבן ערשט זייערע בויגעוודיק־צאַרטע פרויען־ליניעס ווי ביכלאַל זייער שלאַנקער פרויען־גאַנג, גערייצט אין יעדן פון אונדז די איינגעשלאָפענע, אָבער דאָך פייניקנדיקע פאַרלאַנגען...

טעג זענען געשטאַנען זוניקע, שיינע און וואַרעמע. טעג — גאָר ניט קיין מילכאָמעדיקע. טעג — וואָס וואָלטן זיך גיכער געפּאַסט פאַר פרידן־צייט, איידער פאַר בלוט־פאַרגיסונג. מיר האָבן זיך קעסיידער געפּלעסקעט אינעם טייכל, עטוואָס אַרונטערגעוואַשן פון זיך דעם אָנגעוואַקסענעם שמוץ, וואָס איז שוין געלעגן אף אונדזערע לייבער ווי אַ קאָרע, און גערייניקט אונדזערע וועש און קליידער...

גרישונין און טשעריאַק, וועלכע זענען אַלעמאָל געווען דער־פינדעריש, האָבן ערגעץ דערטאַפּט אַ קיילעכדיקע בלעך, אף וועלכע די טערקן באַקן געוויינטלעך ווייץ־קערנער צום עסן. די דאָזיקע בלעך האָבן זיי אַריבערגעלייגט איבער אַ פייער, זי שטאַרק אָנגעגליט און זיך אַוועקגעזעצט אויסלויזן די פאַלדן פון זייער וועש און קליידער. זיי האָבן געוואָרפן די לייז אף דער בלעך אַרויף און דערביי שטיפע־ריש געשריגן צו די יאַטן, וועלכע האָבן זיך אַרומגעשטעלט:

— זשאַלעוועט ניט, ברידערלעך!... דערהאַרגעט זיי, די ביטערע סאָנים!...דערקלערט זיי אַ הייליקע, אויסראָטנדיקע מילכאָמע!... יאָ, דאָס איז דאָך די איינציקע מילכאָמע, וועלכע מיר, סאָלדאַטן, דאַרפן אונטערשטיצן מיטן גאַנצן האַרצן!... יאָ, דאָס איז אַ מילכאָמע פאַר אונדזערטוועגן, פאַר אונדזער אייגן געזונט!... און ווען, כעוורע, עס איז אַ שאָד, דאַרף זיך אויך ניט זאָרגן: איידער איר וועט זיך נאָר אומקוקן, וועלן — מיט גאָטס הילף — קומען אַנדערע, נייאינקע און פרישינקע... איז אַלע איבאַיינעם!... אָט אַזוי!...

און די בלעך האָט געקנאַקט און געקנאַקט...

זאַטע פון דער געפונענער דייטשישער שפייז און — דעריבער — צופרידענע, זענען מיר געזעסן אין די פּאַלאַטקעס און געדרוט. מען איז געלעגן, געדרויכערט, דערציילט מאַיסעס, אָדער גאָר געזונגען

*) יאַמשאַק — דעק־טוך פאַרן פּאָנים.

לידער און דערביי געכאָלעמט וועגן אַ גיכן שאָלעם...

עס איז געווען מאָדנע: כאָטש ביי אונדז אין קאָמאַנדע האָט זיך קיינמאָל ניט געפילט קיין צעטיילונג צווישן די פאַרשידענע פעלקער־גרופּן און מען האָט געוויינטלעך געלעבט צווישן זיך מער־ווייניקער פרידלעך, האָט מען זיך דאָך — ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך — טאָמיד איינגעאָרדנט אין די פּאַלאַטקעס לויט נאַציאָנאַלער־אָנגעהעריקייט. די פּאָליאַקן באַזונדער, די אידן באַזונדער און די רוסן — אויך באַזונדער. און טאָמער איז אויסן געבליבן אַ פּאָליאַק, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט פּאָמיעסטשען צווישן די זייניקע, איז ער, ווי אַ יאָסעם, געלעגן צווישן די אידן, וועלכע האָבן געהאַט מיט איינעם ווינציקער ווי אַ פולע פּאַלאַטקע. דאָס איז נאָר געווען אַזוי בלויז אף ביינאַכט, צום שלאָפן. בייטאָג אָבער, אַז עס איז ניט געווען וואָס צו טאָן, איז יענער אַריינגעקראָכן אין דער פּוילישער פּאַלאַטקע, צו די זייניקע, און דאָרט, צוזאַמען מיט די איבעריקע, געזונגען היימישע לידער, צו דער באַגלייטונג פון אַ מויל־האַרמאָניקע. באַזונדערס פלעגן זיי ליב האָבן דאָס פאָלגנדיקע פריילעכע לידל:

„מאַטשעק איז געשטאָרבן, ער ליגט שוין אפן טרענצל,
זאָל מען אָבער אויפשפּילן — גייט ער גליך אַ טענצל!
דאָ, ווי נאָך יעדן פערז, האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט דעם צוזינג:
ס'האָט מאַטשעקס רועך אַזאַ מין קויעך;
כאָטש געשטאָרבן און ער רירט זיך אויך!
הוי־דאַנאַ־דאַנאַ־דאַ־נאַ, הוי־דאַ, דאַנאַ־דאַ!...
מאַטשעק האָט קיין שיך ניט — גייט ער טאַקע בורוועס;
האָט ניט וואו צו שלאָפן — שלאָפט ער אין די כורוועס!
ס'האָט מאַטשעקס רועך...
מאַטשעק האָט ניט צו עסן — גייט ער אויס פון הונגער;
אַז דער מאָגן איז ליידיק — האַלט ער אין איין זינגען.
ס'האָט מאַטשעקס רועך...
מאַטשעק האָט קיין ווייב ניט — מוז ער זיך נעבעך שטיקן;
ווען איינער קושט אַ מיידל — טוט זיך מאַטשעק קוויקן.
ס'האָט מאַטשעקס רועך...
מאַטשעק האָט פון טאָמיד געהאַט אַ ביטער לעבן, —
ווען ברויט און אָפּרו פלעגט ער כאַלוימעס וועבן...
ס'האָט מאַטשעקס רועך אַזאַ מין קויעך:
כאָטש געשטאָרבן און ער רירט זיך אויך!
הוי־דאַנאַ־דאַנאַ־דאַ־נאַ, הוי־דאַ, דאַנאַ־דאַ!..“

אויך פון די רוסישע פּאַלאַטקעס אַרויס האָבן זיך געטראָגן פריי־לעכע, זאָרגלאָזע לידער. געוויינטלעך פלעגט מען אָנהויבן דאָס ליד אין איין פּאַלאַטקע. באַלד האָבן אויך די איבעריקע עס אונטערגעכאַפּט און עס איז אַוועק אַ געזאַנג — באַגלייט מיט סוויסטשעריי:

„כ'וועל איינשפּאַנען דריי פערד „באַ שפּיץ",
טונקל־ברוינע סוסים — פיין.
און אין פראָסט ביינאַכט זיך לאָזן
צו מיין געליבטער אין הויז אַריין...
פון געוואוינשאַפט ווייסן פערדלעך
וואו מיין ליבסטעס הויז טוט שטיין,
פלאָשען זיי דעם שניי מיט קלאָען —
גיכער דאָרט מיט מיר צו זיין...
עך, איר פערדלעך, סוסים מיינע,
טראָגט זיך, אָדלערס, שנעלער, גיך!
ניט פאַרלירט קיין צייט בעכינעם —
ס'לעבן קורץ איז — יאָגט זשע זיך!...
קאָל זמאַן ס'האַרץ אין ברוסט נאָך קלאַפּט זיך —
דאַרף מען לעבן פול מיט פרייד;
קאָל זמאַן לאָקן אין רינגען קרויזלען —
איז צום ליבן פונקט די צייט!..."

דערפאַר איז אין דער אידישער פּאַלאַטקע דאָס געזאַנג געווען שטיל, צעצויגן און טרויעריק. דוקעל האָט ערגעץ דערטאַפּט אַ ביי פאָלקס־ליד און דאָס איינגעזונגען מיט די איבעריקע יאַטן:

„שטערנדל, שטערנדל, בלויער שטאַפּעטעלע,
זיי מיין שליעך און פאַל אין מיין שטעטעלע!
עלנט אַליין, באַ דעם פינצטערן שייבעלע,
זיצט דאָרט פאַרטרויערט און דייגעט מיין ווייבעלע.
פרעג: וואָס מאַכט יאַנקעלע, לייזערל, ריוועלע?
זאָג זיי: איך לייען און קוש זייער בריוועלע...
שטערנדל, שטערנדל...
זאָג זיי, אַז יאַנקעלען זאָל מען מיר זשאַלעווען,
אים געבן אין ביידער — געננוג אים צו באַלעווען!
ער זאָל זיך אויסלערענען קאַדיש ווי ס'דאַרף צו זיין;
עפשער, מ'ווייס ניט, נאָר גאָט וועט מעראַכעם זיין!...
שטערנדל, שטערנדל, בלויער שטאַפּעטעלע,
זיי מיין שליעך און פאַל אין מיין שטעטעלע!..."

אַזוי פלעגן די לידער זיך ציען אַ שטיק צייט און ביסלעכווייז אָפּשטאַרבן. דאַן האָבן יאַטן זיך גענומען צום שפּילן אין קאָרטן, אָדער אונטערדרימלען. און שפּילן פלעגט מען אַזוי שטיל, אַז דער אַדיוטאַנט זאָל ניט הערן, און ניט באַשטראָפן...

*****

**אין פּאַלאַטקע** צו אונדז איז מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן דראַבולקין. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, זיך געשטעלט אָף אַלע פיר, און — מאַמזעריש אַ וואונק־טוענדיק מיט אַ גנייוויש אויגעלע — סוידעסדיק־שטיל אַ זאָג געטאָן צו אונדז:

— העי, יאַטעלעך, זייט איר עפּשער באַלאַנים אף עפּעס רעכטס?

מיר האָבן געקוקט אף אים מיט פאַרוואונדערונג און לעכאַטכילע זיך אַפילע ניט געכאַפּט וואָס ער מיינט און וואָס ער איז אויטן. ער האָט געקוקט אף אונדז און געלאַכט:

— עך, שמאַראָוואָזן אַזעלכע וואָס איר זענט!... מוז מען דאָס אייך טאַקע אַלץ אַריינלייגן צעקייעטערהייט אין די מיילער אַריין?

ער האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געהיטן פאַר עמעצן און — אַנווייזנדיק מיט געלעכטער אין דער ריכטונג פון זיין פּאַלאַטקע — אַ שעפּטשע געטאָן:

— מיר האָבן דאָרט אַ שטיקל פיינע סכוירע... איך זאָג אייך:— אַ קראַסאַוויצע — אַן אַנטיקל און... אויב איר זייט נאָר ניט פויל, — האָבן מיר די ערע אייך איינצולאַדן און...

מיר האָבן געקוקט אף אים און נאָך אַלץ געטראַכט, אַז ער מוז אַוואַדע שפּאַסן. זעענדיק אָבער זיינע צעגלאַנצטע, פאַרלאָפענע אויגן און זיין צעפּאַרעט פּאָנים, האָבן מיר ערשט דאַן פאַרשטאַנען, אַז ער שפּאַסט טאַקע ניט און מיר זענען אַרויס צו זיין פּאַלאַטקע.

דראַבולקין איז געגאַנגען פאָרויס. געלאַסן האָט ער פאַרהויבן די פרייע העלפט פון דער אין אַ דריי־עק איינגעלייגטער אַריינגאַנג־פּאַלאַטקע, וואָס האָט געדינט פאַר אַ טיר, אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם אינעווייניק און — אויסציענדיק זיינע הענט — אַ ווייז געטאָן צו דער ערד, אין אַ ווינקל פון דער פּאַלאַטקע:

— און אָט איז זי אַליין, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — איך האָב די ערע פאָרצושטעלן פאַר אייך...

מיר האָבן זיך עטוואָס אַרומגעדריגן און אַריינגעקוקט. דאָרט, אף דער ערד, אין דער פּאַלאַטקע, און מיט די פיס צו אונדז, האָט זיך

געזען אַ ליגנדיקער, צעליאַפּעט-באַקעטער פּרויען-קערפּער.

די פיס — באָרוועסע — זענען געווען שטאַרק אויסגעשמוציקט און געשוואָלן. אַ פּאָר גרויסע פיס-טריט, ווי בעקיוון אין בלאָטע איינגעטונקען, האָבן — פּונקט ווי צוויי קליינע מאַציוועלעך — זיך פון דער ערד אַרויסגעהויבן. איבער די קניען און עטוואָס העכער אַרויף, האָבן זיך געוואַלגערט אַ פּאָר אַלטע, היפּש-צעפליקטע און קאָלירפּול-געלאַטעטע טערקישע פּרויען-הויזן, וואָס האָבן געלאָזן אויפגעדעקט אַ געשוואָלענעם, שטאַרק-אָטעמדיקן און גאָר מיעסן בויך. שוואַרצע און פאַרדעכטיק-ברוינע פלעקן האָבן זיך בוילעט און שאַרף געמיניעט אויף איר קערפּער און אויף אירע פלאַכע, צעפלאַטשטע בריסטן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי באַר-וואָס געפאַלענע בעהיימישע קיזיאַקעס...

קיין פּאָנים האָט מען ניט געזען. דער קאָפּ — אַן איינגעטונקענער אין אַ וואַלד מיט צעפּאַטלט-שוואַרצע, קאָלטענעוואַטע האָר — איז באַ איר געווען צוריקגעפאַלן און פאַרוואָרפן אויף אַרונטער. געזען האָט זיך בלויז איר שאַרף-אויסגעשפּיציקטע מאָרדע, וואָס איז געווען שטאַר אויסגעשטעלט אויף אַרויפצו.

די מיידל — האָט זיך געמערקט — איז געלעגן אַ טויט-מידע און זיך ניט באַוועגט. און ווען ניט דער אָפּטער, שווערער אָטעם אירער, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס ליגט עס אַזוי אַ טויטער קערפּער. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ גרויס שטיק שוואַרצע, זעלנערישע ברויט, און — אין דער צווייטער — אַ שטיק קויטיקן צוקער פון דער זעלביקער גרויס קימאַט.

מיטאַמאָל האָט זיך דער קאָפּ אַ הויב געטאָן פון דער ערד. עס האָט זיך באַוויזן אַ שמוציק-אָנגעדראָלן פּאָנים — פאַרלאָפן מיט בלוט. אַ פּאָר בלישטשענדיק-שוואַרצע, אומרואיק-גרויסע אויגן, האָבן עפּעס אַזוי מאָדנע טאַמעוואַטע און אויסדרוקלאָז אַ שפּיזל געטאָן אין אַן אומבאַשטימטן פּונקט, אַז עס האָט זיך אין זיי אָפּגעשפּיגלט אַ מין שווערער טויט-שרעק און צערודערונג.

עטלעכע מאָל — האָט מען געזען — האָט זי פּראָבירט אויפהויבן אירע הענט צום מויל, — אין אַ פאַרזוך אַ גריזשע צו טאָן פון דעם ברויט אָדער פונעם צוקער, נאָר דאָס ניט געקאָנט. באַ יעדן באַוועג אירן האָט זי אַ צעווייטיקטן קרעכץ געטאָן און די הענט זענען גלייך צוריקגעפאַלן ווי שווערע קלעצער צו דער ערד. דערביי האָט זי אויך געפּרואווט אויפהויבן דעם קאָפּ, אַנטקעגנצוטראָגן אים צו אירע עטוואָס אַרויפגעהויבענע הענט, אָבער ער איז יעדעסמאָל צוריקגעפאַלן ווי אַ שטיין און זיך מיט אַ טויבן קלאַנג אָנגעקלאַפּט אין דער האַרטער ערד.

צוזאַמען מיט דעם פאַל האָט זיך אויך איבער דער פאַלאַטקע אַ טראָג געטאָן אַ צעוויטיקטער קוויטש, ווי פון עפּעס אַ קראַנקן קאַלב.

מיר זענען געשטאַנען געפּיללאָז און שטום געקוקט אף אָט דעם דאָזיקן אויסגעשמוציקטן, צעליאַפּעטן און צעכראַשטשעטן פּרויען־קערפּער. עס האָט אונדז שוין מער ניט געעקלט פון איר. בלויז אַ טיפערער, אַ שמערצפולער געפיל, האָט אונדז אַרומגענומען.

דראַבולקין — זעענדיק, אַז מיר שטייען אף אַן אָרט און קיינער פון אונדז מאַכט ניט דעם מינדעסטן באַוועג אַריינצוקריכן אין דער פאַלאַטקע אַריין, — האָט באַאיור אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז, כעוורע, זי געפעלט אייך ניט, צי וואָס?... עמעס, וואָס שיך איר פיזיאָנאָמיע, איז עס טאַקע, אַזוי ווי איר זעט,— ניט אַזוי עקסטרע. דערפאַר אָבער...

מיר האָבן געקוקט אף דראַבולקינען מיט צאַאַר און קאַאַס. עס האָט זיך עפּעס געפּילט ווי צוצוגיין צו אים, אים אָנכאַפּן בײַ זײַנע אויערן און אים אַזוי צעטרייסלען, אַז ער זאָל זיך פאַנאַנדערפאַלן. עס האָט זיך געוואָלט אים אַזאַ פאַרפאָר טאָן אין דער מאָרדע, אַז ער זאָל אָדער אַנטשלאָפן ווערן, אָדער זיך גאָר אויפכאַפּן פון זײַן טאַמעוואַט־באַרישן צושטאַנד. ער האָט באַמערקט אונדזערע אומצופרידענע בליקן און ברוגעזלעך צוגעוואָרפן:

— זעט נאָר די גרויסע צאַדיקים, צו אַלדע טײַוול!... וואָס איז? וואָס זענט איר עס געוואָרן אַזוי דאָסיק און... וואָס איז, איך האָב אייך עפּשער דעם באָרשט פאַרפאַסקודעט, צי וואָס?... איר ווילט ניט, — איז ניט!... קיינער צווינגט אייך ניט!...

גרישונקין — אַן אויפגעקאָכטער פון זײַנע רייד — האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים און בייז געדראָעט:

— שווייג כאָטש, נעוויילע דו, איידער איך... באַזונדערס — ווי אַזוי האָסטו זיך גאָר געקאָנט דערלויבן אַזאַ זאַך?...זי איז דאָך גאָר, זעט מען, אַ מעשוגענע און...

— הערסטו, — האָט דראַבולקין נאַריש געלאַכט, — וואָס זשע דען האָסטו געוואָלט, — אַ קלאָרע?... נו, זאָג אַדראַבע דו אַליין, און וועלכע קלאָרע וואָלט עס צו אונדז אַהערגעקומען?...

אונדז האָט מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט אַ מאָדנע ראַכמאָנעס צו דער דאָזיקער האַלב־אָנמאַכטיקער, אומנאָרמאַלער מיידל, וועלכע איז דאָרט געלעגן אַ נאַקעטע און באַדעקטע מיט בלאָטע. עפּעס האָט זי מיט זיך אַזויפיל דערמאַנט אין יענער אומבאַהאָלפענער און קראַנקער קו, וואָס מיר האָבן געפונען יענע נאַכט, אין דער שטאַל, און וועלכע האָט זיך

— בעאייס איר גסיסע — פונקט אַזוי ווי די מיידל דאַ, געוואַלגערט אַ באַקעטע אַף דער ערד.

דראַבולקין איז געשטאַנען, געקוקט אַף אונדז מיט צעטומלטע בליקן און, ווייזט אויס, אַלץ ניט געקאָנט באַגרייפן וואָס מיר ווילן פון אים און פאַרוואָס מיר זענען אין קאַאָס. די אַנדערע פינף יאַטן פון זיין פּאַלאַטקע זענען ניט געווען. זיי האָבן, אַפּאָנים, באַצייטנס דערשנאַפּט, אַז עס איז ניט אַזוי גלאַטיק, האָבן זיי זיך פון דאָרט אָפּגעטראָגן און אים, דראַבולקינען, איבערגעלאָזט איינעם אַליין. ער, דראַבולקין — זעענדיק, אַז ער האָט ביי אונדז ניט אויסגענומען און, וועלנדיק זיך אַפּאָנים באַפרייען פון אונדזערע שטעכיקע און בייזע באַמערקונגען, — האָט זיך מיטאַמאָל ראַפּטאָוונע אַ לאָז געטאָן צו דער ליגנדיקער מיידל, זי גענומען שלעפּן באַ די פיס און דערביי מיט פאַרשידענע צייכנס איר גענומען באַווייזן, אַז זי זאָל זיך טייקעף פאַרנעמען פון פּאַלאַטקע אַרויס און גיין.

די מיידל האָט אַרויפגעשלעפּט אַף זיך אירע שמאַטעס און זיך מוירעדיק צעכליפּעט. זי האָט ענדלעך גענומען אַוועקגיין. מיט אַ מין מאָדנע קרענקלעך-צעליאַפּעטן גאַנג האָט זי זיך געשלעפּט איבער דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע, אָפּן וועג צום קליינעם בריקל צו. די גאַנצע צייט האָט זי געהאַלטן אין איין בייסן שטיקער פון דעם ברויט און געגריזשעט דעם צוקער. עטלעכע מאָל האָט זי זיך פאַרטשעפּעט מיט אירע באָרוועסע פיס אין עפּעס אַף דער ערד און שיער ניט אומגעפאַלן. סאָף-קאָל-סאָף האָט זי זיך טאַקע אויסגעצויגן און איז אַזוי געבליבן ליגן מיטן פּאָנים צו דער ערד פאַר עטלעכע מינוטן לאַנג.

דאַווידאָוו איז אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטער און בייזער. ער האָט געקלאַפּט מיט אַ פויסט אין דער דלאָניע, עפּעס אינדערשטיל צו זיך געמורמלט און ענדלעך אַ ברום געטאָן:

— כאַיעס קאָן מען דאָך דאָ ווערן!... עמעסע כאַיעס!... אינגאַנצן אויס מענטש קאָן מען דאָ ווערן!...

גרישונין האָט זיך אויך ניט געקאָנט באַרואיקן. אָט האָט ער זיך אַ שטעל אָפּ געטאָן און צוגעוואָרפן:

— אַ מענואוול איז שוין בעמיילע קיין מענטש ניט!... איך זאָג, אַז מען וואָלט אים דערפאַר געדאַרפט...

דראַבולקין האָט צעשראָקן אַ קוק געטאָן אַף אים, זיך געמאַכט האַרץ און מיט אָנשטעל אַ לאַך געטאָן:

— זעט נאָר ווער עס רעדט, כי-כי!...אַ נייער צאַדיק זיך גאָר געיאַוועט ביי אונדז, כי-כי!...

גרישונין האָט זיך אַװאַדע געפּילט געטראָפן. ער האָט געזאָגט:

— עמעס, ניט קיין צאַדיק, אָבער... דערגיין צו אַזאַ מאַדרייגע, מיט אַן אומריינער, אַ מעשוגענער, דאַרף מען אַליין זיין מעשוגע...

די געשיכטע איז באַלד דערגאַנגען צו סטעפּאַקינען און ער איז אָנגעלאָפן מיט זיינע לאַנגע פיס. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט די דאַרע, לאַנגע הענט און געזידלט דעם דעזשורנע, פאַרװאָס ער האָט ניט אַכטונג געגעבן און דערלאָזט צו אַזאַ זאַך. דערנאָך איז ער גאָר צוגעגאַנגען צו דראַבולקינען, שטומערהייט אַ דראָע געטאָן מיט זיין פינגער צו איבּ און דערביי שטום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. עטלעכע מאָל האָט ער אױפגעהױבן דעם ברעג פון דער אַריינגאַנג־פּאַלאַטקע, אַריינגעקוקט איבעװייניק, װי ער װאָלט זיך װעלן איבערציגן, צי איז דאָרט טאַקע פּאָרגעקומען עפּעס אַזעלכעס און אַ ברום געטאָן:

— צו פיר שאָ אונטער דער ביקס דאַרף מען איך געבן!... אין דיסציפּלינאַרנעם באַטאַליאָן דאַרף מען אייך פאַרשיקן!...

ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אף דראַבולקינען און שוין גאָר שאַרף אַ זאָג געטאָן צו אים:

— הער נאָר, דו הינטישער הינטער־כיילעק, טאָמער טרעפט זיך נאָכאַמאָל אַזאַ זאַך, װעל איך עס דערלייגן דעם אַדיוטאַנט און זאָל ער טאָן מיט דיר װאָס ער װיל. זאָלסט עס װיסן זיין!...

דראַבולקין איז מיטאַמאָל עפּעס אַזױ װי גאָר אינגאַנצן קלענער געװאָרן. ער איז געװאָרן שטיל און װי איינגעשרומפּן. זיינע הענט האָבן זיך ביי אים נאָכגעבאָמבלט איבער די קניען, װי ביי אַ מאַלפּע. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט אַ דערשלאָגענער און אַלץ געזוכט זיך צו פאַרענטפערן. ער האָט געמורמלט צו זיך:

— אַז מען װאַלגערט זיך אַרום אָט אַזױ־אָ שוין אַריבער אַ יאָר צייט און... װער קאָן עס דען איבערטראָגן, סיידן עפּשער...

ער האָט זיך מיטאַמאָל מיד אַרונטערגעלאָזט אף דער ערד, לעבן זיין פּאַלאַטקע און זיך גאַנץ ערנסט צעכליפּעט...

דאַװידאָװ האָט אף אים געקוקט מיט ראַכמאָנעס. ער האָט װי אין מיטגעפיל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און שטיל אַ זאָג געטאָן צו עמעצן:

— מיינסט עס איז אים דען צו פאַרדענקען?!...

גרישונין האָט זיך נאָך אַלץ ניט געהאַט באַרויקט. יעדעסמאָל װאָס ער איז פאַרבייגעגאַנגען דראַבולקינען, האָט ער אים געטאָן אַ שפּיזל דורך מיט זיינע בליקן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים און שאַרף אַ פרעג געטאָן:

— הער נאָר, דראַבולע, ביסטו כאָטש זיכער, — האָבן זיינע

ווערטער געשניטן ווי מיט אַ מעסער, — אַז דו האָסט זיך דערמיט־אָ ניט איינגעשאַפט עפּעס אַ ריכטיקן טערקישן סיפיליס?!...

דראַבולקין האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט דערשלאָגענע בליקן. ער האָט, אַפּאָנים, באַגריפן די ערנסטקייט פון דער פראַגע און זיך נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעוויינט. מיטאַמאָל האָט ער זיך גאָר גענומען קלאַפּן מיט אַ פויסט אין האַרצן אַריין און אויסגעשריגן:

— אַלץ זיי, „וויעטער", יערמישין און קאַטאַיעוו... זיי, אין זייערע געפּיגערטע מאַמעס געשאָמעס אַריין!...זיי האָבן זי אַהערגע־בראַכט און...זיי האָבן מיך אָנגעצויגן: געזאָגט, אַז איצט האָב איך אַ געלעגנהייט זיך אָפּצונעמען דאָס, וואָס דער עסטרייכער האָט דאָרט, אינדערהיים, באַ מיר צוגענומען און... איך האָב זיך גאָרניט געקאָנט העלפן... איך האָב זיך ניט געקאָנט העלפן...

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיטן פּאָנים צו דער ערד און זיך אינדערשטיל ספּאַזמאַטיש צעכליפּעט...

*****

**מיר האָבן** געהונגערט. דער צושטעל פון פּראָוויאַנט — כאָטש איבער דער צייט זענען שוין אויסגעלייגט געוואָרן פיל נייע וועגן — איז געווען אַ צאָרעדיקער. טעג און נעכט איז דער אָבאָז געווען פאַרנומען הויפּטזאַכלעך מיט פירן פוראַזש פאַר די פערד און אַמוניציע פאַר די קאַנאָנען, פּולעמיאָטן און ביקסן. אַלץ — פאַר דערמעגלעכן דעם טויט. אין דער צווייטער ריי איז געגאַנגען שפּייז פאַר די אָפיצירן און טיילווייז אויך אַביסל פאַר דער פּאָזיציע. מיר, די צווייט־ראַנגיקע סאָלדאַטן, אַזוי צו זאָגן, וואָס הינטער די ערשטע פּאָזיציע־ליניעס, האָבן קימאַט בוכשטעבלעך געהונגערט. אָפט האָט מען אונדז טאַקע איבערגעלאָזט אויף אייגענעם באַראָט. די פערד האָט מען יעדנפאַלס מער אָפּגעהיטן ווי אונדז, מענטשן. עס זענען געווען פאַלן, אַז ווען אַ פערד איז געפאַלן, האָט דער קאָמאַנדיר פון יענעם אָפּטייל באַקומען אַ שטרענגן אויסרייד פונעם שטאַב, — אַ זאַך, וואָס יענער האָט ניט געהערט אַפילו אין פאַלן, ווען באַ אים זענען געפאַלן אַפילו פינף הונדערט סאָלדאַטן. מען האָט אונדז פּאָשעט געהאַלטן פאַר דאָס נידעריקסטע און ערגסטע; פאַר אָפּפאַל און מיסט. בלויז פון צייט צו צייט, קעדיי אַפּאָנים ווי ניט איז אויפצוהאַלטן דאָס טראָפּן לעבן אין אונדז און אונדז צו קאָנען ווייטער אויסנוצן — האָט מען איינמאָל אין צוויי, אָדער דריי טעג, געבראַכט צו פירן עפּעס אָפּצועסן. דאָס

ראָוו איז דאָס באַשטאַנען פון אַ שטיקל שוואַרצן, ליימיקן ברויט פּאַר יעדן און אַ פּיצעלע כאַזער־פעטס — די גרויס פון אַ קלעצל צוקער. געקאָכטע שפּייז האָט מען בלויז אין כאָלעם געזען. די קאָמאַנדע האָט שוין אַפילו געהאַט ווי פאַרגעסן דעם טאַאַם דערפון. אָבער צו רעדן וועגן דעם — איז ניט געווען צו וועמען. פאָדערן, אָדער אַפילו בלויז באַקלאָגן זיך — איז געווען געפערלעך און ריזיקאַליש...

מער פון אַלעמען האָבן ביי אונדז אין קאָמאַנדע געליטן גרישונין, יערמישין און סאַלעצקי. זיי, די דריי גרויסע בערן — ווי מען האָט זיי גערופן — האָבן פריער, אין פרידן־צייט, געפלעגט באַקומען צו טאָפּלטע פּאָרציעס ברויט, צוליב זייער ריזיקער גרויס. דאָ אָבער, אפן פראָנט, אַז זיי האָבן עס ניט באַקומען, האָבן זיי טאַקע פּאָשעט געהונ־גערט. יערמישין און סאַלעצקי האָבן באַשלאָסן זיך צו באַקלאָגן. און כאָטש גרישונין האָט זיי געוואָרנט דאָס ניט צו טאָן, — האָבן זיי אים ניט געפאָלגט. איינמאָל, בעאייס דער אַדיוטאַנט — ווי געוויינטלעך יעדע פּאַר כאַדאָשים — איז געקומען אין קאָמאַנדע אויסצופרעגן קריוודעס און פרעטענזיעס, זענען זיי, יערמישין און סאַלעצקי, אַרויסגעטראָטן אין פאָרויס פון דער אויסגעשטעלטער ריי, — גרייט צו דערקלערן די קלאַגעס. דער אַדיוטאַנט איז געשטאַנען קעגן זיי, זיי געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין מיט זיין געוויינטלעכן קאַלט־גאַזלאָנישן שמייכעלע און מיטאַמאָל זיך טרוקן אַ ווענד געטאָן צו יערמישינען:

— אַ־נו־קאַ, ברודערקע, דערצייל אין וואָס גייט עס דיר!...

— איך באַקום ניט קיין גענוג עסן, אייער וואָילגעבוירנקייט, — האָט יערמישין אָפּגעענטפערט, — איך בין הונגעריק...

דער אַדיוטאַנט האָט זייער אויפגערעגט געקלאַפּט מיט אַ פוס און, — מיקלוימערשט גאַנץ געלאַסן און קאַלטבלוטיק, אָבער דאָך גענוג שטרענג — אים אַ פרעג געטאָן:

— זאָג זשע מיר, דו אַליין האָסט ניט באַקומען, אָדער אַלע אין קאָמאַנדע אַזוי?!...

יערמישין — ווויסנדיק, אַז אין דער אַרמיי טאָר מען זיך ניט באַ־קלאָגן אַנדערש ווי נאָר פערזענלעך פאַר זיך, — האָט, ווייזט אויס, גוט פאַרשטאַנען, אַז דער אַדיוטאַנט איז אויסן אים דאָ צו כאַפּן אפן הוק, און דעריבער אַרויסגעשטאַמלט:

— אייער וואָילגעבוירנקייט, איך... איך אַליין האָב ניט באַקומען גענוג צום עסן...

דער אַדיוטאַנט האָט אונטערגעטאַנצט אף זיין ספּרוזשינע פּיטעלע, געשאָקלט מיטן קעפּל אף אַ זייט און זיך ציניש צעשמייכלט:

— אַזוי?... הייסט עס, אַז מען האָט דיך פּלוצים אייננקן אַליין אויסגעקליבן פון צווישן אַלע אַנדערע סאָלדאַטן אין קאָמאַנדע און... מען האָט דיר קיין עסן ניט געגעבן?!...

יערמישין איז ווי געפּלעפט געוואָרן און גאָרניט אָפּגעענטפערט. דער אַדיוטאַנט האָט אים אַלץ געפּרעסן מיט זיינע בליקן און זיך גלייך אָנגעצונדן מיט קאָכעדיקן קאַאַס:

— בעהיימע!...אויסוואורף!...אָ, ווינציק עסן פאַר דיר, האַ?... נו, גוט. אויב עס איז דיר טאַקע ווינציק, וועל איך זען, אַז זאָלסט שוין קריגן מער...איז פאַק דשע גלייך איין דיינע זאַכן און...מאַרש אין דיין ראָטע אַריין!...דאָרט, אויף דער פּאָזיציע, וועסטו שוין זיכער באַקומען איבערגענוג...

יערמישין האָט סאַלוטירט, אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און צוריק אָפּגעטראָטן אין דער ריי אַריין.

דער אַדיוטאַנט האָט זיך אַ נעם געטאָן צו סאַלעצקין:

— נו, און וואָסער נייעס וועסטו זאָגן?...און דיך האָט מען אויך אויסגעקליבן איינעם אַליין און...

סאַלעצקי — זעענדיק יערמישינס סאָף — האָט זיך איינגאַנצן ווי פאַרלוירן. ער איז צעטומלט געוואָרן און גענומען שטאַמלען:

— גאַנץ ריכטיק, אייער וואוילגעבוירנקייט. ניט בלויז איך, נאָר טאַקע אַלע אין קאָמאַנדע. קיינער האָט ניט באַקומען גענוג צום עסן. מיר קאָנען שוין מער ניט אַריבערטראָגן...

דערויף האָט דער אַדיוטאַנט, מאַשמאָעס, טאַקע געוואַרט. ער האָט גענומען טופּען מיט די פיס און געשריגן אויף די העכסטע טענער:

— אויסוואורף!... בונטאָווּשטשיק!... פאַרשאָלטענע פּליאַקע!... דו וועסט מיר דאָ גיין אויפרייצן די גאַנצע קאָמאַנדע?...מאַכן אַ בונט צווישן די סאָלדאַטן?...איך וועל דיך דערפאַר...

און איידער מיר האָבן זיך אַפילע באַוויזן אומצוקוקן, — האָט ער אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער פונעם טעשל, אויסגעשטעלט סאַלעצקין גלייך קעגן פּאָנים און... אַ צי געטאָן באַם צינגל.

אַ ציטער איז דורכגעלאָפן דורך דער קאָמאַנדע. די שפּילקע האָט אַ קלאַפּ געטאָן, אָפּגעהילכט און...עס האָט ניט אויסגעשאָסן... דער רעוואָלווער איז ניט געווען געלאָדן.

וואָס דאָס איז געווען, איז אונדז קיינמאָל ניט קלאָר געוואָרן. מיר האָבן זיך קיינמאָל אויף זיכער ניט דערוואוסט, צי דער אַדיוטאַנט האָט יאָ געוואוסט פריער, אַז דער רעוואָלווער איז ניט געלאָדן און דערפאַר אַזוי דרייסט אָנגעצילט אויף סאַלעצקין, אָדער צי דאָס איז גאָר

געווען בלויז אַ צופאַל און דער אַדיוטאַנט האָט בעעמעס געמיינט אים צו דערשיסן. אפן אַדיוטאַנט איז דאָס אַפילע יאָ געווען צו גלויבן. ער האָט אַפילע גלייך גענומען אף גיך אָנשטופן דאָס רעוואָלווער־פעסעלע מיט אַ גאַנג קוילן פון פאַטראָנען־טעשל, און עס האָט אויסגעזען, אַז ער וועט ווידעראַמאָל — און דאָסמאָל שוין אף אַן עמעס אויסשיסן. ער האָט אָבער אַפּאָנים דערפילט די אומרואיקע און אויפגערעגטע שטימונג ביי אונדז; דערזען אונדזערע פייערדיקע בליקן און... ער האָט גלייך ווי גאָרניט צוריק אַריינגעלייגט דעם רעוואָלווער אין שיידל אַריין...

סאַלעצקי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ בלאַסער און האָט געציטערט. ער איז שוין אָבער געווען אַ געראַטעוועטער. דער אַדיוטאַנט האָט בלויז אין אויפרעגונג צוגעוואָרפן:

— האָסט אַ פאַרפלוכט מאַזל, דו פוילישע פליאַקע!... דיין גליק איז געווען, וואָס דאָס־אָ האָט זיך פאַרהאַקט באַ מיר. אַנדערש וואָלט שוין אַצינדערט־אָ פאַרבליבן אַ שטיק פאַרשטונקענע נעווילע פון דיר. און איצט — מאַרש!... צוזאַמען מיט יענעם באַמאַכטן הינטער־כיילעק אין ראָטע אַריין!...

דער אַדיוטאַנט איז אַוועק אַן אונטערטאַנצנדיקער. יערמישין און סאַלעצקי האָבן זיך גענומען גרייטן צום אַוועקגיין. זיי האָבן בלויז געדאַרפט וואַרטן אף זייערע טראַנספּעריר־פּאַפּירן פון קאַנצעלאַריע. די קאָמאַנדע — אַ צעטומלטע און אויפגעברויזטע — איז אַ שטיק צייט אַרומגעגאַנגען ווי אף אַן אַנדער וועלט. די דאָזיקע געשעעניש האָט באַ יעדן איינעם אין האַרצן ווי אַ וואָרעם געטאָטשעט. איינער האָט געקוקט אפן אַנדערן, אין דערוואַרטונג, אַז עמעצער זאָל עפּעס אַ רעד טאָן; אַז עמעצער זאָל צעפּעפענען דעם אָנגעצויגענעם, צעווייטיקטן בלאָטער. גערעדט האָט אָבער קיינער ניט. אַפילע ניט דאַווידאָוו און ניט גרישונין. מען האָט בלויז שטומערהייט געקוקט מיט אַרונטער־געלאָזענע בליקן אף די צוויי יאַטן, עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט זיך געשעמט פאַר זיי...

*** סאָף פון ערשטן טייל. ***

1) דער לעצטער טאָג איז היינט ——— מעסיק



2) אלע זאָגן, לייכטזיניק בין איך ——— מעסיק



3) שטעטלעך, דערפלעך ——— מאַרש־טעמפּאָ



4) אין פעלד איז אַ בערעזינע געשטאַנען ——— מאַרש־טעמפּאָ











5) די נאַכט איז פינצטער ——— שפּאַסיק





6) אַזאַ מאַיסע האָט פּאַסירט ——— לעבעדיק







7) עך, דו מזל ——— פּאַמעלעך



8) געשטאָרבן דער אָרימער ——— פּאַמעלעך



9) גענעראַלן ——— מעסיק




10) עך, טיי, דו מיין טיי ——— מעסיק



11) מאַטשעק איז געשטאָרבן ——— לעבעדיק און שפּאַסיק



12) כ'וועל איינשפּאַנען ——— לעבעדיק



13) שטערנדל, שטערנדל ——— מעסיק

